# מענדעלע מוכר-ספרים

## מאַסאָעס ביניאָמין האַשלישי

•

## פישקע דער קרומער

•

מעלוכע-פארלאג
פונ קינסטלערישער ליטעראטור
מאָסקווע 1959

צונויפגעשטעלט

ל. יודקעוויטש

פּאָרטרעט, געמעלן

פון קינסטלער מ. גאָרשמאַן

הילע, טעקסט-צייכענונגען

פון קינסטלער ג. קראווצאָוו



מיט מענדעלעס נאָמענ איז פארבונדנ דער אָנהייב פונ דער נײַער יִדישער ליטעראטור. מענדעלע מויכער־ספאָרימ איז אויכ דער גרונטלייגער פונ דער ליטעראַרישער יִדישער שפּראכ. ער האָט אומגעהייער פארברייטערט די נאציאָנאלע ראמענ אונ מעגלעכקײַטנ פונ דער ליטעראטור אונ פונ דער ליטעראַרישער שפּראכ. שוינ דאָס אליינ וואָלט גענוג געוועג, אז זײַנ היסטאָרישער באטײַט זאָל פארהיט ווערנ אפ שטענדיק.

מענדעלע איז געוואָרנ דער גרונטלייגער פונ א ליטעראטור, ווײַל ער איז דער ערשטער אינ דער יִדישער ליטעראטור געקומענ אלס גרויסער קינסטלער פונעמ פאָלק, פונ די אונטערדריקטע האָרעפּאשנע מאסנ, וואָס האָבנ געליטנ פונ ווילדע רעשטנ פונ מיטלאלטער, פונ שוידערלעכנ ווילקיר פונ גזוירימ אונ קלע־ריקאלנ, פונ פינצטערקײַט אונ אומוויסנ, פונ נאציאָנאלער באגרענעצטקײַט אונ רעליגיעזע פאָרורטיילנ. אינ זײַנע קלאסישע ווערק „דאָס קליינע מענטשעלע“, „פישקע דער קרומער“, „מאסאָעס ביניאָמינ האשלישי“, „דאָס ווינטשפינגערל“, „די קליאטשע“, „שלוימע רעב כאיִמס“ אונ אנדערע האָט ער געשאפנ דאָס בילד פונעמ יידישנ פאָלקס־לעבנ אינ רוסלאנד אינ דער מיט פונ XIX יאָר־הונדערט. אינ נאָמענ פונעמ פאָלק האָט ער שארפ אונ אומבעראכמאָנעסדיק פאַ־רורטיילט די אונטערדריקער פונ די פאָלקס־מאסנ; ער האָט פארשטעמפּלט אונ צוגענאָגלט צומ שאנד־סלופּ די רעדלפירער פונ יִדישנ קאָהאָל, האָט גערופנ די מאסנ פראָטעסטירנ אונ קעמפנ קעגנ אונטערדריקונג.

גרויס אונ טיפ איז געווענ מענדעלעס ליבע צו די פאָלקס־מאסנ. מיטנ גאנצנ הארצנ האָט ער געשטרעבט צו זעג זיי גליקלעכע. נאָר ער האָט גוט פאר־

שטאנענ, אז דער וועג צו גליק איז ניט קיינ לײַכטער אונ ניט קיינ גלאטער. מענדעלע האָט געוווּסט, אז מע טאָר ניט פארשווײַגנ די פארקריפּלטע דערשײַנונגענ פונעמ סאָציאַלנ לעבנ, מע טאָר ניט פוצנ די ווירקלעכקײַט, מאָלנ זי אידיליש אונ ראָמאנטיש, פארגלעטנ אונ פארשמירנ די ווידערשפּרוכנ, אָדער אָפּווענדנ זיכ פונ דער ביטערער ווירקלעכקײַט, אָפּקערנ זיכ פונ איר אונ אוועקפליִענ אינ ווײַטע הימלענ, זוכנ פאנטאסטישע גליקנ. מענדעלע האָט אויסגעלאכט די העברעיִשע מעליצע-שרײַבער, וועלכע זײַנענ געווענ אָפּגעריסנ פונעמ לעבנ. ער האָט בייז קריטיקירט ניט בלויז די אונטערדריקער פונ פאָלק, נאָר אויכ די פאָרורטיילנ פונ די מאסנ גופא, זייער דערשלאָגנקײַט אונ האכנאָדיקײַט. דערמיט האָט ער געוועקט בא זיי דאָס געפיל פונ פּראָטעסט, דאָס שטרעבנ צו בילדונג, דאָס געפיל פונ מענטשלעכער זעלבסטווירדע אונ דאָס באוווּסטזײַנ פונ קאמפ פאר א בעסער לעבנ.

מענדעלע איז אזויארומ דער גרונטלייגער פונ אונדזער דעמאָקראטישער ליטעראטור, דער באשעפער פונעמ סאטירישנ סטיל פונ דער נײַער ייִדישער ליטעראטור. די ייִדישע שרײַבער האָט ער גערופנ צו פארבינדנ זייער שאפונג מיטנ לעבנ אונ מיטנ גורל פונעמ פאָלק. „ווירקנ אפ א פאָלק מענטשנ — האָט מענדעלע געשריבנ אינ 1888 — קאָנ נאָר אזעלכער, וואָס איז ביינ פונ זייער ביינ, פלייש פונ זייער פלייש, וואָס האָט געליטנ איינע צאָרעס, געפילט איינע ווייטיקנ מיט זיי". אונ אינ זײַנ פּראָגראמ-ווערק „עין משפּט" („מיט א קריטישנ אויג", 1867) לייענענ מיר:

„... א ליטעראטור, וואָס האָט ניט קיינ שײַכעס צומ פאָלק אונ צו זײַנ נויט אונ וואָס ווערט פונ דעמ ניט באווירקט, — קאָנ אפ קיינעמ ניט ווירקנ. זי האָט ניט קיינ אינטערעס פארנ פאָלק אונ זי איז איבעריק פארנ לעבנ. די פאָלקס-מאסע כידעשט זיכ, וואָס אזא ליטעראטור איז גאָר פאראנ, אונ פרעגט: צו וואָס איז זי, וואָס וויל זי? וואָסער הילפ ברענגט זי? וואָס טוט אופּ אונ וואָס נוצט אזא שרײַבער? וואָס טויג אזא סטיליסט? אונ די דאָזיקע שרײַבער ווערנ צעטומלט אונ וויסנ ניט צו ענטפערנ עפּעס רעכטס... ווי איז צו אזא געערטנ שרײַבער, מיט אָנ אנ עק ביכער, אויב עס באגעגנט אימ א מענטש פונעמ פאָלק אונ פרעגט אימ פּראָסט, אָנ כאָכמעס, די דאָזיקע פראגע!"

מענדעלעס רעאליסטישע שאפונג איז קיינמאָל ניט געווענ קיינ קונסט צוליב קונסט. מענדעלע מויכער-ספאָרימ איז ניט בלויז א קינסטלער, א מאָלער פונ שיינע בילדער, פונ פאראלגעמיינערטע אונ אינדיווידואליזירטע געשטאלטנ, פונ לעבנס-קאָליזיעס, פּייזאזשנ, שטייגער-פארצייכענונגענ אונ דעטאלנ-מאָלערײַ;

מענדעלע איז אינ אלע זײַנע קינסטלערישע ווערק אויכ א דענקער, א היסטאָריקער, ער ווײַזט אונדז ניט בלויז די פסיכאָלאָגיע, נאָר אויכ די געשיכטע אונ די סאָציאַלע עקאָנאָמיע פונעמ פאָלקס־לעבנ פונ זײַנ עפאָכע.

מענדעלע מויכער־ספאָרימ איז געווענ א טיפישער פאָרשטייער פונ דער ליטעראטור פונ די זעכציקער אונ זיבעציקער יאָרנ פונעמ XIX יאָרהונדערט אינ רוסלאנד. די אידייענ פונ דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראטיע, די אידייענ פונ בעלינסקינ, טשערנישעווסקינ, שטשעדרינענ האָט מענדעלע קינסטלעריש טראנספאָרמירט אינ די קאָנקרעטע היסטאָרישע אונ נאציאָנאלע אומשטענדנ פונעמ ייִדישנ פאָלקס־לעבנ. שטשעדרינס אונ גאָגאָלס סאטירישער מעטאָד איז אויכ געווענ מענדעלעס קינסטלערישער מעטאָד. טשערנישעווסקיס מאטעריאליסטישע עסטעטיק וועגנ דער לערערישער אונ דערציִערישער ראָל פונ דער ליטעראטור איז אויכ געווענ מענדעלעס עסטעטיק. ווי שטשעדרינ, וואָס האָט געשאפנ א פאראלגעמיינערט געשטאלט פונ דער שטאָט גלופאָוו, האָט אויכ מענדעלע געשאפנ דאָס געשטאלט פונ דער שטאָט גלופסק. לייענענדיק מענדעלעס „קליאטשע“, דערמאָנענ מיר זיכ אינ שטשעדרינס „קאָניאגא“.

מענדעלעס אויפקלערערישע, דעמאָקראטישע אונ פראָגרעסיווע אָנשויונגענ, זײַנ פלעבייִשער טעמפעראמענט אונ שטורמישע לײַדנשאפט אינעמ פארניכטנדיקנ אנטבלויזנ דאָס בייז, די פאָלקסטימלעכקײַט פונ זײַנ סטיל אונ די גרויסע ליבע צו די אונטערדריקטע מאסנ זײַנענ ווערטפול אונ טײַער אויכ אינ אונדזער צײַט. מענדעלעס בעסטע פאָרגעשריטענע ווערק, זײַנ ליטעראריש־קינסטלערישע ירושה גייענ ארײַנ אינעמ פאָנד פונ די קולטור־ווערטנ פונ דער גאנצער וועלט.

מענדעלעס ווירקונג אפ דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פונ דער ייִדישער ליטעראטור איז קאָלאָסאל אונ דויערט ביז הײַנטיקנ טאָג. זײַנע פאָרגעשריטענע דעמאָקראטישע טראדיציעס זײַנענ ווי אנ עסטאפעטע איבערגעגעבנ געוואָרנ פונ איינ דאָר צומ צווייטנ. שאָלעמ־אליכעמ אונ פערעצ האָבנ נאָכ באמ לעבנ פונעמ „זיידנ“ פאָרגעזעצט די דאָזיקע טראדיציעס. די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראטור זעט אינ מענדעלענ אונ אינ זײַנ ליטעראַרישער ירושה איר גרויסנ לערער, וואָס האָט געשאפנ דעמ אָנהייב פונ דער קלאסישער ליטעראטור אפ דער ייִדישער שפראכ.

ה. רעמעניק



## קיצער
# מאסאָעס ביניאָמינ האשלישי

### דאָס הייסט

### די נעסיִע אָדער א רײַזע-באשרײַבונג פונ ביניאָמינ דעמ דריטנ:

וואָס ער איז אפ זײַנע נעסיִעס פארגאנגענ העט ווײַט, אזש אונטער די האָרע-כוישעכ, אונ האָט זיכ גענוג אָנגעזענ אונ אָנגעהערט כידושימ, שיינע זאכנ, וואָס זיי זײַנענ ארויסגעגעבנ געוואָרנ אינ אלע שיווימ לעשוינעס אונ הײַנט אויכ אינ אונדזער לאָשנ

פונ

## מענדעלע מויכער־ספאָרימ

### האקדאָמאס מענדעלע מויכער־ספאָרימ




מאר מענדעלע מויכער-ספאָרימ, זאָגט מענדעלע מויכער-ספאָרימ, געלויבט איז דער בוירע, וואָס באשטימט דעמ גאנג פונ די גאלגאלימ אינ די הימל אויבנ אונ דעמ גאנג פונ אלע זײַנע באשעפעניש אפ דער ערד אונטנ. אפילע א

גרעזעלע קריכט נישט ארויס פון דער ערד, ביזוואנען א מאַ-לאָך שלאָגט עס ניט און זאָגט: וואקס! קריך ארויס! מיקאָלשע-קיין א מענטש, ער האָט אוואדע א מאַלאָך, וואָס שלאָגט אים און זאָגט: גיי, גיי, קריך ארויס! און מיקאָלשעקיין נאָך מער די פיינע מענטשעלעך, שיינע יידעלעך. זיי האָבן דאָך בעוואדע לעכאָלאפּאָכעס א מייע קיטעס מאַלאָכים, וואָס שלאָגן איטלעכן פון זיי באזונדער און זאָגן אשטייגער אזוי: כייקעלע, טייערע נעשאָמע, גיי אנטלייַ געלט, וויפל דו קענסט! גיי, גיי נעם אָן דאָרט בא די דייטשן סכוירע, וויפל דו ווילסט! שפּראָצ, וואקס, כייקעלע, קריך ארויס, שקאָצ איינער, פון דער בלאָטע! גיי, גיי גאנווע שטילערהייט ארויס די גאנצע סכוירע דיינע, פון דיין קלייט טאקע, און ענטפער דערנאָך דעם אוילעם קוימע-מיעס!... גיי, גיי, איציקל קאָלבויניק, זיי זיך מאטריעך צו דיין פּאָרעצל, מאַך עפּעס א מאניפּאַרגעלע, און רוים אים דאָרט איין אין אויער עפּעס א פּיזמען אַפ דעם, אַפ יענעם און אַפ וועמען דו ווילסט... אָדער די מאַ-לאָכים זאָגן אזוי: וואקסט, שפּראָצט, קאַפּצאָנים, אין דער שטאָט, ווי גראָז, ווי קראָפּעווע! גייט, גייט, יידישע קינדער, און שלעפּט זיך ארום איבער די הייזער!.. גייט, באַלעבאטים, איר זיצט דאָך בלויז ליידיק און האָט נישט וואָס צו טאָן, גייט זשע, גייט, באַלעבאטים, אין באָד אריין!..

נאָר נישט דאָס אָבער בין איך אויסן. איך בין אויסן צו דערציילן דאָ אייך, ראַבויסים, ווי איינער פון אונדזערע ברידער איז פארגאנגען העט-העט אין די ווייטע מעקוימעס און האָט דערמיט קוינע-שעם געוון.

אלע ענגלישע און דייטשע גאזעטן זיינען פאראיאָרן פול געווען מיט דער וואונדערלעכער געשיכטע, וואָס בינימין, א פּוילישער יידל, האָט געמאכט און אין די ארצויס-האָמיזרעך ערגעץ. ,,סטייטש, סטייטש, האָבן זיי זיך געכידעשט, א ייד, א פּוילישער ייד, אָן קלייזיינען, אָן מאשינעס,

נאָר מיט אַ טאָרבע אויף די פּלייצעס און מיט אַ טאַלעס־ און טפֿילין־זאַק אונטערן אָרעם זאָל אָנשפּאַרן אין אַזעלכע ערטער, ווו גרויסע באַרימטע ענגלישע רײַזנדע האָבן אהין נישט געקענט צוקומען? נישט אנדערש, אַז דאָס איז געשען נישט מיט קיין מענטשלעכן קויעך עפּעס, נאָר מיט אַזאַ קויעך, וועלכן דער סייכל קאָן קלאָר נישט מאַסיג זײַן, דאָס הייסט דער סייכל איז פּונקט נישט אַזוי בעקויעך, אַזוי ווי דער דאָזיקער קויעך איז ניט בעסייכל. נאָר בעבאַל־האָווייפאַנים, ווי די מײַסע איז שוין דאָרט געוועזן, בינאַמינען האָט די וועלט צו דאַנקען פֿאַר די כידושים, גרויסע זאַכן, וואָס זײַנען דורך אים אַנטפּלעקט געוואָרן, און פֿון איצט אָן וועט די מאַפּע, אָדער די לאַנדקאַרטע, באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים. בינ־יאָמינס פּאָרטרעט מיט רעכטס דעם מעדאַל, וואָס די געאָגראַפֿישע געזעל־שאַפֿט אין לאָנדאָן האָט אים געגעבן"...

די ייִדישע גאַזעטן האָבן די דאָזיקע רייד אויפגעכאַפּט מיט ביידע הענט, און געהאַט דערמיט צו זינגען און צו זאָגן דעם גאַנצן פּאָראַיאָ־רעדיקן זומער, אַזויווי איטלעכן, וואָס לייענט די דאָזיקע גאַזעטן, איז באַקאַנט. זיי האָבן אויסגערעכנט אַלע כאַכאָמים, וואָס זײַנען בײַ ייִדן געוועזן פֿון אָדאָם־האָרישן אָן ביז אַצינד, בכדי צו באַווײַזן, וואָס פֿאַר אַ קלוגע פֿאָלק ייִדן זײַנען. האָבן אויך אויסגעשטעלט אַ צעטל פֿון די נויסים (רײַזנדע) אין אַלע צײַטן, פֿון בינאַמין דעם ערשטן, מיט אַ זיבן הונדערט יאָר צוריק, און בינאָמין דעם צווייטן מיט דער גאַנצער כעווּרע נויסים, וואָס וואַנדערן הײַנט בײַ אונדז אַרום. און בכדי מאַפּליג צו זײַן די נעסיִע פֿון אונדזער איצטיקן בינאָמין, האָבן זיי, ווי דער שטייגער איז פֿון ייִדן, דערווײַל פֿון יענע בלאָטע געמאַכט און געזאָגט, אַז די גאַנצע קנופּיע הײַנטיקע נויסים זײַנען טאַקע נאָר פּראָסטע שלעפּערס, וויסן נישט פֿון זייער כײַעס. די גאַנצע נעסיִעס זייערע, מישטיינסגעזאָגט, באַשטייט נאָר דערינען, אַרומצושלעפּן זיך ווי מעקאַבלים איבער די הײַזער, זיי האָבן אַלע אַ פּנים ווי מאַלפּעס אַקעגן

איצטיקנ ביניאָמינ, אקעגנ ביניאָמינ דעמ דריטנ, דעמ עכטנ עמעסנ נויסיע. זיי האָבנ אפ אימ אונ אפ די ספאָרימ, וואָס מע האָט געמאכט פונ זײַנ נעסיע, געזאָגט, ווי געוויינטלעכ, דעמ געוויסנ פּאָסעק: „לא בא כבושם הזה“, דאָס טײַטש: ס'איז נאָכ אזעלכע פּסאָמימ, אזעלכע שמעקנדיקע געווירצ בא יידנ קיינמאָל נישט געווענ. געבענטשט אונ אײַנגעוויקלט מיט דימענטנ זאָל ווערנ דער דאָזיקער,—האָבנ זיי אלע פּע־עכאָד געזאָגט,—וועלכער עס וועט דעמ טײַערנ אויצער פונ ביניאָ־מינס נעסיע, וואָס געפינט זיכ אינ אלע פרעמדע לעשוינעס, איבער־טראָגנ אויכ אינ לאָשנ-האקוידעש. נעכײַ לאָזנ יידנ, נעבעכ, אויכ פאר-זוכנ די פּאטעקע, וואָס רינט פונ יידישנ בינשטאָק, אונ זאָל זיי דערפונ ליכטיק ווערנ אינ די אויגנ.

וואני מענדעלע, אונ איכ מענדעלע, וואָס מײַנ קאוואָנע איז טאָ־מעד געווענ צו ברענגענ אונדזערע יידעלעכ קעפּי מײַנ מעגלעכקײַט, האָב איכ מיכ נישט געקענט אײַנהאלטנ אונ געזאָגט: איידער די יידישע מעכאַבורימ, וואָס זייער מינדסטער פינגער איז גרעבער פונ מײַנע לענדנ, איידער זיי וועלנ זיכ אויסשלאָפנ אונ ארויסגעבנ די ספאָרימ פונ ביניאָמינס נעסיע אינ לאָשנקוידעש, וועל איכ דערווײַל מיכ פרווונ כאָטש א קיצער פונ זיי ארויסגעבנ אפ פּראָסט יידיש. איכ האָב אָנגע-גורט מײַנע לענדנ, ווי א גיבער, אונ, ווי אלט אונ שלאָפ איכ בינ, לוי־אלייכעמ, האָב איכ מיר פאָרט שטארקע מי געגעבנ ארויסצובאקומענ פונעמ גרויסנ אויצער אזעלכע איניאָנימ, וואָס טויגנ פאר די קינדער יִסראָעל, אונ צו דערציילנ זיי פרײַ, קעפּי מײַנ שטייגער. איכ האָב עפּעס געפילט, ווי מע שלאָגט מיכ פונ אויבנ מיט די ווערטער: האָ־קיצאָ, מענדעלע, כאַפּ זיכ אויפ, מענדעלע, אונ קריכ ארויס פונ אונטער אויוונ! גיי, נעמ אָנ פולע הויפנס געווירצ פונ ביניאָמינס אויצער אונ מאכ דערפונ פּאָטראַוועס צו דײַנע ברידער, אזוי ווי זיי האָבנ ליב. איכ בינ מיט גאָטס הילפ ארויסגעקראָכנ אונ צוגעברייט די געשמאקע

שפּײַז, וואָס איכ שטעל איצט דאָ פאר אײַכ אנידער. עסט, ראבויסימ, לאָז אײַכ ווויל באַקומענ! אוביזכוס דער נעסיע לאָמיר גיב אינ אלע זײַטנ זיכ ווענדנ אונ קערנ, איטלעכער קעפּי זײַנ גאנג אונ קעפּי זײַנ באגערנ, אונ וועג כאָלילע איינער באגייט עפּעס א פעלער, לאָז ער זיכ אויסדרייענ גלאט ווי אַפ א טעלער, אונ בלײַבנ טאָמער גוט אונ פרומ אי געערעכט, אזוי ווי עס ווינטשט אײַכ אײַער געטרײַער קנעכט

האקאָטנ מענדעלע מ״ס



### דאָס ערשטע קאפּיטל

## ווער דער ביניאָמינ איז, פונוואנענ ער איז, אונ ווי די נעסיִע האָט פלוצלימ צו אימ זיכ גענומענ

קאָל יאָמײַ, אזוי זאָגט ביניאָמינ דער דריטער אליינ, קאָל יאָמײַ ניסגאדאלטי בעטונעיאדעווקע, מײַנ גאנצ לעבנ, דאָס הייסט ביז מײַנ גרויסער נעסיִע, בינ איכ ניסגאדל געוואָרנ אינ טונעיאדעווקע. דאָרט בינ איכ געבוירנ געוואָרנ, דאָרט בינ איכ דערצויגנ געוואָרנ, אונ דאָרט האָב איכ לעמאזל כאסענע געהאט אימ אישטי, מיט מײַנ פלוינעסטע האצנוע מאָראס זעלדע טיכיע״.

טוניעיאַרעווקע, דאָס קליינע שטעטל, איז א פאַרוואָרפנ ווינקל, אַנ דער זײַט פונעמ פּאָטשטאָווונ טראַקט, קימאַט אָפּגעריסנ פונ דער וועלט. אַזוי, אַז ווענ אַמאָל מאַכט זיכ, איינער קומט אַהינ צו פאָרנ, עפנט מענ די פענצטער, די טירנ און מע קוקט פאַרווונדערט אָנ דעמ פרישנ פאַר-שוינ, שכײנימ פרעגנ איינער באַמ אַנדערנ, אַרויסקוקנדיק פונ די אָפענע פענצטער, א סאַכ מער ווי פיר קאַשעס: הא, ווער זאָל עס אַזוינס זײַנ? פונוואַנענ האָט ער פּלוצלימ פונ דער העלער הויט אַהער זיכ גענומענ? וואָס קענ אַזעלכער באַדאַרפנ? האָט ער עפּעס נישט א מײַנ? עפּעס אַזוי גלאַט קענ עס ניט זײַנ, גלאַט אַזוי דענ נעמט מענ און מע קומט! מיסטאָמע ליגט דאָכ דאָ עפּעס, וואָס מע מוז עס דערגיינ... דערבײַ וויל איטלעכער אַרויסווײַזנ זײַנ כאָכמע, זײַנ געניטשאַפט, און ביכ-סוואָרעס פאַלנ ווי מיסט. אַלטע לײַט דערציילנ מײַסעס און ברענגענ מעשאָלימ פונ אָרכימ, וואָס זײַנענ איינ דעמ איינ יאָר געקומענ אַהער צו פאָרנ. באַלע-האַמצאָעס זאָגנ מיקויעכ דעמ ווערטלעכ, א ביסל עפּעס נישט קיינ שיינע, מאַכנצבל האַלטנ זיכ באַ די בערדלעכ און שמייכלענ, אַלטע ווײַבער זידלענ אָפּ די באַלע-האַמצאָעס אַפ קאַטאָוועס, מיט א ביידער אי מיט א לאַכנ איינעמ, יונגע ווײַבלעכ דערלאַנגענ פונ די אַראָפּגעלאָזענע אויגנ א געבויגענעמ קוק פונ אונטנ אַרופ, האַלטנ די האַנט אַפנ מויל און שטיקנ זיכ לאַכנדיק אינ קולאַק. דער שמועס מי-קויעכ דעמ דאָזיקנ איניענ קויקלט זיכ פונ שטוב צו שטוב, ווי א קויל פונ שניי, און ווערט, קויקלענדיק זיכ, אַלץ גרעסער, גרעסער, ביז ער קויקלט זיכ אַרײַנ אינ בעסמעדרעש סאַמע אונטערנ אויוונ, אינ דעמ אָרט, וואָס אַהינ פאַרקויקלענ זיכ אַלע שמועסנ פונ אַלערליי איניאָנימ, הענ סוידעס פונ שטוב-זאַכנ, הענ פּאָליטיקע מיקויעכ סטאַמבול, מיקויעכ דעמ טויגער אומיקויעכ קירענ, הענ געלט-געשעפטנ, מיקויעכ ראָטשילדס פאַר-מעגנ אינ פאַרגלײַכ מיט די גרויסע פריצימ און די אַנדערע געוויסע נעגידימ, וועהענ פּאָטשטנ מיקויעכ די גזיירעס אומיקויעכ די רויטע

ייִדלעך אויקעדוימע, און וואָס דאָרט ראַזבירײַעט זיי קעסיידער א באַ-
זונדער קאָמיטעט פֿון שיינע באַטאָגטע ייִדן, וואָס זיצן שטענדיק א גאַנצן
טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט, זײַנען מאַפּקיר ווײַב אוּן קינדער און גיבן
זיך מיט די אַלע געשעפֿטן טאַקע עמעס געטרײַ אָפּ, טוען זייער זאַך בי-
שלימעס גלאַט אַזוי, לעשעם-שאָמאַיִם, נישט צו נעמען פֿאַר זייער מי,
פֿאַר זייער פּראַצע אַפֿילע אַ צעבראָכענעם העלער. פֿון דעם האָזיקן קאָ-
מיטעט גייען אָפּ די איניאָנים אַ וואָך אײַן באָר אַף דער איבערשטער
באַנק, און אין א פֿאָלנער סאָבראַניע פֿון שטאָט-באַלעבאַטים ווערן זיי
דאָרט אוטווערדעט וועהאַקל שאָריר וועקאַיאָם, אַז דערנאָך זאָלן אַפֿילע
קומען קאָל מאַלכע מיזרעך און מייִרעוו, זיך שטעלן מיט דעם קאָפּ
אַראָפּ און מיט די פֿיס אַרויף, וועלן זיי גאָרנישט פּויעלן. דער טויגער
איז שוין אײַנמאָל נישט אומגליקלעך געוואָרן אין אַזאַ סאָבראַניע אַף
דער איבערשטער באַנק, ווען עטלעכע יוסטע באַלעבאַטים זאָלן נישט
געווען האַלטן מיט אים בלאַט, ווער ווייסט, ווי ער וואָלט איצט אָנגע-
שפּאַרט. ראָטשילד, נעבעך, האָט שוין ניט פֿאַרלוירן דאָרט עפּעס אַ
צען-פֿופֿצן מיליאָן. דערפֿאַר האָט אים גאָט געהאָלפֿן אין אַ פּאָר וואָכן
אַרום, דער אוילעם איז געווען, ווי מע זאָגט, בעגילופֿן, אַף דער איי-
בערשטער באַנק איז גראָד געווען אַ ביסל לעבלעך, די בעזעמלעך האָבן
זיך געהויבן, און מע האָט אים מיטאַמאָל צוגעלאָזט ריין פֿאַרדינסט
אַקעגן אַ קאַן מיליאָן קערבלעך!

די אײַנוווינער אַליין אין טונעיאַדעווקע זײַנען, נעבעך, קימאַט אַלע
לוי-אַלייכעם, גרויסע עוויוינים, שטאַרקע דאַלפֿאָנים. נאָר דעם עמעס מוז
מען זאָגן, זיי זײַנען פֿריילעכע עוויוינים, לוסטיקע קאַפּצאָנים, ווילדע
באַלע-ביטאָכנס. אַז מע זאָל, אַשטייגער, פּלוצלים אַ פֿרעג געבן אַ טונעיאַ-
דעווקער ייִדן: פֿונוואַנען און וואָזוי ער איז זיך מעפֿאַרנעס? בלײַבט ער
טבילעס שטיין ווי צעמישט, ווייסט, נעבעך, נישט וואָס צו ענטפֿערן. נאָר
שפּעטער אַ ביסל אָבער קומט ער צו-זיך און ענטפֿערט ביטמימעס:



1–3300

— איך, וויאַרום איך לעב, איך? עט, ס'איז דאָ אַ גאָט, זאָג איך
אַניך אַ־טאָ, וואָס פאַרלאָזט נישט אַלע זײַנע באַשעפעניש. ער שיקט
צו, און ווערט מיסטאָמע ווײַטער צושיקן, זאָג איך אײַך אַט־אָ.
— פאָרט וואָס טוט איר אַזוינס? האָט איר כאָטש עפּעס וואָס
ס'איז פאַר אַ מעלאָכע אָדער אַ פּאַרנאָסע אין דער האַנט?
— געלויבט איז האַשעמי־יסבאָרעך! איך האָב, באַרעכאַשעם, אַזוי
ווי איר קוקט מיך אָן אָט־אָ, אַ מאַטאָנע פון זײַן ליבן נאָמען, אַ קײלע,
אַ קאָל־נעגינע און דאַווען מוסאָפּים יאָמים־נויראָים אין דער סווישע.
איך בין אַ מוייעל און אַ מאַצע־רעדלער אײנציקער אין דער וועלט. איך
פיר אַמאָל אויס אַ שידעכ פיר איך אויס; איך האָב אַ שטאָט, אַזוי ווי
איר קוקט מיך אָן אָט־אָ, אין דער שול. הײַנט האַלט איך אויך, צווישן
אונדז זאָל עס בלײַבן, אַ שענקל, וואָס מעלקט זיך צוביסלעך, איך האָב
אַ ציג, וואָס מעלקט זיך, אָן אײַנאָרע, זייער גוט, און האָב נישט ווײַט
פונדאַנען אַ רײַכן קאָרעוו אָט־אָ, וואָס לאָזט זיך אונטער אַ שלעכטער
צײַט אויך אַ ביסל מעלקן. הײַנט כוץ די אַלע זאַכן, זאָג איך אײַך
אָט־אָ, איז גאָט אַ טאַטע און די יִסראָעל זײַנען ראַכמאָנים בניי ראַכ-
מאָנים, זאָג איך אײַך אָט־אָ, נישט צו פאַרזינדיקן!..
אויך מוז מען די טונעיאַדעווקער אײַנוווינער דעם שוואַכ נאָכזאָגן,
אַז זיי זײַנען צופרידן מיט וואָס גאָט גיט און קלײַבן כאָלילע אין דער
האַלבאָשע און אין דעם עסן שטאַרק נישט איבער. אַז די שאַבעסדיקע
קאַפּאָטע, אַשטייגער, איז צעהאַקט, צעפּאַלן, צעריסן, אַ ביסל פאַר-
שלומפּערט און עפּעס נישט אַזוי ריין, מאַכט אויך ניט אויס, אַבי זי
איז פאָרט פון אַטלעס און גלאַנצט. אײַ, ערטערווײַז קוקט ווי פון אַ רע-
שעטע ארויס דאָס הוילע לײַב, מיילע, וואָס ארט עס ווער ווערט
זיך דאָ אַזוי שטעלן צוקוקן? לעמײַ פּיאַטעס, מיט וואָס איז דאָס ערגער
פון אויסגעריסענע פּיאַטעס? פּיאַטעס איז רעגן נישט קיין לײַב, קיין
מענטשנ־פלייש?.. אַ שטיקל ברויט מיט אַ קאָליש, אַבי ס'איז נאָר דאָ,

איז זייער אַ גוטער מיטיק. ווער שמועסט אַ בולקע מיט אַ האַספּליוש פּריזשטיק, ווער עס האָט נאָר, דאָס איז טאַקע אַ מיכל־מלאָכים, קיין בעסערס דערפון איז שוין, האָבט זיך, אפ דער וועלט נישטאָ. לאָז מען זיי דערהציילן, אוטשטייגער, פון אנדערע מינע פּאַטראָוועס, כוץ פיש־יויך, געבראָטנס און אַ מערן- אָדער אַ פּאַסטערנאַק־צימעס, קומט זיי דאָס אויס עפּעס מעשונע־ווילד, און זאָגן דערויף אַפּ פאַרשיידענע ווערטלעך מיט דעם גרעסטן געלעכטער, גלייך ווי דער, וואָס זאָגט עס, איז נאַריש, מעשוגע, און וויל זיי אויך מאַכן מעשוגע, איינריידן זיי אַ קינד אין בויך, אַ קו איז געפלויגן איבערן דאַך און געלייגט אַן איי. אַ שטיקל באַקסער אין כאַמישעאַסער, דאָס איז אַזאַ פּיירע, וואָס מען נעכייעט-נעפּאַשעס. קוקנדיק דערויף, דערמאָנט מען זיך אין ערעציסראָעל. נישט איין מאָל פאַרגלאָצט מען דערביי די אויגן מיט אַ קרעכץ: אַך, וועסוי-ליבייני קוימעמיעס, זאָלסט אונדז, הארצעדיקער פאָטער, פירן קוימע-מיעס טאַקע וואָס קוימעמיעס הייסט, לעארציינו, צו אונדזער לאַנד, וואָס ציגן עסן דאָרט באָקסערן!.. אלפּי מיקרע האָט איינער אמאָל אין דעם שטעטל גראָד געבראַכט אַ טייטל, האָט איר באַדאַרפט זען, וויאַזוי מען איז דאָס געלאָפן אָנקוקן אפּ כידושים. מע האָט אופגעמיישט אַ כור-מעש און געוויזן, אַז „טאָמאַר“, דער טייטל, שטייט אין כומעש! סטייטש, דער טייטל אָט-דער טייטל וואַקסט דאָך פון ערעציסראָעל!.. קוקנדיק אפן טייטל, האָט זיך אויסגעדאַכט, ערעציסראָעל איז פאַר די אויגן. אָט גייט מען איבער דעם יאַרדן, אָט איז די מעאָרעס-האַמאַכ-פּיילע, דער מוטער ראָכלס קייווער, דאָס קויסל-מאַראָווי; אָט באָדט מען זיך אין באַמיי-טעווריע, מע קריכט ארויף אפן האר-האַזייסים, מע עסט זיך אָן מיט באָקסערן, מיט טייטלען, און מע לייגט אָן פולע קעשענעס מיט ערעציסראָעל-ערד. אַך! האָט מען געקרעכצט, און אין די אויגן האָבן איטלעכן זיך געשטעלט טרערן. „יענע צייט, אַזוי זאָגט ביניאָמין, איז גאַנץ טונעיאַדעווקע, ווי גרויס זי איז, געווען אין ערעציסראָעל.

מע האָט געשמאק געריעדט פון מאַשוּעכן, אָט-אָט איז שוין גאַנץ פּרײַ-וטיק נאָך האלבן טאָג. דער נײַער פּריסטאַוו, וואָס איז נישט לאַנג אָנגעקומען, האָט גראָד בעיאר ראָמאָ דענסטמאָל געפירט דאָס שטעטל. בא א פּאָר ייִדן האָט ער אָראָפּגעריסן די יאַרמלקעס, איינעם אָפּגע-שניטן א פּייע, עטלעכע, נעבעך, געכאַפּט שפּעט בא דער נאַכט אין א געסל אָן פּאַספּאָרטן. בא נאָך איינעם פּאַרנומען א ציג, וואָס האָט אויפגעגעסן א נײַעם שטרויענעם דאַך, און ער איז דערמיט אויך געוועזן די סיבה דערפון, וואָס דער קאָמיטעט אונטערן אויוון האָט זיך שטאַרק געדורעט מיט דעם טויגער. אַד מאָסײַ וועט דער סאר שעל ייִשמאָעל אזוי שווילעט זײַן? מע האָט אויפגעמיישט דעם געוויינטלעכן שמועס מי-קויעך די אַסערעס־האַשוואָטימ, ווי גליקלעך זיי לעבן דאָרט אין יענע ווײַטע מעקוימעס, אין גערולע, אוישער און קאָוועד. מע האָט אפירגע-נומען די רויטע ייִדלעך, די בנײ־מוישע, מיט גוזמאָעס מײַסעס פון זייערע גוורעס אוקעדוימע. עלדאַד האַדאַני, עס פאַרשטייט זיך, האָט אויך געטאַנצט אינדערמיט. יענער צײַט צומייסטנס האָב איך צו פּאָר־דאַנקען די נעסיע מײַנע, וואָס איך האָב דערנאָך געמאַכט״.

פּרוער איז ביניאָמין געוועזן ווי א הינדעלע, וואָס ליגט אין איי, אָדער ווי א וואָרעם, וואָס ליגט אין כריין, ער האָט געמיינט, אז אפּ יענער זײַט טונעיאַדעווקע עקט זיך די וועלט, קיין זיסער, קיין בעסער לעבן, ווי דאָ, איז גאָר נישטאָ.

„איך האָב געמיינט, זאָגט ביניאָמין ערגעץ אין איין אָרט, אז רײַכער פון אונדזער אַרענדאַר באַדאַרף מען שוין נישט זײַן. א קליינ־קײַט, עפּעס אזא שטוב מיט באַלעבאָטישקײַט: פיר פּאָר מעשענע לײַכ-טער, א זעקסערערנדיקער הענגלײַכטער, אויבן מיט אַן אָדלער, צוויי קו-פּערנע פּאַרעווע טעפּ, מיט א פינף קופּערנע פּענדלעך, א פּאַליצע צי-נערנע טעלער, און אַזאַדע אַקעגן א טוץ טעמבעקאָווע לעפל, צוויי זילבערנע בעכערלעך, א האָדעסל, א כאַנעקע-לעמפּל, א ציבעלע-זייגער

און צוויי קופּערטעס מיט א גראָב קייטל פונ זאמד-פּאטשערקעס, צוויי קי מיטאמאָל, און א טעלעצע אפּ דער צײַט, צוויי שאבעסדיקע קאפּאָ-טעס אוקעדוימע נאָכ און נאָכ אזא גוטס. איכ האָב געמיינט, א כאָכעמ איז טאקע נאָר איינ רעב אײַזיק-דאָוויד רעב ארנ-יאָסעלעס סאָרע-זלא-טעס. א קאטאָװועס! מע זאָגט, אז ער האָט אמאָל אינ דער יוגנט געהאט א יעדיִע אינ טישבוירעס. ער האָט געמעגט זײַנ מיניסטער, ווענ דאָס שטיקעלע מאזל זאָל אימ נאָר דינענ. ווער האָט נאָכ, האָב איכ געמיינט, אזא האדראס-פּאָנעמ, אזא בינימעסדיק שמועסל ווי אונדזער כײַקל זאיִקע, אָדער ווער איז אזא מומכע, אזא דאָקטער, וואָס מאכט פונ טויט לעבעדיק, ווי אונדזער רויפע, וואָס ער האָט, קעפּי האשמוע, די כאָכ-מאס־האדאָקטאָריע געלערנט בא א ציגײַנער פונ די כארטומע מיצ־ראימ".

האקלאל, דאָס לעבנ אינ זײַנ שטעטל האָט ביניאָמינענ זיכ אויס-געוויזנ זייער שיינ, זייער גוט. ער האָט אפילע געלעבט אינ דאכקעס, ער מיט זײַנ ווײַב און קינדער זײַנענ געגאנגענ קריִע-בליִע. נאָר האָט דענ אָדאָמ־האָרישנ און זײַנ ווײַב, בעשאָס זיי זײַנענ געווענ אינ גאָ־ניידנ, פארשטאנענ זיכ צו שעמענ, וואָס זיי זײַנענ נאקעט און באָר־וועס? די וווּנדערלעכע מײַסעס אָבער פונ די „רויטע יִדעלעכ" און די „אסערעס-האשוואָטימ" זײַנענ אימ ארײַנ טיפ אינ הארצ, און פונ יענער צײַט אָנ איז אימ עפּעס ווי ענג געוואָרנ אינ זײַנ שטעטל. עס האָט אימ עפּעס געצויגנ אלצ אהינ, אהינ דאָרט אינ די ווײַטע מעקוי־מעס ארײַנ. דאָס הארצ האָט אינ אימ זיכ געצויגנ, אזוי ווי קליינע קינ־דער ציִענ זיכ מיט די הענטלעכ אקעגנ דער לעוואָנע. האכט זיכ, אינ פלוג, וואָס איז אזוינס א טייטל, א פּריסטאוו, א יארמולקע, א פּייע, א יִיד נעבעכ, וואָס ווערט נילקעד אינ א געסל שפּעט בא דער נאכט, א ציג און א שטרויענער דאכ? נאָר דאָס אלצדינג האָט אָנגעמאכט אינ אימ א גרויסע פארענדערונג. עס האָט געפירט דערצו, אז ער זאָל באגליקנ די

וועלט מיט זײַן באַרימטער נעסיִע. אין דער וועלט וועט מען נישט איין מאָל, ווי פון קליינע סיבעס קומען אַרויס גרויסע, זייער גרויסע זאַכן. דערפון, וואָס דער מוזשיק האָט געזייט ווייץ און קאָרן, וואָס דער מילנער האָט עס געמאָלן, וואָס דערפון איז אַ טייל אַריין אין דער גאָראָלניע און געוואָרן בראָנפן, און אַ ביסל פונעם מעל איז אַרײַן אין גיטל דער שענקערנס הענט, וואָס זי האָט עס געראַשטשינעט, געקנאָטן, געקאָמשעט און געמאַכט קנישעס, מעצוועפּלאָזיע, וואָס די פּעניצער האָבן מיט טויזנטער יאָר צוריק אַנטדעקט די האַמצאָע, ווי מע מאַכט גלאָז, און דורך דעם איז אַרויסגעקומען קויסעס אי קעלישקעס, — אַט פון די דאָזיקע אַלע קליינע סיבעס זײַנען בא אונדז אין אַ סאַך שטעט אַרויסגעשפּרונגען יענע ווילדע קאַהאָלס־לײַט, יענע מעשונע־באַרימטע פײַנע־בעריעס...

מעגלעך איז, אין ביניאָמינען איז געלעגן אַ ניצוץ פון אַ נויסייע, נאָר דער ניצוץ וואָלט פאַרלאָשן געוואָרן, ווען די סיבעס און די מײַסעס פון יענער צײַט וואָלטן אים נישט אופגעבלאָזן. און ווען אפילע דער ניצוץ וואָלט נישט פאַרלאָשן געוואָרן אינגאַנצן, וואָלט ער, ווען נישט די דאָזיקע סיבעס אין יענער צײַט, געהאַט אַזאַ קליינעם קויעך, אַז פון ביניאָמינען וואָלט מיט דער צײַט אויסגעוואַקסן אַ וואַסערפירער, אָדער, ווען פיל — אַ באַלעגאָלע.

איך האָב אין מײַן לעבן באַגעגנט זייער פיל באַלעגאָלעס און שמײַסערס, וואָס זיי זײַנען מעסוגל געווען צו זײַן אַזעלכע נויסים גלײַך, כלעבן, ווי יענע, וואָס וואַנדערווען הײַנט אַרום צווישן ייִדן... נישט דאָס אָבער בין איך אויסן.

פון יענער צײַט אָן פלעגט ביניאָמין מיט גרויס כיישעק זיך פאַרטיפן אין ראַבע־באַר־באַר־כאַנעס נעסיִעס אפן יאַם און אין דער מידבער. ער האָט אויך דערטאַפט שפּעטער דעם סייפער „עלדאַד האַדאַני“, דעם סייפער „מאַסאָעס ביניאָמין“, וואָס ער האָט מיט אַ זיבן הונדערט יאָר

צוריק געריזט ביז עק וועלט, דעם סייפער „שוואַבע ירושלאַים" מיט הויסאָפּעס, אונ דעם סייפער „צייל-אוילאָם", וואָס אינ זיבנ קליינע בלעטלעך איז ער קוילעל אַלע שעוואַ-כאָכמעס אונ דערציילט כידושים-וועניפלאָעס פונ דער גאַנצער וועלט אונ פונ אירע מעשונע ווילדע באַשעפעניש. די דאָזיקע ספאָרים האָבנ אים געעפנט די אויגנ אונ אים איבערגעקערט פּאָשעט גאָר פאַר אַנ אַנדער מענטשנ.

„פונ די וואונדער-שיינע מיסעס דאָרט, — דריקט זיך אזוי ביניאָמינ אויס אינ זיינ סייפער, — פלעג איך שטאַרק ניספּאָעל ווערנ. אײַ, אײַ! פלעג איך נישט איינ מאָל פאַר גרויס היספּאַילעס אַ געשריי טאָנ, ווי העלפט מיר גאָט כאָטש אַ הונדערטל דערפונ צו זענ מיט מײַנע אויגנ! דער קאָפּ מײַנער האָט געטראָגנ ווײַט-ווײַט"...

פונ דענסטמאָל אָנ איז אים טונעיאַדעווקע שוינ טאַקע געוואָרנ צו ענג, ער האָט בא זיך גוימער געווענ אַרויסצוכאַפּנ זיך פונ דאָרט מיט אַלע קויכעס, גלײַך ווי אַ הינדעלע, וואָס הייבט זיך אָנ אויסצופּיקנ אונ אַרויסקריכנ פונעם איי אַפ דער ליכטיקער וועלט.





דאָס צווייטע קאפּיטל

## ווי ביניאָמין ווערט א קאָדעש און זעלדע אן אגונע

פּעטעווע איז אונדזער ביניאָמין, דער נויסייע, געווען א ווילדער באַל-פּאַכדן, הײַנע בא דער נאכט פלעגט ער מוירע האָבן צו גיין אפּ דער גאס; שלאָפן איינער אליין אין שטוב וואָלט ער נישט געוואָלט, מע זאָל אים אָפּגילטן. ארויסצוגיין א ביסל ווײַט פון דער שטאָט האָט בא אים געהייסן באַשעט זיך אײַנשטעלן דאָס לעבן, מאלע וואָס קען, כאָלילע, געשען. פאר א ליאד הינטל האָט ער געציטערט איימאס-מאָוועס.

„איינמאָל, אזוי דערציילט ביניאָמינ, איינמאָל, איכ געדענק עס ווי היינט, דאָס איז געווענ טאמעז, אינ א שרעקלעכ הייסנ טאָג, איז אונדזער ראָוו מיט איינעמ פונ זײַנע לײַט געגאנגענ זיכ אָפּטויוולענ אינ דעמ טײַכל, וואָס אונטער דער שטאָט. איכ מיט א פּאָר יינגלעכ, מײַנע כאווייריִמ, זײַנענ מיט גרויס דערעכערעץ נאָכגעגאנגענ פונ הינטנ, אונ געווענ בא זיכ זייער זיכער, אז מיר וועלנ נישט האָבנ קיינ שומ שלעכטע באגעגעניש אונ, אימירעצעשעמ, קומענ צוריק בעשאָלעמ אהיימ, געדופעט אפ דעמ ראָוו. עפּעס א קאטאָוועס, א ראָוו, וואָס פאר אימ האָט דערעכערעץ א וועלט, וואָס קיינ עלטערס פאר אימ איז שוינ גאָר נישטאָ! וואָס דער טיטל זײַנער פאַרנעמט א בלעטל פּאפּיר... דער ראָוו, אונדזער באשיצער, איז מיט ברייטקײַט געגאנגענ היפּש פריִער פאר אונדז, אונ אז ער האָט געהאלטנ אינ אויסטאָנ זיכ, איז אינמיטנ דערינענ אָנגעקומענ עפּעס א שייגעץ אונ אפ אימ אָנגעריכט זײַנ הונט. אונדזער באשיצער איז נישט טויט-לעבעדיק אנטלאָפנ, צוגעהאלטנ, מעכילע, די אָפּגעשפּילייעטע טאכטויניִמ מיט איינ האנט אונ מיט דער אנדערער דאָס קײַלעכדיקע געשטעפּטע פעלפּענע היטל. מיר, יינגלעכ, זײַנענ אוואדע מעוווילוול געוואָרנ. דענ, אז דער ליוויאָסנ ווערט אפ דער ווענטקע געכאפּט, וואָס זשע, נעבעכ, זאָלנ שוינ טאָנ די פלאָטקעס אינ דער בלאָטע? מיר האָבנ אָנגעגורט אונדזערע לענדנ אונ געשווינד, ווי די הירשנ, געלאָפנ פאָרויס מיט א גוואלד, מיט א ביטער געשריי, ביז מיר זײַנענ אזוי הענדומ-פּענדומ אָנ א נעשאָמע אינײנעמ מיט אונדזער גיבער ארײַנגעלאָפנ אינ דער שטאָט. ס'איז געוואָרנ א מעהומע, א צונויפלויפעניש, א ליארעמ: עס ברענט! מע הארגעט, מע שלאָגט! איינער פונעמ אנדערנ האָט נישט געוווּסט’’.

אז ביניאָמינ האָט פירגעקומענ די נעסיִע אינ די ווײַטע מעקוימעס, איז בא אימ געבליבנ קוידעמקאָל זיכ צו שטארקנ אוועקצווארפנ דעמ פּאכעד. ער האָט זיכ גענצוווינגענ דאפקע גיינ אליינ שפּעט בא דער

נאכט, דאפקע שלאָפן איינער אליין אין א כיידער און דאפקע ארויסגיין אָפּט אונטער דער שטאָט, כאָטשע דאָס האָט אים געקאָסט געזונט, און איז פאר שרעק, נעבעך, פונעם פּאָניעם אראָפּ. די נייע האנהאָגע זיינע אין דער היים און אין בעסמעדרעש, זיין פארטראכט בלייך פּענעמל און זיינע פארפאלנע ווערן אָפּט אָפּ עטלעכע שאָ פון דער שטאָט איז איטלעכן געוואָרן עפּעס א פּליע. מע האָט אים גענומען אין מויל אריין און פון אים געשמאַק גערעדט. א טייל האָבן געזאָגט: נישט אנדערש ער איז מעשוגע, כאָסערדייע. איין מאָל, אזוי האָבן זיי גערעדט, איז בינייאָמין טאַקע געווען מאַמעד א ביסל שוויטעוואטע, עס האָט אים געפעלט אין קאָפּ א קלעפּקע; צווייטנס, איז שוין טאַקע אין טורניעדעווקע לעבערעך עטלעכע יאָר נישט געווען קיין מעשוגענער, און ווי שיקט זיך עס עפּעס? מיר האָבן דאָך א קיימעלאָן, הא, ווי זאָגט מען עפּעס: עיר ועיר וחכמיה, עיר ועיר ומשוגעיה, איטלעכע שטאָט מיט איר כאָכעם און מיט איר מעשוגענעם. ביפראט נאָך היינט און אין אזעלכע גרויסע היצן. פּאַשעט איז פּאַשעט, בינייאָמין איז מעשוגע. ווידער א טייל, און בעראָש פון זיי רעב אייזיק-דאָוויד רעב אַרנ-יאָסעלעס סאָרע-זלאַטעס, האָבן געמאַכט: עט, עט!.. טאַקע נאָכאַמאָל עט! עמעס טאַקע, בינייאָמין איז שוויטעוואטע, טאַקע שטאַרק שוויטעוואטע, נאָר דערפון איז נאָך קלאָר נישט געדרונגען, אז ער מוז ווערן א מעשוגע, וואָרעם, זעלט עס אנדערש זיין אזוי, איז דאָך די קאַשע, פאַרוואָס גראָד אצינד און נישט פריער? אדעראבע וועאדעראבע, דערצו האָט ער געהאט צייט אי פאַרצוויייאָרן אי פאַראיאָרן זומער, וואָס די היצן זיינען דענסטמאָל געווען א גוזמע גרעסער. און וואָס, איר זאָגט, טורניעדעווקע איז, ווערליק דעם קיימעלאָן, נישט ערגער פון אנדערע שטעט, מיילע בלייבט דאָך טאַקע אַלץ די קאַשע, פאַרוואָס איז עטלעכע יאָר לעבערעך נישט געווען דאָ קיין מעשוגענער? איי, וואָס טוט מען ווידער צוריק מיט דעם קיימעלאָן? דער טערעץ איז אָבער — אונדזער טייך. דער

טײַכ אונדזערער, האָבנ מיר דאָכ א קײַמעלאָנ, נעמט זיכער צו פֿונ אײביק אָנ א מענטשנ אַלע יאָר, און פֿונדעסטװעגנ האָט ער שױנ א פּאָר יאָר קײנעם נישט צוגענומענ! פֿאַרקערט, ער אַלײנ איז אינ די פּאָר יאָר אָפּגעפֿאַלנ, אַז ערטערװײַז קענ מענ מאַמעש אים איבערגײנ טרוקנ=פֿוס... און, בינײאַמינ? װאָס טוט מענ מיט בינײאָמינענ? בלײַבט טײקו, א קאַשע. דער גרעסטער טײל אָבער, און צװישנ זײ די װײַבער, האָבנ געזאָגט: ער מוז האָבנ צו טאָנ מיט זײ... ער פֿאָרעט זיכ אַװאַדע מיט אים... מיט דעם באַלדאָװער... װאָס דענ זשע בראָדזעט ער אַלײנ באַנאַכט אינ דער פֿינצטער? װאָס דענ זשע װערט ער אַמאָל פֿאַרפֿאַלנ אױפֿ עטלעכע שאָ? װאָס דענ זשע שלאָפֿט ער אײנער אַלײנ אינ ספּיזשאַר-נע? זעלדע, זײַנ אײגנ װײַב, דערצײלט אױכ, אַז זי האָרכט באַ דער נאַכט, װי מע קלאַפּט באַ אים אינ ספּיזשאַרנע, זי האָרכט א קלאַפּערײַ, װי מע גײט דאָרט מיט פֿיס...

דער דאָזיקער שמועס מיקױעכ דעם איניענ האָט, װי געװײנטלעכ, זיכ אַװעקגעקײקלט אהינ אונטערנ אױװנ. פֿונ דאָרט אינ דער סאָבראַ-ניע אױפֿ דער אײבערשטער באַנק. מענ איז איבער בינײאָמינענ דאָרט צװישנ זיכ נאָכ נישט פֿאַרטיק געװאָרנ. נאָר דערװײַל איז געבליבנ מוסקעם באַ אַלע, מע זאָל צונױפֿשטעלנ א קאָמפּאַניע פֿונ א פּאָר שײנע ײדנ מיט דעם סױפֿער, װאָס זײ איניײנעם זאָלנ אַרומגײנ אינ אַלע הײַזער, קעסײדער נאָכנ צעטל, און אומעטום בודעק זײַנ, רעװידירנ די מעזוזעס. און װײַל די סאָבראַניע האָט אױפֿ דעם איניענ געקוקט װי אױפֿ א קאָהעלשער זאַכ, א פּ אָ ל ז ע פֿאַר דער שטאָט, לאָכײנ איז גע-בליבנ, אַז בײדע אױסצושטײנ די הױצאָעס, װאָס אַזא קאָמפּאַניע באַ-דאַרפֿ קאָסטנ, זאָל מענ אַרופּציִענ דעם מעקעכ פֿונ פֿלײש... אינ טונע-יאָדעװקע איז דאָ א װערטל: פֿונ װאָס מע זאָל נישט שמועסנ, מוז אַרױס-קומענ אױפֿנ טױט, און פֿונ װאָס מע זאָל נישט רײדנ אױפֿ אנ אַסיפֿע, מוז מענ אױסלאָזנ מיט דער טאַקסע פֿונ פֿלײש. און בעעמעס איז יעס טאַקסע

אַלפּי דערעכ־האַטעווע, אַנדערש קען עס טאַקע גאָר נישט זײַן, דער ס ײ כ ל איז אויך אַזוי מיסכּים, וואָרעם: סוף כּל אָדם למות, וסוף יהודי לטאַקסע, דאָס טײַטש: דער סאָף פון אַ מענטשן איז צו שטאַרבן און דער סאָף פון אַ ייִדן — צו צאָלן טאַקסע! דער טויט און די טאַקסע — דאָס זײַנען בעטעווע אַזעלכע צוויי זאַכן, וואָס מע קען פון זיי בעשומויפן נישט פּאָטער ווערן. אַזוי האָט דער אייבערשטער באַשאַפן די וועלט, און ווי ער האָט זי באַשאַפן, אַזוי איז גוט, אַזוי געהער עס זיכער צו זײַן. קאַשעס פרעגן נאָר אַפּיקאָרסים...

שפּעטער אַ ביסל האָט מיט ביניאָמינען זיך פאַרלאָפן אַ מעשׂה, וואָס ער האָט מיט איר קוינע-שעם געווען. אַרויסגייענדיק איינמאָל פון דער שטאָט, טאַמעז אין אַ הייסן טאָג, צוועלף אַזייגער אינדערפרי, סאַמע ווען די זון האָט געבראָטן, איז ער פאַרגאַנגען טיפלעך אין אַ וואַלד, אַקעגן אַ דרײַ טכום־שאַבעסן פון דער שטאָט. מיט זיך אין דער קעשענע האָט ער געהאַט זײַנע ספאָרים, וואָס אָן זיי פלעגט ער נישט גיין קיין טריט. ער איז געזעסן אין וואַלד אונטערגעלענט אונטער אַ בוים און האָט געשמאַק געטראַכט. צו טראַכטן האָט ער געהאַט זייער פיל. באַלד איז אים דער קאָפּ פאַרפלויגן ווײַט אַהין אין יענע לענדער אין עק וועלט. ער איז געגאַנגען איבער בערג, איבער טאָלן, איבער מידבאָריעס און אַלע ערטער, וואָס שטייט אין זײַנע ספאָרים. ער האָט געוואַנדערט פוס־טריט נאָך אַלעקסאַנדער מוקדען, נאָך עלדאָד האַדאָני אוקעדוימע, ער האָט געזען דעם שרעקלעכן פּיפּערנאָטער, דעם לינדענוואָרעם, שלאַנגען, עגדעשן און אַלע מינע שלעק מעשולאַכעסן. ער האָט זיך צוגעשלאָגן צו די רויטע ייִדלעך און גערעדט מיט די בניי־מוישע. דערנאָך איז ער בעשאָלעם צוריקגעקומען צו זיך און האָט געטראַכט, ווי־אַזוי און ווען זשע זאָל ער שוין טאַקע מאַכן די נעסיִע.

אין מאַכשאָוועסן איז דערווײַל צוגעפאַלן די נאַכט. ער איז אויפגעשטאַנען, אויסגעגלײַכט די ביינער און זיך געלאָזט גיין אַהיים. ער גייט

אונ גייט — נאָכ אלצ נישט פונעמ וואַלד ארויס. ער גייט א שאָ, צוויי, דרײַ, פיר שאָ, ס'איז קיינ סאָפ, קיינ עק. ער האָט נאָכ טיפער אינ וואַלד זיכ פארשלאָגנ, אונ דאָ איז פינצטער, כאָטש אנ אויג ארויסצונעמענ. פלוצלימ איז נאָכ געוואָרנ א שטורעמווינט מיט א שלאַקסרעגנ, עס האָט געבליצט, געדונערט, אונ די ביימער האָבנ גערוישט — א שרעק! בינימינ איז געבליבנ שטיינ. דער רעגנ האָט אימ געוואַשנ, א צאָנ אָנ א צאָנ האָט אימ געקלאַפט פאר קעלט, פאר נעצ אונ פאר גרויס פּאַכעד. עס האָט אימ זיכ געדאַכט, אָט פאלט אפ אימ אָנ א בער, אָט פארצוקט אימ א לייב, א לעמפּערט, אָט גייט דער מאטול, וואָס קעפי עס שטייט אינ „צייל-אוילאָמ", איז ער א גרויסער, א לאנגער מינ באשעפעניש, מיט צוויי לאנגע הענט, מיט וועלכע ער ווארפט אנידער א העלפאנד. אנגסטנ האָבנ אימ באַשלאָגנ, נעבעכ, אונ דאָ איז ער נאָכ טויט-הונגעריק, כוצ א רעטשנ קיכל איז דעמ גאנצנ טאָג אינ זײַנ מויל נישט געקומענ. ער האָט פאר אלע צאָרעס זיכ גענומענ דאווענ מײַרעוו, אונ געדאַוונט מיט היסלײַוועס פונעמ גאנצנ האַרצ.

גאָט האָט געהאָלפנ, ס'איז טאָג געוואָרנ. אונדזער בינימינ נעמט זיכ ווײַטער צומ גיינ אפ גאָטס באַראָט. ער גייט, ער גייט, ביז ער שלאָגט זיכ צומ סאָפ ארופ אפ עפּעס א שמאָלנ וועג. מיט דעמ וועג איז ער געגאנגענ אקעגנ א שאָ צוויי — אונ פלוצלימ דערהערט ער פונדערווײַטנס א קאָל פונ א מענטשנ. אָנשטאָט ער זאָל מיט דעמ קאָל זיכ דערפרייענ, איז ער, סאָנעזיצנ, פארצאפּלט געוואָרנ. אימ האָט זיכ נישט אנדערש געדאַכט, אַז דאָס איז אוודע א גאזלענ. מאכמעס שרעק האָט ער זיכ געלאָזט לויפנ צוריק אָנ אָטעמ, אקוראַט ווי ער איז אמאָל, נישט פאר אונדז געדאַכט, געלאָפנ פארנ ראָוו. באלד אָבער האָט ער זיכ באַטראַכט: פע, בינימינ! דו ווילסט וואַנדערנ אזוי ווײַט איבער יאַמימ אונ מידבאָריעס, וואָס דאָרט שווימלט אונ גריבלט פונ ענדעשנ, פונ כײַעס-ראָעס אונ ווילדע אומעס, אונ דאָ האָסטו מוירע

פארנ געדאנק, טאָמער באגעגנסטו א גאזלענ! אי, פע, מעגסט, כלעבנ, זיכ שעמענ, ביניאָמינ. איז דענ אלעקסאנדער מוקדענ אויכ אנטלאָפנ אזוי ווי דו? האָט דענ אלעקסאנדער מוקדענ אויכ אזוי ווי דו זיכ מעיאעש געווענ, בעשאס ער איז געפלויגנ רײַטנדיק אפ זײַנ אָדלער אונ ס׳איז אויסגעגאנגענ דאָס פלייש פונעם שפּיץ שפּיז, וואָס דער אָדלער פלעגט עס פּיקנ אונ פליִענ דורכ דעמ אלץ העכער? ניינ, אלעקסאנדער מוקדענ איז נישט אנטלאָפנ, אלעקסאנדער מוקדענ האָט בא זיכ אליינ אויסגעשניטנ א שטיק פלייש אונ ארופגעשטאָכנ אפנ שפּיז! אדעראבע, שטארק זיכ, ביניאָמינ, דאָס וויל גאָט דערמיט דיכ נאָר אויספּרוּװנ. האלטסטו אויס די פּראָבע, אז וויל אונ גוט איז דיר דענסטמאָל! דענסטמאָל, ביניאָמינ, ביסטו א מענטש אונ וועסט טאקע ווערט זײַנ צו האָבנ די זכיִע פונ האשעמ־יִסבאָרעכ צו דערגרייכנ דײַנ ווּנטש ווענג די בניי־מוישע אונ מיט זיי איבערשמועסנ מיקויעכ דעמ קלאל־יִסראָעל אינ אונדזער ווינקל, דערציילנ זיי גאנצ פּאָדראָבנע די האנהאָגעס פונ אונדזערע יִדעלעכ דאָ, וואָס זיי טוענ אונ וואָס זיי מאכנ. וועסטו איצט אויסשטיינ נאָכ אי די דאָזיקע פּראָבע אונ גייִנ צוריק אקעגנ דעמ קאָל, דענסטמאָל ביסטו מענאצייעכ אלע פּכאָדימ אונ שרעקענישנ, וועסט ווערנ א קיילע שליימע, א בענטשונג צווישנ די קינדער יִסראָעל, אונ אָנטאָנ קאָוועד גאנצ טונעיאדעווקע. טונעיאדעווקע אונ מוקדענ — דאָס וועלנ זײַנ צוויי ערטער גלײַכ באקאנט אינ דער גאנצער וועלט דורכ אלעקסאנדער טונעיאדעווקער אונ ביניאָמינ מוקדענ!..

אונדזער ביניאָמינ האָט זיכ אומגעקערט טאקע צוריק אונ איז געגאנגענ באהארצט ווי א גיבער מיט גרויס ביטאָכנ, ביז ער האָט פאר זיכ דערזענ דעמ גאזלענ. דאָס איז געווענ א מוזשיק, וואָס איז געפאָרנ אפ א פּאָר אָקסנ מיט אָנגעלאָדענע זעק אינ וואָגנ.

— דאָבֿרי דיען! — האָט ביניאָמין צוגייענדיק אַ זאָג געטאָן האַס־טאָם אַף אַ מעשונע קאָל, וואָס ער האָט אין זיך געהאַט אַלע טנופֿים: אַי געשריי, אַי געבעט, און ווי אײנער זאָגט: נאַ, נאַ, טו מיט מיר וואָס דו ווילסט! אַי עפּעס ווי אַ באַקאָשע: גוואַלד, האָב ראַכמאָנעס אַף מיר, אַף מײַן ווײַב און קינדער, נעבעך!..

אָפּזאָגנדיק אָדער אָפּשרײַענדיק אַ אָפּוויינענדיק דעם „דאָבֿרי דיען“, איז ביניאָמין געבליבן אָן לאָשן, ווי דערוואָרגן. דער קאָפּ האָט אים זיך פֿאַרדרייט, אין די אויגן איז אים געוואָרן פֿינצטער, די פֿיס האָבן אים אויפֿגעהערט צו דינען, און ער איז טויט אַנידערגעפֿאַלן אַפֿן אָרט.

אַז ער האָט אויפֿגעעפֿנט די אויגן און איז צו־זיך געקומען, האָט ער זיך געפֿונען ליגנדיק אין וואָגן אַף אַ גרויסן זאַק קאַרטאָפֿליעס, איבערגעדעקט מיט אַ גראָבער סוויטע. צוקאָפּנס איז אים געלעגן אַ געבונדענער האָן, וואָס האָט אַף אים געקוקט אין דער זײַט מיט איין אײגל און אים געגראַבלט מיט די נעגל, צופֿוסן איז געשטאַנען אָנגע־שטעלט קאָראָבקעלעך מיט יונגן קנאָבל אַ ציבעלעס און שעאַר־יעראָקעס. אײער, אַפּאָנעם, איז דאָרט אויך געלעגן, וואָרעם פּאָלאָווע זײַנען גע־פֿלויגן און אים פֿאַרשאָטן די אויגן. דער מוזשיק איז געזעסן, געשריי־ענדיט גאַנץ רויִק דאָס ליוליקעלע און איטלעכע רעגע אַף די אָקסן אונ־טערגעשריגן: סאָפּ, הייטאַ, סאָפּ! די אָקסן קוים וואָס זיי האָבן זיך גערירט, און די רעדלעך פֿונעם וואָגן האָבן מעשונע געסקריפּעט איט־לעכס אַף אַן אַנדער קאָל, און יעדעס איז אויסגעקומען עפּעס אַ סקריפּנ־דיקער קאָנצערט, וואָס האָט געגרילצט אין די אויערן. דעם האָן, אַפּאָ־נעם, ווי עס האָט אויסגעזען, איז אַזאַ סקריפּערײַ אויך נישט געווען לעראָצן, וואָרעם איטלעכס מאָל בעשאַס די רעדלעך פֿלעגן אײנגאַנצן זיך אָנמדרייען און אויסלאָזן אַף אַ סווישטש מיט אַ שאַלושעלעס, פֿלעגט ער ביניאָמינען אַ שטאַרקן גראַבל טאָן מיט די נעגל און אַ

קריי געבן קוקוריקו מיט קאַס, מיט אימפּעט, אַז עטלעכע רעגע דער-נאָך פלעגט בא אים טאָרכלען פאַרדומפּן אינווייניק אין האַלדז. בינ-יאָמין האָט אין זיך נישט געפילט קיין גאַנץ אייווער און איז געלעגן א היפּשע ציַיט שטאַרק פאַרדולט: א שפּאַס וואָס ער איז אויסגע-שטאַנען: שרעק, הונגער, נעץ און קעלט! עס האָט אים זיך געדאַכט, אַז א טערק האָט אים געפאַנגען אין דער מידבר און פירט אים פאַר-קויפן ערגעץ פאַר א קנעכט. נעכיַי, האָט ער געטראַכט, נעכיַי זאָל ער מיך כאָטש פאַרקויפן צו א יידן, וואָלט איך נאָך געקענט פּאַרט עפּעס אופגעריכט ווערן, און בעזים אָבער, ער וועט מיך פאַרקויפן צו א פּרינץ אָדער כאַלילע גאָר צו א פּרינצעסן פון די אומעס-האָוילעמ, בין איך דאָך פאַרלוירן, פאַרלוירן אפ אייביק. דערצו נאָך האָט ער זיך גראָד דערמאָנט די מיַיסע פון יויסעפ האצאדיק מיט זליכענ, און האָט מאַכ-מעס יעסורים א שטאַרקן קרעכץ געטאָן.

דער מוזשיק האָט זיך אומגעקוקט, אַז ער האָט דערהערט בינ-יאָמינס קרעכץ, זיך צוגערוקט נעענטער און אים א פרעג געטאָן:

— נו, זשידקאָ, א שטשאָ, טראָשקע ליפּשע?

דער קאָפּ איז ביניאָמינען בעעמעס געוואָרן א ביסל פרישער, און ער האָט זיך דערמאָנט אינגאַנצן, וואָס מיט אים איז פאָרגעקומען. ער האָט אָבער זיך געפילט אין זייער א שלעכטער לאַגע: גוייש קען ער קימאַט נישט קיין וואָרט, הײַנט וואָס זשע טוט מען דאָ? ווי ענטפערט מען דעם אָרל און ווי טיַינעט מען מיט אים זיך דאָ אויס, צו וויסן אקוראַט, וווהין ער פירט מיך?

ביניאָמין האָט געפּרוווט זיך אופזעצן, נאָר אומזיסט, די פיס האָבן אים שטאַרק געבראָכן.

— טראָשקע טעבע ליפּשע? — האָט אים דער מוזשיק ווײַטער אַמאָל געפרעגט און טאַקע בינשימע אַכאָס א מאַכ געטאָן:

— סאָפּ, הײַטאַ, סאָפּ!

— ליפּשיע. ראק ריבי מאָז אני, אני, אני! — האָט ביניאָמינ געענטפערט ווי ער האָט נעבעכ געקענט אונ אימ געוויזנ אפ די פּימ.

— איזווידקי טי, זשידקאָ?

— איזווידקי טי, זשיטקע?! — האָט ביניאָמינ געמאכט מיט א ניגנ, ווי א מאהעפּאכ-פּאשטאָ. — יא ניאָמקא, ביניאָמקא אזוו טונע־יאדעווקו!

— טי איז טונעיאדעווקי? קאזשי דשע, שטשאָ טי וויטאראשטשיל? נא מעני אָטשי אי גליאדיש יאק שאליאָני? אלי מאָזשע טי טאקי אי שאליאָני? טהאסצא טוואָ! מאטערי! סאָפּ, הייטא, סאָפּ!

— יא, כטעיטיט, יא טעבי לעבאטבילע קאזאטע, יא ניאָמקע טאמ אזוו טונעיאדעווקו! — האָט ביניאָמינ געענטפערט, געמאכט דערביי א ראכמאָנעס־פּאָנעמ, א וויי געטאָנ מיט דער האנט אונ געבעטנ ראכ־מימ: — גוואלד אזוו טונעיאדעווקי זשינקא טעבי דאמ טשארקע שליש אי שאבאשקאָווע בולקע, אי דאָברע דאנקויעט טעבי.

דער מוזשיק, אפּאָנעמ, האָט זיפ אָנגעשטויסנ, וואָס ביניאָמינ מיינט.

— דאָברע, זשידקאָ! — האָט ער געזאָגט, זיכ געזעצט אפ זיינ אָרט מיט דעמ פּאָנעמ צו די אָקסנ אונ געמאכט: כאָפּ, הייטא!

אקעגנ א פּאָר שאָ ארומ איז דער וואָגנ ארופגעפאָרנ גלייכ אפנ מארק אינ טונעיאדעווקע, ווייבער אונ מאנצבל האָבנ זיכ א שאָט גע־געבנ אקעגנ מיט פארשיידענע שיילעס.

דער שרייט:

— טשויעיט, כקילקע כאָטשעש זא פיוועג? זא ציבולי?

יענער פרעגט:

— מאָזשע מאיעש קארטאָפלי, יאזצי?

בעסויכ האבאָזמ קומט איינער מיט א שיילע:

— משויעש, מאַזשע טי באטשיל נא דאָראָגי זשידקאָ? או נאַם יעדינג זשידקאָ, ביניאָמקא, ווטשאַרא פּראָפּאַל יאק אַוו וואָדו.

און איידער דער מוזשיק האָט אויספּייעט איטלעכן צו ענטפערן, זײַנען די אַלע ווײַבער, ווי די הײשעריקן, איבערגעפאַלן דעם וואָגן, האָבן אופגערעקט די סוויטקע און אין איין קול אַרויסגעלאָזט אַ געשריי:

— ביניאָמינ!.. ער איז דאָ! ציפּע-קרוינע! באַסשעווע-בריינדל, לויפט גיכער צו זעלדען מיט דער גוטער פּסורע, אַז איר שאָדן האָט זיך אָפּגעזוכט! זי וועט שוין נישט זײַן קיין ווייסטע אַגונע.

ס'איז געוואָרן אַ ראַש, אַ צונויפלויפעניש. גאַנץ טונעיאַדעווקע האָט זיך געוויגט, קינד און קייט זײַנען געלאָפן אָנקוקן ביניאָמינען. מע האָט אים פאַרוואָרפן מיט רייד, מיט שײַלעס, מיט ווערטלעך, מע האָט דערציילט, אַז דעם גאַנצן נעכטיקן טאָג מיט דער נאַכט האָט מען אים געזוכט, געקוקט, מע האָט אים שוין געהאַלטן פאַר אַ קאַ-דעיש און זײַן ווײַב פאַר אַ ווייסטע אַגונע.

פּלוצלים אינמיטן געטומל איז דאָס ווײַב זײַנס צוגעלאָפן מיט אַ געוויין. זי האָט געבראָכן די הענט, אָנקוקנדיק איר באַשערטן, ווי ער ליגט בלייך און טויט און קען קיין ריר זיך נישט טאָן. זי האָט, נעבעך, אַליין נישט געוווּסט וואָס צו טאָן, צי זאָל זי אים שעלטן, אויסלאָזן צו אים איר שווער ביטער געמיט, צי זאָל זי אַרויסווײַזן איר פרייד, איר שימכע, וואָס גאָט האָט זי, ווייסטע אַגונע, אופגעריכט.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט מען ביניאָמינען, אַזוי טאַקע ווי ער איז געלעגן אויפן זאַק קאַרטאָפּליעס, געפירט צו זיך אַהיים איבער דעם מאַרק מיט אַ גרויסער פּאַראַדע. דער גאַנצער טונעיאַדעווקער עולם פון קליין ביז גרויס האָט אים אָפּגעגעבן קאָוועד, קיינער האָט זיך נישט געלאָזט בעטן, און אים באַגלייט מיט אַ ראַש, מיט אַ געשריי: קאָדעיש! קאָדעיש! קאָדעיש!

דער נאָמענ קאָדעש איז ביניאָמינענ פונ דענסטמאָל אָנ טאקע אפ טאָמער געבליבנ, ער האָט געהייסנ ביניאָמינ דער קאָדעש אונ זײַנ ווײַב — זעלדע די אגונע.

דער טונעיאדעוווקער מומכע איז נאָכ דעמ טאָג טאקע צו ביניאָ=מינענ געקומענ אונ האָט אימ געגעבנ ראטונעק מיט אלע טאבבולעס, וואָס איז נאָר מעגלעכ געווענ. ער האָט אימ געשטעלט באנקעס אי פיאווקעס, אויכ אינגאנצנ אימ אָפּגעגאָלט אונ געזאָגט פארנ אוועק=גאנג, אז נאָכ די אלע מיטל, וועט ער, אימירצעשעמ, גענעזנ ווערנ אונ וועט נאָכ מאָרגנ קענענ, אויב ער וועט קויעכ האָבנ, גיינ גוימל בענטשנ אינ בעסמעדרעש ארײַנ.





## דאָס דריטע קאַפּיטל

# ווי ביניאָמינ סקאָפּמאַנייעט זיך מיט סענדערל דער יידענע

די דאָזיקע מײַסע, וואָס מיט ביניאָמינענ האָט זיך געטראָפּנ, וואָס האָט אָנגעמאַכט אַזויפֿיל יעסורים זײַנ ווײַב, אַזויפֿיל לײַטישע רייד, אי אינ דער שטאָט, אי דאָרט אונטערנ אויוונ, אי אַפ דער אייבערשטער באַנק, האָט אינ פלוג, דאַכט זיך, באַדאַרפט אַפ אייביק פונ אים אַרויסשלאָגנ דעם געדאַנק פונ זײַנ נעסיע אינ די ווײַטע מעקוימעס. נאָר אָבער א טאָעס, פאַרקערט, עס האָט נאָך אינ אים דעם דאָזיקנ געדאַנק ערשט

בעסער אראיינגעשלאָגן. ער האָט פון דענסטמאָל אָן אָפּ זיך געקוקט מיט דערעכערעץ, ווי אָפּ א מענטשן א געניטן, וואָס איז געגוגן איין זיין לעבן אויסגעשטאנען. ער איז בא זיך געווען צען מאָל טייערער פאר זיין באהארצטקייט, פאר זיין שטארקייט, מיט וועלכער ער איז אויסגעשטאנען אזויפיל שווערע פּראָבעס און גויוועך געווען אינגאנצן די טעווע זיינע. ער האָט אָנגעהויבן זיך צו האלטן פאר א גיבער, פאר א כאקרען, וואָס האָט א יעדן אין אלע שעווא-באָכמעס, וועלכע עס געפינען זיך נאָר אין דעם „צייל-אוילאָם", וואָס האָט זיך אָנגעלייענט ווי א פּויק אין אזעלכע מינע ספאָרים און ווייסט, וואָס אָפּ דער גאנ־צער וועלט טוט זיך. ער האָט אָנגעהויבן אליין אָפּ זיך א מייוון צו ווערן און זיך אליין צו באדויערן, וואָס ער, אזא מענטש ווי ער, געפינט זיך, נעבעך, כשושנה בין החוחים, ווי א רויז צווישן דערנער. ווו? אין טונעיאדעווקע, אין אזא העק, צווישן פּראָסטע מענטשן, וואָס פארשטייען נישט און ווייסן נישט פון זייער לעבן צו זאָגן! די לוי־טישע רייד און די ווערטלעך, וואָס זיינען איבער אים געפאלן, זיי האָבן, אדעראבע, אים ערשט געטריבן אין וועג אריין. עס האָט אים זיך געגלוסט ווי צום גיכסטן אוועק פון טונעיאדעווקע. ווי דערלעב איך שוין, פלעגט ער אלץ טראכטן, זיך אוועקצולאָזן אהין, ווייט, און קומען בעשאָלעם צוריק מיט יעשועס און נעכאָמעס אָפּ יידן, מיט קאָ־וועד און מיט א גוטן נאָמען אין דער וועלט! און דענסטמאָל וועט גאנץ טונעיאדעווקע ווייסן, פון קליין ביז גרויס, וואָס איך, ביניאָמין, בין, וואָס איך, ביניאָמין, באטייט...

ביניאָמינען האָט לעסאטע אָפּגעהאלטן פון דער נעסיע נאָר די האַזיקע קליינע מעניעס: ערשטנס, וווּ נעמט מען אָפּ הויצאָעס? בא אים אליין האָט קיינמאָל זיך נישט געפונען קיין גראָשן אין קעשענע. ער פלעגט טאָמער זיצן ליידיק אין בעסמעדרעש און זיין פלוינעסטע איז

געוועזן די איישעס-כײַעל, די פּאַרנאָסע-געבערן פון א נאס אפּטייקל, וואָס זי האָט זיך געמאכט באַלד נאָכן קעסט אַראָפּגייענדיק, און, מישטיינסגעזאָגט, וואָס דאָס גאַנצע קלייטל האָט אָנגעטראָפן: ווען זי זאָל דערבײַ נישט געוועזן אַרבעטן זאָקן, נישט פּליקן ווינטער ביז שפּעט אין דער נאַכט פעדערן, נישט פּרעגלען אפּ צו פּאַרקויפן פּיי־סעכדיק שמאַלץ, נישט אײַנהאַנדלען אַמאָל אין א מאַרקטאָג בא אירע באַקאַנטע מוזשיקעס קיין מעציִעס, וואָלט נישט געוועזן מיט וואָס די נעשאָמע צו דערהאַלטן. פאַרקויפן עפּעס פון שטוב-זאכן? נאָר וואָס אָבער האָט דאָרט זיך געפונען? א פּאָר מעשענע לײַכטער, וואָס זײַנען זעלדען געבליבן ירושע פון אירע עלטערן, אין וועלכע זי בענטשט ליכט, שײַערט עס טאָמער און זיך דערמיט שטאַרק מעהאַנע. קיין צי־רונג האָט זי נישט, כוץ א זילבערן רייפעלע מיט א פּערל פון איר מאַמעס שטערנטיכל, וואָס דאָס ליגט בא איר פאַרשלאָסן און טוט עס אָן נאָר אַמאָל בעשאַס א גרויסע סימכע אָדער בעשאַס א מאַזלטאָוו אָפּגעבן. פאַרקויפן זשע עפּעס פון זײַנע כפייציִם? נאָר איבגאַנצן האָט ער געהאַט א שאַבעסדיקע אַטלעסענע קאַפּאָטע נאָך פון דער כאַסענע אָן, צעהאַקט, צעפאַלן פאָרנט אי הינטן און דער געלער אונטערשלאַק האָט אַרויסגעקוקט. ער האָט געהאַט, פּראָווע, אי א טולעפּל, נאָר אונטן איז ער געוועזן אינגאַנצן אָפּגעבאַרעט, דער קאָלנער מיט גאָר־נישט באַליגט. בעשאַס זײַן כאַסענע האָט דער טאַטע זײַנער, אים צו לאַנגע יאָר, געהייסן נישט זשאַלעווען, אַדעראַבע, מאַכן א לאַנגן קאָלנער פון דער פולער האַנט און אָפּשטעפּן אים לעסאַטע פון אויבן מיט א שטיק אונטערשלאַק, וואָס איז געבליבן יִטער פון זײַן קאַפּאָטע, און האָט דערבײַ זיך מיסכײַעוו געווען צו באַלייגן דעם קאָלנער מיט פיי, אימירצעשעם, שפּעטער באַם סילעקן דעם מויסער פונעם נאַדן. דעם נאַדן אָבער האָט ער ניט געסילעקט און דער קאָלנער איז געבליבן אַזוי ווי ער איז געווען ביז דעם הײַנטיקן טאָג...

צווייטנס, האָט בנימין נישט געוווּסט, ווי מע רײַסט זיך אַרויס פון דער היים.

איבערשמועסן מיקויעב דער נעסיע מיט זײַנע פּלוינעסטע און אַרויסזאָגן איר די גאַנצע זאַך בעפיירעש? כאַלילע וועכאָס! עס וואָלט געוואָרן אַ ליאַרעם, אַ געפּילדער, זי וואָלט אים אָפּגעווײנט מיט טרערן און אים געהאַלטן זיכער פאַר ריין מעשוגע. וואָרעם, ווי האָט אַ ייִדענע סייכל אַזעלכע איניאָנים מאַסיג צו זײַן? אַ ייִדענע, אַז זי איז שוין אַפּילע גאָר די איישעס-כײַעל, איז זי דאָך פאָרט נישט מער ווי אַ ייִדענע. וואָס דער מינדסטער מאַנצבל האָט אין נאָגל, האָט עס נישט און קען עס גאָר נישט האָבן די פײַנסטע און קליגסטע ייִדענע אַפּילע אין איר קאָפּ...

אַוועקגיין זשע בישטיקע און דעם זײַ־געזונט פאַרגעסן? איז עפּעס אויך פּריקרע. דאָס איז אַ ביסל מײַסע לימוּאַק. ווידער זשע בלײַבן זיצן אין דער היים און אָפּזאָגן זיך פון דער גאַנצער נעסיע? דאָס איז ריין אומעגלעך. עס הייסט אַזויפיל ווי אָפּזאָגן זיך צו לעבן.

די נעסיע איז בינימינען געוואָרן די צווייטע נאַטור. ווי אַ ייִד מוז דרײַ מאָל אין טאָג דאַוונען, אַזוי האָט ער געמוזט איטלעכע רעגע אין דער נעסיע טראַכטן. אַפּילע אין שלאָף איז זי אים פון זינען נישט אַרויס, און האָט אים זיך שטענדיק געכאָלעמט. זי האָט טיף זיך אײַנגעוואָרצלט אים אין האַרצן און זיך באַשעפטיקט געמאַכט מיט זײַנע אויגן און אויערן אַזוי, אַז ער האָט אופגעהערט צו זען אי צו הערן דאָס אַלצדינג, וואָס פאַר אים. ער האָט נאָר געזען אי געהערט דאָס, וואָס טוט זיך דאָרט, דאָרט העט ווײַט אין יענע מעקוימעס. נישט איין מאָל פלעגט ער אין אַ שמועס מיט עמעצן פּלוצלים אַרײַנמישן: הינדיִאָ, סאַמבאַטיען, אַנטיקודאָ, פּיפּערנאָטער, לינדענוואָרעם, אייזל, מויל-אייזל, באָקסער, קעצאַפּיכים, טערק, טאָטער, גאַזלענע אוקעדוימע נאָך אַזעלכע ווערטער.

די נעסיע האָט געמוזט געמאַכט ווערן. נאָר וואָס טוט מען מיט די מעניעס? דאָס האָט ער זיך קיין אייצה נישט געקענט געבן. ער האָט געפילט, אז ער באַדאַרף האָבן איינעם, מיט וועמען ער זאָל קענען מיקויעך דעם זיך מעיאַשעוו זײַן.

איש אחד היה בטונעיאַדעוועקע, איין מענטש איז געוועזן אין טוניעיאַדעוועקע, ושמו סענדערל. און ער האָט געהייסן סענדערל, נאָך זײַן עלטערזיידנ׳ ר ע ב ס ע נ ד ע ר ל, זה האסענדערל, דער סענדערל, היה איש פשוט, איז געווען אַ פּאָשעט מענטשל, דאָס הייסט אַ פּראָסטער אָן כאָכמעס. אין בעסמעדרעש האָט ער געהאַט אַ שטאָט אונטער דעם בעלמעמער, און דאָס אַליין איז שוין דער בעסטער סימען, אז ער איז ניט געווען פון די טונעיאַדעוועקער פײַנע־בעריעס, פון די האַרטיקן צימעס און דער גילדענער פאַן. די שמועסן אין בעסמעדרעש אָדער ערגעץ אַנדערש פלעגט ער דאָסראָוו צוהערן שטיל, ווי אַ זײַטיקער פּאַרשוין אָדער אַ וואָלנע סלושאטעל. נאָר פלעגט ער אַמאָל זיך אָנרופן אַ וואָרט, האָט עס אָנגעמאַכט אַ גרויס געלעכטער, נישט מאַכמעס דערינען איז געלעגן עפּעס אַ ווילדע כאָכמע אָדער אַ גרויסע האַמצאָע, ניין, גאָר גלאַט זײַנס אַ וואָרט האָט עפּעס געמאַכט לאַכנדיק, כאָטשע ער האָט עס נעבעך געזאָגט גאַנץ פּאַשעט ביטמימעס און האָט קלאָל גאָר נישט געמיינט יענעם דערמיט לאַכנדיק צו מאַכן. אַדעראַבע, אז מע פלעגט לאַכן, פלעגט ער אויסשטעלן אַ פּאָר אויגן און אָנקוקן, פאַרוואָס מע לאַכט. פאַריבל האָבן דערפאַר פלעגט ער קיינמאָל נישט, וואָרעם ער איז בעטעווע געווען אַ גוטער, אַ פּאַקאָרנער, ווי עס גיט זיך אַמאָל אויס אַ פּאָקאָרנע קי; ער האָט גאָר נישט געוווּסט, אז מע באַדאַרף פאַריבל האָבן. יענער לאַכט, נו, מיילע, לאָז ער זיך לאַכן. מיסטאָמע האָט ער דאָך האַנאָע.

דאָך מוז מען מוידע זײַן, אז אין סענדערלס אַ וואָרט איז אַמאָל געלעגן טאַקע אַן עמעס גלײַכער אײַנפאַל, כאָטש ער אַליין האָט עס

גאַר אַזוי ווײַט נישט געמיינט און דאָס געזאָגט גלאַט ביטמימעס. מיט אים פֿלעגט מען ליב האָבן קאַטאָוועס צו טרײַבן. דער גרעסטער טייל בערלעך און טישעבאָוו זײַנען אין זײַנע פּייעס אײַנגעפּלאָנטעט געווען. דער בעסטער כיילעק קישעלעך, וועלכע מע וואַרפֿט הוישײַנעראַבע בא דער נאַכט באַם אופֿזײַן, איז אים אָנגעקומען. אַקעגן זשע דער קלענסטער כיילעק רעטשן קיכל און בראַנפֿן פֿון טיקן אָרער גלאַט אַזוי בראַנפֿן — איז ווידער טאַקע אים אָנגעקומען.

האַקלאַל, סענדערל איז טאָמעד און אומעטום געווען דאָס קאַפּאָרע-הינדל, און מאַכמעס דעם האָט ער טאַקע באַקומען אַ צונעמעניש: סענדערל דאָס קאַפּאָרע-הינדל. סענדערל איז בעטעווע נישט געווען, ווי אַנדערע, קיין אַקשן; האָט איינער געזאָגט אַזוי, איז פֿונזײַנטוועגן רעכט געווען אַזוי. סענדערל האָט געטאָן יענעמס ראָצן, נישט מאַכמעס מעוואַטל צו זײַן זײַן ראָצן, קעדיי יענער זאָל דערפֿאַר מעוואַטל זײַן זײַן ראָצן פֿאַר זײַן ראָצן. נאָר גלאַט פּראָסטע איז מאָסטע, ער האָט געטאָן יענעמס ראָצן.

— וואָס אַרט עס מיך? — איז זײַן שטייגער געווען צו זאָגן. — וואָס פֿאַר אַ דײַגע איך האָב? דו ווילסט דאַפֿקע אַזוי, נו, זאָל זײַן אַזוי.

צווישן יונגלעך איז סענדערל געווען אַ יונגל. ער פֿלעגט עפּעטערס גיין, שמועסן, זיך שפּילן מיט זיי אײַנײַנעם און האָבן דערפֿון פֿײַנעג. צווישן זיי איז סענדערל בעעמעס געווען ווי אַ פּאַקאָרנע בעהיימע, וואָס לאָזט צו זיך צו קינדערע, זיי זאָלן אַפּ איר רײַטן און איר קראַצן די מאָרדע. קונדייסים פֿלעגן אים קריכן אַפּן קאָפּ און צופּן אים באַם בערדל. אַנדערע פֿלעגט עס אַמאָל אַרן און פֿלעגן אָנשרײַען: טאַרבעס, שקאָציום, פֿאַר אַן עלטערן, פֿאַר אַ ייִדן מיט אַ באָרד! וואָס צופּט איר אים דאָס בערדל?!

— נישקאָשע, נישקאָשע, — פּלעגט סענדערל זיך אָנרופן, — וואָס אַרט עס מיך? וואָס פאַר אַ דײַגע איך האָב? זאָלן זיי מיך אַ ביסל קראַצן.

באַ זיך אין דער היים האָט סענדערל נעבעך קיין האָניק נישט געלעקט. זײַן ווײַב איז געגאַנגען אין ספּאָדעק, און ער האָט באַ איר געהאַט אַ ווייסטע, ביטערע דאָליע. זי פּלעגט אים האַלטן אין דער מוירע, אַמאָל דערלאַנגען אַ זעץ, און ער, נעבעך, האָט עס געמוזט מעקאַבל בעאַהאַווע זײַן. אונטער אַ יאָמטעוו פּלעגט זי אים אַנידער־שטעלן אויסוואַשן די שטוב און אונטערבינדן אים דאָס בערדל מיט אַ טיכל. ער פּלעגט איר שיילן קאַרטאָפליעס, קאַטשען און בראָקן לאָקשן, אָנפילן פיש, אָנטראָגן און אָנרײַנלייגן אין אויוון האָלץ און אונטערהייצן, אַקוראַט ווי אַ יִדענע. דעריבער האָט מען אים טאַקע אויך גערופן „סענדערל די יִדענע“.

אָט דעם סענדערל די יִדענע האָט אונדזער בינִיאָמין אויסגע־קליבן אים צו עפענען דאָס האַרץ און מיט אים זיך שויעל־בעייצע זײַן, וואָס ער זאָל טאָן. דער טאַם דערפון, פאַרוואָס גראָד סענדערל? איז דער: ווײַל בינִיאָמין האָט טאָמער געפילט צו אים עפּעס אַ שטיקל ליבשאַפט. סענדערל איז אין פיל זאַכן אים זייער געפעלן. ער האָט אין אַ סאַך איניאָנים זיך מיט אים אויסגעגלײַכט, און פּלעגט אַמאָל אין אַ שמועס מיט אים זיך פּאָשעט מעכײַע זײַן. מעגלעך עפּשער נאָך אי צוליב דעם אויך, וואָס בינִיאָמין האָט גערעכנט דערויף, וואָס סענ־דערל איז קיין אָקשן נישט. ער, סענדערל, וועט זײַן פלאַן אָננעמען און אים נאָכגעבן אַלצדינג, וואָס ער וועט אים זאָגן. און אויב סענדערל וועט עפּשער אין עטלעכע פּונקטן זיך אײַנשפּאַרן, וועט ער אים מיט גוטס הילף און מיט זײַן כעלקאַס-האַלאָשן גויווער זײַן...

ויהי כבוא בנימין לסענדערל, און אַז בינִיאָמין איז געקומען צו סענדערלען, האָט ער אים געטראָפן כשהוא יושב על ספסל החלב וקולף

קאַרטאָפּליעס, ווי ער זיצט אַפ דער מילכעדיקער באַנק אונ שיילט קאַרטאָפּליעס. איינ באַק האָט אימ שטאַרק געפלאַמט אונ אונטערנ אויג איז אימ געווענ בלוי מיט אַ גראַבל, עפּעס ווי מע דערלאַנגט אַ קרעל מיט אַ נאָגל. ער איז געזעסנ ווי אַ נעכטיקער, באַטריבט אונ פאַרומערט ווי אַ יוגנט. וואָס דער מאַנ אירער האָט זי אָוועקגעוואָרפנ אונ איז אָוועקגעגאַנגענ לימדינאַס־האַיאָמ, אָדער ווי אַנ אישע, וואָס דער מאַנ האָט איר דערלאַנגט אַ פּאַטש...

סענדערלס ווײַב איז ניט געווענ אינ דער היימ.

— גוט-מאָרגנ, סענדערל! וואָס ביסטו, סערדצע, אַזוי באַטריבט? — האָט ביניאָמינ געזאָגט אַרײַנקומענדיק, אונ געוויזנ סענדערלענ מיט אַ פינגער אַפ דער באַק. — האַ, ווײַטער זי? וווּ איז זי, די באַכערטע?

— אינ מאַרק.

— גאַנצ גוט! — האָט ביניאָמינ קימאַט אַ געשריי געטאָנ פאַר גרויס סימכע. — לייג אַוועק, נעשאָמע מײַנע, דײַנע קאַרטאָפּליעס אונ קומ מיט מיר אינ אַלקער אַרײַנ. דאָרט איז קיינער נישטאָ? קיינ שוי־מער מיט דיר באַדאַרפ איכ איצט נישט האָבנ, איכ וויל דיר אַנטפּלעקנ מײַנ האַרצ. איכ קענ מיר שוינ נישט אײַנהאַלטנ, עס קאָכט אינ מיר די געבליטנ. אַכ, גיכער, סערדצע, גיכער, זי קענ נאָכ אָנקומענ אונ אונדז שטערנ אײדער מיר וועלנ פאַרטיק ווערנ.

— וואָס אַרט עס מיכ? דו ווילסט טאַקע גיכ, זאָל זײַנ גיכ, וואָס פאַר אַ דײַגע איכ האָב? — האָט סענדערל זיכ אָנגערופנ אונ איז אַרײַנ אינ אַלקער.

— סענדערל! — האָט ביניאָמינ אָנגעהויבנ מיט אַזאַ שמועס. — זאָג מיר, דו ווייסט, וואָס אַפ יענער זײַט טונעיאַדעווקע איז?

— איכ ווייס, דאָרט איז די פּריטשעפּע, וווּ מע באַקומט אַמאָל אַ גוט ביסל בראָנפנ.

— דו ביסט אַ נאַר, איכ מיינ ווײַטער, אַ סאַכ ווײַטער.

— נאָך ווײַטער פון דער פּריטשעפּע? — האָט סענדערל פאַרוואונ־דערט זיך אָנגערופן. — ניין, ווײַטער דערפון ווייס איך ניט. און דו, בינימין, ווייסט?

— אויב איך ווייס? א שײַלע א ביסל, אויב איך ווייס? דאָ איז ערשט דאָ א וועלט! — האָט בינימין א זאָג געטאָן מיט היסלײַוועס, גלײַך ווי קאָלומבוס בעשאס ער האָט אנטדעקט אַמעריקע.

— וואָס זשע איז אַזוינס דאָרטן?

— דאָרטן, דאָרטן, — האָט בינימין זיך צעפלאַקערט, — פּיפּער־נאָטער! לינדענוואָרעם!..

— דער לינדענוואָרעם, מיט וועלכן שלמה המלך האָט גע־שניטן די שטיינער צום בית־המקדש? — האָט סענדערל אַרײַנגע־רוקט זײַן וואָרט ביטמימעס.

— יאָ, נעשאָמע מײַנע, יאָ, דאָרט איז ערעצ־ישראל, דאָרט איז יענע מעקוימעס... הא, דו וואָלסט געוואָלט זײַן דאָרט?

— און דו וואָלסט געוואָלט?

— א שײַלע א ביסל! איך וויל, סענדערל, איך וויל און וועל טאַקע דאָרט באַלד זײַן.

— איך בין דיר מעקאַנע, בינימין. דו וועסט עס דאָרט זיך אָנעסן א ביסל מיט באָקסערן און מיט טייטלען, האָ־האָ!

— דו, סענדערל, קענסט עס אויך עסן, ווי איך. דו האָסט אין ערעצ־ישראל אַזאַ בײלעק, ווי איך.

— בײלעק האָב איך טאַקע. נאָר ווי קומט מען אָבער אַהין? דאָרט איז האָך דער טויגער.

— דערצו, סענדערל, איז דאָ א טרופּע. זאָג מיר, סערדצע, דו ווייסט עפּעס פון די רויטע ייִדעלעך?

— איך האָב זיך אָנגעהערט גענוג מײַסעס איבער זיי אונטערן אויוון, נאָר ווייסן אקוראַט, וווּ זיי זיצן און ווי מע קומט צו זיי, דאָס

ווייס איך נישט. איך זאָל ווייסן, מיסטאָמע וואָלט איך דיר מוידיע גע-
וועג. פאַרוואָס נים? וואָס אַרט עס מיך?

— העהע! זעסטו, און איך ווייס, — האָט בינימין געזאָגט מיט
גאַדלעס און אַרויסדערטאַפּט פון קעשענע דעם „שוואַבי־יערושאָ-
לאַים". — זעסטו, וואָס דאָ שטייט. איך וועל דיר עס לייענען.

„אַז איך בין געקומען קיין ברוטי, אַזוי שטייט געשריבן, האָב איך
געפונען פיר ייִדן פון בבל. האָב איך גערעדט מיט איינעם פון זיי,
וואָס האָט פאַרשטאַנען לאָשנקוידעש און האָט געהייסן רעב מוישע,
האָט ער מיר דערציילט גאַנץ עמעסע זאַכן פונעם טײַך סאַמבאַטיען,
אַז ער האָט געהאָרכט פון יישמעילים, וואָס האָבן אים געזאָגט, און אַז
דאָרט זײַנען דאָ די בני־מוישע".

און זאָגט ער ווײַטער — „אַז דער נאָגיד האָט מיר דערציילט, אַז
אַ יאָר דרײַסיק אין דעם איז בײַ אים אײַנגעשטאַנען איינער, וואָס
ער איז געווען פון שייוועט שימען. און ער האָט געזאָגט, אַז אין זײַן
מאָקעם זײַנען דאָ פיר שוואָטים. איינער פון זיי איז דער שייוועט
ייִסאָכער, וואָס איז זיך אויסעק אין טוירע, און פון דעם שייוועט
איז דאָ אַ מעלעך איבער זיי".

כוץ דעם שטייט נאָך בעפיירעש אין דעם דאָזיקן סייפער
„מאַסאָעס בינימין" אָט די ווערטער: „פון דאָרט איז אַ מעהאַלעך
פון צוואַנציק טעג צו די בערג ניסבוין, וואָס אַף דעם טײַך גויזאָן.
אין די בערג ניסבוין זײַנען דאָ פיר שוואָטים: דער שייוועט דאָן,
דער שייוועט זוולן, דער שייוועט אָשער און דער שייוועט נאַפטאָלי,
זיי האָבן מעדינעס און קראַכים אין די בערג. פון איין זײַט נעמט
זיי אַרום דער טײַך גויזאָן. זיי האָבן ניט אַף זיך קיין יאָך פון די
אומעס, נאָר איין מעלעך איז דאָ איבער זיי און ער הייסט רעב יויסעף
אַמאַרקעלאָ האַלייווי. און זיי האָבן אַ בריס, אַ בונד מיט דער קויפער

אַל-טוּרעכ. אַכוץ דעם שטייט נאָכ און נאָכ זאַכנ וועגנ די בניי רייכאָוו
אינ דעם לאַנד טיימאַ, וואָס זיי האָבנ איבער זיכ אַ ייִדישנ מעלעכ
אונ פאַסטנ אונ בעטנ גאָט טאָמער אַפּ גאָלעס-ייִסראָעל. נו, וואָס
דענקסטו, סערדצע, אַז זיי וואָלטנ אַשטייגער פּלוצלים דערזענ מיכ,
מיכ, זייער ברודער בינייאָמינ פונ טונעיאַדעווקע, קומט צו זיי צוגאַסט?
האַ, וואָס דענקסטו, סענדערל? אַדעראַבע, זאָג, איכ בעט דיכ, וואָס
זאָגסטו דערצו?

— זיי וועלנ פּאַשעט זיכ מעכייע זײַנ, זאָג איכ דיר, בינייאָמינ, אַ
קאַטאָוועס אַזאַ גאַסט, אַזאַ טײַערער גאַסט? איטלעכער וועט דיכ פאַר-
בעטנ צו זיכ אַפּ אַ מאָלצײַט. דער מעלעכ אַמאַרקעלאָ מיסטאַמע אויכ,
לאָז זיי דאָרט כאַפּטש פונ מיר גאָר פרײַנטלעכ גריסנ. איכ זאָל קענענ,
וואָלט איכ, כלעבנ, אויכ מיט דיר אַהינ געגאַנגענ.

— האַ! — האָט בינייאָמינ אַ מאַכ געטאָנ פאַרפלאַמט פונ אַ נײַעמ
געדאַנק, וואָס איז אים אײַנגעפאַלנ. — האַ! טאָמער בעעמעס טאַקע,
סענדערל, סערדצע, וואָלסטו מיט מיר אײַנעמ געמאַכט די נעסיע.
נאַרעלע, אַצינד, כלעבנ, האָסטו זייער אַ גוטע געלעגנהײַט. איכ גיי
אַ בלויז אַהינ, וועל איכ דיכ מיטנעמענ. נאַרעלע איינער, אינ צווייענ
איז היימלעכער. טאָמער וועל איכ דאָרט, אַ קאַשע אַפּ אַ מײַסע, ווערנ
מעלעכ, וועל איכ דיכ מאַכנ, כלעבנ, פאַר אַ מישנע-לעמעלעכ. נאַ
דיר מײַנ האַנט טקיעסקאַפּ. וואָס וועסטו, נאַרעלע, דאָ זיצנ אונ לײַדנ
גאָלעס, נעבעכ, פונ דײַנ פּלוינעסטע, די ראָשעטע. קוק אָנ, וואָס פאַר
אַ באַק, נעבעכ, דו האָסט. דו האָסט דאָכ באַ איר אַ וויסטע, פינצטערע
דאָליע. כלעבנ, סענדערל, קומ, וועסט נישקאָשע קיינ כאַראָטע נישט
האָבנ.

— טאַ, — האָט געזאָגט סענדערל, — אויב דו ווילסט דאַפקע
אַזוי, זאָל זײַנ אַזוי. אַני זי? וואָס פאַר אַ דײַגע איכ האָב? אַ נאַר וואָלט
איכ באַדאַרפט זײַנ, איר זאָגנ, וווהינ איכ לאָז מיכ אַוועק.

— נעשאָמע מײַנע, לאָמיכ דיכ א קוש טאָנ! — האָט ביניאָמינ ארויסגעלאָזט מיט גרויס סימכע, אונ פאַר ליבשאַפט ארומגענומענ סענדערל די יִדענע. — דו האָסט מיר, סערדיצע, מיט איינ וואָרט פאַר־ענטפערט א קאשע, א קלאָצ-קאשע! איכ זאָג איצט אויכ אזוי, ווי דו: אַיי זיי? מײַנע, מיינ איכ, וואָס פאַר א דײַגע איכ האָב? ס'איז אָבער דאָ נאָכ א קאשע: ווו נעמט מענ אפ הויצאָעס?

— אפ הויצאָעס? דו ווילסט דענ זיכ אויסקליידנ, ביניאָמינ, אָדער איבערניצעווענ דײַנ קאַפּאָטע? הערסטו, אונ איכ וואָלט געזאָגט, מע באַדאַרפ, כלעבנ, נישט, אינ וועג איז אדעראבע גלײַכער אלטע קליידער. דאָרט וועלנ מיר מיסטאמע באקומענ נײַע שיינע קאַפּאָטעס.

— יאָ, טאקע עמעס, דאָרט האָב איכ שוינ קיינ דײַגע נישט. מע באדארפ דאָכ אָבער לעסאטע ביז דאָרט האָבנ עפּעס געלט פראָסט אפ צו עסנ?

— וואָס הייסט, ביניאָמינ, אפ צו עסנ? דו האָסט דענ בעדייע מיטפירנ מיט זיכ א קיכ? צי וואָס? נישטאָ דענ אפנ וועג קיינ קרעטש־מעס, קיינ הײַזער?

— איכ פארשטיי דיכ, סענדערל, נישט, וואָס דו מיינסט, — האָט ביניאָמינ פארוווּנדערט זיכ אָנגערופנ.

— איכ מיינ, — האָט סענדערל געענטפערט בישמימעס, — אבי ס'איז נאָר דאָ הײַזער, קענ מענ אינ איינ וועג טאקע גיינ איבער די הײַזער. וואָס טוענ דענ אלע אנדערע יִדנ? הײַנט גייענ א טייל צו יענע אינ די הײַזער, דערנאָכ גייענ יענע פונ זייער זײַט צו אנדערע אינ די הײַזער. ס'איז דאָכ א יִדישע זאַכ, נאָר א גמילעסכעסעד...

— דו ביסט, כלעבנ, גערעכט! — האָט ביניאָמינ א זאָג געטאָנ בעסימכע. — איצינד איז מיר ליכטיק געוואָרנ אינ די אויגנ. אויב אזוי, בינ איכ, באָרעכאשעם, אינגאנצנ פארטיק אונ פארזאָרגט מיט אלצ־דינג. נאָכ מאָרגנ טאקע, גאנצפרי, איז דער אוילעם וועט נאָכ שלאָפנ,

קענען מיר אוועקגיין. פארלירן צייט איז, כלעבן, אן אווירע. דו ביסט מוסקעם?

— דו ווילסט מאָרגן? זאָל זײַן מאָרגן. וואָס פאַר א דײַגע איך האָב?

— מאָרגן גאַנצפרי, העדסטו, סענדערל? וועל איך שטילערהייט ארויסגיין פון דער היים. לעבן דער פּוסטער ווינטמיל דאָרט וועל איך אף דיר וואַרטן. געדענק זשע, סענדהערל, מאָרגן גאַנצפרי זאָלסטו אהין ארויסקומען. געדענק זשע! — האָט בּיניאָמין נאָכאַמאָל איבערגעכאַזערט און שוין געוואָלט אוועקגיין.

— וואַרט נאָר, בּיניאָמין, וואַרט א ביסל! — האָט סענדערל געזאָגט, זיך געשבּאָבּערט איבער דער בוזעם־קעשענע פונעם לײַבל און ארויסדערטאַפּט פון דאָרט עפּעס אן אלט פאַרשוויצט שטיקל יערכע, ארומגעוויקלט מיט בענדלעך עטלעכע מאָל הין און צוריק און פאַרקניפּט אוואַדע מיט א צוואַנציק קניפּלעך. — זעסטו, בּיניאָמין, אָט דאָס קניפּל האָב איך אוסגעייעט אָנזאַמלען אונטער מײַן ווײַב פאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס איך האָב פאַר איר כאַסענע געהאַט. עס וועט אונדז אין דער האַסכאָלע צוניצקומען, האַ?

— אַצינד, סערדיצע, ביסטו ווערט, מע זאָל דיר אויסקושן איטלעכס אייווער, איטלעכס גליד באַזונדער, — האָט בּיניאָמין געזאָגט הויך, לעבעדיק און ארומגעכאַפּט סענדערל די יידענע.

— אָ, פאַרכאַפּט זאָלסטו ווערן! קוקט נאָר אָן, איך בעט אײַך, דאָס גרויסע ליבשאַפט, ווי מע נעמט זיך אזוי אַרום, און דאָ אין שטוב שטייט א ציג און עסט די קאַרטאָפּליעס! — האָט זיך פּלוצלים געהערט א געשריי.

דאָס געשריי איז געווען פון סענדערלס פּלוינעסטע. זי איז געשטאַנען אָנגעצונדן אין א פײַער, מיט איין האַנט געוויזן אף דער ציג און מיט דער אנדערער גערופן צו זיך סענדערלען. סענדערל האָט מיט

אן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ זיך געלאָזט פּאַמעלעך, פּאַמעלעך אַרײַנגײן אין שטוב, גלײַך ווי א פאַרזינדיקט קינד, וואָס מע וויל אים מעקנײַעמ-פּסאַק זײַן.

— שטאַרק זיך, נעשאָמע מײַנע, דאָס איז איר שוין דאָס לעצטע מאָל, געדענק זשע, מאָרגן... — האָט ביניאָמין שטילערהייט אײַנגערוימט סענדערלען אין אויער און ווי א קעצעלע זיך אַרויסגערוקט פונעם שטוב.





### דאָס פערטע קאַפּיטל

## ווי ביניאָמינ מיט סענדערלענ פאַרלאָזנ טונעיאַדעווקע



פ מאָרגנ גאַנצפרי, אײדער דער פּאַסטעכ האָט נאָכ פאַר-נומענ די בעהיימעס אינ דער טשערעדע אַרײַנ, איז אונ-דזער ביניאָמינ שוינ געשטאַנענ גרייט לעבנ דער ווינטמיל מיט אַ פּעקל אונטערנ אָרעם. אינווייניק, אינ דעם פּעקל, איז געלעגנ אַלע זאַכנ, וואָס זײַנענ נייטיק געווענ צו דער נעסיִע, הײַנע: טאַלעס-אונ-טפילינ, אַ סידער „דערעכ האַכאַיִם“, אַ באָקל, אַ טילים אונ יענע אַלע ספאָרים, אָנ וועלכע ער האָט זיכ נישט געקענט רירנ, אַזוי ווי אַ באַלמעלאָכע אָנ זײַנ געצײַג. די שאַבעסדיקע קאַפּאָטע זײַנע

איז אויב דאָרט געלעגן, — מע מוז דאָך פאַר דער וועלט א פּאָנעם האָבן און יוויצע זײַנע פאַר לײַט. אין קעשענע האָט ער געהאַט א פּאָפּ־צנטהאלבן גראָשן, וואָס ער האָט פאַרן אוועקגאַנג אַרויסבאַקומען בא זײַן פּלוּינעסטע אונטער דעם קישן.

האקלאַל, ער איז געווען, באַרעכאַשעם, פאַרזאָרגט מיט אַלצדינג, און שוין געקענט זיך לאָזן אין וועג אַרײַן.

די זון איז דערווײַל אופגעגאַנגען זייער שיין און האָט אַראָפּגע־קוקט מיט איר ליכטיקן פּאָנעם אף דער וועלט. איין קוק אירער האָט צוגעגעבן א שטיק געזונט, מעכײַע געווען איטלעכע זאַך באַזונדער. ביימער און גראָז האָבן עפּעס ווי זיך געשמייכלט איידער די גרויסע טרערן טוי פון באַנאַכט זײַנען זיי נאָך נישט אויסגעטריקנט, אַקוראַט ווי קליינע קינדער צעלאַכן זיך פּלוצלים פריילעך אינמיטן געוויין פון א בלישטשענדיק טשאַטשקעלע, בעשאַס טרערן ווי די באָבן שטייען זיי נאָך אין די אויגן. די פעלד־פייגעלעך האָבן געשווינד זיך געטראָגן אין דער לופט, געשפּילט און געזונגען אַרום בינ־יאָמינען, גלײַך ווי זיי וואָלטן געזאָגט:

— קומט, לאָמיר זינגען אַ שאַלן און דערפרייען דעם פּײַנעם פאַרשוין לעבן דער ווינטמיל! דאָס איז בינ־יאָמין אליין, דאָס איז בינ־יאָמין דער טונעיאַדעווקער, דער אַלעקסאַנדער מוקדען פון זײַן צײַט, וואָס ער פאַרלאָזט זײַן פּאַטערלאַנד, וואַרפט אוועק ווײַב און קינדער און גייט אין גאַנס שליכעס, וווהין די אויגן טראָגן! אָט שטייט דער גרויסער בינ־יאָמין, וואָס ער איז, ווי די זון, אַרויס פון זײַן געצעלט, און פרייט זיך, ווי א גיבער, צו לויפן אין וועג מיט זײַן פּעקל אין דער האַנט! ער איז שטאַרק, ווי א לעמפּערט, און גרינג, ווי אַן אָדלער, צו טאָן דעם ראָצן פון אונדזער פאָטער אין הימל! זינגט, שפּילט: טרילילילי, טריל! שאַלט, זינגט און דערפרייט זײַן האַרץ!..

ביניאָמינען איז טאַקע בעעמעס פֿריילעך געוועזן אַפֿן האַרצן, ער האָט זיך געטראַכט: „איך בין דאָך דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט. וואָס פֿעלט מיר, אַן אַיינאָרע? וואָס גייט מיר אָפּ? מײַן ווײַב האָב איך, געלויבט איז השם־יתברך, פֿאַרזאָרגט. זי האָט אַ שטיקל פּאַרנאָסע. איך אַליין בין אַ פֿרײַער פֿויגל, גלײַך ווי די אַלע פֿעלד־פֿייגעלעך דאָ. די גאַנצע וועלט איז פֿאַר מיר אָפֿן. מיט מײַן געניטשאַפֿט, מיט מײַן באַהאַרצטקײַט און מיט מײַן שטיקל ידיעה אין די שוואַרצע־כאָכמעס וועל איך נישקאָשע ערגעץ נישט פֿאַרפֿאַלן ווערן. הײַנט דערבײַ בין איך דאָך עפּעס אַ ייִד, אַ שטיקל באַל־ביטאָכן. אַוועקגעלייגט שוין אַלע מײַלעס אין דער זײַט, לעבן דאָך ייִדן אָפּ אַ וועלט מיט ביטאָכן אַליין און גאָט פֿירט זיי אויס.

ביניאָמינען איז עפּעס זייער גוט געווען אויפֿן האַרצן, אַזוי, אַז די לעפּצן זײַנע האָבן זיך געעפֿנט, און ער האָט ביני־מעסדיק אָפֿן בײַקאָל אונטערגעזונגען אַ מאַרש פֿונעם מעלעך־עליון. זײַן מאַרש האָט זיך פֿאַרמישט מיט דעם געזאַנג פֿון די פֿייגעלעך, מיט דעם זושען פֿון די פֿליגעלעך, מיט דעם שמוצערן פֿון די גרילן, און האָבן אין אַ קאָנצערט זיך דערהויבן ביז צום קיסע־האַקאָוועד פֿון זײַן ליבן נאָמען, הויך־הויך אויף דעם אייבערשטן הימל!

דערווײַל איז אַוועק אַ היפּשע צײַט און סענדערל איז נאָך נישטאָ. דאָס האָט אָנגעהויבן ביניאָמינען אַ ביסל צו אַרן און צעשטערט זײַן סימכע. ער האָט געקוקט אין אַלע זײַטן, זיך אַרויסגענומען די אויגן קוקנדיק. נאָר אומזיסט די מי. מע הערט נישט, מע זעט נישט. ניטאָ סענדערל!

האָט אים עפּעס דערנאָך די ראָשעטע זײַנע מעכאַבעד געווען מיט עפּעס אַ מעלאָכע? נאָר דערצו איז נאָך אָבער איצט נישט די צײַט. גאַנץ טונעיאַדעווקע שלאָפֿט נאָך איצינד געשמאַק. קאַרטאָפֿליעס הייבט מען אָן צו שיילן העט שפּעטער, ייִדענעס נעמען זיך צום וואַרמעס

ערשט נאָכנ אָפּקריגנ אונ אָפּשעלטנ זיכ מיט די מאַנענ, ערשט דער־
נאָכ ווענ מע שמײַסט שוינ אָפּ קינדער אונ מע הענגט אויס טריקענענ
די בעבעכעס...

אונדזער ביניאָמינ האָט ניט געוווסט, וואָס צו טאָנ, אונ אימ איז
געוואָרנ נישט פריילעכ. שטאַרק ניט פריילעכ. אומקערנ זיכ אַהיימ?
פע, דאָס איז מיִעס! אַלעקסאַנדער מוקדענ האָט צעבראָכנ די בריק,
איבער וועלכער ער איז אַריבער קיינ הינדזאָ, בכדי ער זאָל נישט
קענענ צוריקגיינ. לאָזנ זשע זיכ אַליינ אָנ סענדערלענ? ניינ, דאָס איז
פריקרע, זייער פריקרע! סענדערל איז אימ געווענ שטאַרק נייטיק.
זינט ער האָט מיט אימ זיכ סקאָמפאַנייעט איז אימ עפּעס ליכטיק
געוואָרנ אינ די אויגנ. אָנ סענדערלענ זיכ אַוועקצולאָזנ וואָלט אויס־
געקומענ עפּעס מעשונע־ווילד, עס וואָלט נאָר א פּאָנעמ געהאַט ווי א
שיפּ אָנ א רודער, אָדער ווי א מעלוכע אָנ א מיניסטער.

פּלוצלימ האָט זיכ געלאָזט זענ פונדערווײַטנס עפּעס ווי א
מענטשנ־געשטאַלט. דאַכט זיכ, סענדערל, אונ פּאָרט נישט סענדערל.
דאַכט זיכ, גאָר איינע אינ א ציצנ קליידל אונ מיט א טיכל אפנ קאָפּ.

ביניאָמינענ האָט א טיאָכקע געגעבנ דאָס האַרצ, אונ איז געוואָרנ
טויט, בלייכ ווי די וואַנט. אימ האָט זיכ געדאַכט, אַז דאָס גייט זײַנ
ווײַב. ניינ, זי גייט נישט, זי לויפט, זי יאָגט. אָט קומט זי צו לויפנ,
כאַפּט זיכ אָפּ אימ אַרופ מיט גרויס קאַס, לאָזט צו אימ אויס איר
שווער־ביטער האַרצ אונ שלעפּט אימ אַהיימ מיט א יאָמער, א קלאָג.

„איינ גאָט נאָר ווייסט, — אַזוי דערציילט ביניאָמינ אַליינ, — ווי
איכ בינ דענסטמאָל געשטאַנענ אינ איינע צאָרעס, אינ געהאַקטע
וווּנדנ, הונדערט פּיפּערנאָטערנ וואָלט מיר דענסטמאָל ליבער געווענ
צו באַגעגענענ, ווי מײַנ ווײַב, וואָרעמ א פּיפּערנאָטער בײַסט נאָר דאָס
לײַב, דעמ גופ, אונ א ווײַב בעשאַס קאַס גריזשעט אונ בײַסט די נע־
שאָמע. האַשעמיִסבאָרעכ אָבער האָט מיכ געשטאַרקט, איכ בינ באַלד

טאקע באהארצט אנטלאָפן, זיך פארבאָרגן הינטער דער ווינטמיל און געלוגט דאָרט, ווי א לייב לוגט אף זײַן פארצוקונג".

אין עטלעכע מינוט ארום איז בעניאָמין ארויסגעשפרונגען פון זײַן פארבאָרגעניש מיט א שרעקלעכן שפרונג און מיט א געשריי ווי א ריינער מעשוגענער:

— הא, סענדערל!

סענדערל איז געגאנגען אָנגעטאָן אין א ציצן כאלאט, אונטער־געבונדן ביידע באקן מיט א פארשמאָלצענעם טיכל. אונטער ביידע אויגן בלוי, צעגראבלט. א שטעקן אין דער האנט, און אף די פלייצעס א היפּש פעקל.

ער האָט אין בעניאָמינס אויגן געהאט דענסטמאָל דעם זיבעטן כיין, ווי א שיינע אויסגעפּוצטע קאלע אין די אויגן פונעם כאָסן.

בעניאָמין שילדערט זײַן סימכע דענסטמאָל מיט די ווערטער:

„ווי א אינד, וואָס גלוסט אף קוואלן וואסער, ווי א דאָרשטיקער אין דער מידבער, וואָס געפינט לעבעדיקע, קוועלנדיקע וואסער, וואָס רינט אראָפּ פון שפּיץ סקאלע, אזוי האָט מײַן גלוסטיקע לײַב זיך געטאָן טאָן דערפרייען אף סענדערלען מײַן באשערטן, מײַן געטרײַען געזעלן".

— וואָס איז די מײַסע, סענדערל? וואָס האָסטו געלאָזט אף זיך אזוי לאנג ווארטן?

— סטײַטש, איך בין דאָך געגאנגען צו דיר אהיים, — האָט סענ־דערל ביטמימעס געענטפערט, — ביזוואנען איך בין דערגאנגען, און ביזוואנען איך האָב אופגעוועקט דײַן זעלדען, איז דערווײַל אוועק א היפּשע צײַט.

— אופגעוועקט זעלדען! — האָט בעניאָמין א געשריי געגעבן מע־שונע־ווילד, נישט מיט זײַן קאָל. — סענדערל, לעמײַ, מעשוגענער, האָסטו אזוינס געטאָן?

— וואָס טײַטש לעמיי?! — האָט סענדערל פאַרוואונדערט זיך אָנ-גערופן. — לעמיי, אַז איך האָב דיר פֿריִער אָנגעקלאַפּט אין דער ספּי-זשאַרנע און דו האָסט זיך נישט אָנגערופן, האָב איך מיך גענומען קלאַפּן אין דער שטוב-טיר: סטוק, סטוק, סטוק. נו, איז זעלדע, נישט-טויט נישט-לעבעדיק, אופגעשטאַנען, און איך האָב זי געפרעגט מי-קויעך דיר.

— סענדערל, מיר זײַנען פאַרבײַ! דו האָסט פאַרקאָכט אַ גוטע קאַשע. טײַטש, זעלדע וועט נאָכלויפן, זעלדע, און וועט...

— אַי, שרעק זיך נישט, בינימין! זי האָט מיך אָפּגעשיקט צו אַלדי שוואַרצע יאָר מיט אַזאַ קאַס, גלײַך ווי איך וואָלט איר געקוילעט די קאַפּאָטע. „גיי מיט מײַנעם אינייעם, אין דער ערד אַרײַן ביידע!" האָט זי געזאָגט און צוגעמאַכט די טיר. איך בין אַ היפּשע צײַט גע-בליבן שטיין אינדרויסן ווי צעמישט. דערנאָך ערשט האָב איך מיך דערמאָנט אָן דער ווינטמיל און זיך געשטויסן, דו מוזט שוין אַפּאָ-נעם זײַן דאָ. און דעריבער טאַקע האָט אַפּאָנעם דײַנע געזאָגט: „גיי מיט מײַנעם אינײנעם, אין דער ערד אַרײַן ביידע!" זי האָט אַפּאָנעם, מוז געדרונגען זײַן, געזען, ווי דו ביסט אַוועקגעגאַנגען.

— וואָס, וואָס, סענדערל! זי האָט געזען? עפּשער גייט זי, גייט זי עפּשער?

— כאָלילע, בינימין! זי האָט גאָר פאַרקייטלט די טיר. אַז איך האָב פאַרן אַוועקגיין ווידער אָנגעקלאַפּט און געפרעגט: זעלדע! זעלדע! וואָס זאָגסטו עפּעס אָן צו דײַן מאַן, זעלדע? אָדער האָסטו עפּשער, אַ קאַשע אָפּ אַ מײַסע, וואָס אים מיטצוגעבן, זעלדע? האָט זי נישט גע-ענטפערט קיין גוט וואָרט. אַפּאָנעם זי האָט זייער אַ האַרטן שלאָף, און שלאָפט געשמאַק, אָן אײַנאָרע. נו, האָב איך געזאָגט: זעלדע, דו שלאָפסט, שלאָף זשע, שלאָף געזונטערהייט! זײַ מיר געזונט, זעלדע! האָב איך געזאָגט און בין מיר אַוועקגעגאַנגען.

סענדערלס לעצטע ווערטער האָבן אַזוי ווי טראָפּנס אָפּגעמינטערט ביניאָמינען. ער האָט אָנגעהויבן פרייַ צו אָטעמען, און געסאָפּעט, גלייַך ווי אַ שטיין איז אים פונעם האַרץ אַראָפּ. דאָס פּנים האָט אים גע־שייַנט, און זייַנע אויגן האָבן געפלאַקערט פאַר גרויס פרייד.

— אַצינד, סענדערל! — האָט ער עפּעס ווילד אַ קוויטש געגעבן, — אַצינד מיט דער רעכטער פוס!

אין דער צייַט האָט פון אַ לוזשע אין דער זייַט זיך אַרויסגעלאָזט אַ קאָל פון זשאַבעס, גלייַך ווי זיי האָבן זיך געזעגנט מיט אונדזערע פאַרשוינען און זיי צוגעקוואַקעט אַ מאַרש. טונעיאַדעווקער זשאַבעס שרייַען מעשונע־שטאַרק אין זייערע פאַרשימלטע בלאָטעס. זיי זייַנען באַרימט אין דער וועלט גלייַך מיט דניעפּראָוויצער וואַנצן און טאַ־ראַקאַנעס...





## דאָס פינפטע קאפיטל

# וואָס מיט אונדזערע פארשוינענע פאסירט זיכ באלד באם ערשטנ ארויספאָר



ונדזערע פארשוינענע האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ ראפטאָם און געגאנגענ געשמאק גיכ, גלײַכ ווי זיי וואָלטנ זיכ אָפגעריסנ פונ א קייט, אָדער גלײַכ ווי איינער וואָלט זיי פונ הינטנ געטריבנ מיט א בײַטש. מיט זייערע ברייטע פאָלעס, וואָס האָבנ געשוועבט אפנ ווינט, האָבנ זיי זיכ געמעגט גלײַכנ צו א שיפ, וואָס גייט געשווינד אפ אירע אויסגעשפרייטע זעגלענ. די קאָנדוקטערס פונ געוויסע דיליזשאנסנ אינ אונדזער ווינקל וואָלטנ זיכ, כלעבנ,

געמעגט ווינטשנ: האַלעוויַ דער גאַנג פונ אונדזערע וואַנדערער — אפ זייערע פערד געזאָגט געוואָרנ! סאַראַקעס אונ וואָראָנעס, וואָס האָבנ אַרומגעשפּאַצירט אפ דער ערד, האָבנ מיט דערעכערעצ אָפּגעטראָטנ דעם וועג, אונ זייַנענ שרייַענדיק זיכ צעפלויגנ אינ אַלע זייַטנ. מאַכמעס גרויס פּאַכעד פאַר די צווייפיסיקע מינע באַשעפענישנ, וואָס האָבנ זיכ געיאָגט מיט גרויס כיישעק אונ היסלייַוועס.

קיינ פּענ איז נישט בעיעכוילעס צו באַשרייַבנ, ווי גליקלעכ, איבערגליקלעכ זיי זייַנענ דענסטמאָל געוועננ. עס האָט זיי עפּעס מעשונע האַנאָע געטאָנ, אונ זייַנענ געוועננ שטאַרק צופרידנ — צופרידנ פונ זיכ אַליינ, צופרידנ איינער פונעמ אַנדערנ אונ צופרידנ פונ דער גאַנצער וועלט.

סענדערל, ווי עס האָט אויסגעזענ, איז זייער פריילעכ געוועננ, וואָס ער האָט זיכ אַרויסגעכאַפּט פונ זייַנ ווייַבס הענט אונ איז פּאָטער געוואָרנ אַזאַ שווערנ, ביטערנ גאָלעס. נעכטיקער טאָג באַזונדערס איז פאַר אימ, נעבעכ, געוועננ זייער א שווערער, א ביטערער, א טאָג פונ צאַרעס אונ יעסורימ, וואָס האָט איבערגעלאָזט א סליעד פונ סיניאַקעס אפ זייַנ לייַב, וואָס האָט מיט שטורעמ אויסגעוואָרצלט א סאַכ האָר פונ זייַנ בערדל אונ וואָס האָט גאַנצ פרייַ פאַר דער גאַנצער וועלט זיכ געכאַסמעט מיט ברוינ-בלויע צייכנס אונטער זייַנעביידע אויגנ. נישט פאַר איַנ, פּאַנטאָפל-מענער, געזאָגט געוואָרנ אַזאַ וויסטנ פינצטערנ פּעטשאַטאָק, ווּעלכנ סענדערל, נעבעכ, האָט נעכטנ פרי געכאַפּט פונ זייַנ באַכערטע!

א היפּשע צייַט זייַנענ אונדזערע פּאַרשוינענ געלאָפנ קימאַט אָנ א נעשאָמע, שאַ, שטיל, נישט צו רייִדנ איינער מיט דעמ אַנדערנ א וואָרט. זיי האָבנ זיכ שטאַרק דערוואַרעמט, אונ גרויסע טראָפּנ שווייס האָבנ זיי אַרויסגעטראָטנ אפנ פּאָנעמ. סענדערל האָט אָנגעהויבנ ביסלעכווייַז זיכ אָפּצושטעלנ אונ געסאָפּעט ווי א גאַנדז.

— גיכער, גיכער, סענדערל! — האָט בּיניאָמין אים אַלץ אונטער־געגעבּן קוראַזש און איז געלאָפן מיט אימפּעט פאָרויס, ווי אַ גיבּור, וואָס גורט אָן זײַנע לענדן און לויפט מיט פײַל־און־בּויגן אין דער מילחמה.

— גוואַלד, בּיניאָמין, האָב רחמנות אויף מײַן נשמה! — האָט סענדערל געבּעטן רחמים. — איך האָב מער קיין קויעך נישט דיר נאָכצולויפן. דו לויפסט, אַן אײַנהאָרע, ווי אַ הירש אויף די בּערג און ווי אַ צאַפּ פאַר דער טשערעדע.

— גיכער, גיכער, סענדערל! — האָט בּיניאָמין אים אַלץ געשריגן און געלאָפן פאָרויס מיט גאַדלעס אויף זײַן בּעריִשקײט. — זעסטו, סענדערל, איך וואָלט אַזוי געלאָפן, געלאָפן בּיז עק וועלט!

— נאָר צו וואָס, בּיניאָמין, איך בּעט דיך, לויפסטו אַזוי? — האָט סענדערל געפרעגט. — מיר וועלן, כלעבּן, גאָרנישט פאַרזאַמען. אַז מיר וועלן אָנקומען אַהין שפּעטער מיט אַ טאָג אָדער אַפילו מיט עט־לעכע טעג, איז אויך, כלעבּן, קיין סאַקאַנע נישט. די וועלט וועט נאָך אַזוי גיך נישט אונטערגיין. זי האָט נאָך צו שטיין, קעפּי איך האָב געהערט, בּיז דעם עלעף האַשוווין, שטאַרקע עטלעכע הונדערט יאָר.

— גיכער, סענדערל, גיכער, אַן אַוועירע די צײַט! וואָס גיכער אַרויסרײַסן זיך פון דאַנען איז אַלץ בּעסער. האַרעווע, סענדערל, קענסט אַ בּיסל צו, נישקשה! דערפאַר, קומענדיק אַהין, וועסטו אויסגלײַכן דיר די בּיינער, וועסט עסן און לעבּן ווי אַ גראָף.

— דו בּיסט, בּיניאָמין, זייער גערעכט. דו ווילסט גיכער, וואָס פאַר אַ דאַגע איך האָב, זאָל זײַן גיכער, בּאַ מיר האָסטו געפּועלט, נאָר וואָס טוט מען מיט די פיס, מיט מײַנע פיס?

איינע ברייטע, בּיניאָמין האָט געמוזט צוליבּ טאָן סענדערלען און אײַנהאַלטן אַ בּיסל דעם גאַנג.

אַז די זון איז אַרויס פון איר פוטערפאַס און האָט געשמאַק גע־

ווארעמט, געבראַטנ מיט אירע ליכטיקע שטראַלנ, זײנענ אונדזערע וואנדערער אנידערגעפאלנ לעבנ א וועלדעלע, בא דער זײט פונעם וועג. זיי זײנענ געלעגנ אינ אײנ שוויים אונ האָבנ שטארק געסאָפּעט, גע־מאכט מיט די זײטנ, די פרישע סיניאקעס האָבנ בא סענדערלענ זיך צעפּרזעט, אונ ער האָט געפילט א ווייטעק, ווי מע שטעכט מיט שפּילקעס.

נאָך דעמ, אז זיי האָבנ א ביסל אָפּגערוט, איז די ערשטע זאָך זייערע געווענ ארויסצונעמענ טאלעס־אונ־טפילנ אונ דאַווענענ. בינ־יאָמינ האָט זיך געשאָקלט, געדאַוונט לעבעדיק, מיט א ברענ. ער איז ווערט געווענ דערנאָך א ביסל בראנפנ. נאָר ווי האָט ער עס אָבער גע־קענט דאָ אויספירנ? ער וואָלט גערנ געווענ, ער זאָל האָבנ כאָטש א שטיקל ברויט. דאָס הארצ האָט אימ געכאליעשט, דער אפּעטיט זײנער איז געווענ זייער גרויס נאָך אזא געשמאקנ גאנג. ער וואָלט געקענט אופעסנ א וועלט, אונ דאָ האָט בא אימ, מײַסע־סאָטנ, זיך נישט געפו־נענ אפילע א ברעקל ברויט ווי א קאזאיעס.

ער האָט געוואָרפנ מיט די אויגנ אהינ אונ אהער, אויסגעקנאקט די פינגער, געגענעצט, זיך געקראצט, פאסמאקעוועט, געמאכט אלצ טא־טא, געגלעט, געצויגנ די פייעס, דאָס בערדל, נאָכאמאָל א קראצ אונ נאָכאמאָל טא, — ביז ער האָט זיך מעיאשעוו געווענ אונ ארויס־דערטאפּט פונעמ קלומעקל עפּעס א פערטלדיקנ סייפער, ווי א מאכ־זערל, אינ וועלכנ ער האָט ארײַנגעקוקט אונ אונטערגעברומט מיט אנ אקדאָמעס־ניגנדל.

— סענדערל! — האָט ביניאָמינ אינערעמיט מאפסיק געווענ. — דו ווייסט, וואָס איך זאָג דאָ איצט אזוינס? דו ווייסט, פארוואָס איך זאָג עס איצט מיט דעמ ניגנדל?

— דו מוזט אוואדע הונגעריק זײַנ, — האָט סענדערל געענטפערט ביטמימעס.

— גראַם־שטראַם, — האָט בינימין זיך אָנגערופֿן, — און אַז איך בין הונגעריק, מיילע?!

— מיילע, מיילע, דעריבער זינגסטו, — האָט סענדערל געענט־פֿערט, — ס'איז דאָך דאָ אַ בעפֿיירעש ווערטל: קאַלי ושיר ספּיוואַיע, קאַלי ווינ גאָלאָדני. דו, בינימין, מעגסט דיר זינגען, זינג דיר, זינג, און איך וועל מיר דערווײַל עפּעס אַנדערש טאָן.

אין דעם, ווי סענדערל האָט גערעדט, האָט ער טאַקע אַרײַנגע־שמעקט די האַנט זײַנע צו זיך אין פּעקל און אַרויסבאַקומען פֿון דאָרט אַ טאָרבע.

— עט, דו ווייסט נישט, דו פֿאַרשטייסט נישט, אַקעגן וואָס איך טו עס, — האָט בינימין געזאָגט. — סענדערל, נאַרעלע, איך וועל דיר מעפּוירעש זײַן דעם טאַם דערפֿון.

נאָר סענדערל אָבער האָט דערווײַל זיך זײַנס געטאָן און פּאַמע־לעך אויפֿגעבונדן די טאָרבע. אַז בינימין האָט אַ קוק געטאָן, איז אים ליכטיק געוואָרן אין אַלע ראַמאַך אייווערים. אין טאָרבע איז געלעגן פֿון קאַלטוווע: ברויט, שטיקלעך קוילעטש, וואָס איז איבערגעבליבן פֿון שאַבעס, אוגערקעס, רעטעכלעך, ציבעלעס און קנאָבל! סענ־דערל האָט אינזינען געהאַט אַלצדינג אָנצוגרייטן ווי אַ גוטע באַ־לעבאָסטע, און ער איז בײַ בינימינען דערפֿאַר געהויכט, געקרוינט געוואָרן נאָך אַ סאַך מער ווי פֿריִער. בינימין האָט אין האַרץ זיך שטאַרק געפֿרייט, וואָס האַשעמיִסבאָרעך האָט אים באַשערט אַזאַ טײַערן כאַווער אַף דער נעסיִע. סענדערלען האָט מיר גאָט צוגע־שיקט, אַזוי האָט ער געטראַכט, ווי די קינדער יִסראָעל מאַן אין דער מידבער.

נאָך דעם, אַז זיי האָבן אונטערגעלעגט זייער האַרץ, האָט סענדערל אײַנגעוויקלט דאָס ביסל שפּײַז, וואָס איז איבערגעבליבן, צוריק אין טאָרבעלע, מיט די ווערטער:

— דאָס ביסל שפּײַז װעט אונדז צוניצקומענ נאָכ אפ א מאָל אונ דאָס טאָרבעלע אפ טויזנט מאָל, אפ אונדזער גאנצנ לעבנ. דערמיט װעלנ מיר, אימירצעשעמ, איבער די הײַזער ארומגײנ. נישקאָשע, גאָט באָרעכ-הו װעט אונדז העלפנ!

דאָס װוּנדערלעכע טישטעכל אינ די מײַסע-ביכלעכ, װאָס מע זאָגט: טישטעכל, טישטעכל, גיב מיר עסנ! גיב מיר דאָס, גיב מיר יענץ! אונ דאָס טישטעכל גיט, — אָט דאָס דאָזיקע בידושימ-װוּנדערלעכע טישטעכל איז בא אונדז, יידנ, די טאָרבע. פיל נעפּאַשעס, זייער פיל, שפּײַזנ זיכ בידעשלעכ-גרינג זייער גאנצ לעבנ נאָר פונ דער טאָרבע אונ לאָזנ זי איבער בעיערושע קינדס-קינדער. די טאָרבע איז, אינ טאָכ ארײַנ, אלצ איינע, נאָר בא פארשיידענע קלאַסנ מענטשנ באקומט זי אנ אנדער מינ פאָרמע אונ אנ אנדער מינ נאָמענ. באַם פּראָסטנ אוילעמ איז זי פּשוטע א טאָרבע, א פּראָסטע לײַװנטענע טאָרבע; באַם געהויבענעמ אוילעמ נעמט זי אָנ אלערליי מינע געשטאלטנ, װי אשטייגער: א קעסטעלע, א קאַראַבקעלע, א קלייקוידעשל, א כעװרעלע, א פּושקעלע, א קאָהעלש בײַטעלע, א גמילעסכעסעד-באנקעלע, א מעכאַברישער פּלוידערזעקעלע אוקעדוימע. די אלע זײַנענ בעעמעס טאקע נאָר טאָרבעס, עכטע יידישע טאָרבעס!..

— סענדערל! — האָט בינײאָמינ זיכ אָנגערופנ, געשטארקט פונ סענדערלס װערטער. — מיר ביידע זײַנענ א זיװעג מינ האַשאָמאַימ, מיר ביידע זײַנענ װי א גופ מיט דער נעשאָמע. װענ דו זאָרגסט אינ גאשמיעס מיקויעכ עסנ אונ טרינקענ אפ אונדזער נעסיע, אקעגנ זשע זאָרג איכ אינ רוכניעס-זאכנ. נאָכאמאָל פרעג איכ דיכ, סענדערל, דו װייסט, פארװאָס איכ זאָג אקדאָמעס? איכ האָב דערמיט א גרויסנ קיװנ. איכ זאָרג מיכ איצט, אז האַשעמיסבאָרעכ װעט אונדז בעשאָלעמ ברענגענ אהינ, צו די בניי-מוישע, זאָלנ מיר קענענ א מויל עפענענ אונ מיט זיי זיכ אויסטײַנענ. זיי ריידנ עפּעס האָלב-טארגעמ, צו-

מייסטנס ריידן זיי דאָרט אַקדאָמעס-לאָשן. עלדאָד-האַדאָני, וואָס איז פֿון יענעם ווינקל צו אונדז געקומען, ער האָט דאָך דאָס דעם אַקדאָמעס געמאַכט. ושריות שותא, סענדערל, איז דער טײַטש — איך הייב אָן צו שפּרעכן, געדענק זשע, סענדערל! דאָ אין כּוזשלאָרעץ קען מען זיך באַגיין מיט אונדזער לאָשן, מיט דײַטש, אָבער דאָרט מוזן זיי קיין דײַטש אַוואַדע נישט קענען.

— איך פֿאַרלאָז מיך אין די זאַכן אינגאַנצן אָפּ דיר, — האָט סענדערל געזאָגט בעהאַכנאָע. — דו ביסט אַ געלערנטער מענטש און קוקסט אַרײַן אין דײַנע ספֿאָרים, מיסטאָמע ווייסטו וואָס דו טוסט, ווּהין דו גייסט. אַ סימען, איך האָב דיך אַפֿילע נישט איבערגעפֿרעגט, צי גייען מיר מיט דעם גלײַכן וועג. דו גייסט, וואָס פֿאַר אַ דײַגע איך האָב, גיי, איך גיי דיר נאָך, ווי אַ קו נאָך אַ קעלבל.

בינאָמינען האָט מעשונע האַנאָע געמאַכן סענדערלס גרויסער בישאַכן אָפּ זײַן כּאָכמע. ער האָט באַ זיך אין די אויגן אויסגעזען ווי אַ שיפֿסקאַפּיטאַן, וואָס ער אַליין פֿירט די שיף אָפּן יאַם. דאָס, פֿונדעסטוועגן, האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן. זיך באַלד טאַקע צו באַטראַכטן, אַז ער ווייסט בעעמעס נישט, ווו ער געפֿינט זיך, מעגלעך עפּשער בלאָנדזשעט ער און איז גאָר אַראָפּ פֿונעם וועג.

דערווײַל, ווי ער האָט געטראַכט, האָט גאָט אָנגעטראָגן אַ מוזשיק, וואָס ער איז געפֿאָרן פֿאַרבײַ אָפּ אַ פֿורן, אָנגעטאַסעוועט וואָגן מיט היי.

— סענדערל, — האָט בינאָמין געזאָגט, — עס שאַדט קלאָל נישט אַ פֿרעג צו געבן דעם אָרל מיקויִעב דעם וועג. גיי אָפּ ציקאַוועשטש, גיב אַ פֿרעג. דאָ אין כּוזשלאָרעץ וועסטו בעסער פֿון מיר זיך קענען אויסטײַנען מיט די מוזשיקעס אָפּ זייער גראָבן לאָשן. דײַן פֿלוינעסטע פֿלעגט דאָך עפּעטערס דיך מיטנעמען מיט זיך אָפּן מאַרק.

4*

סענדערל האָט זיך אופגעהויבן פון זײַן אָרט, צוגעגאנגען מיט גרויס דערעכערעץ צום מוזשיק און געזאָגט קעהײַ לישנאָ:

— האָברי דיען! קאזשי נאָ, טשעלאָוויטשע, קודי דאראָגי אַפּ ערעציזסראָעל?

— שטשאָ?! — האָט דער מוזשיק פאַרווונדערט געמאכט און אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן. — יאקי סרול? ני באטשיל יא סרוליא!

— ני, ני! — האָט ביניאָמין זיך נישט געקענט אײַנהאלטן און זיך אַרײַנגעמישט פונדערווײַטן. — עטאָ ווי סרול, אַ זוין, לעהאוודל, ערעציזסראָעל קאזאטע ווין. סענדערל, זאָג אים נאָכאמאָל בעפּיירעש ארויס. ער האָט אַ פּויערש קעפּעלע. שארפער, שארפער, סענדערל!

— אַפּ ערה־רעציזסראָעל קודי דאראָגי? — האָט סענדערל נאָכאמאָל שארף איבערגעכאַזערט.

— אַ פּיעס וואַס, זשידקי, זנײַעט, שטשאָ ווי מאָראָטשעטע מעני גאָלאָווי, עטאָ דאָראָגי דאָ פּיעווקי, אַ וואָני עלעסלאָעל! עלעסלאָעל! — האָט דער מוזשיק זיך נאָכגעקרימט, אַ שפּײַ געטאָן און אוועקגעפֿאָרן ווײַטער.

אונדזערע פּאַרשוינען האָבן זיך געלאָזט ווײַטער אין וועג.

ביניאָמין האָט געפֿילט אַ ווייטעק אין די ליטקעס, די פֿיס זײַנען אים געווען, לוי־אַלייבעם, ווי אָפּגעשניטן. דאָך האָט ער, נעבעך, זיך נישט ווײַסנדיק געמאכט, זיך געמאכט הארץ, אַלץ אונטערגעגעבן קו־ראזש. און מאכמעס אים איז, נישט פֿאַר קיין ייִדן געדאכט, זייער שווער געווען צו גיין גלײַך און געשווינד, האָט ער געמוזט אַלץ אונ־טערשפּרינגען. אַוואַדע איז דאָס נישט געווען אַזאַ גאַנג ווי פֿריִער. עס איז געווען געמוטשעט. נאָר פֿונדעסטוועגן האָט ער געטאָן זײַנס און איז געגאַנגען, וואָרעם די קאשע איז דאָך, וואָס האָט ער דען געקענט מאכן? אַנידערלייגן זיך, סאַנע־צין, אַפֿן וועג? מיילע, וואָס וואָלט דערפֿון דער מאכלעס געווען? הײַנט ווי לייגט עס זיך אַ ייִד אינמיטן

וועג גלאַט אַנידער? ער וואָלט נאָר מעצאַער געוועזן סענדערלען, און די נעסיע וואָלט, כּלאַלילע, אָופגעהאַלטן געוואָרן. האָקלאַל, זיי זײַנען געגאַנגען, געגאַנגען אַזוי אַ גאַנצן טאָג, ביז גאָט האָט זיי בעשאָלעם געבראַכט קיין פּיעווקי אָפּ נאַכטלעגער.

אַרײַנקומענדיק אין פּיעווקער קרעטשמע, איז ביניאָמינס ערשטע זאַך געווען, זיך אַ וואָרף צו טאָן ווי גרויס ער איז אין אַ ווינקעלע, אויסצודרוען די פּיס און כאַפּן דעם אָטעם.

סענדערל איז, ווי אַן אַלטע באַלעבאָסטע, געגאַנגען צו באַשעפּ־טיקן זיך אין דעם באַלעבאַטישקייט און שמועסן מיקויעכ וועטשערע.

דער אַרענדאַר האָט אָנגעקוקט סענדערלען פון קאָפּ ביז די פּיס און האָט פון זײַן גאַנצן הילעכ אַרויסגעזען, אַז דאָס איז עפּעס נישט גלאַט אַזאַ פּאַרשוין, ווי אַנדערע, וואָס פּאָרן געוויינטלעכ דורכ. ער האָט אים אָפּגעשטעקט אַ שאָלעם-אַלייכעם, און אָפּ דער שאַלע: מאַ שמייכעם? פונוואַנען איז אַ ייִד? האָט סענדערל געענטפערט ביטמי־מעס, ער הייסט סענדערל, ער איז אַ שטיקל ערעצייִסראָעל-ייִד, ער איז מעשאַמעש באַ רעב ביניאָמין, וואָס ליגט איצט מיט זײַן קאָווער דאָ אין אַ ווינקל. דער אַרענדאַר האָט געמאַכט אַ פרום פּענעמל, זיך אַ ביסל פאַרטראַכט און געבעטן סענדערלען זיצן.

לאָמיר לאָזן די באַסמאַלקע, דאָס הייסט סענדערלען, שמועסן מיט דעם אַרענדאַר, און זיך אומקערן צום בענמעלעכ, צו ביניאָמי־נען, זען, וואָס ער מאַכט און וואָס ער טוט.

אונדזער ביניאָמין, אַז ער האָט זיך אַ וואָרפ געטאָן אין ווינקל, איז געבליבן ליגן, ווי אַ שטיין, און נישט געוווסט, אָפּ וועלכן אוילעם ער איז. די אָדערן פון די פּיס זײַנען געווען שטאַרק אָנגעקוואָלן, דאָס בלוט האָט אין זיי זיך צעשפּילט, געזעצט און געשטשיפּעט, גלײַכ ווי מוראַשקעס וואָלטן דאָרט הויפנסווײַז אַרומגעלאָפן און געביסן, גע־שטאָכן. די שלייפן האָבן געהאַקט, געקלאַפּט ווי האַמערס. אין די

אויערנ האָט פארדומפּנ גערוישט, אונ דאָס רוישנ פלעגט זיכ אלצ
אויסלאָזנ צומ סאָפ מיט א הילכעדיקנ לאנגנ קלונג, ווי א טקיִע-גדולע,
אָדער מיט א שארפנ שומ, ווי בעשאס מע לאָזט ראקעטנ. בא איטלעכנ
ארויספליִענדיקנ ראקעט פונעמ קאָפּ האָט מיטאמאָל אימ א בלישטשעטע
געגעבנ אינ די אויגנ טויזנטערליי פײַערווערק: געלע, גרינע, בלויע,
העלע, רויטע, פּאָמסענע, נאָכ אי נאָכ קאָלירנ אָנ אנ עק, אָנ א סאָפּ.
אינ א מינוט ארומ וועלנ די פײַערווערק אויסגעלאָשנ, כוישעכ=פינצ־
טער ווערט אימ אינ די אויגנ, אונ אינ די אויערנ רוישט ווידער ווי
אינ א מיל.

ליגנדיק פארטראָגנ אזוי א היפּשע צײַט, הערט ביניאָמינ א קאָל
פונ געקלעכ קלינגענ אינדרויסנ פונדערווײַטנ. מיט איטלעכער מינוט
קומט דער קאָל צו אלצ נעענטער, נעענטער, ווערט אלצ העלער אי
שטארקער, אונ פּלוצלימ גיט א סקריפּ, ווי א וואָגנ האָט זיכ אָפּגע=
שטעלט לעבנ טויער. פונעמ וואָגנ לאָזנ זיכ הערנ אלערליי מינע קוי־
לעס: בײַקעלכלעכ, פּיסטלעכ, געמבעס, הייזעריקע, כאָרכלענדיקע אי
צוגעלעגערטע שטימעס, גלײַכ ווי א גאנצ שטעטל האָט דאָרט זיכ פּאר־
קליבנ אפ א וויכטיקער, וואזשנער אסיפע. אלע ריידנ, שרײַענ מיט־
אמאָל אונ מע הערט נישט איינ וואָרט. פונ קעצ, וואָס פארזאמלענ זיכ
צײַטנווײַז אפ די דעכער, הערט מענ כאָטש א מיאוקענ, דאָס הייסט
וועננ אפילע קאצנ־לאָשנ איז נישט צומ פארשטיינ, דאָכ, אויסהערנדיק
א סאָבראניע קעצ, קענ מענ, וויניקסטנס, זאָגנ גאנצ באשטימט: יאָ,
די קעצ מיאוקענ. נאָר דאָ אָבער איז ריינ אומעגלעכ צו באשטימענ
אי דאָס אויכ, וואָס פאר א מינ איז דאָס געשריי פונ די פּארשוינענ,
ווײַל דערינענ איז אויסגעמישט אי געלעכטער, אי א געקרעכצערײַ,
געזיפצערײַ, אי א שושקערײַ, אי א קוויטשערײַ, אי א טאָנ פונ א
שייגעצ, אי דאָס זיסע כאניפע=קעלכל, אי א הוסטערײַ, אי נאָזשנײַ־
צערײַ, א געקלאפּערײַ אונ א געפּאטשערײַ. הײַנט גיי פארשטיי, וואָס

דאָס אַלצדינג אינײנעם איז, וואָס האָס באַטײַט? באַלד דערופֿ עפּנט זיך די טיר און אַ כאָפּטע מענטשן שיטן זיך אַרײַן אין שטוב מיט אימפּעט.

בעניאַמין רוקט זיך ווײַטער, ווײַטער אין ווינקל און נורעט זיך שטאַרק אײַן.

דערווײַל ווערט אין שטוב זייער ליכטיק פֿון אַ סאַך ליכט, וואָס ברענען אין שאַבעסדיקע מעשענע לײַכטער; אַ טייל זײַנען פֿאַרשטאָפּט מיט שגויצן און די ליכט שטייען אָפּ זיי צוגעשמאָלצן, נאָר אָפּ מישקוילעס, אַ טייל זײַנען מיט צו גרויסע, ברייטע, נישט קיין טיפּע לעכער, און די ליכט שטייען אין זיי קרום, אין דער זײַט פֿאַרשטעקט פֿון אונטן מיט אַ קויל.

באַם עק פֿון אַ לאַנגן דעמבענעם טיש זיצט אַ כעוורע קלעזמער און סטרויען, שטעלן אָן זייערע קייליםֿ. דער פֿידלער פֿאַרעט זיך מיט דער פֿידל, קיצלט זי מיט פֿינגער און איטלעכע סטרונע רופֿט זיך אָפּ: זים, זים, זים אַפּ איר קאָל, גלײַך ווי זיי רײדן: נישקאָשע, מעגסט אונדז קיצלען, פֿון אונדזערטוועגן זײַנען מיר פֿאַרטיק, אבי פֿון דײַן סמיטשיק זאָל נאָר קיין מעניע נישט זײַן. ער כאַפּט זיך צום סמיטשעק, גלעט אים און האַלט אים גרייט צום שפּיל. דער פֿלייטער שמועסט איבער שטיל מיט דער פֿלייט. זי פּײַפֿט אים שטילערהייט אָן, און דער צימבלער לויפֿט זיך דורך איבער דעם צימבל און קלאַפּט זיך פּאַמעלעך מיט די העמערלעך. נאָר דער בלינדער פּויקער זיצט אָנגערוקט מיט דער קוטשמע איבער די אויגן און כאַפּט אַ דרעמל.

לעבן די קלעזמער שטייט אַפּ אַ בענקל עפּעס אַ מין פֿאַרשוין, וואָס קוים רעדט ער אויס אַ וואָרט שטיקט מען זיך פֿאַר געלעכטער, אפֿילו קינדער, וואָס שטייען אָנגעשטופּט און קוקן אַרײַן פֿון די פֿענצטער, לאַכן מעשונע און קרימען זיך נאָך. דער פֿאַרשוין גיט דערנאָך אַ גע-

שרייַ: הארייַ! ליכוווּד די מעכוטאָנים אוּליכוווּד דעם באַלעבאָס ולכבוד כל המסובים בכאן שפּילט אָפּ א לעבעדיקס, א פריילעכס! און די קלעזמער צעלאָזן זיך באַלד אַף די קיילים, פריילעך, לעבעדיק, וווּבער מיט מאַנצבילן נעמען זיך צונויף און טאַנצן אַ ראָד — האָצ, האָצ.

אַלצדינג האָט זיך באַוועגט, אַפילע וואַנצן אי טאַראַקאַנעס זענען אַרויס פון די שפּאַלטן, און זיך צעקראָכן איבער די ווענט.

טאַנצנדיק פאַלט איינער אַרוּף אַף בעניאָמינען אין ווינקל. דער טענצער קוקט אים אין פּאָנעם אַרײַן און לאָזט אַרויס אַ געשרייַ:

— אַ, בעניאָמין! איך האָב אים דערטאַפּט, כלעבן, די קאָשערע מעציִע, ער איז דאָ, ער איז דאָ!

אַף דעם געשרייַ לויפן צו נאָך מענטשן. בעניאָמין דערקענט צווישן זיי טונעיאַדעווקער פּנינע־בעריעס און דעם דאָרטיקן רעוול.

איין קאָל, איין געשרייַ:

— בעניאָמין, קום טאַנצן! בעניאָמין, קום טאַנצן!

— איך קען, אָסער, ניט — בעט זיך בעניאָמין ראַכמים, — איך קען זיך נישט רירן פונעם אָרט.

— נישקאָשע, נישקאָשע! — ענטפערט מען אים. — קום, זאָגט מען דיר, דו וועסט קענען. וואָס האָט מען דאָ צו קענען? אָדאָם אַ מענטש, קאַטשקע רוק זיך! ריר זיך, בעהיימע, מיר וועלן נישקאָשע דערציילן.

— זעלדען! — גיט בעניאָמין אַ געשרייַ אין איין אָטעם. — איך בעט אייַך, דערציילט נישט זעלדען!

— ריר זיך זשע, בעהיימע! — שרײַט מען אים. — ריר זיך, בע־הײמע, שטעל זיך שוין אַף די פיס!

— דערבאַרעמט זיך, ייִדישע קינדער! — בעט זיך בעניאָמין. — איך קען, כלעבן, זיך איצט נישט רירן. איך האָב אַ טאַם, פאַרוואָס

איך קען נישט. ס'איז א סאַד, וואָס איך וועל אים מעגאַלע זײַן דעם ראַוו.

און ווי ער כאַפּט אַרום דעם ראַוו פעסט מיט ביידע הענט אײַנ־צורוימען אים אין אויער א סאַד, פילט ער פלוצלים א שרעקלעכן זעץ אין דער זײַט, אַזש ס'איז אים פאַרגאַנגען אין דער נאָז ווי פון כריין. ער גיט זיך פאַר ווייטעק א וואָרף, רײַבט די אויגן און זעט, אין שטוב איז גאָר טונקל, די לעוואָנע שײַנט אַרײַן פון די פענצטער. ער ליגט לעבן א קעלבל און האַלט זי אַרומגענומען שטײַף מיט ביידע הענט.

וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס?! פונוואַנען נעמט זיך דאָ פלוצלים א קעלבל? האָט זיך דען ביניאָמין געקעלבט? נאָר ווי שיקט זיך עס? אָנגענומען די סברא — ביניאָמין איז א בעהיימע, צען מאָל, הונ־דערט מאָל א בעהיימע, נאָר ער איז דאָך אָבער א צווייפיסיקע בעהיי־מע, און ווו איז דאָס געהערט אי געזען געוואָרן, אַז א צווייפיסיקע בעהיימע זאָל האָבן א קעלבל?! עמעס, בא אונדז איז דאָ א סאַך קעלב־לעך, און דאַסראַוו דאַפקע אין ליטווישע הײַזער, אָבער דאָס זײַנען דאָך פאַרט נישט מער ווי קעלבלעך אין א מענטשנס געשטאַלט. זיי זײַנען נאָך דאַסראַוו גראַד זייער שיין, מיט א שיין פּענעמל און מיט בייג־גריבעלעך. אָבער דאָס קעלבל, וועלכע ביניאָמין האַלדזט דאָ און נעמט זי שטאַרק אַרום, איז דאָך טאַקע פּאָשעט אַן עמעס קעלבל. הײַנט פונ־וואַנען, איז די קאַשע, האָט זי זיך אַהער גענומען? א בידעש־ניפלע. נישט אַנדערש זי איז פונעם הימל אַראָפּגעפאַלן?..

ניין, ראַבויסײַ, גלייבט נישט אין הימלישע קעלבלעך. צווישן אַלע אונדזערע קעלבער איז אפילע נישט אי איין קעלבל פונעם הימל אַראָפּגעשיקט געוואָרן. עס איז גאָר נישט אַזא בידעש־ניפלע, ווי איר מיינט. איר האָט זיך אָפּ דעם קעלבל גאָרנישט אַזוי צו וווּנדערן און פון אים אַזא פּייִרעש צו מאַכן. פּראָסטע איז מאָסטע, גאָר אָן קונצן. די מײַסע דערפון איז אַזוי געשען.

אז בּיניאָמינ איז, נישט טויט ניט לעבעדיק, אנידערגעפאלנ אינ ווינקל, האָט ער פּאר גרויס מידקייט נישט באמערקט, אז דאָרט ליגט א קעלבל. בעשאס אימ האָבנ זיכ צעשפּילט די געבליטנ, איז ער אנ־שלאָפנ געוואָרנ אונ אימ האָט זיכ פאָרגעשטעלט אינ כאָלעמ די גאנצע כאסענע מיט די מעכוטאָנימ אונ מיט די קלעזמער. ער איז געווענ שרעקלעכ אומרויק, זיכ אלצ געדרוקט, געדרוקט אינ ווינקל. אונ בע־שאס ער האָט אינ כאָלעמ ארומגענומענ דעמ טונעיאדעווקער רעוול, האָט ער גאָר ארומגעכאפּט פּעסט דעמ פּיעוווקער ארענדארס קעלבל, אונ אימ אײַנגערוימט אינ אויער דעמ סאָד פונ זײַנ נעסיע. דאָס קעלבל אָבער האָט עס נישט גוירעס געווענ, נישט געוואָלט לײַדנ, מע זאָל אימ אזוי האלדזנ אי שטיקנ. עס האָט אויסגעשטרעקט דאָס פּיסל, אָנגערירט ביניאָמינענ אינ דער דיכ, אונ בּיניאָמינ האָט זיכ אופ־געכאפּט.

אז ביניאָמינ האָט זיכ אופגעכאפּט, האָט ער נאָכ אלצ געהאלטנ ארומגענומענ דאָס קעלבל מיט בײדע הענט זײער פארדולט אונ צע־מישט. ערשט אינ א רעגע שפּעטער האָט ער פונ זיכ א שטופּ געטאָנ דאָס קעלבל, זיכ אופגעהויבנ דערשראָקנ אונ זיכ געלאָזט גײנ גע־שווינד. דאָס קעלבל, פונ זײַנ זײַט, וויבאלד עס איז לײז געוואָרנ פונ פרעמדע הענט, איז אויכ אופגעשטאנענ געשווינד אונ זיכ געלאָזט מאכנ א פּלײטע, איז, לויפנדיק, ארופ ראפּטאָמ אפ ביניאָמינענ אונ בײדע זײַנענ געפאלנ איבער א גרויסנ צעבער וואסער, טראכ מיט א שרעקלעכנ קלאפּ!

שטארק דערשראָקנ פונ אזא טראכ, איז סענדערל אונ דער ארענ־דאר מיט א ליכטל אינ האנט ארויסגעלאָפנ פונעמ אנדערנ בײדער אינ שטוב ארײַנ. זײ גיבנ א בליק: אָ־ווא, א שרעק! ביניאָמינ מיט דעמ קעלבל ליגנ בײדע אויסגעצויגנ אפ דער ערד אונ שווימענ פּאָשעט אינ א לוזשע וואסער, עפּעס נישט אזוי פריש שמעקנדיק!

ווענ א לידל-מאכער זאָל געווענ דענסטמאָל זיי ביידע אָנקוקנ, וואָלט ער אזוי געמאכט: „ליבהארצעדיקע אונ זיסע, אי אינ ווינקל אי אינ דער לוזשע זײַנענ זיי ניט צעשיידט געוואָרנ!”

נאָר דער ארענדאר אונ סענדערל זײַנענ געווענ פּראָסטע באָסער-וועדאָמ, נישט קיינ לידל-מאכער, אונ האָבנ די ליבהארצעדיקע אי זיסע באלד צעשיידט. דאָס קעלבל האָט מענ אָפּגעשיקט צו דער מוטער מיט שטעכווערטלעכ פאר איר שלעכטער אופירונג. אונ ביניאָמינענ האָט מענ פונ דער טווילע ארײַנגעפירט אינ א באזונדערנ אלקער אונ באלייגט אפ עטלעכע קוליקלעכ שטרוי מיט א קישנ צוקאָפּנ.





## דאָס זעקסטע קאַפּיטל

# ווי אונדזערע פאַרשוינען פאַרשלעפּן זיך קיין טעטעריווקע און ביניאָמין כאַפּט א פּאַטש

ביניאָמינס אייווורים זײַנען א ביסל אָפּגעגאַנגען אין דער לייל טווילע, נאָך דעם אָפּשווענקען זיך מיט א גאַנצן צע־בער קאַלטע וואַסער, און, אופשטייענדיק אינדערפרי, האָט ער זיך געפילט פרישער אי געזינטער. ער האָט באַ־שײַמפּערלעך ארויסגעזען א פינגער פון וווּנדער אין נעכטיקער מײַסע מיט דעם קעלבל, וואָס דורך אים גראָד איז געקומען די רעפוע צו זײַנע ווייטעקן. ער האָט באַוויזן סענדערלען דערמיט, ווי אומגערעכט

דער זינדיקער מענטש איז, וואָס באקלאָגט זיך בעשאס עפּעס אַן אומ־גליק און פאַרשטייט נישט, אז דאָס אומגליק, קען זיין, פירט גאָר צום גליק, און פון דער רעה קומט אַרויס אַ טויווע; ווי דער איבערשטער מאכט פאַר אַ שאָליעכ אַלע זיינע באַשעפעניש, אפילע אַ בעהיימע; ווי אַ דאָקטער קען אַמאָל גאָר זיין אַ קעלבל; ווי אַ מיק אַפּילע קען אַמאָל פּיקן אין קאָפּ, שטאַרק דאַקוטשען און שטיין אין דער גאַרגערעס. פאַר אַ רייע דערצו דינט די מיק מיט טיטוס האַראָשע אין די אַלטע, אַלטע ציטן. דאָס נעבטיקע באַגעגעניש איז אים איצט געווען אַ גוטער סימען, אַז די נעסיע זיינע איז אין אַ גוטער מאַזלדיקער שאָ, און ער וועט אימירצעשעם מאַצליעכ זיין, צו דערגרייכן וואָס ער ווינטשט.

— אַ וואַסערטרעגער, וואָס גייט איבער מיט פולן, איז פון אייביק אָן אַ גוטער סימען, אַפּשיטע שוין אַ גרויסער, אַ פולער צעבער! — האָט סענדערל זיך אָנגערופן און צוגעבאַסעוועט מיט די רייד.

נאָר מאַכמעס דעם ווייטעק, וואָס ביניאָמין האָט נאָך געפילט אין די פיס, און מאַכמעס די קוליקלעכ שטרוי, וואָס דערופ איז אים ווייך געווען צו ליגן, איז ביניאָמין פאַרבליבן דעם גאַנצן טאָג אין פּיעווע־קע. ער איז געגליכן געווען צו אַ שיפ אין יאַם, וואָס האָט זיך געזעצט אַפ אַ זאַמד און קיין גוטער ווינט איז נישטאָ אַראָפּצוטרייבן פון דאָרט.

אַפ מאָרגן גאַנצפרי האָט ביניאָמין זיך אופגעהויבן פון זיין געלעגער און זיך געלאָזט וויטער אין וועג אַריין.

אַ היפּשע צייט איז ביניאָמין געגאַנגען עפּעס ווי מאָרעשכוירעדיק, שטיל פאַרטראַכט, נישט צו ריידן קיין וואָרט. דערנאָך האָט ער אַ פּאַטש געגעבן זיך אין שטערן און געבליבן שטיין שטאַרק באַ־טריבט. ערשט אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט ער געעפנט אַ מויל און אַרויסגעלאָזט מיט אַ קרעכץ די ווערטער:

— אכ, סענדערל, איכ האָב פֿארגעסנ!

— ווּ פֿארגעסנ? וואָס פֿארגעסנ? — האָט סענדערל זיכ אָנגערופֿנ אונ זיכ א כאַפּ געטאָנ צו דער טאָרבע.

— אינ דער היימ, סענדערל, אינ דער היימ האָב איכ פֿארגעסנ!

— אי, בּיניאָמינ, וואָס פֿאלט דיר איינ? — האָט סענדערל געמאכט. — מיר האָבנ, דאכט זיכ, מיטגענומענ אלצדינג, וואָס נייטיק איז מענטשנ אינ וועג אריינ: א טאָרבע, נישט צו פֿארזינדיקנ, איז דאָ, טאלעס-אונ-טפֿילינ מיט סידורימ איז אויכ דאָ, שאבעסדיקע קאפּאָטעס — אויכ דאָ. דאכט זיכ, אלצדינג, בּאָרעכאשעמ, איז דאָ, אלצדינג האָבנ מיר פֿארנומענ. וואָס גייט אונדז דענ אָפּ? אונ וואָס האָבנ מיר אזוינס געקענט פֿארגעסנ?

— די זאכ, וואָס איכ האָב פֿארגעסנ, סענדערל, איז זייער וויכטיק, נייטיק אינ לעבנ אריינ, האלעוויי אלצדינג זאָל אָפּלויפֿנ בעשאָלעמ, נאָר בעזימ, כאָלילע, לוי יאאלע וועלוי יאָווי, גאָט זאָל שוימער-אומאצל זיינ, אפֿנ וועג וועט עפּעס מיסע-סאָטנ געשענ, דענסטמאָל וועלנ מיר ערשט דערפֿילנ דעמ גרויסנ ווערט פֿונ דער טייערער זאכ, וואָס איכ האָב פֿארגעסנ. ארויסגייענדיק פֿונ דער היימ, האָב איכ אינ איילעניש פֿארגעסנ צו זאָגנ א שפּרוכ, וואָס שטייט געשריבנ אינ א סייפֿער, ארויסגענומענ פֿונ א גאנצ אלטנ קסאוויאד. דער שפּרוכ מוז געזאָגט ווערנ פֿאר א נעסיע, ארויסגייענדיק פֿונ דער היימ, בא דער ראָגאטקע, אונ מענ איז אָרעוו, אז ער איז א זיכערע שמירע אינ וועג פֿאר קאָלאמינע סאקאָנעס אונ שלעכטע באגעגעניש, — אָט וואָס איכ האָב פֿארגעסנ!

— עפּשער איז דיינ גוטער ווילנ זיכ אומקערנ אהיימ? — האָט סענדערל געזאָגט ביטמימעס.

— דו ביסט מעשוגע, צי כאָסערדייע! — האָט בּיניאָמינ א געשריי געטאָנ, אונ דאָס גאנצע בלוט איז אימ אינ פּאָנעמ אריינ. — סטייטש,

וואָס הייסט, זיך אומקערן אהיים? נאָך אזויפיל מי און אָנגיין זיך אזא וועג — פּלוצלים אומקערן זיך! סטייטש, און די וועלט? וואָס וועט זאָגן די וועלט?

— וואָס הערן מיר, ביניאָמין, די וועלט? — האָט סענדערל זיך אָנגערופן. — די וועלט האָט דען דיך געבעטן מאכן אזא נעסיע? האָט זי דען מיט דיר א קאָנטראַקט געמאכט און דיר אפּ הויצאָעס געגעבן, דו זאָלסט גיין וואנדערעווען?

— גאנץ סייכלדיק! — האָט ביניאָמין זיך נאָכגעקרימט. — און אלעקסאנדער מוקדען, אים האָט דען די וועלט געבעטן, ער זאָל גיין קיין הינדזיאָ און מילכאָמע האלטן דאָרט? און די אלע וואנדערער בא אונדז יידן האָט דען די וועלט געבעטן ארומצוּוואנדערעווען פון שטאָט צו שטאָט?

— ווייס איך? — האָט סענדערל געמאכט מיט א שמייכעלע. — פונמיינטוועגן האָבן זיי אלע געמעגט, כלעבן, זיצן אין דער היים. עס וואָלט, דאכט זיך, בעסער און גלייכער געווען פאר איטלעכן. אַך, נאַרעלע, נארעלע, דו, אלעקסאנדערל מוקדען, דו האָסט אין דער היים פון קאָלטווו, זיץ, לעב דיר צופרידן און גלעט דיר דאָס בייכל. צו וואָס טויג דיר נאָך, נארעלע, הינדיען? סידי דאָמאַ דא ני ריפּייסאַ, איז דאָ אן אוילעמס ווערטל. און דער אוילעם זאָגט: אן אוילעמס ווערטל איז, לעהאַוודל, א געמאָרע. מער כידעש איז אפּ אונדזערע יידעלעך. זיי האָבן דאָך טאקע יאָ געמעגט האלטן פון דער געמאָרע, זיצן אפּ זייער אָרט און באשעפטיקן זיך איטלעכער מיט זיין זאך. צו וואָס טויג דאָס ארומוואנדערעווען, דאָס ארומבלאָנקען זיך ווי א דולער הו-האַ-האַ, נישט צו וויסן אליין פונעם געזונט, פונעם לעבן, און נאָך אומזיסט-אומנישט רייסן שטיוול? ווי איך בין א ייד, ביניאָמין! איך זאָל אזא פּארשוין באגעגענען, וואָלט איך אים גלייך אפּן אָרט אָפּגעזאָגט דעם אוילעמס ווערטל, לעהאַוודל, — די געמאָרע מיין איך.

א היפּשע צײַט האָבן אונדזערע פּאַרשוינען זיך אוועקגעאַמפּערט. סענדערל האָט געפּרעגט קאַשעס, און בּיניאָמין האָט אים אַלץ אויס־געוויזן, אַז ער איז א נאַר און האָט קיין פּיצל יעדיע נישט אין אַזעלכע זאַכן.

סענדערל איז דעמסטמאָל געגליכן געווען צו א פערדל, וואָס מאַמעד דינט עס זײַן האַר געטרײַ און פּאָלגט אים אין פײַער, אין וואַסער אַרײַן, פּלוצלים מאַכט זיך אַמאָל, פאַלט אַפּ אים אָן פון דער העלער הויט עפּעס א מאַנקאָליע, עס שפּאַרט זיך אײַן, שטעלט זיך דיבאָם און וויל זיך נישט רירן פונעם אָרט, כאָטש טו זיך דאָ, סאָנע־צוזען, א מײַסע אָן. און ווען בּיניאָמין האָט דעמסטמאָל ניט געשמיסן דעם אײַנ־געשפּאַרטן סענדערלען מיט א בּײַטש, דערפאַר האָט ער אים דורכ־געבּויקערט מיט זײַן זיס צינגל און אים אָפּגעשאָטן מיט רייד, בּיז סענדערל איז געוואָרן ווייך ווי א טייג, א גוט פערדל, ווי פריער. ער האָט אופגעשטעלט די אויערן, הערנדיק בּיניאָמינס רייד, וואָס האָבן געבּראָכן דעם מויעך, און לעסאָף האָט ער זיך אָנגערופן, ווי זײַן שטייגער איז געוויינטלעך, מיט די ווערטער:

— אויב דו ווילסט דאַפקע אַזוי, זאָל זײַן אַזוי. וואָס פאַר א דײַגע איך האָב?

אַז בּיניאָמין איז פאַרטיק געוואָרן מיט סענדערלען, האָבן זיי זיך ווײַטער געלאָזט אין וועג אַרײַן, און נאָך דעם, אַז זיי זײַנען זיך אָנ־געגאַנגען אַפּ וועגן און זײַטנוועגעלעך, זײַנען זיי נישט־טויט נישט־לעבעדיק אָנגעקומען קיין טעטעריווקע.

טעטעריווקע איז די ערשטע גרויסע שטאָט, וואָס אונדזערע וואַנ־דערער האָבן געזען אין זייער לעבן. דעריבּער איז קיין וווּנדער נישט, וואָס זיי האָבן געקוקט אַפּ די גלײַכע אויסגעבּרוקירטע גאַסן אי אַפּ די גרויסע הויכע מויערן און נישט געקאָנט זיך זאַט אָנקוקן. קימאַט אַפּ די שפּיץ פינגער זײַנען זיי געגאַנגען אַפּ די טראָטואַרן און געהייבן

די פּיס עפּעס מעשונע, גלײַך ווי זיי וואָלטן זיך געהיט צו שטאַרק נישט צו באַרירן די גלאַטע שטיינער און נישט אָנמאַכן, באַלילע, קיין שאָדן. פּיס, וואָס האָבן נישט עפּעס אַזאַ גוטע דאָליע בײַ זייערע באַ־לעבאַטים אין די קליינע שטעטלעך און וואָס מע מאַכט דאָרט פֿאַר זיי נישט עפּעס גרויסע צערעמאָניעס! קליינשטעטלדיקע פּיס, וואָס ווייסן, נעבעך, נישט פֿון קיין פּאָדלאָגע צו זאָגן אַפֿילע אין שטוב, וואָס קריכן, נעבעך, ווי די כאַזייִרים אין בלאָטע, וואָס זייערע באַלעבאַטים שטעקן זיי גייענדיק טיף אַהינצו אַרײַן און דראַלן מיט זיי פּראָסטע־מאָסטע, גאָר אָן שום מעלאָכעס, — אַזעלכע פּיס מוזן בעעמעס מעזולזל ווערן, ווי די שיקערע, אַז זיי דערפֿילן פּלוצלים אונטער זיך אַ בריק פֿון שטיינער, און מוזן פֿאַר גרויס קאָוועד טאַקע אַ ביסל אונטער־שפּרינגען און נישט ווייסן אַ צײַט זיך וווּהין־צו־טאָן. פֿרישע ערשט אָנגעקומענע קליינשטעטלדיקע פּיס וועט איר באַלד דערקענען אַף די אויסגעברוקירטע גאַסן אין די גרויסע שטעט.

אונדזערע טונעיאַדעווקער פּאַרשוינען זײַנען געגאַנגען ווי מיט אַ פֿאַרקלעמט האַרץ און בעהאַכנאָע אָפּגעטראָטן פֿאַר איטלעכן דעם וועג. סענדערל פֿלעגט אין אַזאַ פֿאַל אָנעמען בינִיאָמינען פֿאַר דער פּאָלע און אים אַ שלעפּ טאָן אין דער זײַט. אַמאָל איז דורכדעם סענדערלען אויסגעקומען צו כאַפּן אַ שטיקל טענצל מיט עמעצן, וואָס איז געקו־מען אַקעגן. יענער איז זיך געגאַנגען גלײַך זײַן וועג און האָט זיך אָנ־געשלאָגן מיט סענדערלען, וואָס מאַכמעס דעם אָפּטרעטן האָט ער אים פּונקט גאָר פֿאַרשטעלט דעם וועג. יענער כאַפּט זיך רעכטס, אָבער און־דזער סענדערל האָט אים מאַקדים געווען און שטייט שוין גרייט. ביידע וואַרפֿן זיך לינקס און ווײַטער רעכטס, ביז יענעם געראָט לעסאָף אויסצומײַדן זיך. איינער, וואָס איז גראָד נישט אויפֿגעלייגט געווען צו טאַנצן מיט סענדערלען, האָט אים פּראָסט אָנגענומען און אַ וואָרף גע־טאָן אין דער זײַט, אַז די ציין זײַנען אים שיִער נישט אַרויסגעפֿאַלן.

אלצדינג זײַנען פֿאַר אונדזערע פֿאַרשװינען געװען נײַ, אלצדינג האָט זיך זיי אויסגעוויזן, טײַטש אָפּ זיי מיט די פֿינגער. די דראָשקעס שרײַען, די פּאַעטאָנען פּילדערן, די מױערן שטייען האָפּערדיק, קוקן שטאָלץ מיט זײערע גרויסע גלעזערנע טאָפּליעס, און די מענטשן קרימען זיך. אלצדינג שרײַט זיי נאָך: טאַרבעס, קאַפּצאָנימלעך! טאַר-בעס, קליינשטעטלדיקע ייִדעלעך! טאַרבעס, טאַרבעס!

— הערסטו, בינימין! — האָט סענדערל געזאָגט, נאָך דעם, אַז ער האָט פֿאַריסן דעם קאָפּ און געקוקט אָפּ די מױערן מיט דערע-בערעצ. — איך מיין, בינימין, דאָס איז סטאַמבול.

— גיי שוין, גיי, נאַרעלע, ווי קומט עס צו סטאַמבול? — האָט בינימין געמאַכט מיט אַזאַ מינע, גלײַך ווי ער איז אַ סטאַמבולער אַ געבוירטיקער. — סטאַמבול, נאַרעלע, האָט טאַק מאָל טאַק גאַסן, איטלעכע גאַס האָט טאַק מאָל טאַק פּופּצן-, צוואַנציק- אָדער עפּשער דרײַסיקגאָרנדיקע הײַזער, און אין איטלעכן הויז וווינען טאַק מאָל טאַק מענטשן! דו מיינסט, אַז דו ביסט שוין פֿאַרטיק? ניין, וואַרט נאָר, וואַרט, נאַרעלע איינער, הײַנט איז נאָך דאָ קליינע גאַסן, יור-דיקעס, קאַטשעניוקעס, מאָטשעניוקעס, פּיסקעס, יאַרן און פּאָדאָלן קעבויל האיאָם!

— אײַ, אײַ, אײַ! — האָט סענדערל געמאַכט פֿאַר גרויס וווּנ-דער. — ס'איז דאָך עפּעס גאָר אַ שרעק, כּלעבן, אַזאַ גרויסע שטאָט! נאָר איך בעט דיך, בינימין, פֿונוואַנען קומט עס אָט-די אַלע גרויסע שטעט? מענטשן זאָלן זיך צונויפּשטיקן אין איין אָרט און ליגן איי-נער איבער דעם אַנדערן, גלײַך ווי די וועלט איז ווייניק און נישטאָ מער קיין ערד! עס מוז דאָך אַוודאי דערינען עפּעס זײַן, וואָס מענטשן דערווײַטערן זיך פֿון דער ערד און ווילן אַלץ פֿליִען אין הימל, אין די הויכע, הויכע פֿענצטער. זאָל עס עפּשער זײַן דעריבער, וואָס דעם מענטשנס נעשאָמע וואַקסט פֿון הימל און מאַכמעס דעם

ציט עס אימ, נעבעכ, אַלצ אַרופ, אונ ער האָט זייער שטאַרק כיישעק אויסצושפּרייטנ די פליגעלעכ אונ זײַנ אַלצ פונויבנ? וואָס זאָגנ דערצו עפעס דײַנע כאַקראָנימ, ביניאָמינ? האָסטו נישט באַגעגנט מיקוייעכ דעמ עפעס א שמועס אינ דײַנע כקירע-ספאָרימ?

— אַלפי כקירע, — האָט ביניאָמינ געמאַכט מיט א קנייטשל, — איז וועגנ דעמ איניענ דאָ א גאַנצ ווײַטער שמועס. איכ האָב שוינ דערפונ אפילע געהאַט אמאָל צו טאָנ באַ אונדז אינ בעסמעדרעש אונטערנ אויוונ, אונ דורכ דעמ איז פאַרענטפערט געוואָרנ די געמאָרע פונ די צענ טעפ אָרעמקײַט, וואָס זײַנענ אראָפּגעשיקט געוואָרנ אפ דער וועלט, ווי אויכ דער פּאָסעק: כי מלאה הארץ חמס, די וועלט איז פול געוואָרנ מיט רויב. נאָר איכ וועל עס דיר א ביסל מאַסביר זײַנ, אַלפי אונדזער טוירע. כומעש האָסטו דאָכ געלערנט, סענדערל. לויט ווי עס שטײט אינ כומעש, האָבנ אונדזערע עלטערנ גאָר טכילעס, אינ די פריִערדיקע דוירעס, געוווינט אינ געצעלטנ, נאָר בעשאַס דעמ דאָר-האַפלאָגע האָבנ אַלע מענטשנ זיכ פאַרקליבנ אינ אײנ אָרט, זיכ גענומענ מאַכנ ציגל אונ אויסבויענ א שטאָט מיט הויכע מויערנ אינ הימל. אינ דער מיט אַרבעט טאַקע איז שוינ אפ זײ אָנגעפאַלנ א בײזע מעהומע, א געטומל. אײנער האָט נישט פאַרשטאַנענ דעמ אַנדערנ, אונ די גאַנצע פירונג דאָרט איז עפעס אויסגעקומענ קאַפויר. א נעס, וואָס גאָט האָט זײ באַלד צעטריבנ, האָבנ מענטשנ ווידער אָנגעהויבנ צו לעבנ, עטעמענ פרײַער, אונ די וועלט איז ווײַטער אופגעריכט געוואָרנ. נאָר דער כעט פונעמ דאָר-האַפלאָגע האָט נאָכ אינגאַנצנ נישט אופגעהערט. פונ יענער צײַט אָנ ציט זיכ נאָכ אַלצ, באַאַוווינויסיינו-האָראַבימ, די טײַווע באַ מענטשנ צו שטיקנ אונ צונויפשטיקנ זיכ, אויסצומויערנ זיכ הויכ, צו מאַכנ זיכ א שעמ אונ פליִענ אינ הימל. — וואָס האָסטו אינ מיר זיכ אָנגעטשעפעט, ווי א זלידניע? — זאָגט אווראָמ צו לאָטנ. — לעמײַ זאָלנ דײַנע

מענטשן זיך קריגן מיט מײַנע איבער אַ שפּאַן ערד? די גאַנצע וועלט שטייט דאָך פאַר דיר פרײַ, גיי דיר וווּהין דו ווילסט און לאָז מיך געמאַך!

נאָר איידער נאָך בנימין האָט געענדיקט דעם שמועס, האָט זיך געלאָזט הערן אַ שטאַרק געשריי פון אַ פּאַרטשיק, וואָס איז אונדזערע פאַרשוינענע אָנגעפּאָרן פון הינטן און האָט זיי שיִר ניט מאַזיק געווען מיט דעם דישל.

— אוכניאַקעס! — האָט דער פּאַרטשיק געשריגן איך איין אָטעם און געמאַכט אַף זיי מיט דער בײַטש. — וואָס קריכט איר, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, ווי די ראַקעס, און פאַרשטעלט דעם וועג! היי, היי, יאָלדן! היי, היי, פּלאָכטן!

אונדזערע פאַרשוינענע, נעבעך, האָבן געהויבן פּיס און געלאָפן פאַר שרעק ווי די פאַרסאַמטע מײַז, דער אַהין און דער אַהער.

לויפנדיק האָט סענדערל זיך אַ זעץ געטאָן אין אַ סטוף און זיך אויסגעצויגן, נעבעך, ווי גרויס ער איז, אַף דער ערד.

בנימין האָט אין אײַלעניש זיך אָנגעשלאָגן אין אַ קויש מיט אייער, וואָס אַ קורעלאַפּניטשקע האָט געטראָגן. די אייער האָבן זיך צעבראָכן, און אַף אים האָט זיך געעפנט אַ גענעם, אַ פּיסק, אַ פײַער, אַ געשריי. יענע פון די צעבראָכענע אייער, נעבעך, האָט אים אָפּגע־שאָטן מיט טויטע קלאָלעס, זי האָט אים געוואָלט אָפּשטעקן אָדער זי האָט אים שוין טאַקע אָפּגעשטעקט אַ פּאַטש און שטאַרק בײַשעק געהאַט אײַנצופּלאָנטען זיך אין זײַנע האָר. קורץ, בנימין האָט גע־נוג געלייזט ביז ער איז קוים מיט צאָרעס לעבעדיק אַרויס פון איר הענט און געמאַכט אַ פּלייטע אין אַ הינטערגעסל, וואָס אַהינצו איז אויך סענדערל באַלד צוגעקומען.

— אָט האָסטו דיר אַ גרויסע שטאָט! — האָט סענדערל געזאָגט און אָפּגעווישט מיט דער פּאָלע דעם שווייס פון זײַן פּאָנעם, — דאָ

גיי נישט, האָ שטיי נישט, דאָ רו נישט. ווייסט זיי אַלע דער שוואַרציאָר!

— דאָס ציט זיך נאָך אַלץ פונעם דאָר-האַפּלאָגע, — האָט געענטפערט ביניאָמינ, וואָס האָט געסאָפּעט ווי א גאַנדז, — דאָס אַלצדינג, וואָס דו זעסט דאָ, איז אַלץ דאָר־האַפּלאָגע, מיט זײַנע בייזער מעהומע, זײַנע געטומל, גנייווע, גזיילע און רעציכע!

— א, אינ דער ערד אַרײַנ מיטנ קאָפּ! — האָט סענדערל א מאַכ געטאָנ. — קום, ביניאָמינ, לאָמיר זיך אויסרוען! דו זעסט עפּעס שרעקלעך אויס, עס פּײַערט דיר עפּעס א באַק, א רועך אינ דער כצופעס טאַטנ אַרײַנ! וויש נאָר אָפּ, זײַ מויכל, דעמ פּאָנעמ. די כצופע האָט, אַפּאָנעמ, בעשאָס-מײַסע דיך אויסגעשמירט מיט געלכנ פונ אייער.





### דאָס זיבעטע קאַפּיטל

## ווי צוליב בינימינען ווערט אַן איבערקערעניש אין דער פּאָליטיק



ין איינעם פונ די טעטעריווקער קלויזלעך האָט שטאַרק געקאָכט פונ דער דענסטמאָליקער קרימער מילכאָמע. דער אונטער-אויוונ איז צעפאַלנ אַפ פאַרשיידענע קיטעס. איטלעכע קיטע מיט איר פּרעזידענט און מיט איר גאַנג אין דער פּאָליטיקע.

כייקל באַלמויעך און זיינ קאָמפּאַניע איז זייער באַשעפ־טיקט געווענ מיט דער מומע וויטענ, פלעגט זי צעלייגנ אַפ טע-

לערלעך און באַוויזן די האָסבאָרעס אין די שפּיצלעך, וואָס איז איר שמעקט.

בײַקל איז געווען אַמאָל אַ שטיקל זייגערמאַכער, ער האָט געהאַט אַ גרינגע האַנט צו מאַצע־רעדלעך, קיינער האָט ניט געקענט אַזוי ווי ער אַ סוקע מאַכן. דאָס לאָקשנברעט, די לאָפּעטע, די מילכיקע באַנק, דאָס טשאָלנטברעטל און די צעבראָכענע שטײַג פֿון אויפֿעס זײַנען אין קיינעמס סוקע נישט געווען אַזוי גוט צוגעפּאַסט ווי אין זײַנער. דעריבער, ווען עס פֿלעגט נאָר אויסקומען עפּעס אַ רייד אין מאַשינען־זאַכן, פֿלעגט דער אוילעם האָבן פֿאַר אים אָפּשײַ און זאָגן:

— דאָס געהער זיך אָן מיט בײַקלען, בײַקל ווייסט.

בײַקל פֿלעגט אַליץ דערציילן וווּנדערלעכע זאַכן פֿון מעשונע־ווילדע ענגלישע מאַשינעס, אַזש די האָר פֿלעגן זיך שטעלן פּאָשעט קאַפּויער הערנדיק. און אַז איינער האָט אים אַמאָל מאַפּסיק געווען די רייד מיט עפּעס אַ קאַשע און אים געפֿרעגט דעם סייכל דערפֿון, פֿלעגט בײַקל דערקלערן דאָס אינגאַנצן קורץ און פֿראָסט מיט עפּעס אַזאַ מין שפּרינגשינקעלע און דערבײַ מאַכן אַזאַ מינע מיט אַ זיס שמייכעלע, גלײַך ווי ער וואָלט פֿאַרענטפֿערט אַ קלאָץ־קאַשע און יע־נעם געעפֿנט די אויגן. האַקלאַל, מיט אַ שפּרינגשינע האָט בײַקל דערקלערט אַלצדינג: אין דעם זייגער, אין דעם טעלעגראַף, אין אַ שפּיל־פּושקעלע און אַלע אַנדערע מינע האַמצאָעס אַף דער וועלט. איציק פּאַשטן אָבער איז קיינמאָל נישט צופֿרידן געווען מיט בײַקלס שפּרינגשינקעס. ער פֿלעגט קוקן דערויף עפּעס ווי אַף אַפּיקאָרסעס און מאַכן מיט אַ געשפּעט:

— באַלד וועט שוין בײַקל זאָגן, אַז אַ גוילעם אוקעדוימע אַזעל־כע מאָפּסים זײַנען אויך דורך אַ שפּרינגשינקעלע!.. פּע, פּע, כּלעבן! זײַנע אַלע זאַכענישן זײַנען, פּאָשעט איז פּאָשעט, איך בעט אײַך איבער, גאָרנישט, טאַקע עמעסע נאַרישקײַטן.

און ווײַל כײַקל באַלמויעב איז געוועזן פאַרקאָכט אין וויטען, דע־ריבער האָט איציק פאַשטן, כײַקלס באַשטענדיקער מיסנאַגעד אין אַלע זאַכן, זיך אָנגעטשעפּעט אין דער מומע ראָסיע און זיך אַרויס־געשטעלט פאַר איר מיט אַלע קרעפטן. איטלעכער פון ביידע צדאָ־דים האָט שטאַרק געאַרבעט צו בייגן אַפ זײַן זײַט די איבעריקע קאָמפּאַניעס. איז כײַקל שוין געשטאַנען אַפ אַ שטיקל שטייגער מיט שמוליק באָקסער, דעם פּרעזידענט פונעם פעטער יושמאָעלס קנופּיע, און האָט שוין קימאַט ווי האַלב זיך אויסגעגלײַכט מיט בערל פראַנ־צויז, נאַפּאָלעאָנס אַ הייסער כאָסיד, האָט איציק אָנגעמאַכט אַ האַר־מידער און צוגעצויגן צו זיך טעוויע מאָק, קירעס מענטש. פּאָטשטן זײַנען געפלויגן פון אַלע זײַטן. איטלעכער האָט געלאָזט זײַנע ראַ־ציעס, די וועלט האָט זיך געקערט און דאָס קלײַזל האָט זיך פּאָשעט געוויגט!

אָט אין דער דאָזיקער צײַט בעשאַס דער גרויסער מעהומע זײַ־נען אונדזערע פּאַרשוינען אָנגעקומען קיין טעטעריוווקע און זיך אָפּ־געשטעלט אין דעם דאָזיקן קלײַזל אַפ סטאַנציע.

סענדערל מיט זײַן כאַראַקטער איטלעכן נאָכצוגעבן האָט אין די איניאָנע־האַפּאָליטיקע אויך זיך נישט אײַנגעשפּאַרט און איטלעכן צוליב געטאָן אַזוי ווי ער וויל. דו ווילסט אַזוי, פלעגט ער זאָגן, וואָס פאַר אַ דײַגע איך האָב, זאָל זײַן אַזוי. און דעריבער מאַקע האָט ער שטאַרק נויסע־כיין געוועזן און איז באַלד איטלעכן געפעלן. באַם ערשטן שאָלעמ־אַלייכעם איז בא דעם אוילעם געבליבן, אַז סענדערל איז אָן אַ גאָל, אַ ייִד אָן כאָכמעס, וואָס האָט אין זיך נישט די מידע פון אַקשאָנעס. און ווען סענדערל איז געווען אָופגעטראָגן מיט אַלע גלײַך גאָר אָן אַ שום כילעק, אַקעגן זשע איז בינימין געווען אַן איבערקלײַבער און גאָר צום ערשטן איז אים מער פון אַלע עפּעס געפעלן שמוליק באָקסער, צו וועלכן ער האָט ביסלעכווײַז זיך צוגע־

לאָזט, ביז ער איז מיט אים געוואָרן שטאַרק כאַווער. בּיניאָמינ האָט אים מעגאַלע געווען דעם גאַנצן פּלאַן פון זײַן נעסיִע, און שמוליקן איז די זאַך זייער שטאַרק געפעלן. ער האָט מיקוייעך דעם איבערגע־שמועסט מיט בּײַקלען, בּײַקל האָט דאָס געגומעג אפ זײַן מויעך; און האַגאַמ די זאַך איז אים אויסגעקומען א ביסל שווערלעך, דאָך איז דאָס אים געגאַנגען אין קאָפּ, ער האָט באַלד טאַקע אין א סעסיע מיט בערל פראַנצויז און טעוויע מאָק אפּירגענומען דעם דאָזיקן אינ־יען און זיי האָבּן זיך דערופ שטאַרק פאַרכידעשט.

— בּיניאָמינ — האָבּן זיי געזאָגט — זעט טאַקע עפּעס ניט אויס ווי א געוויינטלעכער מענטש, ער איז עפּעס ווי צעטראָגן, נישט אפ דעם אוילעמ. אז ער רעדט, איז שווער צו פאַרשטיין, וואָס ער מיינט, ער פאַרטראַכט זיך אמאָל, שטעלט אויס א פּאָר גלעזערנע אויגן און שמייכלט. זײַן הילעך און זײַנע אַלע פּאָסטעמקעס זײַנען עפּעס מעשונע. דאָס אַלצדינג באַווײַזט, אַז ער איז העט־העט גאָר פון אן אַנדערער מאַדרייגע, נישט גלאַט א מענטש. אין אים מוז בעוואַדע עפּעס שטעקן, גלאַט פּאָשעט קען עס לעגאַמרע נישט זײַן. ווער ווייסט, עפּשער איז דער בּיניאָמינ גאָר נישט קיין בּיניאָמינ, א קאַ־שע אפ א מײַסע!..

אז בּיניאָמינ און סענדערל זײַנען פאַרסאָפּעט אַרײַנגעקומען אין קלײַזל נאָך דער מײַסע מיט דער יִידענע פון די אייער, איז דאָרט געווען א שרעקלעכער געפּילדער. די סעסיע פון אונדזערע פּאָליטי־קער האָט שטאַרק זיך מעפּאַלפּל געווען מיט איציק פּאַשטן, וואָס ער האָט זיך געריסן אפּן גאָהגל און איטלעכן אריבערגעשריגן.

— נאַט זעט, וואָס שטייט אין יוסיפון, — האָט איציק געשריגן אין איין אָטעמ און געטײַט מיטן פינגער אין א סייפערל, — אין יוסיפון שטייט, אז אַלעקסאַנדער מוקדען האָט געוואָלט גיין צו די קינדער יוינאָדאָוו בען רייכאָוו. איז ער דערגאַנגען ביז צו די האָ־

ריי-כווישעכ, און ער מיט זײַנע גיבוירים האָבן דאָרט נישט געקענט לאַכלוטן גיין, זייערע פיס זײַנען געזונקען אין בלאָטע ביז איבער די קני. מאַכמעס די זון שײַנט דאָרט נישט, איז די ערד אין יענעם אָרט שטאַרק זומפּיק. הײַנט פאַרשטייט איר שוין: אַלעקסאַנדער מוקדען, דער גרויסער אַלעקסאַנדער מוקדען, וואָס איז געפלויגן אַף אַן אָדלער און וואָס איז שוין געווען בא די טירן פונעם גאַניידן, ער האָט נישט געקענט אַריבער די האָריי-כווישעכ, מיקאָלשעקיין אַנײַער פאַרשוין, אַזאַ נעפעש ווי ער! עס וועט אים נישט העלפן דערצו אַפילע כײַקל מיט אַלע זײַנע שפּרינגשינקעס.

— דו גראָבער קאָפּ איינער! — האָט כײַקל זיך צעלאָזט אַף אַ קאָל און געטיטשעט איציקן מיטן גראָבן פינגער. — ווו זײַנען דײַנע אויגן? אדעראַבע, זע טאַקע, וואָס דאָ שטייט ווײַטער. ער זאָגט: אַז אַלעקסאַנדער מוקדען האָט דאָרט געהערט אויפעס, פייגלעך ריידן יעוואָנים. איין פויגל האָט אים געזאָגט בעזע האַלאָשן: דײַן מי איז אומזיסט, ווײַל דו ווילסט קומען אין גאָטס הויז און אין דעם הויז פון זײַנע קנעכט, די בניי אווראָהאָם יִצכאָק וועיאַקאָוו — הײַנט פאַרשטייסטו שוין, גראָבער קאָפּ איינער, פאַרוואָס אַלעקסאַנדער מוקדען האָט אהינצו נישט געקענט גיין?

— מיילע, וואָס וועסטו אָבער טאָן, מײַן גרויסער באַלמויעך, אויב עס קומט נאָר אויס ווי די יעש-אוימרים דאָרט, אַז די אַסערעס-האַשוואָטים מיט די רויטע ייִדלעך, אָדער די בניי-מוישע, ווינען גאָר דאָרט ערגעץ לעבן דעם לאַנד פונעם פּריסטער יאָן? נו, הײַנט לאָז דײַן נעפעש מויכל זײַן געפינען ערגעץ דאָס לאַנד פונעם פּריסטער יאָן! מאָרגן נאָכן קאַלטן קוגל!

— עט, נאַרישקײַטן, איציק! כלעבן, נאַרישקײַטן.

— וואַרט נאָר, וואַרט, מײַן באַלמויעך! עס איז עפּעס נאָך דאָ אַ סאַמבאַטיען אויך! וואָס וועט ער טאָן מיט דעם סאַמבאַטיען, וואָס

ער שלײַדערט אַ גאַנצע װאָך שטײנער? לאָמיר שױן אָנעמען אין דער סװאָרע, אַז ער איז שױן איבער די האַרײַ־בױשעס, ער האָט שױן געפֿונען דאָס לאַנד פֿונעם פּריסטער יאַן. נו, קומט ער צו צום סאַמבאַטיען, טפֿררו! עס רעגנט מיט שטײנער, אומעגלעך צו שטעלן אַ פֿוס, דאָס דאָ װעט דאָך אים נישט העלפֿן אַפֿילו דײַן װיטע. זי זאָל זיך אַפֿילו שטעלן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פֿיס אַרױף.

— הע, הע, דו טשעפּעסט שױן זיך אין װיטען! אָט װוהין דו ביסט פֿאַרקראָכן.

— װאָס איז דאָס אינעמעסן פֿאַר אַ גאַנג, איציק, אומזיסט־אומנישט שפּעטן פֿון די מאַלכיעס, — האָט בערל פּראַגצװיז זיך אַרײַנגעמישט מיט פֿאַרדראָס. — מיר רײדן דאָך איצט פֿון בינײַאָמינען, זידל דיר בינײַאָמינען און מיש ניט אַרײַן די מאַלכיעס, איך בעט דיך!

— פֿאַרװאָס זידלען בינײַאָמינען? — האָט זיך אָנגערופֿן טעװיע מאַק. — בינײַאָמין גײט, דאַכט זיך, אַף אַ דערעך. דורך אים קען ניצמאַך װערן ייִדן אַ ישועה.

— אײַ, מאַק, מאַק! — האָט איציק געמאַכט מיט טאַרומעס און געשאָקלט מיטן קאָפּ. — אַף דיר, מאַקעניו, האָב איך מיך, כלעבן, נישט געריכט, אַז דו זאָלסט האַלטן מיט זײ און מאַכן אַזאַ פּײַרעש פֿון בינײַאָמינען. װאָס האָסטו אין אים אַזױנס דערזען?

— הערט נאָר, איך בעט אײַך, אַ גאַנג פֿון אַ מענטשן: װאָס האָסטו אין אים אַזױנס דערזען?! — האָט שמוליק באָקסער זיך נאָכגעקרימט מיט אַ געשפּעט. — מעשוגע ביסטו הײַנט, איציק, צי װאָס? זײַן אָפּגעלאָזנקײט, זײַן צעטראָגנקײט, זײַן קוקן, זײַן רײדן מיט זײַן גאַנצע באַנעמען באַװײַזן, דאַכט זיך, זײער גוט, װער ער איז אַזױנס. דאָס פּאָנעם איז דער בעסטער שפּיגל. אױב דאָס אַלצדינג איז בײַ דיר קײן באַװײַז נישט, װײס איך שױן ניט, װאָס הײסט בײַ דיר אַזױנס אַ מענטש. אַדעראַבע, איך בעט דיך, אָט איז ער איצט אַלײן אָנגעקומען. קוק אים,

זײַ מויכל, אָן, און זאָג, אויב דו ביסט נישט מעשוגע, טאַקע ריין כּאַ־
סערדייע... איר זעט, עפּעס פּלאַמט אים דאָרט א באַק, און דרײַ געלע
פּאַסקעלעך צינען זיך אים ווי א שײַן אפן פּאָנעם! נו, איציק, וואָס פאַר
א פּאָנעם האָסטו איצט?

איציק איז צוגעגאַנגען נעענטער צו בינימינען, האָט אים אָנגע־
קוקט פון קאָפּ ביז די פיס, אים א שפּײַ געטאָן קימאַט אין פּאָנעם
אַרײַן און איז אוועקגעגאַנגען אין איין קאַס.

פון דעם דאָזיקן שמועס אָן וועגן בינימינען האָט באַקומען די
פּאָליטיקע אַן אַנדער פּאָנעם. שמוליק באָקסער מיט בערל פּראַנצויז
האָבן געשלאָסן בלאַט מיט כײַקלען. וויטע האָט אַרויסגעשיקט אין יאַמ
טויזנט גרויסע אָקרענטן מיט שרעקלעך ווילדע מאַשינעס, דער פעטער
ישמאָעל איז אַריבער דעם פּרוט און נאַפּאָלעאָן האָט געשאָסן מיט
באָמבעס אפ סעוואַסטאָפּאָל, טעוויע מאָק איז געשטאַנען אפ מישקווי־
לעס, נישט אהין נישט אהער, געדרייט מיט דער צונג, נישט צו וויסן,
מישטיינסגעזאָגט, אפ וועלכער וועלט ער איז. און איציק פּאַשטן איז
געבליבן איינער אַליין, ווי אפן וואַסער. ער האָט, נעבעך, געאַרבעט אפ
אַלע קיילים, און שיער נישט געשפּרונגען אַרויס פון דער הויט. א קאַ־
טאָוועס, איינער אַקעגן אַזאַ כּעוויירע! דערפאַר האָט ער זיך פאַרעסן אפ
בינימינען, ער האָט פון יענער צײַט אָן זיך אַלץ צו אים געזוכט און
אים געטאָן אין דער גאַל אַרײַן.

„גאָט איז מײַנע איידעס,— דערציילט בינימין אין איין אָרט, —
אַז איך האָב מיך נישט געמישט אין דער פּאָליטיקע, וואָרעם איינמאָל,
צו וואָס טויג עס? צווייטנס, וואָס געהער זיך עס מיט א ייִדן אָן? פון־
מײַנטוועגן האָט געמעגט זײַן אַזוי אָדער אַזוי, אַלץ גלײַך. סענדערל
מײַנער האָט אין אַזעלכע זאַכענישן זיך אויך, אָסער, נישט געמישט.
און פונדעסטוועגן האָט מיך איציק נישט געלאָזט רוען, איך האָב פון
אים נישט געהאַט קיין טאָג און קיין נאַכט. אַמאָל פלעגט ער מיך אַרומ־

שטעקנ הינטנ מיט פעדערנ, אָדער ווארפנ אפ מיר שטילערהייט א קישעלע, אָדער פארשלײַדערנ ערגעצ מײַנס א שוכ, אז איכ האָב מיר דעמ קאָפּ פאדרייט זוכנדיק. בינ איכ בא דער נאכט אנשלאָפנ געוואָרנ אפ מײַנ געלעגער, פלעגט ער מיט א שטרויעלע מיר קיצלענ די פּיאטעס, אז איכ פלעג אזש אונטערשפּרינגענ, אָדער ער פלעגט מיר לאָזנ א פּאָמפּע אונטער דער נאָז. איכ פלעג זיכ אופכאפּנ נישט-טויט נישט-לעבעדיק אונ קײַכנ, הוסטנ מאכמעס דעמ רויכ עפשער א שאָ קעסיידער, גלײַכ ווי איכ בינ שולדיק געווענ אינ דעמ, וואָס די דרײַ קאָמפּאניעס האָבנ געמאכט יאדאכעס".





### דאָס אכטע קאַפּיטל

## ווי אונדזערע פאַרשוינען זײַנען ארומגעגאנגען איבער די הײַזער

דעם גרעסטן טייל טאָג זײַנען אונדזערע פֿאַרשוינען טאָרעד געווען מיט דער פּאַרנאָסע. זיי האָבן געמאַכט וויזיטן אין די טעטעריווקער הײַזער און האָבן אין א קורצער צײַט קוינע-שעם געווען, אזוי אז מע פּלעגט אף זיי נאָכטײַטן מיט די פינגער און באַגעגענען זיי — דער מיט א גלײַכווערטל, דער מיט א שמייכעלע. אַן אַנדערער אף זייער אָרט וואָלט זיך שטאַרק איבערגענומען פון אזא קאָוועד און צעפּויקט

אומעטום פון זײַן גרויסקײַט, אָן אײַנאָרע, אין דער וועלט, ווי מע האָט זיך געשמאָלצן, פּאָטשעט, אָנקוקנדיק אים, ווי מע האָט זיך געלאָבט מיט איטלעך זײַנס א וואָרט, און מיט וואָס פאר א שמייכעלע מע פלעגט אים אופנעמען און ארויסבאלייטן פון דער טיר. נאָר אונדזערע פאר־שווינגען אָבער זײַנען בא זיך געווען פּראָסטע מענטשעלעך און האָבן פון אַזאַ קאָוועד זיך גאָר נישט געמאכט. ביניאָמין איז געווען פארטראָגן אין זײַנע זאכן, און סענדערלען איז געלעגן אינזינען, די טאָרבע זאָל זײַן פול און אין דער קעשענע זאָל זײַן עטלעכע גראָשן אף הויצאָעס. צי גיסטו מיט א שמייכעלע צי מיט א קרימ — וואָס מאכט עס א ייִדן אויס? אבי גיב.

הײַנט איז פּורים, מאָרגן איז אויס —
גיב מיר א גראָשן און טרײַב מיך ארויס.

אָט דאָס איז דאָס באקאנטע ייִדישע לידל, וואָס שילדערט זייער גוט זייער פּראָסטקײַט, זייער אניוועס, און וואָס סענדערל פלעגט עס, גייענדיק אפן וועג, זייער אָפט שטילערהייט אונטערזינגען.

— א גוט-מאָרגן, גאָט-העלפ! — פלעגט סענדערל זאָגן באם ארײַנ־קומען ערגעץ אין א שטוב, נאָכשלעפנדיק הינטער זיך ביניאָמינען פאר דער פּאָלע. דערנאָך פלעגט ער אים דערלאנגען א שטופּ פאָרויס, אים אײַנרוימען אין אויוער, ער זאָל זיך ניט שעמען און אליין אנידער־שטעלן זיך אין דער זײַט מיט גרוים דערעכערעץ.

ארומגייענדיק אף אזא שטייגער, זײַנען אונדזערע פארשווינען איינ־מאָל ארײַן אין א שטוב, אין וועלכער זיי האָבן געטראָפן עפּעס א יונ־גנמאן טײַנענדיק מיט דעמ באלעבאָס. עס האָט אויסגעזען פון די רייד, ווי דער יונגערמאן גיט דעמ באלעבאָס צו פארשטיין די וויכטיקײַט פון עפּעס אן איניען, וואָס דורך דעמ קלינגט מיט אים איצט די וועלט, ווי ער לויבט זיך פאר אים אָפּ, ווײַזט פּאפּירן און פארלאנגט פון אים

עפּעס א זאַך. נאָר דער באַלעבאָס קרימט זיך אָבער, טײַנעט ווי ער קאָן און צאַפּלט פּאַשעט זיך אויסצודרייען פונעם יונגנמאַנס הענט. דער באַלעבאָס האָט זיך אָנגעכאַפּט אין אונדזערע פאַרשווינען, אַזוי ווי א דערטרונקענער אין א שטרוי. ער האָט געשווינד זיך צוגעלאָזט צו זיי אין דער האַפענונג, עפּשער האָבן זיי צו אים א נייטיק געשעפט און וועלן אים דערוויל באַפרײַען פון דער נויט. נאָר קוים אָבער האָט ער דערהערט, ווער זיי זײַנען און וואָס זיי ווילן, איז ער געבליבן שטיין צעמישט, שטאַרק פאַרוווּנדערט, ווי איינער בעשאַס דאָס אָנשיקעניש טרעט אים פּלוצלים צו פון אַלע זײַטן.

— אָט האָט איר נאָך נויסים! — האָט דער באַלעבאָס זיך אָנגע־רופן נאָך דעם, אַז ער איז צו־זיך געקומען, און זיך געווענדט צו דעם יונגנמאַן.— די דאָזיקע ייִדן, זעט איר, זײַנען אייך נויסים! נאָט אײַך נײַס, נויסים אף אונדזער קאָפּ!

דער יונגערמאַן מיט אונדזערע פאַרשווינען האָבן איינער דעם אַנ־דערן זיך אָנגעקוקט.

— הערסטו,— האָט סענדערל א צי געטאָן בינימינען פאַר דער פּאָלע און אים אײַנגערוימט אין אויער,— מעגלעך, אַז דער דאָזיקער יונגערמאַן וואַנדערוועט אויך אהינצו... ער קען נאָך, כאָלילע, פאַר־לויפן פריִער און אונדז אָפּטאָן אף טערקיש.

— עפּשער זײַנט איר טאַקע אַלע אייער קאָמפּאַניע? — האָט דער באַ־לעבאָס זיך ווײַטער אָנגערופן.

— כאָלילע, כאָלילע! — האָט בינימין מיט סענדערלען ביידע אין איין קאָל געשריגן. מיר גייען באַזונדער, גייען מיר!

— גייט אײַך געזונטערהייט באַזונדער, בא מיר אָבער הייסט איר איין קאָמפּאַניע,— האָט דער באַלעבאָס געזאָגט און אַרויסגענומען א מאַטבייע פון דער קעשענע.

— גיט, זײַט מויכל, אונדז, אונדז גיט — האָט סענדערל געבעטן

און אויסגעשפּרעקט די האַנט, — מיר וועלן שוין דעם יונגנמאַן אַרויס־געבן זײַן ביילעק. קומט, יונגערמאַן, מיר וועלן אײַך אַרויסגעבן. איך האָב מינץ.

אינמיטן דעריגען האָט זיך געעפנט די טיר פון דער קיך, און אַ שרעקלעכער קאָל האָט זיך געלאָזט פון דאָרט הערן מעשונע־ווילד:

— דאָס איז ער, ער! אָט דער, וואָס שטייט לעבן דעם קליינעם דאַרן יינגל. זיי האָבן דערנסטמאָל אויך ביידע זיך אַרומגעשלעפּט. איך האָב אים דערקענט, דעם שיינעם נעפּעש, אין זײַן פּענעטל, אין זײַן געל בערדל, אויסגעצופּט זאָל עס אים ווערן! אין זײַן צעבראָסטעט הער־צעלע, — אַ, פאַרבאָפּט, ריבוינעשעלוילעם, לאָז ער ווערן! לאָז עס מיט אים קויקלען, מאָרדעווען און אויסרינען דאָס מאַרך פון זײַנע טרייפע־נע ביינער... אויסרינען!

— קום, בינימין, אַוועק! — האָט סענדעריל געזאָגט, שלעפּנדיק בינימינען פאַר דער פּאָלע. — אַ רועך אין דער כצופּעס טאַטן אַרײַן! זי האָט נאָך אַלץ צו טאָן מיט די צעבראָכענע אייער!





### דאָס נײַנטע קאַפּיטל

## ווי זכוס־אָוועס האָבנ פאַר אונדזערע פאַרשוינענע זיכ געלייגט



יפצנ אונ קרעכצנ מוז מענ, אז מע לייענט די געשיכטנ פונ די גרויסע באַרימטע קאָפּ-מענטשנ, ווי זיי האָבנ, נעבעכ, געליטנ שטאַרק זייער גאַנצ לעבנ פונ דער וועלט, פאַר וועלכער זיי האָבנ מאַקריװ געווענ זייערע טעג אונ יאָרנ אונ זי באַגליקט מיט זייער נוצלעכע זאַכנ, וואָס זיי האָבנ מיט זייער סייכל דערגאַנגענ. די וועלט איז בעטעווע א קינד, וואָס האָט ליב זיכ צו האַלטנ נאָר אינ דער מאַמעס פאַרטעכ, נישט אָפּצוטרעטנ פונ איר אפ א האָר;

וואָס האָט ליב אלצ די אלטע נארישע מײַסעס, וועלכע די ניאנקעס אונ אלטע באבעס כאזערנ זיי איבער הונדערט מאָל אינ טאָג; וואָס מיינט, אז בעסערס פונ זײַנע שפּילכעלעכ איז טאקע גאָר נישטאָ, אינ דערײַנענ שטעקט די גאנצע כאָכמע, וואָס קענ נאָר זײַנ, אונ אז דער באהעלפער קומט אימ נעמענ אינ כיידער ארײַנ, אויסצולערנענ אימ עפּעס, שרײַט ער גוואלד, גלײַכ ווי מע וואָלט אימ געקוילעט. די וועלט האָט ליב צו לעבנ אזוי ווי זי איז געוווינט, עפּעס א נײַס קומט איר אויס מעשונע־ווילד, זי שרײַט דערויפ מײַסימ אונ זידלט, מאכט מיט דער בלאָטע גלײַכ דעמ, וואָס טראכט אזוינס אויס. ערשט דערנאָכ, אז דאָס נײַס איז שוינ נוילעד געוואָרנ, עס האָט זיכ אײַנגעלעבט אונ ווײַזט באשײַמפּערלעכ ארויס דעמ גרויסנ נוצנ, וואָס אינ אימ ליגט, ערשט דענסטמאָל כאפּט מענ זיכ אינ דעמ שטארק אָנ, מע האָט דערויפ גרויס האנאָע אונ פארגעסט קלאל יענעמ, נעבעכ, וואָס האָט עס מיט נויטשוויס מאמצי געווענ. נאָכ זייער שיינ פונ דער וועלט, אז זי האָט זיכ זײַנער דערמאָנט אימ צו מאכנ באָטשע א מאָלע אונ צו שטעלנ אימ א מאציייווע. מיליאָנענ מענטשנ לעבנ הײַנט גליקלעכ אונ עטעמענ פרײַ אינ אמעריקע, אונ קאָלומבוס בעשאס אימ איז ארײַנ דער געדאנק צו אנטדעקנ אמעריקע האָט, נעבעכ, שטארק געליטנ, די וועלט האָט אימ געהאלטנ פאר מעשוגע אונ אויס אימ כויזעק געמאכט.

דעסגלײַכנ איז אויכ געווענ מיט אונדזער ביניאָמינענ פונ טונעיאדעווקע. נאָר אָנקוקנדיק אימ, האָט מענ אימ געהאלטנ פאר א מעשוגענעמ, אונ, הערנדיק זײַנע רייד איבער דער נעסיע, האָט מענ זיכ געשטיקט פאר געלעכטער, מע האָט מיט אימ געטריבנ קאטאָוועס, איטלעכער האָט מיט אימ געהאט צו טאָנ אונ אויס אימ געמאכט א קאָטער. א נעס, וואָס ביניאָמינ האָט עס אזויפיל נישט פארשטאנענ. זיסט וואָלט ער זיכ פארעסנ, כאסוועשאָלעמ, קראנק געוואָרנ אונ א שפּײַ געטאָנ אפ דער גאנצער נעסיע!

מיר היפּערנ איבער א סאכ זאכנ פונ דעמ אוילעמס האמצאָעלעכ אי-
בער ביניאָמינענ, ביכדיי דאָס זאָל אפּ אונדז אלע נישט פאלנ פאַר קיינ
אייביקנ פלעק אונ דאָס זאָל אונדז נישט זײַנ צו קיינ כאַרפּע, צו קיינ
בושע אינ דער געשיכטע פאַר די שפּעטערדיקע דוירעס. מיר מאכנ זיכ
נישט ווּיסנדיק פונ די אלע זאכנ, כאטע-פּאָקרישקע! אונ נעמענ זיכ ווײַ-
טער צו אונדזער דערציילונג.

„אינ טעטעריוּוקע — זאָגט ביניאָמינ — איז דאָ א גרויסע קעהילע
יידנ, זאָלנ זיכ פרוכפּערנ אונ מערנ. ווער זיי זײַנענ, וואָס פאַר א מינג
מענטשנ זיי זײַנענ אונ פונוואנענ זיי האָבנ זיכ גענומענ, דאָס, פרעגט
זיי בעסער נישט, ווייסנ זיי אליינ נישט, זיי האָבנ נאָר בעקאבאָלע פונ
טאטעס, זיידעס אונ עלטער-זיידעס, אז זיי וואקסנ פונ יידנ, אונ
ווי עס זעט אויס פונ א טייל זייערע מינהאָגימ, פונ זייער האלבאָשע,
פונ זייער לאָשנ אונ פונ זייער האנדל אוקעדוימע, זײַנענ זיי, אפּאָנעמ,
טאקע מעכוּיעוו צו זײַנ יידנ, נאָר צונויפגעלאָפענע, אָפּגעריסענע פונ
פארשיידענע שוואָטימ. וואָרעמ איינער מיט דעמ אנדערנ געהער זיכ
קימאט נישט אָנ, לאָז, אשטייגער, איינער פאלנ, וועט דער אנדערער
אימ נישט אופהייבנ, כאָטש ער זאָל, סאָנע-ציענ, די קאפּאָרע ווערנ, די
מיסע=מעשונע אײַנעמענ דאָ אפנ אָרט...

צווישנ זיי איז דאָ א טייל, וואָס פארשטייענ זייער גוט מאניפארגע-
לאָשנ. מאניפארגע איז פונ דעמ שוירעש מאניפארגיסימוס, דאָס
הייסט: מאני — לאָשנ, פארגי — ציגײַנעריש, מאניפארגע=יידנ קענענ
כאָכמעס-האיאר, קוקנ יענעמ אינ דער האנט ארײַנ אונ ציענ געווינט-
לעכ דערפונ זייער פּארנאָסע. דערצו נאָכ קענענ זיי אנדערע מעלאָכעס,
לעמפּלעכ=מאכערס אונ טאָקערס זײַנענ זיי טאקע איינע אינ דער
וועלט, בידעשנ נאָר מוז מענ זיכ, ווי זיי מאכנ אמאָל יענעמ א לעמפּל
אונ טאָקנ אָפּ זאכנ עפּעס גאָר שעלוי-קעדערעכ-האטעווע. אויכ האָבנ
זיי א מאטאָנע פונ זײַנ ליבנ נאָמענ אָפּצוזאָגנ אמאָל א פּיזמענ, אונ

דאַפקע שטילערהייט, מיט אַזעלכע מינע טנועס, אַזש טרערן שטעלן זיך דורך דעם אין די אויגן, און זיי נעמען דערמיט בײַ יענעם פּאַשעט צו דאָס כּיעס... מע זאָגט, יאַקבי זיי שטאַמען פֿון די ערעווהאַו פֿון דער גרויסע קאַפּטויִרים.

ביכלאַל, זאָגט בינימין, זײַנען די אײַנוווינער דאָרט ערלעכע לײַט, גוטע מענטשן. זיי פּלעגן מיך אויפֿנעמען טאַמער מיט אַ שמייכעלע און מעשונגע האַנאָע האָבן מיט מיר זיך אָפּצוגעבן. מע האָט גע־זען באַשײַמפּערלעך, אַז זיי זײַנען מיט מיר שטאַרק צופֿרידן. איך ווינטש זיי פֿונעם גאַנצן האַרצן, אַז גאָט און לײַט זאָלן פֿון זיי אייביק אויך אַזוי צופֿרידן זײַן. אָמיין!"

אַ כידעש־ניפֿלע, — דערציילט ווײַטער בינימין. — דאָרט אין דער סוויווע באַגעגנט מען אַמאָל פֿאַרשוינען, וואָס זײַנען אַ ביסל ווי כאַ־זערעוואַטע. מע דערקענט עס זיי באַלד אין דעם אָנבליק. אַ טייל זאָגן, אַז דאָס איז אַזאַ פּאַראָדע, ווידער אַ טייל ווילן האָבן, אַז דאָס אָרט איז דערצו מעסוגל. בינימין וויל דערינען נישט מאַכריִע זײַן. דאָס געהער זיך אָן מיט די געלערנטע. זיי זאָלן די זאַך פֿאָרשן און אונדז דער־קלערן אַקוראַט, וואָס דאָס באַטײַט. נאָר ווי די מײַסע איז, זאָגט בינ־יאָמין, אַזוי צי אַזוי, די זאַך אַליין איז קיין נײַס נישט אַף דער וועלט. נאָך דער אַלטער מאַטיסיאָהו דעלעקאַרטי העט־העט אין די פֿריִערדיקע יאָרן ברענגט אין זײַן סיפֿער „צייל־אוילאָם" בעזע־האַלאָשן:

„אין בריטאַניאָ איז דאָ אַ פֿאָלק מיט אַן עק פֿון הינטן, ווי בײַ בעהיימעס. אויך זײַנען נאָך דאָ ווײַבער, הויכע, גרויסע, ווי די ריזן, און זיי זײַנען באַוואַקסן מיט שטשעטינעס (כאַזער־האָר), ווי די כאַ־זײַרים. אין צאָרפֿאַס האָט זיך געוויזן אַ פֿאָלק מיט הערנער. אַף יענע בערג זײַנען דאָ קרומע ווײַבער, און די, וואָס איז מער קרום, איז אַלץ שענער". טאַקע מאַמעש ווי מע באַגעגנט נאָך בײַ אונדז הײַנטיקע צײַטן זייער פֿיל ווײַבער, וואָס קומען אויס קרום, שטאַרק

בוילעט, מעכילע, פון הינטן, מיט א לאנגן עק, וואָס באַמבלט זיך און שלעפּט זיך זיי נאָך אַפ דער ערד. „דאָס, וואָס איז געווען, זאָגט דער פּאָ-סעק, דאָס וועט אויך זיין, און ס'איז נישטאָ קיין נייס אונטער דער זון".

טעטעריווקע — זאָגט בּיניאָמין — איז גרויס, מיט שיינע מויערן און לאנגע גאַסן. אָנקוקנדיק זי באַם ערשטן מאָל, דאַכט זיך אויס, זי לעבּט, עס קאָכט דאָרט און רוישט. נאָר דערנאָך, אַז מע ווערט א ביסל איינגעוווינט, זעט מען, אַז זי איז אין טאָג אַרײַן א מין גרויסע טונעיאדעווקע. די אײַנוווינער דאָרט עסן, לייגן זיך שלאָפן, שטייען אוף ווי געוויינלעך אלע טאָג אין איין צײַט. די צײַט ווערט גערעכנט דאָרט נאָך דעם עסן. פונעם אָנבײַסן, אישטייגער, ביז וואַר-מעס; און פון וואַרמעס ביז וועטשערע. מאכמעס אָנבײַסן, וואַרמעס און וועטשערע זײַנען דרײַ קרעטשמעס אין זייער לעבן, וואָס אהינ־צו גאַרט מען זיך צו דערשלעפּן אַפּ א פּאָפּאָס און עפּעס טאָן נאָך דעם, אַז מע האָט פארבראכט א שטיק צײַט מיט גאָרנישט אין א פוסטן סטעפּ. מע זאָגט, יאקבי טעטעריווקער לופט מאכט בעטעווע פויל, אָפּהענטיק און שלעפעריק. ווען עס פאלט אהינצו ארײַן עפּעס א מענטש מיט א קוראַזש, מיט א ביישעק עפּעס צו ווירקן, נעמט עס אין א קורצער צײַט בא אים צו אי דעם קוראזש אי דעם ביישעק, און עס בלײַבט אים מער נישט איבער ווי דער ביישעק צו עסן, צו שלאָפן און אופצושטיין, ביכדיי ווײַטער צו עסן און צו שלאָפן.

בּיניאָמין האָט דאָרט געזען די סטאנציעס פון די קליינשטעטל-דיקע סבאַרשטשיקעס און פּאָוויערעגעס. אוועקפאָרנדיק פון דער היים, האָבן זיי ארויסגעוויזן קוראזש און שטארקײַט נאָך פיל מער ווי מע באַדאַרף. מע מוז פאָרן, האָבן זיי אלץ געדרונגען און אײַנגעשמועסט דעם אוילעם, מע מוז פאָרן, זיך סטארען, ארבעטן און אײַנלאדעווען מיקויעך דעם געלט פון געוויסע קאָהעלשע היצטארכעס און מיקויעך נאָך אנדערע שטאָטישע זאכן, כּאָטש זייער סטארען זיך, ארבעטן

און טאָג יוענג דעם איז אינגאנצן אן איבעריקע זאַך, טאָקע נאָר ווי א פינפטע ראָד צום וואָגן, ווייל דערויף איז דאָ א סמעטע, און אלצדינג וועט געמאַכט ווערן גאָר אָן זייער הילף. נאָר זיי האָבן אָבער פאָרט באַקומען שטאַרק בײַשעק, עס האָט זיך זיי מעשונע פאַרגלוסט, האָבן זיי געגומען באַם אוילעם געלט פאַר זייערע ווײַבער און קינדער אי פאַר זיך אָפּ הויצאָעס און מאַרש אין וועג אַרײַן אין א גוטער, אין א מאַזלדיקער שאָ. און טעמערויוקע קומענדיק, איז זיי, מײַסע-סאָטן, באַלד פאַרגאַנגען דער בײַשעק,— וויי בעריושקײַט, וועגן בעריושקײַט! האָבן זיך אַנידערגעזעצט אָפּ דער סטאַנציע פויל, אָפּהענטיק, נאָר געגעסן, געבעכן, געטרונקען און געשלאָפן, גלײַך מע האָט זיי א קישעפ אָנגעטאָן. אין דעם צושטאַנד פאַרברענגען זיי, נעבעך, דאָרט זייערע טעג און יאָרן, דער אוילעם שיקט זיי אַלץ צו, אָפּ זייער באַקאָשע, געלט און ווײַטער געלט, און זיי הינען טאָקע אַלץ, געגעצן, עסן, שלאָפן, נעבעך, ווי די פאַרצויבערטע פּרינצן, און ס'איז פּאָשעט אומעגלעך זיי פון דאָרט אַרויסצורײַסן, אפילע קיין באַלשעם און קיין טאָטער קענען דערצו אויך נישט העלפן.

בינאָמינען האָט אָנגענומען א יעיצעהאָרע זיך צו באַקענען מיט די באַרימטע געלערנטע און שריפטשטעלער, וואָס אין טעמערויוקע. עפּעס איז ער דאָך אויך א שפּיקל קענער, א באַקרען, וואָס קוקט אַרײַן אין די קליינע אויסיעלעך אין ווייסט, וואָס איז אַזוינס א יודיישער בקירע-סייפער, פונוואַנען די דאָזיקע לײַט האָבן געשעפּט זייער טוירע, זייער יעדיע אין די שעווא-כאָכמעס. הײַנט ווי שיקט זיך עס, קומען אַהער און זיך נישט זען מיט זײַן סאָרט מענטשן?! כוץ דעם האָט זיך אים געוואָלט טאַקע איבערשמועסן מיט זיי וועגן זײַן נעסיע. אַזעלכע לײַט וועלן אים דאָך פאַרשטיין און קענען אָפּ-שאַצן דעם ווערט זײַנעם. ער האָט געהאָפט, זיי וועלן אים נאָך געבן האַסקאָמעס און אים הייבן ווי אָפּ דרוקעס. זיי האָבן דאָך ליב אַרויס-

צוגיין מיט זייערע האַסקאָמעס אַפֿ קלייניקייטן, שמאָכטעלייען, בי־
פֿראַט נאָך אַפֿ אַזאַ זאַך, אַפֿ אַזאַ ווינציקע זאַך, דאָ וועט דאָך די פּען
זייערע זיך צעלאָזן גאַלאָפּ, גאַלאָפּ ווי אַ פֿערד.

נאָר צו וועלכן פֿון זיי ביניאָמין איז געקומען, האָט ער אים אַלץ
געטראָפֿן — אָדער ער עסט אָדער ער שלאָפֿט! איינמאָל איז אים גע־
ראָטן צו טרעפֿן איינעם פֿון די לייט — אַ ווילדער שרייבער, מעשונע
אַ באַרימטער בעריע — ווי ער איז געזעסן אָנגעלענט אַפֿ אַ באַנק־
בעטל אין אַן אָפּגעזונדערט ביידערל.

— גוט־מאָרגן!..

— גוט־יאָר! וואָס וויל אַ ייִד?

— עט, אַזוי, אַ ביסל שמועסן!

אהין־אהער, עפּעס פּלאַטשיק דער אייסעק. דער בעריע איז עפּעס
ווי צעקראָכן, קוים וואָס ער רירט מיט די ליפּן, די נעשאָמע ליגט
אים אַפֿ דעם שפּיץ נאָז און עס קלעפּן זיך אים די אויגן. ביניאָמין
מינטערט אים, רעדט איבער אים, ווי ער קען, נאָר אומזיסט די מי,
ער איז קאַלט ווי אייז. ערשט דערנאָך האָט ער זיך אַ ביסל אויסגע־
טישוכעט, אַ שטאַרקן געגעץ געטאָן און אַריינגערופֿן דאָס ווייב.

— וואָס וועט מען שוין גיין עסן? — האָט ער זי אַ פֿרעג געגעבן
און אויסגעקנאַקט די ביינער מיט אַ געשמאַקן געגעץ.

— לאָז מען שוין געבן עסן, וואָרעם איך וויל, — האָט ער גע־
זאָגט, — איך וויל אַ ביסל צולייגן מיך שלאָפֿן...

האַקלאַל, טעטעריווקע איז אַ גוטע ספּאַלניע, אַלצדינג שלאָפֿט
דאָרט רויק, אי דאָס געלערנטקייט, אי דער האַנדל, אי די בענק, אי
די פּראָצעסן (לאַדעניישן) און אַלע מינע געשעפֿטן. ווי מע זאָל זיי
נישט פּרוּוון וועקן, קען מען זיי אַלץ נישט דערוועקן. אַפֿילע ווען
עטלעכע מענטשן פֿאַרקלייבן זיך אַמאָל איניינעם, נעמט זיי באַלד
אָפּ דאָס לאָשן, זיצן, געגעצן און קוקן איינער דעם אַנדערן אָן ווי

די גווילעמס, אונ די גאנצע געזעלשאפט ווערט אנשלאָפנ. ערשט ווענ מע דערלאנגט די וועטשערע, רירט זיכ אינ זיי אנ אייווער, זיי ווערנ לעבעדיק, נעמענ זיכ געשמאק צו דער אכילע, עסנ אָפ — אונ א גוטע-נאכט! זיי גייענ אהיימ שלאָפנ...

אונדזער ביניאָמינ האָט עס געפילט שפעטער אפ זיכ אליינ. ער האָט דערנאָכ אינ טעטעריווקע נישט מער געטאָנ ווי געגעסנ אונ גע-שלאָפנ, אונ דער ביישעק פונ דער נעסיִע איז אימ עפעס ווי פארגאנ-גענ. ער איז געווענ אינ א גרויסער סאקאָנע פארפאלנ צו ווערנ דאָרט, אזוי ווי א שיפ, וואָס כאפט זיכ ארײַנ אינ דעמ שטילנ יאמ, אונ אָפ-שלאָפנ דאָרט זײַנ לעבנ ביז אצינד, — ווענ מיט אימ זאָל זיכ נישט געווענ מאכנ א מײַסע, וואָס האָט, ווי א שטורעמווינט, אפ זײַנ גליק אונ אפ דער וועלטס גליק, אימ מיט גוואלד ארויסגעטריבנ פונדאנענ ווײַטער צו זײַנ נעסיִע.

די סינע פונ איציק פאשטנ צו ביניאָמינענ האָט וואָס א טאָג אלץ מער געוואקסנ. ער האָט די לעצטע צײַט ווי א זלידניע זיכ ארײַנגע-געסנ אינ ביניאָמינענ אונ זיכ גענומענ שטארק מעפאלפל צו זײַנ מיט אימ איבער זײַנ נעסיִע, אימ ליוגנ שטיינער אפנ הארצנ, אז דענסט-מאָל, ווענ דאָ אפ דער דאָלאָניע וועט וואקסנ האָר, וועט ער קומענ צומ סאמבאטיענ, אונ זענ די רויטע יידלעכ, ווי ער זעט זײַנ אויער.

ביניאָמינ אָבער האָט זיכ נישט געלאָזט שפײַענ אינ דער קאשע אונ ארויסגעדרונגענ, אז ס'איז דאָ אינ דער וועלט א בורע, וואָס פארלאָזט נישט די, וואָס האָבנ אינ אימ א ביטאָכנ. נישקאָשע, ער וועט, אימירצעשעמ, מיט גאָטס קויעכ דערגיינ אהינצו, סאָנימ אפ צעשפרינגעניש. אונ אז ביניאָמינענ פלעגט טײַנענדיק זיכ צעשפילנ די געבליטנ, פלעגט ער ווערנ פלאמ-פײַער אונ אינ דער מיט שמועס ארײַנווארפנ אפ א קאָל: פיפערנאָטער, לינדענוואָרעמ, אייזל, מויל-אייזל אוקעדוימע! דאָס האָט געהייסנ אזויפיל ווי: בילט אפ די ציינ,

אָט בין איך שוין העט-ווײַט, אָט בין איך שוין דאָרט אין דער מיד־בער, און גיי און גיי און גיי!..

איציק פלעגט דרײַ מאָל אויסשפּײַען און זאָגן: ער איז פּאָשעט מעשוגע, כאַסעדרייע, מע באַדאַרף אים פירן צום טאַטער. און האָט צום סאָף אַזוי ווײַט געבראַכט, אַז קוים האָט ביניאָמין זיך געוויזן אַף דער גאַס, זײַנען אים ווײַסע-כעוורע נאָכגעלאָפן, ווי נאָך אַ מעשו-גענעם, מיט שטיינער, אים געמאַכט אַ הורא און געשריגן: פּיפּערנאָ-טער, לינדענוואָרעם!

איינמאָל, אַז ביניאָמין מיט סענדערלען זײַנען פאַרנאַכט געגאַנ-גען ביידע אין גאַס, איז כעוורע זיי באַפאַלן ווי די היישעריקן און זיי שטאַרק דעקוטשעט, אַזוי אַז זיי האָבן געמוזט אַנטלויפן מיט הינטערגעסלעך. אין איינעם פון די ענגע געסלעך האָבן זיי, לויפנדיק באַרג־אַראָפּ איבער אַ לאַנגער, שמאָלער קלאַדקע, זיך באַגעגנט דאָרט סאַמע אַף דער מיט מיט אַ מענטשן, וואָס איז זיי געקומען אַקעגן. אויסמײַדן זיך דאָרט איז נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט, סײַדן אַראָפּשפּרינגען און צעשלאָגן דעם קאָפּ, אָדער ווייניקסטנס זיך אויס-ברעכן אַ פוס. די ביידע זאַכן אָבער האָבן אונדזערע פאַרשוינען באַדאַרפט האָבן נייטיק אין לעבן אַרײַן. אָן אַ קאָפּ אָדער אָן אַ פוס וואָלט דאָך קיין סוואָרע נישט געווען צו מאַכן זייער נעסיִע. און ביניאָמין מיט סענדערלען זײַנען געבליבן שטיין מיט אַראָפּגעלאָזענע נעזער.

— אַ-אַ, שאָלעם-אַליכעם, ביניאָמין!—האָט יענער פאַרשוין, וואָס איז געקומען אַקעגן, אַ זאָג געגעבן מיט אַ פאַרדראָס אי מיט אַ געלעכ-טער אינאיינעם. — אַ גוטע באַגעגעניש, כלעבן, אַזוי ווי געוווּנטשן!

—שאָלעם־אַליכעם, אַליכעם־שאָלעם, רעב אײַזיק־דאָוויד! — האָט ביניאָמין געענטפערט נישט מיט זײַן קאָל שטאַרק צעמישט.

דער דאָזיקער פאַרשוין איז געווען רעב אײַזיק-דאָוויד רעב אַרנ-יאָסעלעס סאָרע-זלאַטעס, דער כאַבעם פון טונעיאַדעווקע.

— שיינע מענטשן! — האָט רעב אײַזיק־דאָוויד געמאַכט מיט טאַ־
רומעס. — מע פֿאָרט אוועק פֿון דער היים ביגנייווע, גלאַט אוועק,
פֿאַר וואָס, פֿאַר ווען? ווייס איך? אַלצדינג מוז דאָך זײַן עפּעס מיט
אַ גאַנג, מיט אַ דערעך־האַטעווע. וואָס הייסט גלאַט אוועק און מאַכן
ווײַבער, נעבעך, אָן אַ שום גאַנג פֿאַר וויסטע אַגונעס, מאַכן ווײַ־
בער! ווייס איך? סטײַטש, אַדעראַבע, שוין אוועקגעשטעלט אַלצדינג
אין דער זײַט, פֿרעג איך אײַך נישט מער, נאָכאַמאָל טאַקע, אַדעראַ־
בע, סטײַטש, סטײַטש?! פֿאַרקערט, זאָגט, וואָס טוט איר דאָ? איך
מיין טאַקע דיך אויך, סענדערל. נישקאָשע, איך זע דיך ווי דו שטייסט
פֿון היגטן. דײַן ווײַב, סענדערל, וועט דיר, נישקאָשע, געבן, גוט מע־
כאַבעד זײַן וועט זי דיך, דײַן ווײַב. ווי אַ הערינג, אַזוי אין קאָס איז
זי, וואָלט זי דיך צעריסן, דײַן ווײַב. דאָס האַרץ אָבער האָט איר
געזאָגט, אַז דאָ מוזט איר אוואַדע זײַן, האָט איר געזאָגט דאָס האַרץ,
דײַן ווײַב, און זי האָט געוואָלט, נישט אַנדערש פֿאָרן נאָך אַהער,
האָט זי געוואָלט, נאָך מיט מיר, דײַן ווײַב.
— האַ, ער איז דאָ! — האָט אַ געשריי געטאָן אַ ייִדענע, וואָס
איז אָנגעקומען פֿון הינטן צו רעב אײַזיק־דאָווידן.
סענדערל האָט אין קאָפּ דערקענט זײַן באַבערטע. ער איז געוואָרן
טויט ווי די וואַנט און געבליבן אָן אַ נעשאָמע פֿאַר שרעק. ער האָט
מיט ביידע הענט זיך אָנגעכאַפּט אין ביניאָמינס פּאָלע, ער זאָל נישט
אַראָפּפֿאַלן פֿון דער קלאַדקע, אַזוי האָט אים זיך דער קאָפּ פֿאַר־
דרייט. עס האָט אים זיך געדאַכט, אָט נעמט אים שוין אָן זײַן ווײַב
און פּעטש שיטן זיך אים ווי האָלץ.
— קוקט נאָר אָן די נעפֿאַשעס, די שיינע נעפֿאַשעס. אָ, די קאַ־
פּאָרע זאָלן זיי ביידע ווערן! האַ, וווּ איז ער דאָרט ערגעץ, מײַן
יומאַכשמויניק? לאָזט מיך נאָך צו אים צו אַ ביסל, לאָזט מיך, איך
וועל אים ווײַזן, וואָס פֿאַר אַ גאָט מיר האָבן!

אזוי האָט אינ איינ אָטעמ געשריגנ סענדערלס ווײַב אונ געשטופּט רעב אײַזיק-דאָווידנ.

— גאָר אָנ געשריי, אָנ ראַש, — האָט רעב אײַזיק-דאָוויד זי געבעטנ, — האָט נאָר צײַט. אז איר האָט אזויפיל געוואַרט, וואַרט זשע נאָכ א ביסל. קיינ אגונע, מיט גאָטס הילפ, וועט איר דאָכ שוינ קיינ אגונע נישט זײַנ. אונ ווײַטער, ווי זאָגט מענ עפּעס, האַ? אויכ די אייגענע מײַסע, א ייִדענע בלײַבט טאקע א ייִדענע. דאכט זיכ, א קלוגע, אונ פאַרט א ייִדענע. לאָמיר שמועסנ די אייגענע זאכ פאַרקערט. מיילע, מאַ ראַש? ס'איז נישט מער, גלאַט פאַרדראָסיק: גלאַט אוועק, פאַר וואָס, פאַר ווענ? אלצדינג מוז דאָכ זײַנ עפּעס מיט א גאַנג, פאַרשטייט איר מיכ? נאָר אז ס'איז שוינ אזוי, איז דאָכ שוינ טאקע אזוי, הײַנט וויבאלד ס'איז אזוי, איז דאָכ טאקע די קאַשע: צו וואָס נאָכ שרײַענ? דער טערעצ איז אָבער, איכ בעט אײַכ איבער ווי אַנ אייגענע מוטער: א ייִדענע, מעבילע, בלײַבט טאקע א ייִדענע.

רעב אײַזיק-דאָוויד האָט זיכ ערשט צעוויגט אונ געוואָלט, ווי זײַנ שטייגער איז, דעמ שמועס זײַנעמ איבערשמועסנ ווידער פאַרקערט, דערנאָכ ווײַטער-אמאָל פאַרקערט, אונ ארײַנגעבנ דערינענ א ביסל פעפער מיט ציבעלע. נאָר פונ ביידע זײַטנ קלאָדקע זײַנענ געשטאַנענ א סאַכ מענטשנ, וואָס זײַנענ דערווײַל אָנגעקומענ. זיי האָבנ פונדערווײַטנ זיכ שטאַרק געבייזערט דערופ, וואָס ייִדנ האָבנ זיכ אוועקגעשטעלט דאָ שמועסנ, גלײַכ ווי עס גייט זיי נישט אָנ די גאַנצע וועלט, אונ לאָזנ קיינעמ נישט אריבערגייִנ.

די קלאָדקע איז אזוי שמאָל געווענ, אז צוויי מענטשנ האָבנ דאָרט זיכ נישט געקענט מײַדנ. די, וואָס פונ איינ זײַט, האָבנ טאָמער געמוזט וואַרטנ, ביז יענע פונ דער אנדערער זײַט וועלנ פריִער אריבער. דעריבער האָט סענדערלס ווײַב מיט רעב אײַזיק-דאָווידנ געמוזט צוריק גייִנ צו יענער זײַט קלאָדקע, פונוואַנענ זיי זײַנענ אָנגע-

קומען. דעסגלײַכן סענדערל מיט בִּיניאָמינען האָבן אויך צוריקגע־קערט זיך צו דער אַנדערער זײַט, און ערשט דערנאָך האָט, פֿון דער דאָזיקער זײַט טאַקע, דער אוילעם אָנגעהויבן איבערצוגיין די קלאַדקע.

— איך בעט דיך, סענדערל, וואָס שטייען מיר דאָ אַזוי און וואַרטן? — האָט זיך אָנגערופֿן בִּיניאָמין, וואָס איז פֿריִער צו־זיך געקומען. — עפּעס שטייען מיר דאָ, אַזוי גלײַך ווי מע בינדט צו אַ יִנגל מיט איין עק פּאָדעם אין מויל און מיט דעם אַנדערן צום פֿיסל פֿון טיש. נאַרעלע, איצט האָבן מיר צײַט ניצל צו ווערן.

— גערעכט, ווי איך בין אַ ייִד! — האָט סענדערל אַ זאָג געטאָן פֿריילעך, ווי איינער, וואָס רײַסט זיך אַרויס פֿון דער קלעם. — גיכער, גיכער, בִּיניאָמין! אויב דו ווילסט, איך זאָל נישט אַרײַנפֿאַלן אין זײַנע הענט. דאָס איז נישט קיין קלאַדקע, נאָר זכות־אָבֿות האָבן דאָ פֿאַר אונדז זיך געלייגט...

אונדזערע פֿאַרשוינען האָבן געמאַכט געשווינד אַ פּלייטע, און אין עטלעכע מינוט זײַנען זיי שוין געווען ווײַט ערגעץ אין אַן אַנדער עק שטאָט. זיי האָבן נישט געמאַכט לאַנג שיִעס, פֿאַרנומען באַלד זייערע פּעקלעך און זיך געזעגנט מיט טעטעריווקע.





דאָס צענטע קאפּיטל

## הורא, רויטע ייִדלעכ!

הי, וויאָ, וויאָ! — האָט אפ דער קעלניע פונ א בויד הייזעריק געשריגנ א שמײַסער אונ איז שיר מיטנ דישל נישט ארופגעפאָרנ אפ צוויי ווײַבלעכ, וואָס זײַנענ געשטאנענ אינ דער מיט גאס, סאמע די לעבעדיקסטע פונ גלופסקער גאסנ, ביידע מיט טאָרבעלעכ שפּײַז: פלייש, רעטעכלעכ, ציבעלע, קנאָבל אונטערנ אָרעמ, אונ האָבנ איינע דער אנדערער איינגערוימט סוידעס אי אויסגעגאָסנ דאָס הארצ, שרײַענדיק אפ א קעלכל, אז מע האָט אימ געקענט הערנ ווײַט פאר א מײַל.

די ווײַבלעכ זײַנענ אינמיטנ שמועס זיכ צעלאָפנ, איטלעכע אינ אנ אנדער זײַט גאַס, אונ זיכ געשטעלט פונדערווײַטנס צו ענדיקנ זייער שמועס, אריבערשרײַענדיק מיט א ניגנ איבער בוידנ, דראָש־קעס, טעליגעס אונ פורלעכ האָלצ, וואָס האָבנ זיכ געצויגנ אײנער הינטער דער אנדערער אינ א גאַנצ לאַנגער שורע, אזוי אז א היפּשע צײַט איז ריינ אומעגלעכ געווענ די גאַס איבערצוגיינ.

— באַסיע־ביילע! נו, וועסטו הײַנט בא דער נאַכט קומענ אהינ־צו — צו דער קאָרטנוואַרפערנ? איכ וועל דאָרט זײַנ מיט מײַנעמ... דײַנער וועט אויכ אהינצו קומענ, ער האָט מיכ געבעטנ, איכ זאָל דיר זאָגנ, עס וועט דאָרט זײַנ פריילעכ. קומ, נארעלע, וועסט, כלעבנ, האַנאָע האָבנ! נו, באַסיע־ביילע, וועסטו קומענ?

— מײַנ באַלעבאָסטע, ברענענ זאָל זי, וויל מיכ הײַנט מעכאַבער זײַנ מיט האָשטשינענ ברויט אונ איבערײַבנ גרײַפּלעכ. איכ וועל מיכ אָבער אויסדרייענ אונ קומענ. נאָר איכ בעט דיכ, דאָבריש, לאָז עס זײַנ בעסאָד, זאָג נישט קײנעמ!

— וואַרט נאָר, באַסיע־ביילע, וואַרט! דער רועכ וועט דײַנ באַ־לעבאָסטע נישט נעמענ, אז דער וואַרמעס וועט שפּעטער מיט א שאָ אַרויסקומענ. זי וויל פרעסנ? נו, לאָז זי עסנ ווערעמ, קרענק! איכ האָב גאָר פאַרגעסנ, באַסיע־ביילע! זיפּ נישט איבער אזוי די מעל. די מיטשניטשקע איז גוט צופרידנ פונ דײַנע קלײַענ. וויפל איז דיר געבליבנ הײַנט פונעמ אָנקויפנ?

— שייגעצ, שייגעצ! כאַפּט אימ נאָר, דעמ שייגעצ! וואָס איז עס פאַר א מאָדע כאַפּנ? א, פאַרכאַפּט זאָל ער ווערנ!

— וואָס איז דאָרט, באַסיע־ביילע? וואָס שרײַסטו אזוי?

— א קאַרמאַנשטשיק, דאָבריש! ער האָט בא מיר שיר־שיר נישט אַרויסגעשלעפּט דאָס טאָרבעלע שפּײַז פונ אונטערנ אָרעמ. א מאַראָכע, וואָס איכ האָב באַצײַטנס מיכ אַרומגעקוקט.

— זע נאָר, זע, כאַסיע־ביילע! וואָס איז דאָרט אזא צונויפלויפעניש? עס מוז שוין ווײַטער ערגעץ ברענען. ס'איז שוין הײַנט די צווייטע סריפע. ביז נאכט קען זײַן נאָך עטלעכע סרייפעס.

— מע הערט נישט קלינגען, דאָבריש. א סרייפע וואָלט מען דאָך געקלונגען.

— ישא, אָט גייט די מעקלערן. איך וועל זי א פרעג טאָן. סימע-דוואָסיע! סימע־דוואָסיע! וואָס לויפט מען דאָרט עפּעס אזוי?

— איך ווייס נישט, קיין צאר! עפּשער ווייסט נעכאמע־גיסע. נעכאמע-גיסע! וואָס איז דאָרט פאר א רעדל, סערדצע? אײַערע קאטשקעס שרײַען עפּעס, אז מע הערט נישט וואָס מע רעדט. האָדל איז הײַנט געלעגן געוואָרן, זי וועט בא אײַך צונעמען די קאטשקעס. הינער האָט איר אויך? זייער פעטע קאטשקעס! אייער איז הײַנט נישט געווען זיך צו דערקויפן. וואָס איז דאָרט אזא מעהומע?

— ווייס איך? עפּעס רויטע יידלעך. עפּעס האָב איך געהערט שרײַענדיק: רויטע יידלעך.

— וואָס, עס זײַנען אָנגעקומען רויטע יידלעך? אײַ־אײַ-אײַ! מע מוז דאָך גיין אָנקוקן אפ בידוישים, — האָבן אלע מיטאמאָל א געשריי געטאָן און זיך געלאָזט לויפן הענדום־פּענדום צום רעדל מענטשן.

— הורא, פּיפּערנאָטער, לינדענוואָרעם! הורא, רויטע יידלעך! — האָבן צווישן דעם רעדל מענטשן געשריִען א גאנצע כאָפּטע ווײַסע־בעווורע.

די דאָזיקע רויטע יידלעך — דאָס זײַנען געווען אונדזערע פּאר-שוינען, בינימין מיט סענדערלען, וואָס אין א קורצער צײַט נאָך יענער מײַסע, וועלכע עס האָט מיט זיי זיך געטראָפן אפ דער קלאַדקע, זײַנען זיי אָנגעקומען קיין גלופּסק און האָבן דאָרט בעמצישעם פון א פּאָר וואָכן שטארק קוינע־שעמ געווען. עס האָבן זיך געפינען

א סאך ערלעכע ייִדן, וואָס האָבן פון זיי פּאָשעט אָנגעקוואָלן, מאַ־מעיש אזוי ווי פון דעם שוסטערל, וואָס ער איז אין יענער צײַט דורך זײַנע מאָפּסים אין גלופּסק פלוצלים ניסגאלע געוואָרן.

טאָלצע און טרײַנע, צוויי געוויסע אַלטע ייִדענעס, קאָשערע נע־שאָמעס, וואָס פלעגן, ווי איטלעכן איז באקאַנט, אַלע טאָג פאַר־נאכט שאבעסדיק זיך אָנטאָן מיט דער יופּע אי מיט דעם שטערנ־טיכל און ארויסגיין אונטער דער שטאָט באגעגענען מאָשיִעכן, אָט זיי זײַנען דאָס געווען די גליקלעכע אין איינ פארנאכט צו ווסטרענ־ציען אף יענער זײַט ראַגאטקע אונדזערע פּארשוינען באם אָנקומען זייערן פון טעטעריווקע און אין א גוטע שאָ ארײַנצופירן זיי אין גלופּסק. באלד טאקע בא דעם ערשטן באגעגעניש האָבן שוין דיביידע יופּעס זיך דערוווּסט אַלצדינג, ווען גאָט האָט זיי דאָ באַ־שערט, טאָלצע מיט טרײַנען האָבן פארוווּנדערט זיך אָנגעקוקט, איי־נע די אנדערע זיך געשטאָרבעט: — נו, טרײַנע? — נו, טאָלצע? — האָבן זיי זיך געשושקעט: — דאָס האַרץ אָבער האָט אונדז גלײַך געזאָגט, אַז דאָס זײַנען עפּעס ניט גלאַט קיין מענטשן. טאָלצע און טרײַנע האָבן זיך געשמאָלצן אין אונדזערע פּארשוינען. זיי זײַנען עפּעס ווי ייִנגער געוואָרן, עס האָט זיי זיך געפרייט דאָס האַרץ הערנ־דיק פון דער נעסיע, זיי האָבן געקוקט אף זייערע באַשערטע און זיך אַלץ געשטורכעט מיט א שמייכעלע: — נו, טרײַנע? — נו, טאָל־צע?.. טאָלצע האָט זיי אונטערגעארבעט זאָקן, טרײַנע האָט זיי פאַר־לאַטעט העמדער, צוגעניית בענדלעך, און זײַנען געווען גליקלעך, אי־בערגליקלעך, אקוראַט ווי קאַלעווײַז, אמאָל אין די יונגע יאָרן. האַק־לאָל, אונדזערע פּארשוינען האָבן אין גלופּסק אף זיך געפונען מע־ווינים. אַזעלכע לײַט, ווי זיי, קען טאקע נאָר איינ גלופּסק שאצן און פארשטיין זייער טײַערן ווערט.

אהינ, אינ גלופּסק אַרײַן, איר, ייִדישע קינדער! וואָס וואלגערט

איר זיך, נעפּאַשעס, שיינע מענטשן, און ווערט ווי באַטלאָגים פאַר־פאַלן אין די קליינע שטעטלעך אונטערן אויוון?! אין גלופּסק אַריין, צו אַלדי שווארצע יאָר! דאָרט וועט איר געפינען אײַער גלײַכן, דאָרט וואַרטן אַפּ אײַך אײַערע טאַלצעס, אײַערע טרײַנעס און טויזנטער ערלעכע יידן און קאַשערע נעשאָמעס, דאָרט קענט איר וואַקסן, דאָרט קענט איר אויפגעריכט ווערן, דאָרט קענט איר געפעלן, שטאַרק גילטן, אַ פּאָנעם האָבן און ערשט לעבן!..

אין גלופּסק, אַ רועך אין אײַער טאַטנ אַרײַן!

אָט וויאַזוי אונדזער ביניאָמין שילדערט די שטאָט גלופּסק:

„אַז איר קומט אָן קיין גלופּסק דורך דער טעטעריווקער גאַס, זאָלט איר מויכל זײַן איבערשפּרינגען דאָרט איין בלאָטע, ווײַטער אַ ביסל די צווייטע, נאָך ווײַטער אַ ביסל די דריטע, סאַמע די גרעסטע, וואָס אַהינצו לויפן אַרײַן, מעכילע, רינשטעקלעך אי באַלעבאַטישע פּאָמויניצעס און ברענגען מיט זיך אָן פון קאַלטוּוו, איטלעכן טאָג עפּעס אַן אַנדער מין סכוירע, אַנדערע סאָרטן כפייציִם פון אַלערליי קאָלירן און פאַרשיידענע מינע רייכעס, ווי עס פּאַסט צום איניען. און דורך דעם איז זייער גרינג צו טרעפן דעם טאָג. גיסן זיך אַהין, אַשטייגער, געלע לוזשקעלעך פון זאַמד, מיט וועלכן מע וואַשט די פּאָלן, און טראָגן מיט זיך אָן ליסקעס פון פיש, דרויב־פּיסלעך, קעפּ־לעך פון הינער, אַ ביסל האָר מיט פאַרברענטע שטיקלעך קאָפּיטעס — זאָלט איר האָבן אַ סימען: הײַנט איז פרײַטיק, נעמט אַ בעזעם מיט אַ ראַשקע און לויפט, זײַט מויכל, אין מערכעצ אַרײַן. טראָגן זיך אַהינצו אָן שאָלעכץ פון אייער, פון ציבעלעס, פון רעטעך, סובע־זשילעס פון לעבער מיט עקן פון הערינג און גרויסע אויסגעהוילטע מאַרכביינער, — אַהאַ! גוט־שאַבעס אײַך, יידישע קינדער! זאָל אײַך וווּיל באַקומען נאָכן קוגל. זעט איר אָבער די רינשטעקלעך קוים־קוים וואָס זיי רירן זיך, עס שלעפּן זיך דאָרט פאַרברענטע שטיקלעך קאַ־

שע, פארדארטע שטיקלעכ מייג, א צעריסענע שמאטע מיט א צעפּאלענעמ וויכעטש, איז א סימענ: דאָס איז היינט זונטיק. דער וואסערפירער האָט נאָכ נישט געבראכט קיינ וואסער, קוימ וואָס מע האָט אויסגעזויגנ א ביסל פונ דער פאס אפ אויסצוואשנ ווי ס'איז כאָטש די טשאָלנט־טעפּ מיט די מאקערטעס. אונ אזוי אינ אלע איבעריקע טעג פונ דער וואָכ האָט איטלעכע לווישע איר באזונדער פּאָנעמ, איר באזונדער געשטאלט מיט איר באזונדער רייעכ.

אונ אז איר זיינט בעשאָלעמ איבערגעקומענ אי די דאָזיקע בלאָטע אויכ, וועט איר, ראבויסימ, גיינ פארביי א היפּשנ בערגל מיסט. דאָס איז אנ איבערגעבליבענער זייכער פונ אנ אפּגעברענט הייזל, וואָס אויבנ שטייט געוויינטלעכ א בעהיימע, גלייכ ווי א קעלביקער מאגיה, איז גאנצ רויק זיכ מאלעגיירע, מאכט מיט דעמ מויל אונ קוקט טאמעוואטע אפ דעמ גאנצנ אוילעמ יידנ, וואָס לויפנ אונטנ, ווי די פארסאמטע, מיט אלערהאנט שטעקנס, שטעקלעכ אי פּאראסאָנענ, מיט דערביי אמאָל א כאָפּע, אָדער א קוישנ זיפּצ, טאקע נאָר גלייכ ווי זי וואָלט געזיפצט אונ געקרעכצט, מישטיינסגעזאָגט, אפ דעמ דאָזיקנ אוילעמ, אויכ אפ איר שלימאזל, וואָס זי איז, נעבעכ, אריינגעפאלנ אינ יידישע הענט... איבערקומענדיק אי דעמ בערגל, וועט איר גיינ גלייכ, גלייכ, אלצ גלייכ. עפּשער וועט איר, לוי יאאלע וועלוי יאָווי, זיכ א זעצ געבנ אינ די שפּיצעכדיקע שטיינער פונעמ ברוק, וואָס ליגנ צעזייט, צעשפּרייט, מעשונע־ווילד, אונ, כאסוועשאָלעמ, פאלנ, זאָלט איר מויכל זיינ אופשטיינ, אויב איר וועט קענענ, אונ אלצ טאקע גיינ, גיינ, בעזמ איר האָט נישט אויסגעבראָכנ קיינ פוס, כאָליל, ביז איר וועט קומענ אפ עפּעס א מינ פּלאצ. דאָרט אפ דעמ פּלאצ וועט איר געפינענ דעמ טאמציס פונ גלופּסק.

אונ ווענ ס'איז נאָר א סיוואָרע טעטערייוקער גאס אָנצורופנ דער מ אָ ג נ פונ גלופּסק, קענ מענ נאָכדעמ שיינ מיט רעכט זאָגנ, אז דער־

דאָזיקער פּלאַצ איז איר ה א ר צ, וואָס דאָרט קלאַפּט זיכ טאָמעד, טאָג אי נאַכט, אונ וואָס דאָרט איז איר כוּעס, דאָס גאַנצע לעבנ. דאָרט שטייענ קלייטנ, קלייטעלעכ, שאַפּקעס אונ די באַקאַנטע גנייווע-שאַפּקעלעכ, ווו באַלמעלאָכעס זעצנ דאָרט אַפּ דעמ יאַטער — שטיקלעכ מאַטעריע, טאַסמעס, בענדלעכ, סאַמעט אונ שטיקלעכ פּעלצ. דאָרט רודעווע זיכ זייער שטאַרק. עס שוויבלט אונ גריבלט, א געדיכטער אוילעמ, אָנ אָנוּנאָרע: ייִדנ שטופּנ זיכ אונ כאַפּנ, נעבעכ, פונ איט-לעכער זײַט דיישלעס, פונ טעליגעס אונ פּאַרקעס. דאָקטוירימ זאָגנ, באַשער אז מע פּאַלמעסט א גלופּסקער ייִדנ, געפינט מענ דאָסראָזו בא אימ אינ לײַב שטעקט א דיישל. נאָר אַפּ גלופּסקער דאָקטוירימ קענ מענ זיכ נאָכ נישט סוימעכ זײַנ. די רופֿימ שפּילנ דאָרט א סאַכ א גרעסערע ראָליע. דאָרט הערט מענ טאָמעד א קאָל: הייסע באַבקעס, ייִדעלעכ! אהער, הייסע רעטשאַניקעס, קנאָבל, ציבעלעס, ייִדישע קינ-דער! פונ אָפּגעריסענע ייִנגעלעכ, וואָס גייענ אַרומ אונ שרײַענ מיט עפּעס א מעשונע ניגנ. דאָרט כאַפּט מענ אַמאָל פאַרנאַכט א דאַוונ, מענ איז מעכאַדעש גאַנצ הויכ די לעוואָנע אונ מע שרײַט דערבײַ צו איטלעכנ, וואָס גייט נאָר פאַרבײַ: שאָלעמ-אַליכעמ, פּעטער! דאָרט שטייענ טרעגערס אַרומגעגאַרטלט מיט גראָבע שטריק, אָפּסטאַוונע סאָלדאַטנ מיט אַלטע כאָלעוועס אונ אויסגעריבענע שינעלנ, טאַנ-דעטניקעס מיט אַלטע טאַכטוינימ, קאַפּטנס, לײַבלעכ אונ נאָכ אַלערליי שמאַטעס. אינמיטנ שטייט דער פּאַני סטאַראָזש אונ עסט געשמאַק א שטיק ייִדישנ קוילעטש, וואָס ער באַקומט שאַבעס פאַר די ליכט אָפּשנײַצנ, אונ היט זיכ, לעהאַוודל, ווי א שמורעניק, בעשאַס ער גייט א ביס, עס זאָל, כאָלילע, קיינ ברעקל נישט אַראָפּפאַלנ. קאַרמאַנ-שטשיקעס דרייענ זיכ דאָרט אַרומ צו מאַכנ די קונצ. עפּעס א פאַר-שמירט מיידל מיט צעשויבערטע צעפּאַמלטע האָר שפּרינגט פּלוצלימ פונ דער העלער הויט אַרויס, רעוועט, בעט א נעדאָווע אַפּ א צערי-

פּעטנ קאָל, כאַפּט אָנ פאַר דער פּאָלע אונ שרײַט, כאָרכלט װײנענ־
דיק, גלײַכ װי איר װאָלט זי געקװילעט אונ צוגענומענ בא איר געלט.
א פּעקל װײַסע־כעװרע לױפּט דאָרט מיט א הורא נאָכ עפּעס א מע־
שוגענעמ, װאָס זינגט טרױערדיקע לידלעכ, האַלב ייִדיש, האַלב פּױ־
ליש, אונ טראָגט אפנ קאָפּ א צעקנײטשטע קאַפּעלישל. דאָרט שטײט
א באָכער מיט עפּעס א מינ קעסטעלע, ייִדנ קוקנ אהינצו אינ לאָב,
אונ ער רעדט דערבײַ מיט פּיסקעס זײַנ געװײנטלעכנ פּיזמענ: דאָס
איז לאָנדאָנ, דער פּױפּסט פּאָרט דאָ רײַטנדיק אינ רױטע הױזנ, אונ
אַלע שטײענ פאַר אים אָנ א היטל! איצט זעט איר, װי נאַפּאָלעאָנ
מיט זײַנע פראַנצױזלעכ שלאָגנ זיכ מיט דעמ פּרײַס, אונ די פּרײַסנ
צעלױפנ זיכ װי די טאַראַקאַנעס! אָט אצינד קומט פּיר, װי אײנע
פּאָרט אײנײנעמ מיט דעמ טױגער אינ אײנ קאַרעטע. דער גראָספּעציר
האַלט די בײַטש אונ טרײַבט אָנ. די פערד האָבנ זיכ ראָספּאָלאָשעט,
אױסגעקערט די קאַרעטע, דער טױגער, נעבעכ, איז געפאַלנ, זיכ א
גוטנ זעצ געטאָנ, אונ זי זוכט אינ אײַלעניש װי זיכ אױסצודרײענ!
נו, א סאָפ, גענוג שױנ צו קוקנ פאַר א האַרטנ גראָשנ. דאָרט זיצנ
שורעס־װײַז אױסגעזעצט ייִדענעס מיט מולטערס, פול אָנגעלײגט מיט
בינטלעכ קנאָבל, מיט אוגערקעס, קאַרשנ, אַגרעסנ, װײַמבערלעכ,
ערעצ־ייִסראָעל־עפּעלעכ, קאָלנידרע־באַרלעכ אונ מיט נאָכ אַנדערע
זאַכנ. אינ דער זײַט שטײט אפּ הינערשע פּיסלעכ אנ אַלטע אײַנגע־
הױקערטע בודקע אָנ טיר אונ פענצטער, װאָס, קעפּי אַלטע גרײַז־
גרױע ייִדנ דערצײלנ, איז אמאָל דאָרט געשטאַנענ א בודאָטשניק, אונ
די גאַנצע שטאָט איז דענסטמאָל געלאָפנ אָנקוקנ די בודקע מיט דעמ
סאָלדאַט אפּ כידושימ. לעבנ דער אַלטער בודקע, מיט װעלכער גאַנצ
גלופּסק איז זיכ מעיאַכעס, װי מיט עפּעס אנ אַלטנ קרעפּאָסט, דאָרט
אונטער עפּעס א מינ דעכל, באַדעקט מיט עטלעכע פאַרשימלטע
ברעטלעכ, מיט איבערגעפױלטע שטרױ אונ ראָגאָזשעס, אָנגעשפּאַרט

אפ פיר קרומע אויסגעבויגענע סלופּעס, זיצט דוואָסיע רי סאָדעבע, ארומגערינגלט פון אלע זײַטן מיט מולטערס. בא איר געפינט זיך טאָמעד איר גרויסער פּײַערטאָפּ, וואָס ווינטער זיצט זי אפ אים, ווי א קוואָטשקע אפ די אייער, דעם גאנצן טאָג קעסיידער, נאָר וואָס זי כאַפּט אים אמאָל פון אונטער איר ארויס, אונטערצובלאָזן די קוילן און ארויסצונעמען פונעם אש געבראָטענע קארטאָפליעס.

פון יענע ייִדן, אזוי גייט ארום צווישן אוילעם א גאנצע אלטע אגאדעטע, פון יענע ייִדן, וואָס שלוימע-האמעלעך האָט געשיקט אפ שיפן קיין אויפיר נאָך גאָלד און אנדערע מינע אויסלענדישע סכוירעס, זײַנען א סאך, מאכמעס קאמע טײַמימ, איבערגעבליבן דאָרט. זיי האָבן מיט דער צײַט געעפנט אין אינדיענער זייער טײַערע קלייטן אין גרויסע קאָנטאָרן, האָבן געהויבן בא די דאָרטיקע דײַטשן שטארקע האקאָפּעס און אלערליי קאָמיסיעס, און דאָס מאזל האָט זיי א לאנגע צײַט שטארק געדינט. דערנאָך אָבער האָט זיך איבערגעדרייט דאָס רעדל און אונדזערע סאָכרימ האָבן זיך געשטעלט און געמוזט אויקער זײַן. א טייל פון זיי זײַנען פארפאלן געוואָרן אין דער מידבער, א טייל זײַנען בעשאָלעמ אריבער די גרענעצ, האָבן זיך געזעצט אין אָקרעטנן און געזעגלט אפ דער פּיאטיגנילעווקע, וואָס איז אין יענער צײַט ארײַנגעפאלן גלײַך אין יאמ ארײַן. אזוי האָבן זיי געזעגלט, געזעגלט, ביז פּלוצלימ איז אופגעשטאנען א שרעקלעכער שטורעמווינט, די כוואליעס האָבן זיך אופגעהויבן ביז דעם הימל, האָבן צעשלאָגן די אָקרעטנן און ארופגעוואָרפן די מענטשן אפן ברעג. דאָרט האָבן זיי אויסגעבויט א שטאָט און זי א נאָמען געגעבן גלופּסק.

די בויקרע־קאדמוינ‍יעס, וואָס קענען מיט זייער גרויס כאָכמע מאכן פון א גאָרנישט א מושקאטקויל, האָבן פון דער דאָזיקער אגאַדעטע געמאכט א גאנצן פּיירעש און אויסגעדרונגען מיט טויזנטער

שאַרפֿע שפּיצלעך, ווי זייער שטייגער איז, אַז דערינען ליגט אַ שטיק עמעס. די רייעס, וואָס זיי ברענגען דערויף, זיינען:

ערשטנס, דער פּאַסאַזש פֿון די הייזער, וואָס איז עפּעס מעשונע־ווילד, גאָר אויף דעם אַלטן שניט, ווי מיט טויזנטער יאָר צוריק, אַז מענטשן זיינען נאָך געזעסן אין געצעלטן און זיך געוואַלגערט אין לעכער. פֿיל הייזער זיינען דאָ אין גלופּסק, וואָס זעען בעעמעס אויס נאָר ווי לעכער, און אַ סך האָבן אַ פּנים ווי די געצעלטן פֿון־עמ טאָטער. פֿון זייער אָנבליק און פֿון זייער שטיין זעט אויס, ווי זיי זיינען איינער מיט דעם אַנדערן עפּעס נישט שאָווע־בעשאָווע. דו שטייסט אַריינגערוקט, ווייל איך מיר שטיין, דיר אָפּצעלאָכעס, אַרויס־גערוקט; דו שטייסט פּאַפּערעק, און איך וויל מיר שטיין קאַפּויר; דו ווילסט אין דרויסן אַ טרעפּל, און איך דאַפקע אַ לייטערל, ווער עס באַדאַרף, וועט נישט קראַנק זיין קלעטערן. און אַז דו האָסט שוין יאָ עפּעס מעשונע הויך פֿאַריסן דיין פֿאַרלאַטעט דעכל, נו, האַלט איך מיר מיין דעכל דאַפקע אַראָפּגערוקט. געסמאַכע דיר פֿאַרפֿול! וועמען עס געפֿעלט נישט, לאָז זיך צומאַכן די אויגן... קורץ, דאָס אַלצדינג איז מעראַמעז אויף אַלטע, גאַנץ אַלטע צייטן. צווייטנס, די מינהאָגים פֿון די איינוווינער. צווישן זיי זעט מען נאָך אַדאַיעמ אַזעלכע מינ־האָגים, וואָס קומען אַרויס פֿון די היידן, צווישן וועלכע זיי האָבן אין פֿרירעדיקע צייטן זיך אופֿגעהאַלטן. דער קסאַוו און כאָכמעס־האַ־כעזשבן איז דאָרט נישט שעכיעך, אַזוי, אַז אַלע איניאָנע־האַקעהילע און אַלע כעוורעס דאָרט ווערן געפֿירט אָן ביכער, און די פּירעד גיבן קיינעם נישט אָפּ קיין כעזשבן.

דריטנס, די קיטעס, די מענטשן טיילן זיך דאָ אויך אין פֿאַר־שיידענע קיטעס, ווי אַמאָל בא די אינדיאַנער. ווי, אַשטייגער, די קיטע כאַפּלאַפּער, סאַמע דער צימעס, וואָס געוועלטיקן בעיאַד ראָמאָ; די קיטע בלאַטהאַלטער, זאַשטשיטניקעס, וואָס האַלטן שטאָל אין

אײַזן, קריגן און שלאָגן זיך פאַר די כאפּלאפּער מיט דעם סוינע און נעמען דערפאַר בא זײ געװיסע זשאלאָװאניעס און אומזיסט פלײש; די קיטע װאכלאקלאקער, ארופּירער אפ א גליטיש, און װאָס אלײן דרײען זײ זיך אױס גלאט װי אפ טעלער. די דאָזיקע לײַט צעפאלן אפ קוימעמױעס-זאָגער, װעלטלעכע מענטשן, װאָס האָבן צו זאָגן אין איניאָנע־האמיסכער, און אפ צװואקאנער, קלײקוידעש, װאָס האָבן צו זאָגן אין איניאָניי־האָעמונע; די קיטע גלופּאָ־טרוסאָ־בעזיאזיקאָ־קאפּצאנער, דער פּראָסטער אָרעמער אױלעם, װאָס איז שטארק ניכנע די אלע איבעריקע קיטעס און באקומט פאַר זײ דאָס נײַניאָריקע קאָדאָכעס.

הײַנט, פערטנס, די מאטבײע, װאָס מע האָט אמאָל בעשאס גראָבנדיק די גרעבליע, דאָרט געפונען. פון אײן זײַט איז זי געװען שטארק אָפּגעריבן, קוים־קוים װאָס מע האָט ארױסגעזען עפּעס װי א שטיקל פארטעכ צוגעטשעפּעט צו א שטעקן, אונטן עפּעס פּאכאָזשע אפ א מולטערל, פונװאנען עס האָבן ארױסגעשטעקט שטיקלעך קעפּ. פון דער אנדערער זײַט איז די מאטבײע געװען קימאט גלאט, נאָר אז מע האָט זיך גוט צוגעקוקט, האָט מען דערקענט אלטמאָדישע קסיװעטע אױסיעס: „י א ש ל ג ו ע נ פ". די געלערנטע האָבן אפ דער דאָזיקער אױפשריפט זיך געבראָכן די קעפּ און ארײַנגעלײגט דערינען פּשאָטים, איטלעכער אפ זײַן גאנג. א טײל האָבן געהאלטן אין דער סװאָרע, אז די „י" און די „ג" באם אָנהײב און סאָף װאָרט „י א ש ל ג" זײַנען גאָר נישט קײן אױסיעס, נאָר שטיקלעך פון טשאטשקעלעך, װאָס זײַנען פון דער צײַט אָפּגעריבן געװאָרן. בעכײן מאכט עס: א ש ל — א בױם, ו ע נ פ — און א צװײַג. און דאָס איז דער שטעקן מיט דעם פארטעכ. װידער א טײל האָבן עס דערקלערט גאָר אנדערש, און די געלערנטע האָבן דערמיט מאריש־אױלעם געװען. ביז דערנאָך איז געקומען אײנער מיט אָפּענע אױגן

און האָט דערינען דערזען גאָר ראָשע-טייוועס, וואָס זיי מאַכן: יעהודיי אויפיר (אָדער אינדזאָ) שעבאָו לעקאַנ (אָדער לק"ק) גלופּסק ווענישיאַש-ווו אל נעהאר פּיאַטיגנילעווקע. דער שטעקן מיט דעם פאַרטעך און מולטעריל מיט די קעפּ, דאָס באַטייט: אַן אָקרענט מיטן זעגל און מיט פאַרשווינען. דער דאָזיקער געלערנטער האָט איבער דעם געמאַכט זייער א דיקן סייפער און ווענדט זיך דאָרט צום אוילעם מיט א באַקאָשע, אז מע זאָל רייניקן דעם טייך, וועט מען דאָרט זיכער געפינען א סאַך אַלטע זאַכן, וואָס וואַלטן געעפנט די אויגן אין דער בקירע מיקוייעך גלופּסקער יידן. נאָר די דאָרטיקע איינוווינער שטייען זיך אָבער אויסצורייניקן די בלאָטע און זאָגן: דאָס, וואָס מע האָט פון אַלטע צייטן אָנגעמאַכט, דאָס מוז בלייבן, קיין מענטשנס אויג טאָר אין דעם פאַרבאָרגעניש נישט אַריינקוקן...

אין דער שטאָט אַליין געפינען זיך אַקעגן א דרייסיק-פערציק לוזשעס, שוין מיט לעוואָדעס איניינעם. זיי פאַרייניקן זיך דורך היילן מיט די אָפּגרונטן פון דער פּיאַטיגנילעווקע, און אין געוויסע צייטן, ביפראַט נאָך פאַר א פאַר־פּייסעך, צעשפּילן זיי זיך שרעקלעך שטאַרק און פאַרפלייצן די גאַסן מיט אַזאַ טיפער, שיטערער בלאָטע, אז בא די הויכגעוואַקסענע מענטשן אפילע ווערט גייענדיק פאַרשלומפּערט דאָס היטל. גלופּסק ווערט אין די פינצטערע נעכט באַלייכט פון איין קליינער לאַמטערנע, זי ווערט אויך באַוואַכט פון א פּאָר בודאָטשניקעס. פונדעסטוועגן פאַלט מען דאָרטן פּאָרט בא דער נאַכט און מע ברעכט האַלדז אי לייב. און געווייניקלעך טרעפן זיך דאָרט אויך זייער אָפט, כאָטש ס'איז דאָ אַזאַ שמירע. דערפון איז טאַקע געדרונגען, אז מע קען זיך קלאָל נישט איינהיטן, מע קען זיך נישט באַוואָרענען, וואָס ס'איז באַשערט, דאָס איז באַ-ווערט. עס העלפן גאָרנישט דעם מענטשנס כאָכמעס מיט זיינע אַלע טאַכבולעס.

„דערום, — זאָגט בּיניאָמין, — באַדאַרפֿן מיר צומאַכן די אויגן און גיין טאָמער אַפֿ גאָטס באַראָט, מיט דעם בּיטאָכן, מיסטאָמע וועט ער זײַנע מאַלאָכים געבּיטן אונדז צו היטן און אַפֿ די הענט אונדז צו טראָגן. עס פֿאַלט נישט דער שפּאָן בּיז ס׳איז עפּעס דראָן. באַדאַרף מען מער, — זאָגט ער, — ווי איך האָבּ באַוואָרנט מײַן טאַלעס- און טפֿילן-זאַק. איך האָבּ אים אַנידערגעלייגט אין בּעסמעד-רעש אַפֿ דער פּאָליצע. וואָס קען שוין, דאַכט זיך, זײַן מער א זיכער אָרט, ווי דאָ? פֿונדעסטוועגן, אַז גאָט האָט נישט געוואָלט אָפּהיטן, האָט מען אים אײַנגענעמט מיט די איבּעריקע אונדזערע זאַכן פֿונדאַנען אויך אַוועקגעגאַנוועט“.





### דאָס עלפטע קאפּיטל

## כידושימ וועניפּלאָעס אפּ דער פּיאטיגנילעווקע



פּ דעמ טײַכ פּיאטיגנילעווקע, אז אונדזערע פּארשוינענ האָבנ דאָס ערשטע מאָל א קוק געגעבנ, זײַנענ זיי ניוור-העל-אונישטוימעמ געוואָרנ. זיי האָבנ אזא מינ טײַכ נאָכ קיינמאָל אינ די אויגנ נישט געזענ. סענדערל האָט געזאָגט, דאָס מוז זײַנ אוואדע דער גרעסטער טײַכ אינ דער גאנצער וועלט. וואָרעמ אנדעריש האָט אימ גאָר אינ קאָפּ זיכ נישט געלייגט. א קאטאָוועס אזא טײַכ, וואָס איז עפּשער א הונדערט מאָל גרעסער פונ טונעיאדעווקער. נאָר סענדערל איז געוועננ א פּראָסט מענטשל,

מער פון טונעיאַדעווקע האָט ער נישט געוווּסט. אין די קליינע אויס־סעלעכ אַרויַנקוקן האָט ער נישט געקענט, דעריבער איז אַלצדינג, וואָס נאָר עפּעס נישט אַזוי, ווי אין טונעיאַדעווקע, בא אים געווען אַ כידעש ניפלע, און פלעגט מיינען, אַז דערמיט ענדיקט זיך שוין טאַקע די וועלט. בּיניאָמין אָבער, וואָס פיל געלערנטער פון אים, וואָס האָט אין זייַנע מינע בקירע־ספאָרימלעכ שוין געכאַפּט, ווי מע זאָגט, אַ לעק פון די שעוואַ-כאָכמעס, וואָס האָט געוווּסט אַ ביסל די באַשרייַבונג פון דעם גאַניידן־האַטאַכטן, פון די מעשונע־ווילדע באַשעפּעניש אין הינדיאָ, אוקעדוימע נאָכ אַזעלכע מינע זאַכן, האַגאַם ער פלעגט באַם ערשטן מאָל אָנקוקנדיק עפּעס נייַס זיך אויך שטאַרק כידעשן אין האַרץ, נאָר ער פלעגט דערבייַ מאַכן אַזאַ מינע מיט אַ שמייכעלע, גלייַכ ווי איינער רעדט: עט, נאַרישקייַטן, דאָס איז נאָכ גאָרנישט אקעגן יענץ, וואָס איז נאָכ דאָ... ער האָט כענדערלען באַווויזן, אַז די פּיאַטיגאָרילעווקע איז פּאָשעט בלאָטע, איכ בעט אייַכ איבער, טינעף אקעגן דעם יאַרדן, וואָס איז פיל מאָל גרעסער פון איר, זי וואָלט דעם שויר־האַבאָר נישט געקלעקט אפילע אָפ איין צאָן, און פונעם נאָמען יאַרדן טאַקע איז אויך אַזוי די מאַשמאָעס, וואָרעם יאַרדן איז דאָכ דער טייַטש: אַ גוזמע, אַ סאַכ, אַ יאַרדן!

— ווייסטו, סענדערל, וואָס מיר איז אייַנגעפאַלן? — האָט בּיניאָמין געזאָגט נאָכ דעם, אַז ער איז געשטאַנען איינמאָל שטאַרק פאַרטראַכט לעבן דער פּיאַטיגאָרילעווקע. — מיר איז אייַנגעפאַלן צו לאָזן זיכ פונדאַנען מיט דעם וואַסער.

— גאָט איז מיט דיר! — האָט סענדערל זיכ אַ כאַפּ געטאָן פאַר גרויס שרעק. — דערמאָן זיכ נאָר, בּיניאָמין, אַז אונדזער טייַכ נעמט אַלע יאָר צו אַ מענטשן, הייַנט מי־יעדייע וויפל מענטשן מוז דער דאָזיקער טייַכ אַ יאָר צונעמען. האָב ראַכמאָנעס אָפ אונדזער לעבן, אָפּ דייַנ ווייַב און קינדער, בּיניאָמין!

—ביטאָכנ, ביטאָכנ, סענדערל! ביטאָכנ איז א יִדישע זאכ, מיט ביטאָכנ איז יאנקעוו-אָווינו מיט זײַנ שטעקל דעמ יארדנ איבערגעגאנ־ גענ. מיט ביטאָכנ, זעסטו, עפּענענ דאָ יִדישע קינדער אופ גרויסע געוועלבנ, אלצדינג, וואָס דו זעסט דאָ, איז אלצ לויטער ביטאָכנ. אפילע טרעפּ אונ סטעליעס, ווי אויכ פיל גרויסע הײַזער, האלטנ זיכ דאָ נאָר אפ ביטאָכנ...

— נאָר פארוואָס ווילסטו דאפקע מיט דעמ וואסער, — האָט סענ־ דערל געפרעגט, — אז מיר קענענ דאָס אייגענע אויכ מיט דער יאבאָשע?

— איכ האָב דערופ א סאכ טײַמימ, — האָט ביניאָמינ געענט־ פערט. — איינ מאָל, ווערט, ווי מיר דאכט זיכ, די נעסיִע מיט דעמ וואַ־ סער זײַנ אי נעענטער אי גיכער. מיר באדארפנ זענ אָנקומענ אהינ ווי צומ גיכסטנ. וואָס פריִער איז אלצ בעסער. פארוואָס? דאָס ווייס איכ שוינ, דאָס איז שוינ מײַנ זאכ! מיכ קוועטשט, סענדערל, מיכ קוועטשט זייער שטארק, עס פּיקט מיכ אָט דאָ, דאָ אינ קאָפּ. איכ וואָלט שוינ געוואָלט דאָרט זײַנ מיט לײַב אונ לעבנ. ווענ עס זאָל מעגלעכ זײַנ, וואָלט איכ ווי א פויגל אינ דער לופט אהינצו גע־ פלויגנ... צווייטנס, אז ביניאָמינ פונ טודעלא האָט בעיאָמאָוו זיכ געלאָזט אפ זײַנ נעסיִע, איז ער טבילעס אויכ געפאָרנ מיט דעמ טײַכ עברא, אזוי שטייט בעפיירעש געשריבנ אינ זײַנ סייפער. מיסטאָמע, אז ער איז פארצײַטנ געפאָרנ מיט דעמ טײַכ אונ נישט מיט דער יאבאָשע, באדארפ דאָכ מאקע זײַנ דאפקע אזוי אונ נישט אנדערש. מיסטאָמע האָט ער געוווּסט, וואָס ער טוט, אונ איז אזויפיל קלוג געווענ ווי מיר אלע, כלעבנ. רעב ביניאָמינ איז א קאדמענ, א פריִערדיקער פאר אונדז, מוזנ מיר אימ הערנ גאָר אָנ קאשעס...

— אויב אזוי, — האָט סענדערל געמאכט, — איז שוינ מאקע רעכט. בא מײַנ יִדישקײַט, ביניאָמינ! נישט נאָר אפנ טײַכ, אפילע ווענ

רעב ביניאָמינ וואָלט פארצײַטנ געפאָרנ רײַטנדיק אפ א קאָטשערע, וואָלטנ מיר דאָ נישט באדארפט לאנג טראכטנ, זיכ גענומענ אופגעזעצט און אויכ געפאָרנ אפ א קאָטשערע.

— און דריטנס, — איז ביניאָמינ ארײַנגעפאלנ סענדערלענ אינ די רייד, — שאָדט טאקע קלאל נישט, מיר זאָלנ זיכ געווינענ צו פאָרנ מיט דעם וואסער איידער נאָכ עס וועט אונדז שפּעטער אויסקומענ צו פאָרנ אפנ יאמ אָקיאָנוס. איכ וואָלט נאָכ אפילע געזאָגט, אז אייַדער מיר וועלנ זיכ אָפּפּארטיקנ דאָ אינ גלופּסק, וואָלט, אָסער, גאָר נישט קרומ געוועננ צו פּרוּוונ גלאט אזוי דורכצופאָרנ זיכ א ביסל אפנ טײַכ. דאָרטנ, דאָרטנ, זעסטו, שטייט איינער מיט א לאָדקע, אָט, כלעבנ, לאָמיר צוגייננ און אימ עפּעס געבנ, וועט ער מיט אונדז א ביסל פאָרנ.

אינ עטלעכע מינוט ארומ זײַנענ אונדזערע וואנדערעווער באהארצט ארײַנ אינ א לאָדקע און האָבנ זיכ געשיפּט איבער די פּיאטיגנילעווקע. טכילעס האָבנ זיי אפילע זיכ געשראָקנ. סענדערלענ האָט זיכ פארדרייט דער קאָפּ, און ער האָט געצאפּלט מיט הענט און פיס. אָט־אָט, האָט ער געמיינט, קערט זיכ די לאָדקע אומ, און ער פאלט ארײַנ אינ די טיפע אָפּגרונטנ פונעמ טײַכ. ס'איז אנ עק פונ זײַנ לעבנ, און זײַנ ווײַב בלײַבט אנ אייביקע אגונע. נאָר דערנאָכ איז אימ געוואָרנ א ביסל בעסער.

— נישקאָשע, סענדערל, — האָט ביניאָמינ אימ געטרייסט, אז זיי זײַנענ ארויס אפנ ברעג. — זאָל דיכ נישט ארנ, וואָס דער קאָפּ דרייט זיכ און עס ווערט עפּעס נישט גוט. דאָס איז די יאמ-קראנקײַט, וואָס איטלעכער מוז זי לײַדנ, אז ער פאָרט דעמ ערשטנ מאָל אפנ יאמ. דעמ צווייטנ מאָל, וועסטו זענ, וועט זײַנ בעסער און דו וועסט שוינ גאָר נישט פילנ.

פונ יענער צײַט אָנ פלעגנ אונדזערע פארשוינענ זייער אָפט פאָרנ אפנ טײַכ און דערפונ גרויס טײַנעג געהאט. זיי זײַנענ בא זיכ געוואָרנ

אזוי שטאַרק, אַז איבערשיפּנ זיך דעם יאַם, האָט זיך זיי געדאַכט, איז א שפּיל.

ביניאָמינ פלעגט דורך סענדערלען זיך אַרײַנלאָזנ אינ א שמועס מיט דעם לאָדאָטשניק אונ אים פאַרוואַרפנ מיט שאלעס, ווי אשטייגער: פרעג נאָר, סענדערל, דעם קאַפּיטאַנ, וויפל מײל האָבנ מיר פונדאַנענ ביז דעם יאַם? פרעג אים, אויב ס'איז דאָ עפּעס וויספּעס? וואָס פאַר א מינע לײַט וווינענ דאָרט? צי וווינענ צווישנ זיי יידנ? ווענענ צאָלנ זיי מאַס אונ צי ווייסנ זיי פונ א גאָלעס? אָדער אשטייגער אזוי: פרעג, סענדערל, אפּ א ציקאַוועשטיש, דעם אָרל ווענג די בערג ניסבוינ אונ דעם קויפּער אל־טורעכ? צי ווייסט ער עפּעס מיקויעכ די אסערעס־האַשוואָטים? א קאַשע אפּ א מײַסע, עפּשער האָט ער עפּעס געהערט — אוקעדוימע נאָכ אונ נאָכ אזעלכע שאלעס פלעגט אלץ ביניאָמינ הייסנ פרעגנ.

נאָר דאָס ביסל גויש, וואָס סענדערל האָט זיך אויסגעלערנט רייענ גייענדיק מיט זײַנ ווײַב טאָמעד אפּנ מאַרק, איז קאַרג געווענ פאַר אזעלכע הויכע איניאָנים. דינגענ זיך פאַר אייער, ציבעלעס, קאַרטאָפל — דאָס האָט ער נאָכ ווי ס'איז געקענט; אָבער אויסטײַנענ זיך מיט א קאַפּיטאַנ איבער געלערנטע זאַכנ, דאָס האָט ער לאַבלוטנ נישט געקענט. ס'איז געווענ א צאַר־באַלעבאַזם, ווי סענדערל, נעבעכ, פלעגט זיך מוטשענ אינ אזא שמועס. ער פלעגט ריידנ מיט הענט אונ מיט פיס, אַרבעטנ אפּ אלע קיילים, אונ אָפּגיינ מיט שוויס, אז איינ גאָט האָט געמענט אפּ אים ראַכמאָנעס האָבנ. זײַנ קאַפּיטאַנ פלעגט שפּײַענ, טײַנענ, אָנקוקנ אים בייז פונ איינ זײַט, אונ ביניאָמינ פלעגט אים דודענ א קריזש, שטורכענ אונ קוקנ אים אינ מויל אַרײַנ פונ דער אנדערער זײַט.

— ווינ טשערוואָניע זשידקי, ווינ פּיטאיע, — פלעגט סענדערל אַרויסגיינ מיט אזא שפּראַכע אשטייגער.

— איז טשערוואָני זשידקווו יא זגא לייבקו, שמולקו, באַגאַטיע זשידקי, — אזא טשוווע פלעגט סענדערל באקומען פון זײַן קאַפּיטאַן.

— ני לייבקאָ, ני, ני! ווינ טשערוואָני זשידקי פּיטאיע, טאַ־מאַטשקאַ, ווי זאָגט מען עפּעס, ני טאַמאַטשקאַ, לעבן בערגעלע ניסבווין.

— ניסבאָנאַ, זשידקאָ ניסבאָנאַ?

— זאָג אים, סענדערל, — פלעגט בינימין שרײַען, — זאָג זאָלסטו אים, א בארג! מאָל אים אויס ווי דו קענסט.

סענדערל פלעגט צונויפשטעלן הויב די הענט, אויסצומאָלן דער־מיט א בערגעלע, און שרײַען דערבײַ: העט, העט וויסאָקאַ!

— טפו! — פלעגט דער אָרל אויסשפּײַען, אויסבאַטלען אַף סענ־דערלען כאַלוימעס און אים אָפּשיקן צו אלדי שווארצע יאַר.

פון זײַנע נעסיעס אַף דער פּיאַטיגאָרסק־ווקע דערציילט בינימין כידושים, ווונדערלעכע זאכן, וואָס האָבן אין דער וועלט א ראש אָנ־געמאַכט. מיר וועלן דערפון דאָ נאָר א מיקצעס ארויסשטעלן.

שיפנדיק זיך איינמאָל אַף דער פּיאַטיגאָרסק־ווקע, האָט בינימין דאָרט דערזען אין דער מיט טײַך א גאַנצ גרויסן אָרט, וואָס איז גע־ווען גרינ באַוואָקסן און מיט זײַן גרינקײַט די אויגן פארנומען. ער האָט געמיינט, דאָס איז א וויספּע, באַוואַקסן מיט גראָז אי מיט שמע־קנדיקע קרײַטעכצער. אז ער האָט ארויסגעשטעלט א פוס און שוינ געוואָלט א שפּרונג געבן אַף דער וויספּע, האָט דער קאַפּיטאַן פון דער לאָדקע אים פּלוצלים א כאַפּ געטאָן פון הינטן מיט א געשריי און א שלײַדער געגעבן אים צוריק אין דעם שיפעלע מיט דעם גאַנצן קויעך, אזוי, אז ער איז א היפּשע צײַט געבליבן ליגן שטארק פאַר־דולט. ער האָט מער נישט געהערט ווי ארום דעם שיפעלע קאָכט, ראַשט זיך, גלײַך ווי עס ראַנגלט זיך מיט עפּעס, און עס גייט מיט גרויס מי זײַן וועג. און אז ער איז שפּעטער צו־זיך געקומען, האָט אים דער

אָרל געזאָגט, ער איז געווענ אינ א גרויסער סאַקאָנע דערטרונקענ צו ווערנ אינ דעמ גרינקייט. ווארעמ דאָס גרינקייט איז נישט קיינ ווייסע, ווי ער האָט געמיינט, נאָר דאָס איז גאָר דער צוויט, וואָס די פּיאַטי-גנילעווקע צווייטעט אַלע יאָר.

„איכ אָבער, אַזוי שרייבט בינימינ, האָב מיכ נישט געקענט לאָזנ איינריידנ, אַז דאָס זאָל זיינ צוויט. עמעס טאַקע, א רייעכ עפּעס האָט עס געהאַט, נאָר זינט איכ לעב האָב איכ נישט געהערט אונ אויכ אינ מיינע ספאָרימ נישט באַגעגנט, אַז וואַסער זאָל צוויטענ. ווענ עס זאָל צוויטענ, וואָלט דאָכ דערופ באַדאַרפט וואַקסנ דערנאָכ עפּעס א מינ פּיירע. איכ האַלט גאָר אינ דער סוואָרע, אַז דאָס איז דער מעשונע גרויסער יאַמ-פיש כ י ל יי נ אָ, פונ וועלכנ ס׳איז דאָ זייער א שיינער שמועס אינ דעמ סייפער „צייל־אוילאָמ״ מיט די דאָזיקע ווער-טער: „דער שרעקלעכ גרויסער פיש באַדעקט זיכ מיט גראָז אונ מיט ערד, ביז ער זעט אויס ווי א גרויסע ווייסע, אונ אַמאָל מיינענ די, וואָס זעגלענ אינ יאַמ, אַז דאָס איז א שיינער באַרג, זיי שטעלנ זיכ דערופ, טוענ וואָס זיי באַדאַרפנ, קאָכנ מייכאָלימ, אונ אַז דעמ פיש ווערט וואַרעמ פונעמ פייער, טוקט ער זיכ אונטער אינ די אָפּגרונטנ, אונ אַלע, וואָס האָבנ אָפּ אימ געלאַגערט, ווערנ דערטרונקענ". דער-מיט טאַקע איז א שטאַרקע איינזערנע ריייע צו יענע ווילדע באַקראָנימ, וואָס האַלטנ, אַז די גלופּסקער איינוווינער וואַקסנ פונ הינדזאָ. זעג-לענדיק פונ דאָרט איבער דער פּיאַטי-גנילעווקע אינ די אַלטע יאָרנ, האָבנ זיי מיט זיכ פאַרשלעפּט דעמ כ י ל יי נ אָ, וואָס האַלט זיכ אופּ בעעמעס אינ הינדזאָ אונ וואָס זיינ טעווע איז נאָכצולויפנ נאָכ די שיפנ״.

אַז בינימינ האָט איינמאָל אַריינגעקוקט אינ טייכ, האָט ער דאָרט דערזענ טיפ אינ וואַסער עפּעס מינע באַשעפענישׂ, אַקוראַט גלייכ צו די געשטאַלטנ פונ ווייבער.

„נאָך גאַנץ לאַנג, זאָגט בּיניאָמין, האָב איך געלייענט אין ספֿאָ־רים, אַז אין וואַסער זײַנען דאָ יאַם־מענטשן. פֿון אַלטע עמעסע מענטשן, וואָס מע מעג זיי גלייבּן אַפֿן וואָרט, האָב איך אויך געהערט דערציילנדיק, אַז זיי האָבּן אַליין געזען אַזעלכע יאַם־מענטשן בּאַ קאָ־מעדיאַנטן, וואָס פֿלעגן געוויינטלעך נאָך דער קאָמעדיע זיי ווײַזן יע־דערן פֿאַר עטלעכע גראָשן. נאָר הײַנט האָב איך עס דערלעבּט צו זען מיט מײַנע אייגענע אויגן. איך האָב מיט גרויס וווּנדער געוויזן דע־רופֿ דעם אָרל, און ער האָט מיר געוויזן אַפֿ עפּעס פּראַטשקעס, וואָס זײַנען געשטאַנען באַם ברעג טײַך און געוואַשן גרעט. איך ווײַז אים אונטן אין וואַסער, און ער ווײַזט מיר אויבּן אַפֿן ברעג. און ווײַל מיר האָבּן איינער דעם אַנדערנס לאָשן ניט פֿאַרשטאַנען, האָט ער ניט גע־ווּסט, וואָס איך ווײַז אים, און איך האָב ניט געווּסט, וואָס ער ווײַזט מיר, און איך האָב פֿון אים מיקויעך דעם גאָרנישט געקענט דערגיין“.

נישט ווײַט פֿונעם בּרעג לעבּן דער שטאָט האָט בּיניאָמין געזען אַזאַ אָרט אין טײַך, ווו דאָס וואַסער איז מעשונע געדיכט, ערטערהווײַז איז עס פֿאַרגליווערט, עפּעס כּאָר ווי דרילעס, און ערטערווײַז איז דאָס וואַסער נאָך געדיכטער. פֿון דעם דאָזיקן וואַסער פֿירן די וואַסערפֿירער צו די בּאַלעבּאַטים אין די הײַזער. דאָרט ווערן די געדיכטע דרילעס צעפּירט מיט פּראָסט וואַסער אין דער פֿאַס און מע קאָכט דערמיט אַלע מײַכאָלים.

„איך אַליין, זאָגט בּיניאָמין, האָב דאָס געקעכץ פֿון אַזאַ וואַסער גענעסן, איך זאָל אַזוי עסן פֿון דער סודע־שעל־ליוויאָסן. עס האָט גע־האַט דעם זיבּעטן טאַם. אַ ראָסלפֿלייש דערפֿון איז אַ מײַכל־מעלאָכים. איך האָב אָנגעלייגט מיט דעם וואַסער פֿולע קעשענעס און געהייסן סענדערלען מאַכן דערפֿון אַ פּעקל, מאַכמעס אַפֿ אונדזער ווײַטער נע־סיִע אין יאַמים און אין מידבּאָריעס קען עס זייער גוט צוניצקומען“. לוסטיק און פֿריילעך זײַנען איינמאָל נאָכמיטיק אונדזערע פֿאַר־

שווינדלע געגאַנגענע נישט ווייט פון דער שטאָט, האָבן געלאַכט, גע־שפּאַסט, געקוקט איינער דעם אַנדערן אין די אויגן אַרײַן און עפּעס זייער שטאַרק האַנאָע געהאַט. עס האָט אויסגעזען נאָר ווי אַ פאַרליבט פּאָרפאָלק באַלד נאָך דער חתונה, וואָס שפּאַצירט זיך פּרײַ אױף דעם גרינעם גראָז און קוויקט זיך מיט איטלעכס וואָרט, מיט איטלעכן קוק. נאָר וואָס זשע איז מיט אונדזערע פאַרשוינען עפּעס אַזוי די סימכע געוועזן? פאַרט, וואָס האָט זיי עפּעס אַזוינס מעשונע האַנאָע געטאָן, אַז זיי האָבן געשפּרונגען, אונטערגעזונגען און געמאַכט אָנשטעלן ווי די ריינע מעשוגעים? אָט וואָס, ראַבויסים: בעלי-נעדער מאָרגן, איז בא זיי ביידע געבליבן, צו פאַרלאָזן גלופּסק, און אין אַ גוטער שאָ צו זעגלען העט אַהין...

און ווי זיי גייען זיך דאָ אַזוי לעבעדיק-פריילעך, קומט זיי אונטער פּלוצלים אַ פּורל. אַפן וואָגן זיצן צוויי יידלעך, איינער טרײַבט אָן און דער אַנדערער זיצט אָנגעבויגן אויף דער זײַט. דאָס היטל איז אים פאַרוקט, און האַלט אין מויל אַ שטרייעלע, — זייער גוטע סימאָנים, אַז דאָס יידיש קעפּל טראַכט דענסטמאָל עפּעס אַן אויבער-האָסבאָרעלע און דרייט זיך מעשונע שטאַרק.

די צוויי יידן האָבן אָנגעקוקט אונדזערע לוסטיקע פאַרשוינען, זיי באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און זיך אַרײַנגעלאָזט דערנאָך מיט זיי אין אַ שמועס. די ערשטע שײַלע איז, ווי דער שטייגער איז, גע־ווען: פונוואַנען זײַנען עס יידן? דערנאָך — מאַ שמייכעם? און דער־נאָך דאָס איבעריקע צעטל שײַלעס, וואָס יידן פרעגן געוויינטלעך איי־נער דעם אַנדערן באַם ערשטן באַגעגעניש. מער האָבן אונדזערע פאַר־שווינען נישט באַדאַרפט. זיי האָבן געעפנט אַ מויל און זיך גענומען דערציילן אַלצדינג, ווי מע זאָגט: וואָס אויף דער לונג — דאָס אויף דער צונג. די יידן האָבן זיך אָנגעקוקט מיט אַ שמייכעלע, זיך געשושקעט אַ ביסל, און דער ייד מיטן פאַרוקט היטל אי מיט דעם שטרייעלע אין

מויל האָט דערביַי געמאַכט: — עט, נישקאָשע, עס וועט אָפּלויפן, גאָר אין ערגסטן פאַל איז נאָך עטלעכע מאַמטאַקים...

— ווייסט איר וואָס? — האָבן די ייִדן צום סאָף זיך אָנגערופן. — אונדזער שטאָט מעג, כלעבן, אויך די זכיה האָבן צו זען בא זיך אַזעלכע צוויי פיַינע מענטשן. מיר בעטן אַייַך זייער שיין, אָט, כלעבן, טוט אונדז אָן דעם קאָוועד און זעצט זיך, זיַיט מוחל, באַלד טאַקע מיט אונדז אויף, נישט לאַנג געטיַינעט, מיר זיַינען אַייַך אָרעוו, אַז מע וועט אַייַך בא אונדז זייער שיין צונעמען, מיט עסן, מיט טרינקען און מיט וואָס נאָר מעגלעך.

— מיר וואָלטן עס אַייַך, בענעמאָנעס, צוליב געטאָן, — האָט בינ־יאָמין געענטפערט, — נאָר בא אונדז איז געבליבן, מאָרגן, בעלי-נע-דער, פונדאַנען זיך צו לאָזן מיט דעם וואַסער.

— האָט נישט קיין פאַריבל, — האָבן די ייִדן געזאָגט, — איר רעדט, כלעבן, נאַרישקיַיטן. אויך מיר אַ וואַסער די פיאַטיגנילעווקע; זי איז, מעכילע, אַ פישגריבל, אַ טינעף, אַ פאַרשטונקענע בלאָטע, אַ פאַרצוויטעטע, פאַרשימלטע לוזשע. בא אונדז האָט איר דעם דניעפּער, וואָס פאַלט גליַיך אין יאַמ אַריַין. פון אונדז וועט איר טאַקע, אימיר־צעשעם, גיך און געשווינד קומען אַהין אין אַיַער רו אַריַין. אַקשנט זיך נישט, כלעבן, הוַדאי אַרופּ אַפּן וואָגן.

— וואָס זאָגסטו, סענדערל? — האָט בינ־יאָמין זיך אָנגערופן, — לאָמיר עפּשער טאַקע די ייִדן צוליב טאָן און פאָרן?

— וואָס פאַר אַ דיַיגע איך האָב, — האָט סענדערל געענטפערט, — אַז דו ווילסט פאָרן, זאָל זיַין פאָרן.

עס האָט נישט געדויערט לאַנג, זיַינען אונדזערע פאַרשוינען שוין געזעסן אין וואָגן שטאַרק צופרידן אַפּ דעם קאָוועד, וואָס מע פאַרבעט זיי צוגאַסט, און האָבן זיך פירגעשטעלט גדולעס. אַ וועג האָבן זיי גע־האַט זייער אַ פרייַלעכן. די ייִדן האָבן אַפּ זיי געהאַט אַן אויג און פּאָ־

שעט געהיט זייער טריט, האָבנ זיי צוגעפּילעוועט מיט עסנ אונ טרינקענ אזוי ווי א קימפּעטאָרנ. אונדזערע פּארשוינענ האָט זיכ אזוינס אינ זייער לעבנ נישט געכאָלעמט.

אפ דעמ צווייטנ טאָג פארנאכט זײַנענ זיי אָנגעקומענ בעשאָלעמ קיינ דנעפּראָוויצ. די יידנ זײַנענ מיט זיי פארפאָרנ אפ א סטאנציע אונ געמאכט פאר זיי א גוטע וועטשערע.

— הײַנט זײַנט איר פונ וועג מיד, שלעפעריק, — האָבנ די יידנ געזאָגט, — בעסער איז גלײַכער, איר זאָלט זיכ לייגנ פארפרי אויסרוענ. מאָרגנ, אימירצעשעמ, אז איר וועט אופשטיינ געזונט, פריש אונ שטארק, וועלנ מיר אײַכ פירנ צו עטלעכע גרויסע לײַט, פארווארפנ פאר אײַכ א גוט וואָרט, אונ אז זיי וועלנ אײַכ אופנעמענ, זײַנט איר שוינ פארזאָרגט מיט אלע אײַערע היצטארכעס אונ וועט קענענ גיכ אונ באלד מאכנ אײַער ווײַטע נעסיע. א גוטע־נאכט!

— א גוטע־נאכט, א גוט־יאָר! — האָבנ אונדזערע פּארשוינענ געענטפערט, באלד טאקע האָבנ זיי אָפּגעלייענט קרישמע, זיכ געגלעט א ביסל דעמ בײַכל, געגענעצט, געקראצט זיכ, ווי דער שטייגער איז, אונ זיכ געלייגט מיט א פריילעכ געמיט שלאָפנ.





דאָס צוועלפטע קאפּיטל

## ווי מע פירט אונדזערע פּאַרשוינענ אינ באָד



גוואלד, ווידע, כאָטש אָפּזאָגנ ווידע! — האָט סענדערל פונעמ שלאָף נישט מיט זײַנ קאָל געשריגנ אונ אופגעוועקט מיט זײַנ געשריי ביניאָמינענ.

ביניאָמינ איז נישט-טויט ניט-לעבעדיק אראָפּגעשפּרונגענ פונ זײַנ געלעגער, האָט אינ דער גיכ אָפּגעגאָסנ נעגלוואסער אונ איז צוגעלאָפנ צו סענדערלענ זענ, וואָס טוט זיכ מיט אימ אזוינס.

אינדערויסנ האָט אָנגעהויבנ צו שאריענ אפ טאָג, אונ אומעטומ איז געוועזנ שטיל, מע האָט נאָר געהערט א כראָפּענ פונ שלאָפנדיקע

מענטשן אין דעם גאנצן שטוב. איטלעכער האט געבראכט אפ זיין שטייגער: דער אפ א קאל פון א באנדורע, יענער אפ טרומייט, איינער האט עס געמאכט שטיל בעקיצער, דער אנדערער האט עס געצויגן הע־בער, העכער אפ דריי גארן, דערנאך אויסגעלאזט מיט א דריי, מיט א בייזער, ווי איינער פרעגט א שטארקע קאשע, און צוגעפויקט מיט די באקן. איניינעם איז עס געווען א נאזן־קאנצערט, אין וועלכן די נע־זער האבן געטריי געארבעט אפ אלע קיילים און צוגעשפילט לעקאווער די בארימטע דנעפראוויצער וואנצן, בעשאס זיי האבן געשמאק געגעסן די שלאפנדיקע און געטרונקען זייער בלוט — יידיש בלוט!

דנעפראוויץ האט א לאנגע צייט געפאשעט אירע וואנצן, אירע מענטשנפרעסער דארט אין דער שרעקלעכער פאדוועריע, אין דער וויסטער אפגעזונדערטער יידישע אכסאניע. ווו א וואנץ אין עפעס א קווארטאל איז אלץ אהינצו געקראכן און געזויגן, געצאפט יידיש בלוט...

קומענדיק קיין דנעפראוויץ, איז שוין א ייד מוכן־ומזומן גע־ווען, אז ס׳וועט אים קאסטן א ביסל בלוט, און אן אזא כאבאר איז גאר קיין סוואריע נישט זיך אויסצודרייען. ביים שוין, ביים, דו, „דנעפראוועץ“, שטינק שוין, שטינק, דו, ווענצעלע, שרייב שוין, שרייב דיינע בלוטיקע צייכנס, און טראג זיך, גיי דיך צו אלדי שווארצע יאר!

— וואס שרייסטו אזוי, סענדערל? — האט בינימין אים גע־פרעגט, צוגייענדיק צו זיין געלעגער. — אוואדע א וואנץ האט דיך גע־מוזט שטארק א ביס טאן? א שרעק, וויפל דא איז וואנצן. זיי האבן א גאנצע נאכט מיך נישט געלאזט אן אויג צוטאן. ערשט נישט לאנג, וואס איך בין אנשלאפן געווארן.

— אײַ, אײַ, גיכער, לאָמיר גיכער אַנטלויפֿן! — האָט סענדערל געשריגן נאָך אַלץ פֿאַרדולט.

— גאָט איז מיט דיר, סענדערל! וואָס רעדסטו? מײלע, מאַ־ראַש, אַז אַ וואַנץ גיט אַ ביס? דערױף איז זי דאָך אַ וואַנץ און דו ביסט אַ מענטש...

סענדערל האָט אָקעגן אַ פּאָר מינוט אָנגעקוקט בנימינען ווי צע־מישט, דערנאָך זיך אויסגעריבן די אויגן און געזאָגט מיט אַ זיפֿץ:

— אוי, עס האָט מיר זיך געכאָלעמט זײער אַ שרעקלעכער כאָ־לעם! האַלעווײַ דערפֿון זאָל זיך גאָרנישט אויסלאָזן.

— עט, מאַלע וואָס אַ מענטשן כאָלעמט זיך אַמאָל, — האָט בינ־יאָמין געמאַכט. — מיר האָט זיך הײַנט אויך געכאָלעמט, עפּעס אַ פּי־פּערנאָטער קומט צו מיר געשווינד צו, קוקט מיך שטאַרק אָן און זאָגט צו מיר: איר זײַנט עס, רעב בינ־יאָמין פֿון טונעיאַדעווקע? קומט, זײַט מויכל, מיט מיר אַהין, אַהין, אַלעקסאַנדער מוקדעָנס שטייט דאָרט מיט זײַן כאַיִל און כאַלעשט מיט אײַך זיך צו באַקענען. איך גיב מיך אַ לאָז, דער פּיפּערנאָטער לויפֿט פֿאָרױס, איך נאָך אים. „איר לויפֿט, אָן אײַנאָרע, געשווינד, ווי אַ פֿײַל אויסן בויגן, איך קען אײַך גאָר נישט אָניאָגן”, האָר איך עמעצן שרײַענדיק הינטער מיר. איך קער מיך אום און דערזע אַלעקסאַנדער מוקדעָנ. אַדויִני מעלעך! שרײַ איך, כאַפּ אים בײַ דער האַנט, קוועטש און קוועטש, עס פֿאַרגייט מיר אָבער פּלוצ־לים אין דער נאָז עפּעס אַ מין שרעקלעכער געשטאַנק, טאַקע נאָר צום כאַלעשן. איך כאַפּ מיך אויף און פֿיל אין דער האַנט אַ צעקוועטשטע וואַנץ... טפֿו זאָל עס ווערן! אָט שפּײַ, כלעבן, דרײַ מאָל אויס, סענדערל, און פֿאַרגעס דײַן כאָלעם. וואָס האָט דיר אַזעלכעס גע־כאָלעמט?

— טפֿו, טפֿו, טפֿו! — האָט סענדערל ביטמימעס דרײַ מאָל אויס־געשפּיגן און דערצײלט זײַן כאָלעם:

— מיר האָט זיך געכאָלעמט, ווי איך גיי מיר גלאַט אַזוי אַפ דער גאַס, און פאַרגיי מיר העט-ווײַט. פּלוצלים גיט מען מיך פון הינטן א כאַפּ און מע וואַרפט מיך אין א זאַק אַרײַן, מע טראָגט מיך אַזוי אין דעם זאַק, מע טראָגט מיך, טראָגט, ביז מע האָט מיך ערגעץ עפּעס פאַרטראָגן. איך פיל ווי עמעצער בינדט דעם זאַק אויף און דערלאַנגט מיר א פּאַטש, טאַקע וואָס א פּאַטש הייסט, אַז צוויי ציין זײַנען מיר אַרויסגעפאַלן. דאָס האָסטו דיר ערשט אָן אַדערויף, הער איך ווי מע זאָגט, אײַנגאַנצן וועל איך דיר סילעקן שפּעטער. איך גיב א בליק, מײַן ווײַב אין א ספּאָדעק שטייט מיר אַקעגן שטאַרק אין כּעס, די אויגן ברענען איר ווי א העליש פײַער און פונעם מויל זעצט איר אַרויס א שוים. „וואַרט נאָר א ביסל, וואַרט, טאַכשיט מײַנער, זאָגט זי מיט א בייזן געלעכטער, איך וועל גיין נעמען די קאַטשערע און דיר ווײַזן, וואָס פאַר א גאָט מיר האָבן". ווי זי גייט נעמען די קאַטשערע, אַז מײַנער כאַפּט די פיס אַפ די פּלייצעס און אַוועק, אַוועק, אַוועק. איך לויף, איך לויף און קום צו לויפן אין עפּעס א קרעטשמע. אין דער קרעטשמע איז פינצטער, גליטשיק, נישטאָ קיין נעפעש. איך לייג מיך אין א ווינקל, מאַך צו די אויגן און שלאָף. ווי איך שלאָף, קומט דער זיידע רעב סענדערל, אָלעוואַשאָלעם, צו מיר צו גיין, זייער אומעטיק, מיט פאַרווײנטע אויגן, און זאָגט: „סענדערל מײַן קינד, שלאָף נישט! ווי איז דיר ליב, סענדערל, שטיי אויף, סענדערל, און לויף פונדאַנען אַוועק! אַוועק, סענדערל, וווּהין די אויגן טראָגן, דו ביסט אין א סאַקאָנע!" איך וויל אויפשטיין, אָבער איך קען מיך נישט רירן, גלײַך ווי מע האַלט מיך צו. איך נעם מיך צום קאָפּ און טאַפּ אַפ מיר אָן עפּעס א קאָפּקע. הע-הע, איך בין גאָר נישט סענדערל, איך בין, מעבילע, גאָר א ייִדענע, אָן א סימען באָרד, טראָג עפּעס א מין יופּע און מײַן בויך, מײַן בויך, נישט פאַר קיין ייִדן געדאַכט, טוט מיר שרעקלעך וויי! „נישקאָשע, רופט אײנער עפּעס זיך

אָן, בא אן ערשטלינג גייט עס מאָמעד א ביסל שווער צו". אוי, פע-
טער, פעטער! שריַי איך אין איין אָטעם, ס'איז גאָר ניט פאר מיַינע
קויכעס, אָט, אָט פאל איך באלאַשעס. „א קולאק אין דער באָטיליצע
איז דערצו זייער א גוטע סגולע, דערמיט קען איך דיך מינטערן",
זאָגט דער פעטער, און לאָזט מיר טאקע אראָפּ עטלעכע קולאקעס. „נא
דיר פאר פרזער, פאר אצינד. אי פאר שפעטער" — מאכט ער דער־
ביַי, דרייט זיך אוים און ווערט פארשוווּנדן. איך ליג אין איינע צאָ-
רעס, ליג און ליג, ביז גאָט העלפט מיר, איך גיב מיך א ריס מיט
גוואלד און שטיי אוף. איך לויף צו גיך צו דער טיר, זי איז פאר־
שפארט, איך קלאפּ, קלאפּ און קלאפּ, — אומזיסט די מי. פּלוצלים
שפרינגט די טיר זיך אוף, און ווי איך שטעל ארוים א פוס, כאפּן מיך
גאזלאָנים און פירן מיך אוועק עפּעס אין א הייל. דאָרט נעמען זיי
ארוים א כאלעפ און ווילן מיך קוילען. ווי זיי האלטן דעם כאלעפ מיר
אפן האלדז, שריַי איך: גוואלד! לאָזט מיך כאָטש אָפּזאָגן ווידע! אָט
דאָס האָסטו דיר, ביניאָמין, מיַין כאָלעם. האלעוויַי, ער זאָל זיַין צו
גוטן.

— שפּיַי אוים, סענדערל, נאָך דריַי מאָל, — האָט ביניאָמין אים
אן אייצע געגעבן, — און שלאָג דיר דיַין כאָלעם פונעם קאָפּ ארוים.
איבעריקנס, אויב דו ווילסט, שטיי אוף, ס'איז שוין טאָג, און זאָג עט-
לעכע קאפּיטל טילים.

סענדערל איז מיט א זיפצ אראָפּ פון זיַין געלעגער, האָט אָפּגעגאָסן
נעגלוואסער, אָנגעטאָן זיַין כאלאטל און ארויסבאקומען זיַין טילים
איוורע־טיַיטש. עס האָט זיך אופגעמישט דאָס צענטע קאפּיטל, בא
וועלכעס ער האָט געהאלטן, און ער האָט מיט אן אומעטיקן ניגן אָנ־
געהויבן:

וואָס שטייסטו, גאָט, פונוויַיטן,
פארבאָרגסט זיך אין שלעכטע ציַיטן?

זײַן ניגנדל איז געװאָרן טרױעריקער און רירנדיקער װײַטער א ביסל בא די דאָזיקע פּסוקים:

ער זיצט אין ערגעץ א פּאַרטײַעט אָרט,
אין שטילן טײַט ער דעם ערלעכן דאָרט.
די אױגן דרײען אים זיך הין אי צוריק,
אפן אָרעמען האָבן זײ א שטאַרקן קוק,
װי א לײב אין זײַן נאָרע לױערט אױף ער,
ער לױערט צו כאַפּן דעם אָרעמען אהער.
דערלאַנגט דעם אָרעמען שױן טאַקע א כאַפּ
אבי מיט זײַן נעץ א צי נאָר — א קלאַפּ.

אז סענדערל האָט אָפּגעזאָגט טילים, איז שױן געװאָרן רעכט טאָג. אלע מענטשן אין שטוב זײַנען שױן אױפגעשטאַנען. א גרױסער סאמאָ־װאר, װי א קעסל, האָט שטאַרק געקאָכט אפן טיש, און דער אױלעם האָט געטרונקען טײ. ביניאָמינען און סענדערלען האָט מען אױך גע־געבן צו גלעזלעך װארמעס. זײ האָבן א ביסל זיך דערפרישט און פרײ־לעכער געװאָרן.

די שטוב, װאָס פריער א ביסל איז זי געװען א ספּאַלניע, דערנאָך א טשײַנע, איז פּלוצלים געװאָרן א קלײַזל. עס האָבן זיך פארקאַטשעט אַרבל, זיך אנטפּלעקט נאקעטע ייִדישע אָרעמס: רױטלעכע, גלאַטע, דאַ־רע, פעטע, שװאַרצע, װײַסע, טונקעלע, פון אלערלײ קאָלירן און גע־שטאַלטן. איטלעכער איז אַרײַן אין טאַלעס-און-טפילן און געגעבן א דאװן.

אונדזערע צװײ ייִדן האָבן נעראװנט געשמאַק, זיך געפּיעסטעט, געקרימט, געמאַכט ביינדלעך און פּיסקעלעך, װי עמעס צעבראָכענע ייִדן. זײ האָבן אװעקגעטײַנעט מיטן ריבױנעשעלױלעם אלץ: טאַטע־

גיו! פּאַטערוניו! און שױעס געמאַכט אין דאַווענען מער פון אַלע אַנ־דערע. נאָכן דאַווענען האָבן זיי גענומען צו קעלישקעלעך שליש, אַ זופּ געטאָן פריער, זיך פאַסמאַקעוועט, און אויף דער נאָז זיינען אַרויסגע־טראָטן רויטגלאַנצנדיקע ווײַמפּערלעך. דערנאָך האָבן זיי געמאַכט צום גאַנצן אוילעם: לעכאַיִם, לעכאַיִם! און צוגעווינטשעוועט: דער איבער־שטער זאָל שוין ראַכמאָנעס האָבן אויפן גאַנצן קלאַל יִיסראָ־על, נעבעך! האָבן פאַרגלאָצט דערבײַ די אויגן, געטאָן אַ שטילן זיפץ און אַרײַנגעגאָסן אין זיך דאָס קעלישקל. אַ סימען, דאָס זײַ־נען געווען נישט קיין פּראָסטע ייִדן, נאָר פרומע, קאָשערע, שיינע ייִדן.

איינער פון די דאָזיקע שיינע ייִדן איז דערווײַל אַוועקגעגאַנגען אין דער שטאָט און האָט זיך דאָרט פאַרזאַמט אַקעגן אַ פּאָר שאָ. אַז ער איז צוריק געקומען, האָט דער כאַווער זײַנער אים אַרײַנגעקוקט אין פּאָנעם, וואָס האָט באַשײַמפּערלעך געלויכטן, און ביידע זײַנען געווען זייער צופרידן. זיי האָבן געהייסן גרייטן צום טיש, זיך געגאַנגען וואַשן און איבערגעקוקט פריער די קוואָרט, ווי דער שטייגער איז פון שיינע ייִדן, האָבן געבעטן אונדזערע פאַרשוינען, זאָלן אויך זיך וואַשן און מויכל זײַן זעצן זיך מיט זיי אינאיינעם עפּעס איבערצובײַסן. באַם טיש זײַנען זיי געווען לוסטיק, האָבן געלויבט די באַלעבאָסטע פאַר אירע גוטע מײַכאָלים און מעשונע פון איר האַנאָע געהאַט. זיי האָבן זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַ שמועס, גערעדט מיקויעך דעם קלאַל ייִדן, ווי ס'איז שוין טאַקע צײַט, זיי זאָלן, נעבעך, אופגעריכט ווערן. פאַר־וואָס קומט אַזאַ פאָלק, אַזאַ טײַער פאָלק זאָל, נעבעך, אַזוי פאַרשוואַרצט ווערן? זיי האָבן זיך צעלאָזט אין די שוואָ־כים פון די קנעסעס־ייִסראָעל, געלויבט אין טאָג אַרײַן דאָס ייִדיש קעפּל.

— וואָס קענען דען ייִדן נישט? אַלע כאָכמעס פון דער וועלט,

ווי דער טעלעגראַף, אײַזנבאַן און נאָך אַזעלכע זאַכענישן, גופינס מען נאָך גאַנץ לאַנג באַ ייִדן. נאָר דאָס אַלצדינג אָבער איז נאָך פֿון די קלייניקייטן, דער איקער איז גאָר עפּעס אַנדערש, דאָס פֿינטעלע, דאָס פֿינטעלע, אָט וואָס דער איקער איז!..

זיי האָבן זיך אַרופֿגעכאַפּט אַף די אַפּיקאָרסים, אַף די הײַנטיקע מאָדנע געלערנטע, פֿאַרשאָלטן זיי דאָס געביין, געשפּיגן קלעק אַף זייי אינגאַנצן און אַף די שקאָלעס, וואָס מע לערנט דאָרט טרייף־פּאָסל אָן א היטל.

— באַלד וועט טאַקע זײַן אַ פּיירעק מישנײַעס אַ רענדל, און אַ פּראָשעניע אָנשרײַבן — אַ גילדן. אוי, איז הײַנט אַ וועלט, אַ שיינע וועלט, כלעבן!..

אַזוי האָבן זיי אַלץ גערעדט און זײַנען איבערגעגאַנגען דערפֿון אַף אַ שמועס מיקויעכ דער נעסיִע פֿון אונדזערע פֿאַרשווינען.

— מיר ווינטשן אײַך,— האָבן זיי געזאָגט,— האַשעם־יִסבאָרעכ זאָל כעסעד טאָן און מעמאַלע זײַן דאָס אַלצדינג, וואָס מיר באַגערן אין אײַך צו זען.

בינימינ איז געווען אַף דעם זיבעטן הימל פֿון אַזאַ בראָכע. דערצו איז ער נאָך געווען, ווי זאָגט מען עפּעס, אַ ביסל פֿאַר-לעקט. ער האָט געעפֿנט אַ מויל און גערעדט פֿאַר פֿײַער אי פֿאַר וואַסער.

— ווייסט איר וואָס, רעב בינימינ, רעב סענדערל? — האָבן די ייִדן געזאָגט צעצויגנ, נאָך דעם, אַז זיי האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿונעם טיש. — מיר וועלן זיך נויהעג זײַן בעפּאַשטעס, ווי פּראָסטע ייִדן, אַזוי ווי אונדזערע עלטערן האָבן זיך נויהעג געווען, נאָך אַ וועג וועלן מיר זיך אַלע גיין אין מערכעצ אַרײַן, צעפֿאַרען די ביינער. איר וועט זיך מעגן דאָרט אָפּשערן אָדער אָפּגאָלן, איר וועט, כלעבן, ווערן גאָר אַנדערע מענטשן. און נאָכן מערכעצ וועלן מיר זיך נעמען צו אונדזע-

רע אסאָקים. אזוי טאקע, בענעמאָנעס, אזוי וועט בעפּאשטעס טאקע זײַנ גוט. ס'איז עפשער א ביסל נישט הײַנטמאָדיש, בא די אפּיקאָר-סים מעג זיכ א מערכעצ אויסקומענ עפּעס נישט ײשײַנ, נאָר מיר זײַנענ אָבער נישט קיינ געבולבעטע, אָט לאָמיר זיכ גויהעג זײַנ ווי אונדזערע זיידעס פארצײַטנ!

פונ א מערכעצ זאָגט זיכ א ייִד קיינמאָל נישט אָפּ. דאָס, וואָס א שענק פאר די פויערים, א טײַכל פאר גענדז אונ קאטשקעס, דאָס איז אינ הונדערט גראדנ נאָכ מער די באָד פאר א ייִדנ. דעמ טאמ, וואָס א ייִד פילט אינ א באָד, קענ עס קיינ אומע-וועלאָשנ גאָר נישט פילנ. די באָד האָט בא אימ א גרויס שײַכעס מיט זײַנ רעליגיע, מיט זײַנע אינוויינִיקסטע געפילנ אונ מיט זײַנ סעמיינעמ לעבנ. קיינ ייִדישע נע-שאָמע רירט זיכ נישט פונעמ הימל אַרײַנצוקריכנ ערגעצ אינ א בויכ, מע קענ זי נישט נעמענ, אײַנבעטנ דורכ קיינ שומ זאכ, סײַדנ נאָר דורכ א באָד. דאָ איז די גלאָוונע אגענטסטווע, די צענטראלנע קאָנ-טאָר צווישנ דעמ הימל מיט דער ערד. איידער א ייִד ווערט נאָכ גע-בוירנ, איידער נאָכ עס ווארפט זיכ אינ אימ אנ אייווער, ווייסט מענ שוינ פונ אימ אינ דער דאָזיקער קאָנטאָר פונעמ בעדער מיט דער בע-דערקע ביז דער טוקערקע אונ דער ביטלמאכערנ. די נעשאָמע-יעסיירע שאבעס אונ יאָמטעוו פילט אינ זיכ נישט אזוי א ייִד, וועג ער שווענקט זיכ פריִער נישט אָפּ אינ באָד. אָנ דעמ איז ער עפּעס אלטגעבאקנ, נישט פריש. קוקט אָנ א ייִדנ פרײַטיק, קומענדיק פונעמ מערכעצ, ער בליט, ער איז ייִנגער מיט עטלעכע יאָר, דער ייִדישער פונק ברענט אינ אימ אונ לײַכט ארויס פונ זײַנע אויגנ, אלע זײַנע געפילנ זײַנענ עפּעס שארפער, פרישער, דער רייעכ פונ די געפילטע פיש אי פונ דעמ אײַנ-געפּרײַעטנ צימעס פארגייענ אימ ווי קטוירעס אינ דער נאָז. זי שמעקט, שמאָרעט אונ איז מעקאבל טײַנעג. עס זינגט זיכ אימ עפּעס אפנ הארצ, ער גיט קאָנצערט אינ טראָפּ, קנאקט ווי א סאָלאָווײ שיר-הא-

שירים, צעפּעסטעט זיך דאָרט ווי א קינד, צעפלאקערט זיך, צעהיצט זיך און איז האלב אפ יענעם אוילעם...

אין באָד קומט א ייִד ווי אין א פּאַטערלאַנד, ווי אין א פריַיער מדינע, וווּ איטלעכער האָט א גליַיכע דייע, וווּ עס שטייט פאר אים פריַי צו דערגרייכן גליַיך מיט אנדערע א הויכע שטופע — ארופקריכן אפ דער אייבערשטער באנק, דערמיטן זיַין פארומערטע נעשאָמע, כאָטש אפ א שאָ אויסגליַיכן זיַינע ביינער און אראָפּ־ווארפן פון זיך זיַין פעקל דייַגעס און יעסורים. אָט וואָס א באָד איז בא ייִדן!

דעריבער איז דער פּלאן פון אין מערכעץ גיין אונדזערע פּאַר־שוינען געווען שטארק לעראַצן. זיי האָבן נישט געמאכט קיין גרויסע האכאָנעס און אין עטלעכע מינוט ארום זיַינען זיי שוין געגאנגען מיט די צוויי שיינע ייִדן.

אונדזערע פּארשוינען האָבן זיך פיגעשטעלט א באָד, ווי געווייַנט־לעך א מערכעץ איז אין די ייִדישע שטעטלעך, עפּעס א מין ביניען, שווארץ, פארשמירט פון דרויסן, בארגאראָפּ ערגעץ אין א העק, מיט א שווערן צוטריט אהינצו אפ שמאָלע צעבראָכענע קלאדקעס. און אז די ייִדן זיַינען צוגעקומען צו א שיינעם דריַיגאָרנדיקן מויער, סאמע אין דער מיט גאס, און געזאָגט: „אָט דאָס איז די באָד", האָבן זיי פאריסן די אויגן און געקוקט שרעקלעך פארווונדערט.

— איר זיַינט נאָך טאקע גאָר עמעסע פריצן, — האָבן די ייִדן פון זיי געשפּאָט, — קומט, זייט מויכל, אריַין אינווייניק, וועט איר נאָך עפּעס שענערס זען.

אריַינקומענדיק אין דער פּערעדניע, האָט אונדזערע פּארשוינען פארשטיַינט אין די אויגן דער געמאָלטער פּאָל מיט די אויסגעשפּרייטע סטעזשקעס. עס האָט זיי זיך אויסגעדאכט, אז זיי זיַינען אין דעם פארצויבערטן שלאָס, וואָס אין „באָווע־מיַיסע" און אין „טויזנט מיט

איינ נאכט". באלד וועלנ פרינצעסנס, באסמאלקעס זיי מעקאבל־פאר־נעמ זײַנ, זיי וועלנ זיכ דא ווייל מאנ אונ לעבנ אפ וואס די וועלט שטייט. נאר אנשטאט די באסמאלקעס איז צוגעגאנגענ צו זיי א סאל־דאט מיט אייבעלעכ אונ האט שיינ־פײַנ זיי געלאזט בעטנ זיכ אויס־צומאנ.

— טוט זיכ, זײַט מויכל, אויס, — האבנ די שיינע יידנ צו זיי געזאגט, — מיר וועלנ דערווײַל ארײַנגיינ אהינ באצאלנ באר־געלט. נישקאשע, איר וועט דא האבנ א גוט שוויצבעדל.

אז אונדזערע פארשוינענ האבנ זיכ אויסגעטאנ, האבנ זיי פאר־כומענ זייער פעקל זאכנ, ווי דער שטייגער איז, אויסצופרודזענ עס. קיינ טוצ העמדער האט אינ זייער גארדעראבע זיכ נישט געפונענ. זיי האבנ אוועקגעטראגנ א העמד עטלעכע וואכנ. עס פארשטייט זיכ, אז עס האט זיי, נעבעכ, געביסנ, אונ דאס פרודזענ איז זיי געווענ מאקע נייטיק אינ לעבנ ארײַנ. נאר דער סאלדאט האט בא זיי אוועקגענו־מענ די זאכנ אונ זיי ארײַנגעפירט אינ א כיידער ארײַנ. דער כיידער איז געווענ אויסגעמעבלט מיט בענקלעכ, ארומ א גרויסנ טיש זײַנענ דארט אפ שטולנ געזעסנ מענטשנ פײַנ אנגעטאנ. אונדזערע פאר־שוינענ האבנ זיכ ארומגעקוקט אינ אלע זײַטנ. זיי איז שטארק קאשע געווענ, ווו גיסט מענ דא אפנ שטיינ, אונ ווו וועלנ זיי דא שוויצנ?

— צי טוט זשידאווסקי באניא? — האט סענדערל א פרעג געטאנ נאכ דעמ, אז ביניאמינ האט אימ א שטורכ געגעבנ אינ אימ געהייסנ נישט מאכנ דא קיינ פיל שיעס אונ פרעגנ.

איינער פונ די לײַט, וואס ארומ טיש, איז צוגעגאנגענ, האט אנ־געקוקט אונדזערע נאקעטע פארשוינענ, וואס זײַנענ, נעבעכ, געווענ דאר, אויסגעדייוועט, אנ א לויט פלייש, נאר הויט אונ ביינ, אונ גע־מאכט מיט זיי עפעס א שמועס אפ מאסקוויטערש.

— הא, וואָס זאָגט ער דאָ עפּעס, סענדערל? — האָט בּיניאָמין געפרעגט.

— איך זאָל דאָס אָנהייבן פאַרשטיין א וואָרט! — האָט סענדערל געענטפערט און געמאַכט מיט די אַקסלען. — נאָט אייַך, מישטיינס־געזאָגט, א לאָשן! עפּעס זאָגט ער אַלץ: בּילעט, בּילעט.

— א, א, נאַרעלע, — האָט בּיניאָמין זיך אָנגערופן, — וואָס פאַרשטייסטו דאָ נישט, נאַרעלע? דאָס איז דער בעדער, ער פאָדערט בּאַ אונדז א בּילעט, וואָרעם אין אַזאַ באָד מוז מען גיין אַף בּילעטן. זאָג אים, אַז די ייִדן האָבּן שוין דאָך דאָ פריִער באַצאָלט פאַר אונדזערע בּילעטן.

— יאַק זשע, פּאַני, טייע זשידקי אָוושע דאַלי טוטעשקא זא... זא...— האָט סענדערל א רעד געגעבן און איז פלוצלים געבליבן ווי דערהרגעט, נישט געקענט אויספירן, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן.

— זא בּילעט, פּאַני, סטייטש, זשידקי, לעהאָוודל, פּאַני, זאַפּלאַ-טיל! — איז בּיניאָמין אַרויס אַף זײַן לאָשן און האָט דערקלערט די זאַך גאַנץ קלאָר, קורץ און שאַרף.

דער האָזיקער מענטש, וואָס איז פריִער צוגעגאַנגען צו אונדזערע פאַרשוינען, האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, און מע האָט זיי באַלד אַרײַנגעפירט ווײַטער אין א כיידער, וואָס דאָרט איז מען, קעפּי זייער מיינונג, מעכוייעוו געוועזן, אפּאָנעמ, צו שוויצן געשמאַק...

אַז מע האָט בּיניאָמינען און סענדערלען שפּעטער א בּיסל מיט א צײַט אַרויסגעפירט אַף דער גאַס, איז שווער געווען זיי צו דערקענען, אַזוי פאַרענדערט זײַנען זיי, נעבעך, געוואָרן: אָפּגעגאָלט פון פאָרנט, אָן בּערד, אָן פּייעס, די אויגן פאַרדרייט, נאָר גלעזערנע, אַף דעם שטערן קאַלטע גרויסע טראָפּן שוויים, א וואָלקן, א כמאַרע אַפן

גאַנצן פּנים, איינגעצוירעט, איינגעהויקערט, מיט אַ דראָזש איבער דעם גאַנצן לײַב, און אַרום זיי סאָלדאַטן.

אפֿן הימל האָט זיך אָנגערוקט אַ שוואַרצע פֿינצטערע כמאַרע. אַ בליץ האָט מיטאַמאָל באַלײַכטעט די דאָזיקע קאָמפּאַניע. באַלד דערויף האָט אַ דונער געגעבן שרעקלעך שטאַרק, אַז אַלע זײַנען פֿאַרציטערט געוואָרן. עס האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ שטורעמווינט, רעדלעך שטויב האָבן זיך געטראָגן ווי די רוחות, פֿאַרכאַפּט אפֿן וועג מיסט, שטרוי, בלעטלעך אי שטיקלעך פּאַפּיר. אַלע אינײַנעם האָבן געטאַנצט עפּעס אַ משוגענעם טאַנץ און זיך געדרייט, געדרייט אַלץ אין דער הייך אַרויף, אַרויף... די טשערעדע פֿון דעם פֿעלד איז געלאָפֿן אומרויק מיט אַ געשריי און אַ רעווען ווי אַ סטײַע הונגעריקע וועלף וואָלטן זי נאָכ־געיאָגט. עס האָט געשטורעמט, געבליצט, געדונערט, גלײַך ווי דער איבערשטער איז שטאַרק אויפֿגעבראַכט געוואָרן אויף דער זינדיקער ערד און אויף אַלצדינג, וואָס דאָ גייט פֿיר. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט באַם קאָפּ, געבליצט מיט זײַנע צאָרנדיקע אויגן, געהילכט און געשריגן: אײַ, אײַ! מיט זײַן דונערדיקן קאָל. עס האָט צום לעצט אַ זעץ געטאָן מעשוגע אַ שרעקלעכער דונער, פֿון הימל האָט אַראָפּגעקאַפּעט, ווי טרערן, גרויסע טראָפּנס רעגן, וואָס אין זיי האָבן זיך אויסגעמישט טראָפּן נויט־שווייס און בלוטיקע טרערן פֿון אונדזערע בידנע, אומ־גליקלעכע פֿאַרשווינער...

אַך, בינימין און סענדערל האָבן גאָר ניט געוווּסט, אַז נישט דאַפֿקע אין דער מידבער איז אַ סאַקאָנע צו רײַזן מאַכמעס די ווילדע שלעק, עגדעשן, פֿיפּערנאָטערן און כײַעס־ראָעס, וואָס דאָרט, נאָר דאָ, אין די מעקוימעס, דאָ איז ערשט די גרעסטע סאַקאָנע! יענע צײַט, ווען אונדזערע פֿאַרשווינער האָבן געוואַנדערוועט, איז געווען די שווערע, פֿינצטערע, ביטערע צײַט — די צײַט, ווען אייך ייִד האָט געזוכט צו דערטאַפּן דעם אַנדערן און

ווי א לייב אין זײַן נאָרע געלויערט האָט אויב ער,
געלויערט צו כאפן דעם בעזפּאַספּאָרטנע אהער

און אים אָפּגעגעבן פאר א פּוימענע, א קאָרבן פאר זײַנע, אָדער פאר יענעמס קינדער! אך, אונדזערע פאַרשווינענע, נעבעך, האָבן נישט געווּוסט, אז זיי געפינען זיך שוין מאקע אין דער מידבער, צווישן ווילדע באַשעפעניש אי כײַעס־ראָעס, און די צוויי שיינע, קאָשערע יידן זײַנען גאָר פּיפּערנאָטערן!





## ד אָ ס  ד ר ײַ צ נ ט ע  ק א פ י ט ל

# זעלנער זײַנען, נעבעכ, אונדזערע נויסימ געוואָרנ



יטלעבער קענ זיכ מעשאער זײַנ די שלעכטע לאגע פונ אונדזערע בידנע פּארשוינענ, ווי פינצטער און ביטער זיי איז, נעבעכ, געווענ. מיר פארשפּאָרנ עס צו שילדערנ.

די ערשטע צײַט זײַנען זיי געווענ ווי צעמישט און האָבנ לאבלוטנ נישט פארשטאנענ, וואָס מיט זיי טוט זיכ אזוינס. אלצ־דינג איז פאר זיי געווענ פרעמד, אי די סבאָרנע, אי די כאָלדאטנ, אי דער לאָשנ, און די אלע זאכנ, וואָס מע האָט זיי געהייסנ טאָנ. דער שינעל איז אפ זיי געהאנגענ, ווי א טאָרבע, ער האָט אויסגעזענ טאקע

נאָר ווי א יופע, און דאָס היטל, מישטיינסגעזאָגט, איז געלעגן אפ זייער קאָפּ נאָר ווי א קאָפּקע. אָנקוקנדיק זיי, האָט זיך געדאכט, עפּעס איז עס איינגאנצן נאָר אָן אָנשטעל, עפּעס האָבן צוויי ייִדן זיך פאר־שטעלט און מאכן כוויזעק פון די אלע זעלנער, קרימען זיי זיך נאָך און ווײַזן פאר איטלעכן גאנץ פרײַ, ווי נאריש, מישטיינסגעזאָגט, זיי אלע זײַנען מיט זייער אלץ־מיט־אנאנדער. אז־אָך־און־ווי צום ביקס, נעבעך, וואָס ער איז ארײַנגעפאלן צו אונדזערע פארשויגענע. בא זיי אין די הענט האָט ער גאָר ניט געהאט דאָס פּאָנעם, אקוראט ווי א קאָ־טשערע אין די הענט פון א מאנצבל, וואָס פּאָרעט זיך אין קיך באם פריפעטשעק. בא דער אוטשעניע פלעגן זיי אָפּארבעטן אזעלכע שטו־קעס מיט די הענטלעך און די פיסלעך, אז ס'איז געווען נאָר א ריינע קאָמעדיע.

אין קלעפּ, פארשטייט זיך, זײַנען זיי ניט זשעדנע געווען, נאָר ווו איז דען, זאָגט מען, אין דער וועלט עפּעס א צאָרע, וואָס דער מענטש זאָל מיט איר נישט געוווינט ווערן? נישט נאָר דער מענטש, אפילע אנדערע באשעפעניש ווערן אויך געוווינט. באדארף מען מער פרײַ, ווי א פויגל איז, פונדעסטוועגן, אז מע פאנגט אים און מע זעצט אים ארײַן אין א שטײַגעלע, געוווינט ער זיך צוביסלעך, הייבט אָן צו פיקן זערנע מיט אפּעטיט, שפּרינגט און זינגט פריילעכע לידער, גלײַך ווי די גאנצע וועלט מיט אירע פעלדער און וועלדער איז פאר אים דאָ אין דעם ענגן שטײַגעלע. אונדזער סענדערל האָט ווײַטער־ווײַטער טאַ־קע אָנגעהויבן מיט זײַן לאגע זיך צוגעוווינען, פלעגט זיך גוט צו־קוקן צום מושטיר פון די זעלנער און פּרוּוון נאָכמאכן זייערע אלע שטוקעס אפ זײַן שטייגער. ס'איז געווען א פרייד צוצוזען, ווי סענ־דערל פלעגט אָפּט פאר זיך אליין איבערכאזערן דעם מושטיר, זיך אויסציִען גלײַך ווי א סטרונקע, פארײַסן דאָס קעפּל, אָנבלאָזן די פיסקלעך ווי א גיבער, הייבן פיסלעך און גיין א מארש, נאָר טאקע

ווי אַן אָנגעבלאָזענער אינדיק, פּלעגט זיך דרייען, דרייען, און לעסאָף פֿאַרפּלאָנטען די פֿיסלעך און פֿאַלן. נאָר אַקעגן זשע בניאָמינען אָבער,— ער האָט מיט אַזעלכע זאַכן בעשומאופֿן נישט געקענט זיך געווינען, ער איז געווען בעטעווע איינער פֿון יענע מינע פֿייגל, וואָס הייסן וואַנדער־פֿייגל, דאָס הייסט אַזעלכע, וואָס זייער טעווע איז אַלע יאָר סאָף זומער אַוועקצופֿליִען און איבערווינטערן דאָרט אין די וואַ־טע וואַרעמע מעקוימעס. די טעווע צו וואַנדערעווען מאָנט אַזאַ מין פֿויגל אַזוי שטאַרק, אַז בעזמן מע האַלט אים דענסטמאָל געפֿאַנגען אין אַ שטײַגל, איז אים נישט ניכע דאָס לעבן. ער עסט נישט, טרינקט נישט, ער האַפּעט זיך אָפּ די גלײַכע ווענט און זוכט ערגעץ עפּעס אַ שפּאַלט אַנטרונען צו ווערן. די נעסיִע אַהין אין יענע ווײַטע מעקוי־מעס, וואָס האָט ווי אַ זלידנע זיך אײַנגעגעסן אין בניאָמינס קאָפּ, וואָס איז אים געוואָרן אַ צווייטע נאַטור, וואָס צוליב איר האָט ער אַוועקגעוואָרפֿן ווײַב און קינדער, — די דאָזיקע נעסיִע האָט אים נישט געלאָזט רוען קיין רעגע, האָט אים געבויערט, געפּיקט דעם קאָפּ, זי האָט אין אים געבורטשעט און אַלץ געשריגן: בניאָמין, גיי ווײַטער! גיי ווײַטער, ווײַטער! דערווײַל איז אַוועקגעגאַנגען אַזוי דער ווינטער, און אונדזער בניאָמין, נעבעך, האָט זיך שטאַרק געמוטשעט.

איינמאָל אין אַ שיינעם טאָג נאָך פּייסעך, אַז סענדערל האָט בײַ־נוי־לעבן־אַצמוי זיך געמושטרירט, איז בניאָמין צו אים צוגעגאַנגען מיט אַזאַ שמועס:

— כלעבן, סענדערל, דו ביסט אַ יונגל! דו שפּילסט זיך און מאַכסט עפּעס אַזעלכע קונצן, ווי אַ קונדעס. וואָס קען דערפֿון, איך בעט דיר, דער טאַכלעס זײַן? פֿאַרגעס נאָר נישט, אַז דו ביסט, בערעכ־אַשעמ, אַ באַווײַבטער, דערצו נאָך אויך עפּעס אַ ייִד. הײַנט, צו וואָס פֿאַרנעמסטו זיך מיט אַזעלכע זאַכענישן און לייגסט דערינען דעם

גאַנצן קאָפּ דײַנעם אַרײַן? לעמעכל־גאַפּעקע־מינע, צי מיט דער לינקער צי מיט דער רעכטער פּוס קרוגאָם, ווי זיי רופן עס דאָרט עפּעס, וואָס מאַכט עס אויס?

— ווײַס איך? — האָט סענדערל געענטפערט. — מע הייסט קרוגאָם, זאָל זײַן קרוגאָם, וואָס פאַר אַ דײַגע איך האָב.

— און אונדזער נעסיִע, זאָג נאָר, האָסטו שוין פאַרגעסן? גוואַלד, אונדזער נעסיִע, אונדזער נעסיִע אַהין, אַהין... ליִדענוואָרעם, מויל־אייזל, פּיפּערנאָטער! — האָט בינימין געדעט צעקאָכט.

— מאַרש, מאַרש, מאַרש! — האָט סענדערל געמאַכט און געהויבן פּיסלעך.

— אַז־אָך־און־ווי צו דיר, סענדערל, און צו דײַן מאַרש! פּע, מעגסט זיך, כלעבן, שעמען! זאָג מיר נאָר בעסער, קונדעס אײנער, ווען מיר מאַכן אונדזער נעסיִע?

— פונמיִנטוועגן, אָך! — האָט סענדערל געענטפערט. — אַבי מע וועט אונדז נאָר לאָזן.

— וואָס טויגן מיר זיי, און וואָס באַדאַרפן זיי אונדז האָבן? — האָט בינימין זיך אָנגערופן. — אַדערבע, סענדערל, זאָג אַליין, צו דײַן ייִדישקייט, אַז בעת דער סוינע זאָל, כאַסוועשאָלעם, קומען, וועלן רען אַזעלכע צוויי אירע, ווי מיר, זיך קענען שטעלן אים אַקעגן? און אַז דו וועסט אים טויזנט מאָל זאָגן: גיי דיר אַוועק, עלע ניט מאַך איך פּוי־פּוי! וועט ער דען דיך הערן? פאַרקערט, ער וועט דיך נאָר אָנ־כאַפּן, און דײַן גליק וועט זײַן, אַז דו וועסט לעבעדיק פון זײַנע הענט אַרויס. גלייב מיר, כלעבן, ווי איך זע, זײַנען מיר דאָ אינגאַנצן אַי־בעריק, זיי וואָלטן גערן געוועזן אונדזערע פּאָטער צו ווערן. איך האָב אַליין געהערט, ווי דער עלטסטער האָט זיך איינמאָל אויסגעדריקט, אַז מיר זײַנען טאַקע נאָר אַן אָנשיקעניש. ווען עס זאָל אין אים גע־ווענדט זײַן, וואָלט ער אונדז שוין לאַנג אַרויסגעטריבן צו אַלדי שוואַר־

צע יאָר. און בעעמעס טאקע, וואָס טויגג מיר זיי? איך זאָג דיר, סענ־דערל, בעפייורעש, אז דאָס איז גאָר לעכאטכילע געוועג אַ קרומע זאַך, נישט קיין גלײַכער שידעך, מיר טויגן זיי נישט און זיי טויגן אונדז נישט. די ייִדן, וואָס האָבן אונדז אין זייערע הענט ארײַנגעגעבן, האָבן זיכער געמוזט זיי דערציילן אפ אונדז, אז מיר זײַנען ווילדע גיבוירים און קענען טאַכסיסיי־מילכאָמע, טאקע וואָס קענען הייסט. מיילע, וואָס זײַנען מיר שולדיק, אז די ייִדן האָבן זיי אָפּגענארט? לעמײַ, אונדז האָבן די ייִדן אויך מיִעס אָפּגענארט. מיר זײַנען דאָך נאָר מיט דער דייע אהער געקומען, עפּעס צוכויפּצומאכן און לאָזן זיך ווײַטער אין וועג ארײַן. פון טאַכסיסיי־מילכאָמע איז קלאָל קיין מעדובער נישט געוועג, איך וועל שווערן אפילע אין טאַלעס און קיטל, אז דערפון האָט מען אפילע נישט מאזקיר געווען. גלאַט כאַפּעניש־גילטעניש איז דאָך פּאַשעט שוין קיין יווישער נישט, הערט דאָך שוין טאקע אופ אלצ־דינג! — קורצ, זיי זײַנען ניט שולדיק, וואָס מע האָט אונדז אָפּגע־נארט, און מיר זײַנען אויך ניט שולדיק, וואָס מע האָט זיי אָפּגענארט. שולדיק זײַנען דאָ נאָר די ייִדן, די ליגנער, די קאָלבוניקעס, וואָס האָבן ביידע צדאָדימ אָפּגעליגנערט. די ייִדן, סענדערל, די ייִדן — זיי אליין זײַנען דאָ טאקע אינגאנצן שולדיק, קיינעמ באדארפ מען אין דער זאך ניט באשולדיקן, נאָר די ייִדן, די ייִדן און נאָכאמאָל די ייִדן!..

— מיילע, וואָס ווילסטו, ביניאָמין, זאָלן מיר טאָן? — האָט סענ־דערל געפרעגט.

— איך וויל, — האָט ביניאָמין געענטפערט, — מיר זאָלן זיך לאָזן ווײַטער אפ אונדזער נעסיע. אויס קאָלע און ווײַטער אַ מויד! מיר דאכט זיך, אז קיינער וועט אונדז דאָס נישט פארווערן, הען אל־פּידינ וועהען אלפּייווישער טאָר קיינער נישט אונדז פארהאלטן. אײַ וואָס, דו האָסט מוירע, טאָמער וועט מען אונדז פאָרט נישט לאָזן,

איז דערצו א פּראָסטע טרופּע, מיר זאָלן פונדאנען שטילערהייט אוועק־גיין. וועמעס אייסעק איז דאָס בא אונדז צו וויסן? געזעגענען בא־האַרפן מיר מיט קיינעם נישט.

— איך מיין אויך אזוי, אז געזעגענען זיך איז אַן איבעריקע זאך, — האָט סענדערל געמאכט, — לעהיי, אז מיר זײַנען פּאראיאָרן אוועקגעגאנגען פון דער היים און קיינעם, נישט אפילו ווײַב און קינ־דער, נישט געזאָגט כאָטש נא... טעבי!

פון דעם דאָזיקן שמועס אָן האָבן אונדזערע פּארשוינען אָנגע־הויבן טראכטן ווידער פון זייער נסיעה און זיך אַלץ מעיאשעוו געווען ווי צו מאכן פּלייטע. אין בינימינען האָבן זיך שטארק צעשפּילט די געבליטן, ער איז געווען שרעקלעך אומרויק און ארומגעפּאָדעט צע־קאָכט ווי א הון, וואָס וויל, אין וועסנע, זיך זעצן אפּ אייער. ער איז געווען אזוי פּארטיפט אין זײַנע געדאנקען, אז ער האָט נישט געהערט, נישט געזען, וואָס ארום אים טוט זיך. איז פּארבײַ אים דורכגעגאנגען עפּעס אַן עלטסטער, האָט ער מאכמעס צעטראָגנקײַט נישט אראָפּגענע־מען דאָס היטל; ער האָט געכאַפּט א פּאטש אָדער א זעץ אין דער פּאָטיליצע, האָט ער אפילו זיך נישט פּארקרימט, גלײַך ווי נישט אים מיינט מען; האָט מען צו אים גערעדט עפּעס אין אינימאָנע־האמושטיר, איז אים נישט ארײַן אפילו אין דער לינקער פּייע. ער האָט געהערט דאָס אוקעדוימע אזעלכע זאכן אקוראט ווי אין טשערנאָוויץ די מעגילע. ער האָט אינזינען געהאט נישט מער ווי די נסיעה, און דער קאָפּ זײַ־נער איז געפלויגן ווײַט, ווײַט!

איינמאָל שפּעט בא דער נאכט, אז אַלע זעלנער אין דער קאזארמע האָבן געשמאק געשלאָפן, איז בינימין אפּ די שפּיץ פינגער צוגעגאנ־גען צו סענדערלס געלעגער.

— סענדערל, דו ביסט פּארטיק? — האָט בינימין שטילערהייט געפרעגט.

סענדערל האָט א שאָקל געטאָן מיט דעם קאָפּ, אָנגענומען בינ-יאָמינען פאר דער פּאָלע און זײַנען ביידע שא-קיטיש ארויסגעגאנגען אפן הויף.

אינדרויסן האָט געבלאָזן א ווארעם ווינטל, ישטיקער שווארצע אי ברוין־בלויע וואָלקנס האָבן זיך געטראָגן אין דער הייך, און זיך געצויגן איינע נאָך די אנדערע, גלײַך ווי טויזנטער טשומאקעס גייען דאָרט מיט אָנגעלאָדענע פורן סכוירעס, און יאָגן זיך, באצײַטנס אָנצו-קומען אין הימל אפּ דעם יאריד. די לעוואָנע איז ווי א פּריקאשטשיק אויך געגאנגען מיט דעם דאָזיקן מעשונע־לאנגן צוג, פלעגט אפּ א מינוט נאָר ארויסשטעקן דעם קאָפּ, א קוק טאָן, וואָס טוט זיך אינ-דרויסן, דערנאָך ווײַטער אפּ א היפּשע צײַט זיך באהאלטן, און געלעגן אײַנגענורעט דאָרט ערגעץ אונטער א וואָלקנדיקן לאנטוך, שווארץ אָפּ-געשמירט, ווי מיט סמאָלע.

אונדזערע פּארשוינען האָבן אין דער פינצטער זיך געלאָזט גיין איבער דעם הויף, און שטילערהייט צוגעגאנגען צום פּלויט. זיי זײַנען ארופגעקראָכן אפּ א בארג מיט האָלץ, און פון דאָרט איז זיי שוין גרינג געווען ארופצוקלעטערן אפן פּלויט. פּלוצלים האָט סענדערל זיך א כאפּ געטאָן און גע־אָגט ביניאָמינען אין אויער ארײַן:

— אך, ביניאָמין, איך האָב פארגעסן די טאָרבע! זאָל איך מיך אומקערן נעמען די טאָרבע?

— כאָלילע! — האָט ביניאָמין געמאכט.— אומקערן זיך איז א מיִעסע זאך. אז גאָט העלפט א מענטשן, העלפט ער אים אויך אפּ א טאָרבע!

— עס קומט מיר איצט פיר, — האָט סענדערל געזאָגט, — וואָס דער זיידע רעב סענדערל, אָלעוואשאָלעם, האָט מיך געוואָרנט אין כאָלעם: שטיי אופ, סענדערל, האָט ער געזאָגט, און לויף פונדאנען אוועק וווהין די אויגן טראָגן! האלעווײַ זײַן זכוס זאָל אונדז אצינד

בײַשטיין. ער איז געווען טאקע מיטן פולן מויל א ייִד, גאָר אָן שום מעלאָכעס, די באָבע, אַלעהאשאָלעם, פלעגט אלץ דערציילן...

נאָר איידער סענדערל האָט זיך גענומען צו דערציילן, וואָס זײַנע באָבע פלעגט אלץ דערציילן פון זײַן זיידן, האָט זיך געלאָזט הערן א קאָל פון א זעלנער, וואָס איז דאָרט אין דער זײַט געשטאנען אפ דער וואכ.

אונדזערע פארשוינענע האָבן זיך צוגעטוליעט צום פלויט, אײַנגע-האלטן דעם אָטעם, געלעגן שטיל, קיין ריר זיך נישט צו טאָן, און אויסגעזען ווי צוויי גרויסע אלטע שמאטעס. שפעטער א ביסל, אז ס'איז ווידער געוואָרן רויִק-שטיל, האָבן די דאָזיקע שמאטעס ארויס-געוויזן א סימען פון לעבן און פאמעלעך זיך אראָפּגעלאָזט פונעם פלויט. זיי זײַנען געקראָכן אפ די הענט און אפ די פיס און זיך גע-רוקט פאמעלעך אלץ ווײַטער, ווײַטער, ביז גאָט האָט זיי געהאָלפן אויסצומײַדן דעם זעלנער, וואָס אפ דער וואכ, און ארויסצוקריכן אין א געסל. אונדזערע פארשוינענע האָבן זיך אופגעשטעלט אפ די פיס, געשטאנען א ביסל צו כאפן דעם אָטעם, און זיך אָנגעקוקט פריילעך מיט פײַערדיקע אויגן.

— די באָבע, אַלעהאשאָלעם, פלעגט אלץ דערציילן,— האָט סענ-דערל אָנגעהויבן צו ריידן,— ווי דער זיידע רעב סענדערל, אָלעווא-שאָלעם, פלעגט בעכאיאָוו אלץ דענקען צו פאָרן קיין ערעציִסראָעל. פארן טויט האָט ער זיך אופגעזעצט און געזאָגט מיט די ווערטער: אויב איך האָב נישט זוכע געווען בא גאָט פאָרן קיין ערעציִסראָעל, בין איך באָטועך, אז איינער פון מײַנע קינדער וועט דאָרט זײַן. דאָס הארץ מײַנע זאָגט מיר איצט, אז דאָס האָט ער געמיינט מיך. האלעווײַ פון מײַן מויל אין גאָטס אויערן ארײַן!

נאָר פון סענדערלס מויל אָבער איז גאָר אין אנדערע אויערן ארײַן! קוים וואָס סענדערל האָט ארויסגערעדט דעם וואונטש זײַנעם,

האָט פּלוצלים איינער אַפּ מאָסקוויטערש זיי א פרעג געגעבן: ווער איז דאָ? און אַז ער האָט נישט באַקומען קיין ענטפער, איז ער געשווינד צוגעגאַנגען און ווײַטער געפרעגט.

די לעווּאָכע האָט, צום שלימזל, אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון אונטער א פינצטערן שטיק כמאַרע און באַלויכטן אונדזערע בידנע פאַרשוינען, וואָס זײַנען געשטאַנען אַן לאָשן, טויט ווי די וואַנט, און דעם עלטסטן זייערן, וואָס האָט זיך שרעקלעך געבייזערט, געמאַכט מיט די הענט און זיי, נעבעך, געגעבן אין טאַטן און אין דער מאַמען אַרײַן.

אין עטלעכע מינוט אַרום זײַנען אונדזערע פאַרשוינען געזעסן ווי אַרעסטאַנטן דאָרט אַפּ דער הויפּטוואַכטע!

ס'איז גאָר נישטאָ אַזעלכע ווערטער צו באַשרײַבן די שרעקלעכע יעסורים, וואָס אונדזערע פאַרשוינען האָבן געפילט, זיצנדיק אין גע־פענקעניש. זיי זײַנען, נעבעך, אַראָפּ שטאַרק פונעם פּאָנעם און גע־וואָרן פּאַשעט אויס מענטשן. סענדערל כאָטש פלעגט נאָך שלאָפן און שלאָפנדיק האָט ער וויניקסטנס עטלעכע שאָ נישט געפילט די ביטערע צאָרעס. ער פלעגט נאָך אַמאָל האָבן א גוטן כאָלעם. דער זיידע רעב סענדערל האָט עפּעס אָנגעהויבן עפּטערס זיך צו זען און געטריבן מיט אים שפּאַס. ער פלעגט קיינמאָל נישט קומען ליידיק: אַמאָל איז ער געקומען מיט א פײַלנבויגן, מיט א שווערדל אָדער מיט האָמען-קלעפּל, פלעגט א קניפּ געבן דעם אייניקל באַם בעקעלע און זאָגן מיט א שמיי־בעלע: נאַ דיר, קונדעסל, טשאַטשקעלעך! שפּיל זיך, שקאָץ, דערמיט, מאַך פּוי, פּיפּ, פּאַפּ, סענדערל!.. און אַמאָל איז ער געקומען מיט א דריידל, זיך געזעצט שפּילן מיט זײַן ליבהאַרצעדיקן סענדערוניו. סענדערל האָט געדרייט, געדרייט, געדרייט, געמאַכט „ג" און געוווּנען באַם זיידן א גראָשן... גוט איז דעם מענטשן אַז א גוטער כאָלעם. די וועלט אינגאַנצן איז דען נישט א כאָלעם? — בעניאָמין אָבער האָט

דאָס אויכ נישט געהאַט, עס האָט פונ אימ זיכ אָפּגעטאָנ דער שלאָפ. ער איז געווענ מעשונע צעטראָגנ, אונ דאָס בלוט האָט אינ אימ געקאָכט ווי א קעסל. ער האָט געזענ דורכ דעמ פענצטער, די זונ שײַנט גאָר מעכײַע, דאָס גרינע גראָז וואַקסט אונ שפּראָצט, ביימער צוויטענ וואונדער־שיינ, מענטשנ גייענ, לויפנ אהינ אונ אהער, אונ פייגל פליִענ פרײַ אינ הימל. איצינד איז די רעכטע צײַט צו וואַנדרעווענ, נאָר ער זיצט אָבער פאַרשפּאַרט אונ קענ זיכ נישט לאָזנ אפ זײַנ נעסיִע. ער פלעגט אַזש אונטערשפּרינגענ פאַר גרויס אַגמעסנעפעש, זיכ כאַפּנ באַמ קאָפּ, ארומלויפנ צעדולט אונ שרײַענ, ריידנ מיט גאַל: גוואַלד! וואָס האָב איכ זיי געטאָנ? גוואַלד, גוואַלד! וואָס האָבנ זיי צו מיר?..





## דאָס פערצנטע קאפּיטל

# אויס קאלע—ווײַטער א מויד!



ינ דער וואָיענער קאנצעליאריע זײַנענ שפּעטער מיט עטלעכע טעג, נאָכ דער מײַסע מיט אונדזערע פאַרשווינענ, געזעסנ א סאכ אָפיצערנ אינ דער פאָלנער פאָרמע, צווישנ זיי דער יענעראל מיטנ פאָלקאָווניק. אינ דער זײַט לעבנ דער טיר זײַנענ געשטאנענ צוויי זעלנער מיט אראָפּגעלאָזענע קעפּ אונ האָבנ אויסגעזענ ווי א מויז, וואָס מע נעמט ארויס פונ א לאדישקע זויערמילכ. די אָפיצערנ האָבנ געקוקט אפ די זעלנער, זיי באטראכט פונ

קאָפּ ביז די פיס, דערנאָכ צווישנ זיכ עפּעס גערעדט אונ א ביסל אונ-
טערגעשמייכלט.

— הערסטו, סענדערל, — האָט איינ זעלנער שטילערהייט גע־
זאָגט, בעשאס די אָפיצערנ האָבנ צווישנ זיכ געשמועסט, — איכ זאָל
וויסנ, מײַנ טויט זאָל דאָ אפילע זײַנ, מוז איכ זיי ארויסזאָגנ דעמ
גאנצנ עמעס. איכ בינ שטארק אָנגעלאָדנ.

— פונמײַנטוועגנ, בינימינ, זאָג דיר זיי דעמ עמעס,— האָט דער
אנדערער זעלנער זיכ אָנגערופנ, — אויב דו ווילסט אזוי, זאָל זײַנ
אזוי, וואָס פאר א דײַגע איכ האָב.

— איר זײַנט עס די לײַט, וואָס האָבנ שפּעט בא דער נאכט זיכ
ארויסגעגאנוועט פונ דער קאזארמע? — האָט דער יענעראל געפרעגט
סטראָגע. — איר ווייסט, וואָס קומט פאר אזא שולד?

— אָ-ווא, אָ-ווא! — איז בינימינ אפּ גאָטס בארעט ארויס מיט
א שפּראכע, האלב יידיש, פּאָלאָווינע רײַסיש, אונ אנידערגעלייגט א
שמועסל, אז בײַקל דער זאיקע, דער באלדאברענ פונ טונעיארעווקע,
האָט געמעגט, כלעבנ, זיכ באגראָבנ נײַנ איילנ אינ דער ערד.

דער יענעראל האָט אוועקגעקערט דעמ קאָפּ מיט א געלעכטער, א
מאכ געגעבנ מיט דער האנט, אונ דער פּאָלקאָווניק האָט אָנשטאָט אימ
אָנגעהויבנ צו ריידנ.

— איר האָט זיכ שטארק פארזינדיקט, אײַכ קומט מיעס צו בא-
שטראָפנ פאר אזא שולד.

— וואשע בלאגאָראָדיע! — האָט בינימינ אויסגעשאָסנ אפּ א
קאָל, — כאפּנ מענטשנ אינמיטנ העלנ טאָג אונ פארקויפנ זיי ווי הינער
אפנ מארק, דאָס מעג מענ, אונ אז זיי, נעבעכ, ווילנ ניצל ווערנ, דאָס
רופט מענ אָנ א שולד! אויב אזוי, איז דאָכ טאקע העפקער א וועלט,
אונ איכ פארשטיי שוינ, אָסער, נישט, וואָס הייסט אזוינס מעגנ אונ
נישט מעגנ! אדעראבע, לאָמיר פרעגנ דאָ טאקע מענטשנ, זאָלנ זיי

זאָגן, ווער איז שולדיק. אשטייגער, ווי וואָלט געווען, אז מע זאָל אײַך כאַפּן ערגעץ אַפן וועג און מיט גוואַלד אַרײַנשטופּן אין זאַק אַרײַן, נו, וואָלט איר, כאָלילע, שולדיק געווען, ווען איר וואָלט מיט אַמיצוים־קויעך פונעם זאַק אַרויס? איך זאָג אײַך בעפייִרעש, דאָס איז געווען לעבאַטכילע אַ גענויטע זאַך, אַ געגאַרעוועט. שולדיק זײַנען דאָ נאָר די ייִדן, מי־יעדייִע, וואָס זיי האָבן נאָך אָנגערעדט. מיר זײַנען אײַך מוי־סער־מוידאָ — זאָג, סענדערל, זאָג! וואָס שטייסטו ווי אַ גוילעם? גיי אַרויס מיט דעם עמעס אַפּ גאָטס באַראָט, גאָר אָן מוירע, און זאָג מיט מיר אײנײנעם: — מיר זײַנען אײַך מויסער־מוידאָ, אַז פון טאַכסיסיי־מילכאָמע האָבן מיר נישט געוווּסט, מיר ווייסן נישט און מיר ווילן נישט וויסן. מיר זײַנען, באָרעכאַשעם, באַווײַבטע, האָבן אײנזינען עפּעס גאָר אַנדערש, און מיט אַזעלכע זאַכן נישן קענען מיר לאַכלוטן זיך נישט אָפּגעבן. זיי גייען אונדז אַפילע גאָר אין קאָפּ נישט. הײַנט, מיילע, וואָס טויגן מיר אײַך? מיר דאַכט זיך, אַז איר באַדאַרפט אַליין וועלן אונדזערער פּאָטער צו ווערן.

און בעעמעס איז ביניאָמינס טאַקע זייער געערכט געווען. מען איז נאָך לאַנג טאַקע גערן געווען זייערער פּאָטער צו ווערן. אַז די עלטסטע האָבן זיך געווען צוגעקוקט צו אונדזערע פּאַרשוינען, צו זייער הילעך, צו זייערע פּאָסטעמקעס, צו זייער שמועס, און צו זייערע מאַרשן, האָבן זיי שוין זיך אָנגעשטויסן, מיט וועלכע נעפּאַשעס זיי האָבן צו טאָן, און פלעגן נישט איין מאָל זיך האַלטן בײַ די זײַטן לאַכנדיק. דער קיווּן פון דער איצטיקער סאָבראַניע אָפּיצערן איז געווען, צו נעמען אונדזערע פּאַרשוינען אַפן פאַרהער און פּרווון זען, מיט וועמען זיי האָבן אַן אייסעק. ביניאָמינס מיט סענדערלען האָבן דאָ זיך פאַרהערט און, באָרעכאַשעם, שטאַרק אויסגענומען, נאָך מער ווי געוווּנטשן, אַזוי אַז די אַלע אָפּיצערן האָבן עפּעס מעשונע האַנאָע געהאַט פון גע־לעכטער.

— נו, דאָקטער? — האָט דער יענעראל געמאכט צו איינ אָפיצער, וואָס האָט זיכ ארייַנגעלאָזט אינ א שמועס אונ מיט אונדזערע פארשוינענ זיכ שטארק אָפגעגעבנ.

דער דאָקטער האָט אנידערגעלייגט א פינגער אפנ שטערנ אונ געמאכט שאָקלענדיק מיטנ קאָפ, גלייַכ ווי ער וואָלט געזאָגט — דאָ פעלט א קלעפקע!

דער שפיצ איז געווענ, נאָכ דעמ, אז די אָפיצערנ האָבנ צווישנ זיכ גערעדט אונ עפעס געשריבנ, האָט מענ געהייסנ אָפלאָזנ אונדזערע פארשוינענ פרייַ פונעמ דינסט.

— גייט אייַכ, — האָט מענ צו זיי געזאָגט, — גייט אייַכ געזונטערהייט!

ביניאָמינ האָט זיכ זייער שיינ געזעגנט מיט א פארבייג, אונ זיכ געלאָזט אוועקגיינ.

סענדערל האָט ווי א זעלנער געהויבנ פיסלעכ אונ געגאנגענ נאָכ אימ מיט א מארש.

*1878—1876*





מיין ליבן, טייערן פריינט מענאשע מארגאָלים ברענגט דעם דאָזיקן סייפער בעמאטאָנע פונעם גאַנצן הארצן

דער מעכאבער.

טייערער פריינט!

טרויעריק איז מיין ניגן אין דער קאפּעלע פון דער יידישער ליטעראטור. אין מיינע ביכורים ליגט אויסגעדריקט א ייד מיט די ביינער, וואָס ווען ער זינגט אפילע אמאָל א פריילעכס, דאכט זיך גאָר אויס פונדערווייטנס, עפּעס קלאָגט ער, פארגייט זיך וויינענדיק. אין זיינע זמירעס הערט זיך עפּעס אן אומעטיקער שטייגער פון אייכעס. לאכט ער, שטייען אים אין די אויגן טרערן, ווייל ער א ביסל לוסטיק זיין, רייסט זיך אים דערביי טיף פונעם הארצן א ביטערער זיפץ — און טאָמער אלץ אוי וויי, ווייגעשריגן!..

איך רייד מיר, כאָלילע, נישט איין מיט גאדלעס, אז איך בין א סאָלאָוויי אין אונדזער יידישער ליטעראטור, נאָר איך איין זאך אָבער

בין איך אין אים יאָ שטארק געדראָטן. דער דראַזיקער מאָרעשכוירעדי־
קער מעשוירער פון די פייגל שפּילט זיינע ניגונים און צעגיסט זיך
אין אומעטיקע שטייגער דאפקע נאָר אין וועסנע־צייט, ווען די גאנצע
וועלט איז ווי ניי־געבוירן, ווען עס בליט, עס שמעקט מעכייע
אומעטום, עס שיינט, עס לויכט און איטלעכן איז פריילעך
אפן הארצן.

מיר ביידע, טייערער פריינט, האָבן אָנגעהויבן אונדזער ארבעט
אין דער יידישער ליטעראטור פּונקט אין דער וועסנע־צייט פונעם
יידישן לעבן דאָ בא אונדז אין לאנד. פונעם זעכציקסטן יאָר אין
אונדזער צייט הייבט זיך פאר יידן אָן גאָר א ניי לעבן — א לעבן שוין
מיט א גרינגער געמיט, פול מיט גוטע האָפענונגען אפ שפּעטער.
רעגסטמאָל זיינען מיר געווען ביידע נאָך זייער יונג און האָבן מיט א
ברען זיך א נעם געטאָן צו דער פּען, געארבעט געשמאק, איטלעכער
אפ זיין גאנג, דער אוילעם האָט פון אייער שרייבן געלעקט די פינ־
גער, גאָר אָנגעקוואָלן הערנדיק, וויאזוי איר רעדט צוקער־זיס איבער
פיל וויכטיקע זאכן אין דעם יידישן לעבן; וויאזוי איר זיינט אפ יידן
א מייליץ־יוישער און לערנט זיי מיט גוטן, גאנץ פריינטלעך, צו קע־
נען זיך אליין, צו וויסן פון זייער לעבן צו זאָגן, א פּאָנעם צו האָבן
און זיין לייטן גלייך. עס האָבן אייך אוים דעם מויל זיך געשאָטן
פּערל, וואָס פינקלען, לויכטן און וועלן אייביק זיין א צירונג אין דער
יידישער ליטעראטור. איך, פון מיין זייט, האָב אין יענער פריילעכער
וועסנע־צייט מיר אויך אונטערגעברומט, געשריבן, געשפּילט אפ מיין
שטייגער. אין מיין שפּילן האָט געוויינטלעך אייך סטרונע געברומט
טרויעריק און געמאכט אפ די צוהערער א שטיקל מאָרעשכוירע. א טייל
האָבן מיך געהערט גערן מיט א פארקלעמט הארץ, ווידער א טייל האָבן
זיך געקרימט, מעשונע זיך געקראצט, נישט צופרידן געווען, וואָס איך
ריר זיי אָן בא דער לעבער און דערמאָן זיי נישט קיין פריילעכע

זאכנ. נאר, ווי די מײסע איז, — איכ האב מיר געשפילט אונ געטאנ מײנס.

יענע שיינע וועסנע־צייט איז אוועק. אז אכ־אונ־ווי איז דעמ ייִדנס לעבנ! אונ מיר איז פאר צארעס פארגאנגענ דער כיישעק צו שרייבנ. עס האט מיר א צייט לאנג אפגענומענ דאס לאשנ.

אונ ווענ איכ נעמ אצינד אפיר מיינ פארדארטע, פארטריקנטע פענ אונ גיי ווידער מיט דער שפראכע ארויס, האב איכ עס צו פאר־דאנקענ אייכ, נאר אייכ. וואס אינ אייער געזעלשאפט איז מיר צוגעקומענ א שטיק געזונט. אייערע קלוגע רייד, אייער ארבעטנ שטענדיק פאר אונדזער פאלק האבנ מיכ דערפרישט אונ מיר צוגעגעבנ כיישעק צו נעמענ זיכ אויכ פאר עפעס אנ ארבעט. פונ הייליקנ פייער, וואס ברענט טאמעד אינ אייער ייִדיש הארצ, האט זיכ פארטראגנ א פונק צו מיר אינ מיינ הארצ, עס האט זיכ אנגעצונדנ אונ ברענט אצינד ווי אמאל אינ די יונגע יארנ.

יא, מיר ביידע האבנ אנגעהויבנ אונדזער ארבעט אינ דער ליטע־ראטור גלייכ אינ איינ צייט, נאר דאס מאזל אונדזערס איז ניט גלייכ. איר זייט דארט ארופ אויבנ, אינ די הויכע פענצטער; איר האנדלט דארט מיט בריליאנטנ אונ דימענטנ פונ דער ייִדישער היסטאריע; איר שטעלט ארויס די שענסטע צירונג פונ אונדזער פאלק פארצייטנס, דאס בעסטע, דאס טייערסטע אינ זיינ לעבנ. איר האט איבערגעהאט אייסאקימ מיט הילעל, ראבי מייער, ראבי אקיווא, אונ מיט נאכ אנ־דערע גרויסע לייט, מעיוכאסימ פונ הויכנ סארט מענטשנ. מיר, אקעגנ, איז באשערט געווענ זיכ אראפצולאזנ אפנ נידעריקנ טרעפל פונ ייִדישנ לעבנ אונטנ אינ די קעלערס. מיינ „יעש־בעקאנ“ איז: ש מ א־ ט ע ס אונ פ ו י ל ע ס כ ו י ר ע. איכ האב נאר שטענדיק צו טאנ מיט עוויוינימ, קאפצאנימ, אומגליקלעכע נעבעכ; אויכ מיט מענטשע־לעכ דראבעס, פאקוסניקעס אוקעדוימע אזעלכע מינע נעפאשעס, קליי־

ניטשקע, נידעריקע פֿאַרשווינען. מיר כאָלעמט זיך נאָר בעטלערס. פֿאַר מײַנע אויגן שוועבט טאָמעד א טאָרבע — די אַלטע, גרויסע ייִדישע טאָרבע הענגט מיר טאָמעד, ווי יענעם מאָרעשכווירעניק א לונג־און־לעבער אפ דער נאָז. ווואָהין איך זאָל מיך נישט קערן און ווענדן, זע איך פֿאַר מיר די טאָרבע; וואָס איך זאָל נישט וועלן עפּעס דערציילן אָדער זאָגן, קומט מיר אפֿיר די טאָרבע!..

אוי, אַלץ די טאָרבע, די ייִדישע טאָרבע!

יאָ, טײַערער פֿרײַנט, דורך אײַך האָב איך באַקומען ווידער א ברען צום שרײַבן — און אָט האָט איר אײַך הײַנט, באַוווינוויסיינו־האָראַבימ, טאַקע ווידער א טאָרבע: א פּישקע דעם קרומען, מישטיינס־געזאָגט, מיט וועלכן איך טרעט אַרויס פֿאַר דעם אוילעם, נאָך אזא לאַנגער צײַט שטילשווײַגן. איך ווייס, אז מײַן פּישקע דער קרומער איז עפּעס נישט אזא מאַטאָנע אפ אָפּצודאַנקען אײַך מיט אים פֿאַר אײַער פֿרײַנטשאַפֿט. נאָר ווייסנדיק בא מיר אײַער גוט האַרץ, אײַער צוגעלאָזטקײַט צו מענטשן, פֿאַרהאָף איך, אז איר וועט מײַן אָרעמען פּישקען אופֿנעמען מיט א „באָרוך־האַבאָ”. זייער מעגלעך גאָר, איר זאָלט אים נאָך אַרײַנבעטן אין זאַל אַרײַן, אים באַקענען מיט אײַער הויזגעזינד און מיט אײַערע געסט דאָרט. פּישקע וועט זיך בא אײַך אָפּלייגן מיט דער טאָרבע, אײַך דערציילן מײַסעס, און איר וועט פֿון זיי האַנאָע האָבן. און פֿאַרשטעלנדיק זיך אזוינס, שמייכלט פֿאַר פֿרייד און דאַנק אײַך פֿון גאַנצן האַרצן

דער מעכאַבער.



1

קווימ גיט א שײַנ די ליכטיקע זונ אונ זומער-לעב אינ
דעמ לאנד, מענטשנ ווערנ ווי נײַ געבוירנ אונ דאָס
הארצ פרייט זיכ זיי, קוקנדיק אפ גאָטס וועלט דער
שיינער, — דענסטמאָל הייבט בא ייִדנ זיכ אָנ די ירעכ-
טע אומעטיקע צײַט, וצו קלאָגנ אונ פארגיסנ טרערנ. עס גייט דאָס גאנ=
צע צעטל טרויער: טאנייסימ, פײַניקנ זיכ, יאָמער אונ געוויינ פונ ספי-
רע — ביז העט אינ די גרויסע בלאָטעס אונ נאסע אָסיענדיקע קעלט.
דענסטמאָל שטעלט זיכ פאר מיר, מענדל מויכער-ספאָרימ, דער גרוי-

סער יאַריד, איכ אַרבעט, פאָר באַשטענדיק אַרומ, צו פאַרזאָרגנ ייִדישע קינדער אינ אַלע שטעטלעכ מיט די אַלע נייטיקע מאַטעריאַלנ צומ וויינענ — מיט קינעס, מיט סליכעס, ווײַבערשע טכינעס, מײַנע-לאָשנס, שויפרעס אונ מאַכזיירימ. האַקלאַל, ייִדנ קלאָגנ, פאַרוויינענ דעמ זומער — אונ איכ מאַכ דערווײַל געשעפטנ. נישט דאָס בינ איכ אויסנ.

אונטערוועגנס איינמאָל, שיוואָ-אָסאָר-בעטאַמוז, גאַנצפרי, זיצ איכ מיר אַפ דער קעלניע פונ מײַנ ביידל אינ טאַלעס-אונ-טפילנ מיט דער בײַטש אינ דער האַנט, גאַנצ ייִדישלעכ. די אויגנ זײַנענ מיר צוגעמאַכט, ביכדיי נישט אָנצוקוקנ באַמ דאַווענענ די ליכטיקע וועלט. מײַסע-סאָטנ אָבער איז זי, די נאַטור, ווי הייסט מענ עס, געווענ וווּנדערשיינ, גאָר א בילד. אונ עס האָט מיכ געצויגנ, עפּעס ווי א קישעפ, א קוק צו טאָנ. איכ האָב א היפּשע צײַט מיכ געראַנגלט מיט מיר אַליינ. דער יעיצערטאָוו זאָגט: „פע!.. מע טאָר נישט!" דער יעיצערהאָרע אַקעגנ טאָרעט: „נישקאָשע! האָב האַנאָע, נאַרעלע!" אונ עפנט מיר דערבײַ טאַקע אופ איינ אויג. עס טוט מיר א שײַנ, נאָר ווי אַפּצעלאָכעס, עפּעס א בילד-שיינע פּאַנאָראַמע: פעלדער, געשפּרענקלט מיט בליִענדע רעטשקע, ווײַס ווי שניי, נעבנ געלב-גילדענע ראַצעמאָרענע פּאַסנ פונ ווייצ אונ מאַט-גרינלעכע, הויכ-געוואַקסענע קוקורוזעס. א שיינער גרינער טאָל, באַדעקט פונ ביידע זײַטנ מיט וועלדלעכ נים-ביימער. אונטנ פלייצט א טײַכל, ריינ, קלאָר ווי קרישטאָל, אינ וועלכנ עס טוקנ זיכ די שטראַלנ פונ דער זונ אונ באַלייגנ עס מיט פינקלדיקע גילדענע פּליטערלעכ. די שאָפ אונ די קי אַפ דער פּאַשע דאָרט זעענ פונדערווײַטנס אויס ווי טונקעלע, רויטע, געפלעקטע פּינטעלעכ. —

„פע, פע!"— מוסערט מיכ דער יעיצערטאָוו מיט יענע ווערטער פונעמ פּיירעק: „א ייִד אונטערוועגנס, אַז ער איז מאַפּסיק דאָס לערנענ אונ זאָגט: „ווי שיינ דער בוימ איז, ווי שיינ דאָס פעלד" — איז גלײַכ

ווי ער טוט זיך אליינ א מיַיסע אָנ". — דער יעיצערהאָרע אָבער פאַרטראָגט מיר אונטער דער נאָז מעכיַיעדיקע רייכעס פונ סטערטעס היי, געווירצ אונ קריַיטעכצער, וואָס צעגייענ זיך אינ אלע איבורים. ער צעגיסט זיך אינ קונציקע ניגונים פונ אלערליי שפּיל־פייגעלעך, וואָס קיצלענ בא דער נעשאָמע. ער לאָזט מיך פילנ אפ מיַינ פּאָנעם א וואַרעמ ווינטעלע, וואָס גריַיזלט מיר די פּייעס, שושקעט מיר אינ די אויערנ: קוק, האָב האנאָע אונ זיַי א מענטש, דו נארישער ייִד איינער! — איך בעבע, מרוקע מיר, מישטיינסגעזאָגט, אליינ ניט רעכט צו הערנ, וואָס איך בעבע. עפּעס טראָגט מיר דער מויעך, עס פּיקט מיר אינ קאָפּ אונ עס טראכט זיך זידלעריַיענ: געפּייגערטע נעפּאַשעס... אָנ ליַיב, אָנ לעבנ... נעשאָמעס פארוקטע אינ טשאָלנט... אָנ רייעך, אָנ טאַמ... דראָפּאטשעס צעשאָטענע... פאַרדארטע אָפּגעשלאָגענע הוישיַינעס!.. איך צעשאָקל מיך מיט געמאכטער קאוואָנע, ביכדיי עס זאָל זיך נישט טראכטנ, אונ דערהער גראָד, ווי דאָס מויל לאָזט פונ זיך אליינ אויס יענע שטיקל דאווענ מיט די ווערטער: „המחזיר נשמות לפגרים מתים", דאָס הייסט אפ קאָרבנמינכע־טיַיטש: דער דאָקערט אומ די נעשאָמעס צו די טויטע פּגאָרימ.

האַ, וואָס? אקעגנ וועמענ? — טו איך מיך א כאַפּ, פארשעמט פונ מיַינע אייגענע מיִעסע געדאנקענ. אונ ביכדיי צו פארגלעטנ מיַינ פעלער אקעגנ דעמ ריבוינעשעלוילעמ, מאַך איך קלאָפּפערשט א מינע, ווי נישט זיי מיינ איך, דאָס פערדל מיינ איך... דערלאַנג דעמ שלימאזלניק מיַינעמ א שמיצל מיט דער ביַיטש, מאכנדיק דערביַי: א־א־א, פּעגירע איינע!..

א שיינער איַינפאל אפילע! נאָר היַינטיקס מאָל האָט עס ווייניק געווירקט. עס האָט מיך שטארק געקרענקט, פאַרוואָס גראָד היַינט זאָל מיר גאָר איַינפאלנ אזעלכע געדאנקענ, — היַינט, ווענ וויינענ אונ קלאָגנ באדארפ מענ אפ דעמ גרויסנ כורבנ, אפ די גרויסע צאָרעס,

וואָס די קינדער יִשׂראל האָט געטראָפן: — די קאָמאַנדע פון נעווו־כאַדנעצאַר מעלעך באַוועל איז אַרײַן אין ירושלים און פון איר אַ טעל געמאַכט... איך מאַך אַ ראַכמאָנעס־פּאָנעם און זאָג די סליחעס צום הײַנטיקן שווערן טאָג אויף אַ ווײנענדיק קאָל, וואָס איז געגאַנגען אַלץ העכער און טרויעריקער אין דעם פּיזמון דאָרט, בײַ יענע ביטער־רע ווערטער:

„והשפיפון מצפון — און דער פּיפּערנאָטער, דער טאָטער פון צאָפן־זײַט, כשבולת שטפני — האָט מיך ווי אַ שטראָם וואַסער פאַר־טראָגן ווײַט, והציד — און דער יעגער, דער טויט־שלעגער, שלח יד — טוט אַ לאַפּ, אַ כאַפּ, והצפיר והשעיר — אויך די ציג, אויך דער צאַפּ''...

אַ ייִד אָבי ער שרײַט זיך אַ ביסל אויס מיט אַ פּיזמון, רעדט זיך אָן ווי אַ פּויק און זאָגט אָפּ אַ סליחע, דאַכט זיך אים, ער האָט שוין אַלצדינג אָפּגעטאָן און איז, ווי אַן אָפּגעשמיסן קינד נאָכן אויסוויי־נען זיך, ווײַטער זיך גאַנץ צופרידן. איך זיץ מיר אָנגעלענט אויף דער קעלניע, גלעט מיר דאָס בערדל, שוין מיט אַ גרינגן געמיט, גלײַך ווי איינער רעדט: „מײַנס האָב איך געטאָן, געגנוג יוצא געווען, אַצינד, גאָטעניו, איז נאָר געווענדט אין דיר. ווײַז זיך, טאַטע־פּאָטער, רחום צדיק''. „גיי שוין, גיי, זײַ מויכל!'', מאַך איך צום פערדל מיט גוטן, איבערבעטנדיק עס אין האַרצן פאַר דעם צונעמעניש „פּעגירע'' פריִ־ער. מײַן שלימאַזלניק טוט זיך אַ קני אויף די פעדערשטע פיס, אַ בוק מיטן קאָפּ צו דער ערד און קרעכצט, עפּעס אַזוי ווי גערעדט: „אַדוני פּאָרעצ, און וואָס איז עפּעס מיקויעך עסן?'' — קלוג, כלעבן, ווי דער טאָג! זאָג איך, געבנדיק אים בעשאַסמײַסע אַ צייכן, אַז ער מעג אויפֿ־שטיין, זיך שטעלן אויף די פיס. נישט אומזיסט שטייט אין די קינעס: „ציון, בך כל בהמה ועוף חכמו'', דאָס הייסט: בײַ דיר, קנעסעס־יִשׂראל, זײַנען אַלע בעהיימעס קלוג... נישט דאָס בין איך אויסן. פון

דער דאָזיקער מעמדרע בין איך טראַכטנדיק ווײַטער אַרופֿ אַפֿ די קנע־סעס־יִשׂראל, זיך פֿאַרטיפֿט אין די געדאַנקען מיקויעך זייער כאָכמע, זייער פּירונג, זייערע פֿײַנע־בעריעס און מיקויעך זייער לאַגע, נעבעך. דער קאָפּ טאַלאַבענדעט זיך מיר אַהין, אַהער. עס דאַכט זיך מיר עפּעס דער פֿיפֿערנאָטער, נעוווּכאַדנעצאַר מיט דער קאָמאַנדע, אַ שרעקלעכע מילכאָמע, אַ קלאַפּערײַ, אַ געשלעגערײַ, די קאָמאַנדע ברעכט ווענט, זעצט אויס מירן, שויבן. ייִדן, אַ טייל מיט פּעקלעך סכוירע און אַל־טע כפֿייצים, טוען זיך אָן אַ קויעך, שרײַען גוואַלד און לויפֿן... איך כאַפּ אַ שטעקן, לאָז מיך — און בוך אַפֿ דער ערד, אויסצוענדיק זיך ווי גרויס איך בין!

אַפֿאָנעם, אין דאַוונען האָב איך, זאָל נישט אויסגערעדט זײַן, געכאַפּט אַ דרעמל. מײַן בײַדל, טו איך אַ בליק, איז אַרײַן אין קאַ־ליוזשע, וואָס אַפֿ דעם באַלעגאָלישן לאָשן הייסט עס אַ „טינטערל“. אין דעם הינטערשטן רעדל איז פֿאַרטשעפּעט אַן אַקס פֿון עפּעס אַן אַנדער בײַדל. דאָס פֿערדל מײַנס שטייט אין געהאַקטע ווונדן מיט איין פֿוס איבער דער האָלאָבלע, פֿאַרדרייט אין די לייצן און סאָפּעט ווי אַ גאַנדז. פֿון יענער זײַט בײַדל שיטן זיך טויטע קלאָלעס, אַפֿ ייִדיש, מיט אַ קײַכן און הוסטן איניינעם. אַ ייִד! טראַכט איך מיר, איז אָן סאַקאָ־נעס — און טו מיך אַ לאָז אין איין קאַס אַפֿ יענער זײַט וואָגן. דאָרט אונטערן וואָגן ליגט פֿאַרפּלאָנטערט אין טאַלעס־און־טפֿילן אַ ייִד, די בײַטש פֿאַרדרייט מיט די רעצועס, צאַפּלט און אַרבעט מיט אַלע קוי־כעס זיך אויסצודרייען. איך שרײַ: סטײַטש! ער — סטײַטש, סטײַטש! איך באַטל צו אים אויס אַלע כאַלוימעס, ער באַטלט צו מיר, נישט אָנצוקוקן איינער דעם אַנדערנס פּאָנעם. איך פֿילדער: ווי שלאָפֿט עס אין דאַוונען אַ ייִד! ער צוריק: ווי פּאָפּט עס אַ ייִד! איך גיב אים אַ טאַטן, ער מיט אַ צוגאָב אין דער מאַמען אַרײַן. איך שמײַס זײַן פֿערדל, ער, אויספּלאָנטענדיק זיך, לויפֿט און שמײַסט מײַן פֿערדל,

ביידע פערדלעך שטעלן זיך דיבאָם, און מיר, שטאַרק אָנגעצונדן, לאָזן איינער צו דעם אנדערן זיך צו הענדום־פּענדום, ווי די הענער, מיט דער דייע אָנצונעמען זיך פאַר די פּייעס. אקעגן א רעגע שטייען מיר שטיל, שאַרף אָנקוקנדיק איינער דעם אנדערן. עס האָט געמוזט זיך אויסזען מעשונע-ווילד, האָבן דעם זיבעטן כיין: צוויי ייִדישע גיבוירים אין טאַלעס־קאַטן שטייען אָנגעדרודלט, גרייט צו באַווייזן זייער גבורה און זיך פּאַטשן אפן פרייען פעלד ווי אין א בעסמעדרעש, לעהאוודל... אזעלכעס האָט מען בעטעמעס געמעגט אפ כידושים גייזען. מיר שטייען, קוקן, און אָט באַדאַרף שוין פליִען הייסע פּעטש. פּלוצלים שפּרינגען מיר איינער פונעם אנדערן אפ עטלעכע טריט אָפּ און לאָזן ביידע שטאַרק פאַרוווּנדערט אין איין קאָל אַרויס: „אוי, רעב אַלטער!"... „אוי-אוי, רעב מענדעלע!"

אַלטער יאַקנעהאָז איז א יאָדערדיק ייִדל, א געשפּיקעוועטער, מיט א דיק בייכל. זיין פּאָנעם איז געדיכט באַוואַקסן מיט שמוציק געלע האָר, פון וועלכע ס'איז דאָ געננוג אפ פּייעס, אפ א באָרד און אפ וואָנצעס אי פאַר זיך אי פאַר נאָך עטלעכע ייִדן צו באַטיילן. אין דעם יאַם האָר ליגט א וויספּע — א ברייטע, פליישיקע נאָז, וואָס איז דאָס ראָוו יאָר פאַרלייגט, אָן א שום היסמאַנעס. נאָר ווען עס מאַכט זיך אין איר אמאָל עפּעס א פאַרענדערונג, אונטער א פּאַר-פּייסעך אשטייגער, בעשאַס עס לאָזט אומעטום, עס גייט די קריִע און דער באַלעבאָס אירער נעמט זי אין דער אַרבעט מיט אַלע פינף פינגער, — דענסטמאָל בלאָזט זי הילכנדיקע טקיִעס, ווי א שויפער. דענסטמאָל קלינגט מיט איר גאַנצ טונעיאַדעווקע. איינייִנעם מיט די אינדיקעס דאָרט גיט זי דענסט-מאָל קאָנצערט. אַלע אין שטעטל בלייבן פאַרגאַפט, און עס שיטן זיך איר שמעק־טאַבעקע פון אַלע זייטן מיט ווינטשעוואַניעס יאַקנעהאָזן אָן א צאָל: אסיס, אסיכ! — איבערהויפּט אין די ייִדישע שטעטלעך צעשפּילן זיך די נעז אין יענער צייט. מיכטאַמע ש מ ע ק ט דאָך עס

מיט עפּעס און עס האָט א טאַם... דאָס איז שוין דאָרט אזוי געשטעלט, ווי פאַרשע „יזסרוי" ציגלען זיך די ציגן. נישט דאָס בין איך אויסן. אַלטער יאַקנעהאָז איז א טונעיאַדעוועקער מויכער-ספאָרים, מײַנער א באַקאַנטער פון אַלטע יאָרן. ער איז א מענטשל פאַר זיך, נישט שטאַרק איבערגעשפּיצט, נישט קיין גרויסער באַלדאַברען, שטענדיק אָנגעבלאָזן, ווי ברויגעז אַפ דער וועלט. האַגאַם ער איז בעטעווע נישט קיין שלעכטער מענטש.

נאָך דעם ברייטן שאָלעם-אַלייכעם פון ביידע צדאָדים, נעמען מיר זיך איינער דעם אַנדערן אויסצופאָרשן, דאָס הייסט בא אונדז יידן געוויינטלעך: א טאָפּ טאָן אין וואָגן, אָדער א שמעק טאָן, וואָס הערט זיך.

— וווהין פאָרט עס א ייד? — גיב איך אַלטערן א טאָפּ.

— וווהין עס פאָרט א ייד? עט...— ענטפערט אַלטער צוריק מיט א פרעג, ווי דער שטייגער איז פון יידן, נישט צו ענטפערן גלייך, אָפּצופּאַטערן יענעם מיט „עט" און אָנצושטויסן זיך אַפן ווונק — די אַלע באָכמעס, וואָס אין דער מעלאָכע אָנשמעקן, א טאָפּ טאָן שטעקן...— א ייד פאָרט! אין דער ערד מיט דעם קאָפּ פאָרט ער... און רעב מענדעלע פאָרט עס וווהין? — טוט ער מיך צוריק א טאָפּ.

— אַהין... וווהין געוויינלעך איך פאָר אין דער צייט.

— איך שטויס מיך שוין אָן וווהין. אַהין, קיין גלופּסק, וווהין איך פאָר אויך אצינד,— מאַכט אַלטער מיט אזא מינע עפּעס, ווי עס אַרט אים, צום פּידיען זאָל עס כאָלילע נישט שאַטן.— נאָר פאַרוואָס, רעב מענדעלע, איז בא אײַך הײַנט עפּעס מין-האַצאַד, מיט א הינטערוועגעלע, און פאָרט נישט אַהין מיטן גלײַכן שליאַך?

— הײַנטיקס מאָל איז מיר גראָד אזוי אויסגעקומען, ס'איז רעכט. שוין טאַקע א לאַנגע צײַט בין איך אַפ דעם וועג נישט געוועזן. און בא אײַך, רעב אַלטער, פאַרוואָס איז דאָס עפּעס הינטן-אַרום? — טו איך א שמעק,— פונוואַנען קומט עס א ייד?

— פונוואנען א ייִד קומט! פון אַלדי שוואַרצע יאָר!.. פון דעם שיינעם יאַריד. נאָט אײַך א יאַרמעלינעץ! אײַנגעזונקען זאָל זי ווערן!

און דערווײַל, ווי אַלטער מײַנער שילט, פלוכט יאַרמעלינעץ מיט דעם יאַריד דאָרט, פּאָרן אָן אקעגן גויִישע פורלעך מיט א געשריי, פאַרוואָס דער וועג איז פאַרשטעלט. דערנאָך, ווי זיי האָבן דערזען, צו־קומענדיק, מיך און אַלטערן, ביידע אין טאַלייסים מיט גרויסע שעל־ראָשן אפן קאָפּ און לאַנגע ברייטע רעצועס, צעשרײַען זיי זיך שוין גראָבלעך, מיט געשפּעט:

— באַטשיטי, יאַקיי פּאַני־בעריי, צאַטצי, ע־ע!.. טראַסצא וואַשי מאַטערי, דײַטע דאָראָגי! היי, כודקאָ, זשידקי, לאַבסאַרדאַקי!..

איך מיט מײַן אַלטערן טוען מיר געשווינד זיך א נעם צו די בײַד־לעך מיט אימפּעט. א פּאָר פון די פּויערים, כאָטשע נישט פון ייִדישע קינדער, נאָר עמעס מוז מען זאָגן, האָבן געהאַט אַזויפיל ווישער צו העלפן אונדז אין דער נויט. און ביזכום זייער שטופּ טאַקע איז מײַן בײַדל באַלד ארויס פונעם טינטערל. זיסט וואָלטן מיר זיך אוועקגע־באָברעט גאָט ווייס וויפל, און נאָך געקענט מיִעס צערײַסן אונדזערע טאַלייסים. מיט די אייסעווס אינײַנעם איז שוין אויסגעקומען גאָר עפּעס אנדערש: זיי האָבן געשטופּט אפן רעכטן עמעס טאַקע, „והידים ידי עשו", באַלד צו דערקענען געווען אייסעווס הענט, און בא אונדז, לעהאַוודל, איז נאָר געווען „הקול קול יעקב", דאָס הייסט מיר האָבן זיך נאָר געקוועטשט, זיך געמאַכט, ווי מיר שטופּן קלאָמפּערשט... נישט דאָס בין איך אויסן. ווײַבאַלד נאָר דער וועג איז געוואָרן פרײַ, זײַנען די גראָבע כאַמולעס זיך געפּאָרן זייער וועגס, אויסדרייענדיק די פּאַר־צעס צו אונדז, אַלץ געלאַכט, געשפּעט, וואָס מיר גייען אָנגעטאָן, ווי גאַלאָכימ, לעהאַוודל, נעבן די פערד אין וועג און דינען דעם בוירע מיט דער בײַטש אין דער האַנט... א טייל האָבן, טײַטנדיק אף אונדז מיט אן עק פּאַלע, ווי א „כאַזער־אויערל", געשריגן: „זשיד באַלאַמיי!"

אלטערן האָט עס נישט אזוי געאַרט. אויך מיר לײַט! — מאכט ער מיט א קנייטשל, — פאר װעמען, מישטיינסגעזאָגט, מע האָט זיך דאָ צו שעמען... מיך אָבער האָט דאָס שפּעטן זייערס יאָ געאַרט. גוואלד, ריבוינעשעלוילעמ! פאר וואָס? פאר וואָס? פאר וואָס?..

— אלמעכטיקער גאָט! — זאָג איך מיט א געבעט אפ טכינע-לאָשן. — עפן דײַנע אויגן און טו לוגן פון דײַן הארבעריג, דאָס איז דער הימל, ווי דײַנע פאָרכטצומע יידעלעך זײַנען צו שפּאָט און צו שאנד נײַערט וועגן דעם קאָוועד פון דײַן ליבן נאָמענס וועגן, ווײַל זיי פאָרכטן דײַן פאָרכט, זיי אכפּערן דײַנע געבאָט האָפערדיק מיט וואָרהאפטיקײַט. דערום וועלגער אפ אונדז דײַן בארעמהארציקײַט, און לאָמיר טאָן געפינען לײַטזעליקײַט און כיין אין דײַנע אויגן און אין די אויגן פון אלע מענטשן. באשירעם דײַנע האָפערדיקע געליבטע שאָף, דײַן ראכמאָנעס זאָל טאָן ברומען אפ דײַנע פארשטאנדיקע פאָרכטער. טו אויך באגיטיקן מײַן מאזל פאר מײַן לויבונג און באשײַנונג הײַנט דײַן נאָמען באשײַמפּערלעך מיט אכפּערקײַט. טו צושיקן מיר, דײַן קנעכט מענדל, דער זון פון זײַן דינסט גנענדל, און קאָלייִסראָעל עפּעס פּארנאָסע, א גוט געשעפטל מיט נאכעס-רועך, אָמיין!..

2

נישט לאנג שוין געמאכט, קריכן מיר ארופ אפ די בײַדלעך — און הײַדא וויטער אין וועג ארײַן. איך פאָר פאָרויס, און אלטער הינטער מיר אפ א בײַדל פון אלטע צעריסענע ראָגאָזשעס, פיר רעדלעך נישט קיין גלײַכע, געקרעמפּעוועטע מיט שטריקלעך, און א קרעמפּעלעץ צווישן די פלעקלעך. די אויסגע-

סמילעווערע קלעצלעך וואַרפֿן זיך אין אַלע זײַטן אָף די אַקסן, סקרײַ־פֿען, קוואַקען און קענען קיין אָרט זיך נישט געפֿינען. דאָס בײַדל אײַנ־גאַנצן איז זיך מאַטרעווען צו שלעפּן אַ היכע, זייער אַ דאַרע שקאַפּע מיט אַ קרעציקן, אָנגעבייסענעם רוקן, גאַלע אייטער, גרויסע אויערן אין אַ קאָלטענעוואַטער גריווע, פֿאַרפֿלאָנטעט מיט היי און קלאָטשע, וואָס קריכן אַרויס פֿונעם אַלטן כאָמעט.

פֿונעם דאַוונען איז מיר איבערגעבליבן נאָר די שטיקלעך דרויב צום לעצט, פֿון וועלכע מע מאַכט, געוויינטלעך, עפּעס נישט אַזאַ פּיי־רעש. אַפּגעפּאַטערט דעם דאַוונען, הייבט זיך אָן גאָר אַ נײַער אייסעק מיט דעם יעיצערהאָרע. נעם, טאָרעט ער, נעם אַ ביסל בראַנפֿן! דער־קוויק דאָס האַרץ.— „אַי... אַי!”, ווער איך מיך אָפּ מיט אַ קנייטשע־לע, „שיוואָ-אָסאָר-בעטאַמוז, אין אַזאַ טאָגעס!”—„עט!”, באַקום איך אַן ענטפֿער, „אַ שנײַכעס אַ ביסל צווישן אַ ייִדל הײַנט און נעוווּכאַד־נעצאַרן פֿאַרצײַטן!.. גרעסערע צאָרעס איז דאָ, און פֿונדעסטוועגן— גאָרנישט. זײַ נישט קיין נאַר. דו ביסט, נעבעך, אַלט, שלאַף, נישקאָ־שע!” — איך גיב אַ מאַך מיט דער האַנט איבערן פּאָנעם, ווי אָפּצו־טרײַבן אַ פֿליג אַ זלידנע, און כאַפּ דערווײַל אַ קליין קוקעלע אַפֿן רענצעלע דאָרט אין בײַדל, ווו עס געפֿינט זיך בײַ מיר טאָמער אַ גוט ביסל ספּירט, רעטשענע קיכלעך, קאָרנלעקעך, קנאָבל, ציבעלע און שעאָר-יעראָקעס. די סמאַהע גייט איבער די ליפּן, דאָס האַרץ כאַלעשט, דער מאָגן בורטשעט: גוואַלד, אַ ביסל בראַנפֿן! גוואַלד, עפּעס פֿאַר־בײַסן! — איך קער געשווינד אַוועק דעם קאָפּ אין דער זײַט און קוק, באַטראַכט אַלצדינג אין פֿעלד אַרום מיר, בײַכדיי צו פֿאַרשלאָגן דעם בייזן געראַנק.

דער הימל איז בלוי, לויטער, אָן אַ פּיצל וואָלקן. די זון בראָטט, סמאַלעט, עס ווייעט נישט קיין ווינטעלע, מע פֿילט נישט קיין ליפּטע־לע, די טוווּע אָף די פֿעלדער, די ביימער אין די וועלדער שטייען

שטיל, ווי צוגעקאָוועט, קיין שאָקל אפילע זיך נישט צו טאָן. קי אַפּ די פּאשע ליגן מיד, אויסגעשטרעקט די העלדזער, שאָקלען צעוויגלן די אויערן, קײַען און מאלעגיירען. אנדערע גראָבן אונטער זיך די ערד מיט זייערע הערנער, שארן מיט די קאָפּיטעס און רעווען, שרײַען פאר גרויס היץ. דער בוהײַ פארשיסט דעם עק, לויפט גאַלאָפּ, ווארפנדיק דעם קאָפּ אין אלע זײַטן, שטעלט פּלוצלים זיך אנידער, אַנגעבויגן דעם שטערן הארט צו דער ערד, שמעקט, פּאָכט מיט די נאָזלעכער, לאָזט ארויס א ברומען, סאָפּעט און דריגעט מיט די פיס. נעבן אן אלטער, אויסגעקרימטער און האלב-פארדארטער ווערבע, איבערגעשפּאָלטן אין דער העלפט אמאָל פון א דונער, שטייען פערד, איינער אפן אנדערנס פארלייגט די קעפּ, צו מאכן כאָטש עפּעס א שאָטן, און שמײַסן מיט די ווײדלען, פּאָטער צו ווערן ווי ס׳איז פון די בייזע פליגן. — אפּ א צווײַגל אין דער הייך וויגט זיך א סאָראָקע. אויסזעענדיק פונדער־ווײַטנס, ווי אָנגעטאָן א ווײַס טאלעסל מיט פּאסן טכיילעס פּאָרנט, און דאוונט שאָקלענדיק זיך. זי בוקט זיך, פאלט טאכנונ מיטן קעפּל, שפּרינגט א ביסל אונטער, א קליין קראקעלע געבנדיק א פּאָר מאָל. בלײַבט דערנאָך ווײַטער שטיין אָן לאָשן, שטרעקט אויס דאָס העלדזל און קוקט, גלאט אזוי, אין דער וועלט ארײַן, מיט פארשלאָפענע איי־געלעך. — אפּ דעם גאנצן וועג איז שא-שטיל, מע זאָל דאָס הערן ער־געץ א שאָרך, א פּיפּס, מע זאָל דאָס זען פליִענדיק ערגעץ א פויגל, נאָר קאָמארן, מיקן טראָגן ווי די רובעס זיך אין דער לופט ארום, פליִען טאנצנדיק פארבײַ די אויערן, טוען א גרילץ, א זוזשע, אײַנרא־מענדיק עפּעס א סאָד, און באלד טאקע מארש ווײַטער. נאָר צווישן היי, צווישן טוווּעס דאָרט שמוצערן די גרילן, זומזען, צימבלען און גייען מיט די טאצן...

ס׳איז היים, ס׳איז שטיל, ווונדערלעך שיין. שא! גאָטס באַשעפּע־ניש רוען...

איכ ליג מיר פאר גרויס היצ פּאָשעט צעלייגט אפ דעמ וואָגנ אינ העמד, מעכילע, מיט דעמ טאַלעסקאָטנ, אונטערגעהויבנ אפנ שפּיצ קאָפּ דאָס געשטעפּטע פעלפּענע היטל אונ אראָפּגעלאָזנ ביז די פּיאַטעס מײַנע אונטערגענייטע ברעסלער וואָלענע זאָקנ, וואָס איכ טראָג, באַאַוווינויסיינו-האָראַבימ, אינ זומער אפילע, אונ האָב מעשונע שטאַרק געשוויצט. איכ וואָלט דערפונ גאַנצ האַנאָע געהאַט אפילע, ווענ די זונ זאָל מיר נישט געווענ זײַנ גלײַכ אקעגנ פּאָנעמ, מאַכמעס איכ האָב ליב צו שוויצנ, אונ קענ שאָענלאַנג אָוועקליגנ אינ באָד העט-העט אפ דער אייבערשטער באַנק, בעשאַס דער גרעסטער היצ. מײַנ טאַטע, זאָל זיכ מיִענ, האָט מיכ פונ קינדווײַז-אופ דערצו געוווינט. ער איז געווענ א הייסער, געבראָטענער, א ברענענדיקער פײַערדיקער ייִד. ער האָט שטאַרק ליב געהאַט זיכ צו פּאַרענ, צו שוויצנ אונ דער-מיט אָפּגענומענ די וועלט, זיכ שטאַרק באַליבט געמאַכט באַמ ייִדישנ אוילעמ. עס האָט געשטעקט דערינענ דאָס פּינטעלע ייִדישקײַט מיט דעמ ברענ, אונ מע האָט אפ אימ געקוקט ווי אפ א שיינעמ, בעגאָטישנ ייִדנ, געמאַכט מיט דערעכערעצ: „יאָ, אינ שמײַסנ-זיכ איז ער א לאַמדנ-מופלעג, ער פאַרשטייט דעמ איניענ מערכעצ. ער קענ, ער קענ שוויצנ גאָר א כאַריפעס".

שוויצנ איז א ייִדישע זאַכ. נישטאָ קיינ שאַבעס, קיינ יאָמטעוו, וואָס א ייִד זאָל פריִער נישט גוט שוויצנ. ווער אונטער אלע פעלקער פונ די שיווימ אומעס שוויצט נאָכ אפ דער וועלט מער ווי ייִדנ?.. נישט דאָס בינ איכ אויסנ.

אונ בעשאַס שוויצנ, אײַ ווילט זיכ עס קוויקנ! עס טריקנט מיר אינ האַלדז, עס ברענט מיכ א טרונק, איכ שטאַרב עסנ. דער יעיצער-האָרע נעמט מיכ ווײַטער אָנ, שטאַרקער ווי פריִער, רעכנט מיר אויס דאָס גאַנצע צעטל ייִדישע מײַכאָלימ: א געבראָטענע לעדוויצע מיט קאַשע, א ראָסלפליישל, א לאָקשנקוגל מיט א גאַנעוו — אנ אָנגע-

פילט העלדזל אינוויייניק — פארפעלעכ איינגעפרעגלט מיט גריוונ. איכ בינ טויט מיט אלע אייוורים, דער אפעטיט איז א שרעק, אונ ער — אלצ טאקע ווייטער: כרעמזל, פראקעס, פיטשע מיט לעבערלעכ-פענעצ-לעכ, רעטעכ מיט ציבעלע, א קראפ פונ אינדיק אינ א פאסטערנאק־צימעס. אונ פלוצלימ, איכ געדענק ניט וויאזוי, וואקסט פאר מיינע אויגנ ווי פונ דער ערד אויס דאס רענצעלע... „לעכאימ, נארעלע!״— רעדט אויס מיר דער רועכ.— „גענוג זיכ נאריש געמאכט, דו לעקיש איינער!״ — די האנט מיינע שטרעקט זיכ עפעס, ווי אליינ פונ זיכ, אויס, עפנט אופ דאס רענצעלע אונ גיט א כאפ דאס פלעשל געשווינד. איכ קוק מיכ ארומ, ווי א גאנעוו, אינ אלע זייטנ, אונ מיינ קוק באַ־געגנט זיכ מיט דעמ בליק פונ פערדל, וואס האט, קראצנדיק זיכ אינ דעמ שפיצ האלאבלע, אויסגעדרייט דעמ קאפ צומביידל אונ קוקט אפ מיר עפעס שטארק אנגעבלאזנ, גלייכ ווי עס וואלט גערעדט מיט פאריבל: „נא, זע! א הינטערשטער פוס איז מיר שטארק געשוואלנ, פארבונדנ מיט שמאטעס, עס רינט מיר נאכ אנ אויג, עס יאטרעט זיכ מיר דער האלדז, דאס מויל זאל מיר אפנעמענ, אויב איכ ווייס דעמ טאמ פונ א האבער. פונדעסטוועגנ — וואס זאל איכ טאנ? — שלעפ איכ מיכ הונגעריק, קראנק, צעבראכנ, נישט אויסצושפאנענ זיכ, כאַ־לילע, פונ דער אווידע״... דאס פלעשל גליטשט זיכ פונ די הענט מיר ארויס, צוריק אינ זיינ רו ארייננ. איכ שטופ דאס רענצעלע פונ מיר אוועק וויים זייער פארשעמט, מאכנדיק דערביי מיט א קרעכצ טיפ פונ־נעמ הארצנ: אט פונ וועמענ באדארפ א ייד זיכ א מוסער נעמענ, באַ וועמענ זיכ לערנענ סייכל! מלפנו מבהמות ארץ: ער לערנט אונדז פונ די בעהיימעס אינ דער וועלט... ניינ, פערדל מיינס! איכ גיי אויכ אינ יאכ אונ שפאנ מיכ פונ דער אווידע נישט אויס... נישקאשע, רעב פערדל, דער רועכ וועט אונדז ביידע נישט נעמענ! אדם ובהמה, א מענטש א בעהיימע תושיע ה׳, העלפט גאט!.. נישט דאס בינ איכ אויס.

א ייִד, אבי ער האָט איין מאָל געגעבן א בראָך די מיִעסע טײַווע פון עסן, מאכט אים שוין די אכילע אזוי נישט אויס, און קען דאָס גאנצע לעבן זײַנס אָפּקומען קימאט מיט גאָרנישט. אי הײַנט נאָך, אין אונדזערע צײַטן, געפינען זיך זייער פיל ייִדן, בא וועלכע ס'איז דאָ נאָר א סימען פון מאָגנס, טאקע עטוואָס, ווי א קעזאַוס. און ס'איז דאָ א גרויסע האָפענונג, אז מיט דער צײַט — די טאקסע, באלעטוי-ווּעס און דעסגלײַכן לאָזן נאָר נישט פארשטערט ווערן — וועלן זיי פונעם עסן אלץ מער־מער זיך אָפּגעוווינען, ביז עס וועט קומען דער־צו, אז בא ייִדן אין די שפּעטערדיקע דוירעס וועט, כוץ מערידן, אפּי־לע אויך קיין סימען פון קיין מאָגן ניט זײַן. ייִדן וועלן דענסטמאָל אין דער וועלט זייער א שיין פּאָנעם האָבן...

מיט דעם דאָזיקן שמועס אצינד בין איך אויסן, אז נאָכן אוועק־שטופּן דאָס רענצעלע פון מיר, בין איך געוואָרן עפּעס שטארקער און מיך שוין געפילט גאָר קיין מיִעסע נישט. איך האָב מיר געטראכט פון מיסכער און אונטערגעברומלט עפּעס א טיִשעבאָוודיק ניגנדל. שוין, דאכט זיך, גאָר גוט. טראָגט דער רועך אָן א יונגע אָרלטע, א מעכוערעס, מיט א טעפּל פּיליניצעס, דאָס בעסטע לאקעטקע מיִנס. אן אנדערער אפ מײַן אָרט, פון יענע גוטע לײַט, וואָלט עס גע־נומען אפ זײַנע קיילים: דאָס איז דער יעיצערהאָרע אליין אין דעם געשטאלט פון אן אישע געקומען מיט אן אויסרייד... נאָר, לוי האָיאָ! איך בין א באלן געוועזן און זיך גוט צוגעקוקט, — פּאָשעט, אן אָרלטע אָן כאָכמעס! און בעטנדיק מיך אוועקצוקויפן בא איר די פּיליניצעס אינייִנעם מיט דעם טעפּל פּאר צען גראָשן, רוקט זי עס מיר אונטער גלײַך אונטער דער נאָז. דער רייעך איז מיר פארגאנגען שטארק אין דער נאָז, עס וועסערט מיר דאָס מויל, עס קלעמט מיר דאָס הארץ, טונקל ווערט מיר אין די אויגן. עס גלוסט זיך מיר א שרעק! און מאכ־מעס מוירע, איך וועל מיך נישט קענען אײַנהאלטן, כאפּ איך און

שפרינג אראָפּ אפ דער ערד שטארק צעקאָכט, ווי איינער ראטעוועט זיך אינ א סרייפע,— אז איך האָב נישט צעבראָכנ רוק־און־לענד, איז גאָר גרויסע ניסים! — און לאָז ארויס נישט מיט מײַנ קאָל א געשריי: רעב אלטער! — די קאוואָנע מײַנע איז דערמיט געווענ, אלטער זאָל זײַנ א שוימער.

אפנ וואָגנ אינ דער לענג ליגט ראקום, מעכילע, מײַנ רעב אלטער, אונטערגעשפּארט דעם קאָפּ מיט ביידע הענט, רויט ווי א צוויק, צעבראשטעט, מיט דעם רויט־פארוואָקסענעמ הארצנ אינ דרויסנ, פארברענט, פארבראָטנ, אונ נויט־שווייס באשלאָגט אימ, אז דאָס הארצ, סאָנע־ציִענ, האָט געריסנ, קוקנדיק אפ אימ.

— הא־א? — מאכט אלטער, דערהערנדיק מײַנ געשריי, עפּעס אפ קױיש, נישט רירנדיק זיך פונ אָרט,— וואָס איז?

יענע מיט דעמ טעפל פילינ־יצעס, גיב איך א בליק, איז שוינ נישטאָ, ווי אויסגעטריקנט געוואָרנ. איך מאך מיר אנ אויסרייד אונ טו א פרעג אלטערנ:

— וויפל, מיינט איר, זאָל אצינד האלטנ א זייגער?

— א זייגער אצינד וויפל זאָל האלטנ? — ענטפערט אלטער מיט א פארדומפּט קאָל.— וויים איך? צו די ערשטע שטערנ וועלנ די אויגנ אויסקריכנ געװיס װארטנדיק, נו, מײלע... אָ, שטארק הייס!

— א געשמאקע היצ, א־א־א! — רופ איך מיך אָנ, גייענדיק צופוס נעבנ אלטערס ביידל.— איר שוויצט, רעב אלטער? איך מיינ, שוינ צײַט צו פּאסיענ. אונדזערע אָדלער זײַנענ, נעבעך, מיד, קוימ וואָס זיי שלעפּנ זיך. צום טראקט אפ גלופּסק איז נאָך דאָ א פּאָר ווערסטלעך, עפּשער נאָך מיט א שמיצל. ניט ווײַט פונדאנענ, דאָרט וווּ עס הייבט זיך אָנ צִיענ א וואלד העט־העט ביז צום שליאך, זע איך אינ דער זײַט, לינקס, זייער א גוט אָרט צו פּיטערנ.

אין עטלעכע רעגע ארום האָבן מיר אראָפּגענומען זיך אין דער זייט פונעם וועג און צוגעקומען צו יענעם אָרט, וווּ ס'איז געווען וואלד, שיינע פעלדער, א געמויזעכץ און אלע גוטע זאכן. מיר האָבן אויסגעשפּאנט אונדזערע לייבן, געלאָזט זיי פריי פּיטערן זיך דאָרט באם ברעג וואלד, און אליין האָבן מיר זיך אונטערגעלעגט אונטער א בוים.

3


לטער יאקנעהאָז האָט קוים געאָטעמט פאר היץ, אנגעסטן האָבן אים באשלאָגן. ער האָט געזיפצט, געקרעכצט, אזוי אז עס האָט מיך פארוואָר באם הארצן אָנגעכאפּט. און ביכדיי אים צו מינטערן א ביסל, אויך טאקע צו ריידן, צו פארברענגען א ביסל די צייט, לאָז איך מיך אריין מיט אים אין א שמועס אזוי:

— אפּאָנעם, רעב אלטער, אייך איז געשמאק הייס?

— בע! — ענטפערט אלטער גאנץ בעקיצער, עפּעס ווי אָנגעברויגעזט רוקנדיק זיך אונטער דעם בוים, וווּ עס איז נישט געווען אזא גרויסע באהעלטעניש פון דער זון, וואָס עס האָט ארייננגעשיינט דורך די צווייגן.

— פע, נישט גוט פון דעם טאָנעס, וואָס איר קרעכצט אזוי? — מינטער איך מיין אלטערן, פעסט בא זיך אָפּגעמאכט, מיין טויט זאָל דאָ זיין, מוז איך ארויסבאקומען בא אים א וואָרט.

— בע! — מאכט אלטער, און ווייטער טאקע א רוק אונטערן בוים.

מיט „בע" אליין אָבער האָב איך נישט געוואלט מיך באגניגן. איי, טראכט איך, דו ביסט א געבראָטענער אקשן! נישקאָשע, דו וועסט

בא מיר ריידן, היצ, שוויס אין דער זײַט,— עס מוז זיך אָנהייבן פון געשעפט. דאָס בעסטע, איינציקע מיטל ריידנדיק צו מאַכן אַ ייִדן. אַ ייִד, בעשאַס דער גסיסע אַפילע, קוים דערהערט ער נאָר עפּעס געשעפט, ווערט ער לעבעדיק און דער מאַלכאַמאָוועס אַפילע קען דענסטמאָל צו אים אויך נישט צוטרעטן. דעם ערגסטן סוינע מײַנעם ווינטש איך נישט אַרײַנקומען צו אַ סויכער, בעשאַס עס דאַכט זיך אים נאָר געשעפט. ער איז מעוואַטל דענסטמאָל איטלעכן, אַפילע דעם בעסטן פרײַנט, אַן אייגענעם ברודער, מיט דעם בליק... נישט דאָס בין איך אויסן. איך ווענד מיך צו אַלטערן מיט אַזאַ שמועס.

— מיר וועלן, דאַכט זיך, רעב אַלטער, מאַכן אַ געשעפטל, גוט, כלעבן, וואָס מיר האָבן זיך דאָ הײַנט באַגעגנט. אַײַ, האָב איך עס הײַנט מיט מיר אַ מין סכוירע, גינגאָלד!

דאָס מיטל מײַנס האָט געווירקט. אַלטער איז ווי איבערגעביטן געוואָרן. ער הייבט זיך אַ ביסל אונטער און קוקט אַף מיר מיט אופגעשטעלטע אויערן. איך גיב אים ווײַטער אַײַן פּיזעם, אַזוי:

— הײַנטיקס מאָל, רעב אַלטער, גייט דאָס געשעפט צווישן אונדז אַף מעזומענע געלט. איר פאָרט דאָך פון יאַרמעלינעצער יאַריד און מוזט, אָן אײַנאָרע, האָבן פולע קעשענעס.

-- פולע קעשענעס, יאָ! אַ האַרץ פול מיט מאַקעס האָב איך,— זאָגט אַלטער שטאַרק אָנגעברויגעזט. — איך זאָג אײַך, רעב מענדל... נאָר נישטמער גאָרנישט, אַ מענטש אָן מאַזל זאָל נישט געבוירן ווערן גלײַכער... אייסאָקים, עס האָט מיר זיך געגלוסט נײַע אייסאָקים! אַן אַנדערער אַף מײַן אָרט — הע-הע-הע! בא מיר אָבער איז גאָרנישט, מיט דער פּוטער אַראָפּ. אַזאַ אומגליק! אַ ווייטעק נאָר צו דערציילן. שנײַצ די נאָז און שמיר דאָס פּאָנעם. נישטמער וואָס, גאָרנישט.

איך האָב גוט ארויסגעזען, אז מיט מײַן אַלטערן איז עפּעס נישט גלאַט, ס'איז דאָ א צאָרע. אבי נאָר עס האָט אים זיך געעפנט א מויל, איז שוין געווען גענוג א קליין קוועטשעלע, עס זאָל אים זיך שיטן נײַן מאָס רייד. פון מײַן זײַט איז קיין מעניע נישט געווען. איך האָב געטאָן א גוטן קוועטש, און מײַן אַלטער האָט זיך צעוויגט, אָנגעהויבן צו דערציילן זײַן אומגליק אַפן זײַן שטייגער אַזוי:

— מיילע, קום איך מיר צו פאָרן אַפן יארמעלינעצער יאריד. קור מענדיק אַפן יאריד, שטעל איך מיך מיט מײַן בײַדל אַפן דעם פּלאַץ, פארשטייט איר מיך, און צעפּאַק מיר דאָס ביסל סכוירע. מיילע בע־קיצער,— גאָרנישט. שטיי איך מיר און קוק ארוים אַפן לייזעכץ. גע־טראָגן אַפן יאריד האָבן מיך די צאָרעס. איך בין הײַנט, נישט פאַר אײַך געדאַכט, מיעס אין דער קלעם. דער דרוקער מאָנט געלט. מיילע, דאָס איז גאָרנישט — מאָנט ער. ער וויל אָבער, פארשטייט איר, מער נישט געבן קיין סכוירע!.. מײַן עלטערע בסולע איז שוין אין די יאָרן. א בסולע, פארשטייט איר, באַדאַרף כאַסענע האָבן. מיילע, גיי זשע דריי דעם קאָפּ, זוך א כאָסן. כאַסאַנים זײַנען דאָ, אָבער א כאָסן, דאָס הייסט, פארשטייט איר מיך, א כאָסן! איז נישטאָ... מײַן ווײַב באַדאַרף זיך צו די צאָרעס פארגלוסטן האָבן א יונגל, און נאָך ווען — פאַר פּייסעך. איר פארשטייט, וואָס הייסט א ווײַב האָט א יונגל? א כאַסע־נע, כאַסענע הייסט עס! נישטמער, גאָרנישט.

— נעמט נישט פאַר אומגוט,— זאָג איך צו אַלטערן,— וואָס איך פאַל אײַך ארײַן אין די רייד. לעמײַ האָט איר אַפן דער עלטער גענו־מען א יונג ווײַב, זי זאָל אײַך אַזויפיל קינדלען?

— גאָט איז מיט אײַך! — מאַכט אַלטער פארוואונדערט.— איך האָב דאָך געמוזט נעמען א באַלעבאָסטע אין שטוב ארײַן. וואָס וויל דען א ייִד מיט דעם כאַסענע האָבן? גאָרנישט! א ייִד וויל, נעבעך, האָבן א גוטע באַלעבאָסטע...

— לעמיִ זשע, רעב אלטער,—טו איך א פרעג,—האָט איר געגעסט אײַער ערשט ווײַב און איר פארוויסט דאָס לעבן? זי איז דאָך געווען א גוטע באַלעבאָסטע!

— בע! — מאַכט אלטער, פארקנייטשנדיק זיך מיט א פינצטערן פּאָנעם.

— קיין אקאָרע, געלויבט האַשעמייִסבאָרעך, איז אײַער ערשט ווײַב אויך נישט געווען,— לאָז איך אלטערן מײַנעם אלץ נישט אָפּ.— ווּהיִן זײַנען הינגעקומען די קינדער, נעבעך? הא, וואָס?

— בע!..— בעקעט אלטער אָן לאָשן, א קראַץ געבנדיק זיך אין דער פּייע, א מאַך מיט דער האַנט און א זיפץ טיף פונעם האַרצן.

„בע” איז בא אונדז, ייִדן, א טײַער וואָרט, וואָס האָט זייער פיל טײַטשן און איז א טערעץ אפ אלע קאַשעס. „בע” קען מען געברויכן אלע צײַט אין א שמועס און עס זאָל טאָמער פּאסן. א ייִד קען מיט „בע” זיך טאָמער אויסדרייען, ווען ער איז, נעבעך, אין דער קלעם און שטייט שמאָל. מיט „בע” סילעקט א שווינדלער, אַן אָנזעצער, אז די באַלעבויעס טרעטן צו מיט שטאַרקע טײַנעס. „בע” שטייט א ייִדן בײַ אין דער נויט, ווען עס באַווײַזט זיך, אז ער איז, נעבעך, א ליגנער. מיט „בע” קען מען אָפּענטפערן יענעם, וואָס דולט אָן א קאָפּ צוויי שאָ, נישט צו הערן, נישט צו פארשטיין אפילע איין וואָרט פונעם גאַנצן שמועס. מיט „בע” קומט אָפּ א שיינער, צעבראָכענער ייִד, ווען ער דערלאַנגט שטילערהייט א ביס; א שיינע־מוירעינע — ווען ער טוט אָפּ א מיִעסע מעַיסע; א דימענטיק מענטשל, אָן כאָכמעס,— ווען עס לאָזט זיך גאָר אויס, ער איז געמעלאָכעט, האָט פול פליי אין דער נאָז. האַקלאַל, „בע” האָט אלערליי טײַמים, מעשונע ווילדע פּיירושים, ווי אשטייגער: רופ מיך קנאַקניסל, לאָד מיך צום אונעסאַנע-טויקעפ, מיִע־הייכעטייסע, קוימעמיִעס, נעסמאַהע דיר פארפול, און נאָך טײַטשן

אָן א צאָל. דאָס יִדישע קעפּל שטויסט זיך טאָמער אָן, ווּהין דאָס וואָרט „בע״ צילט, און פֿאַרשטייט דעם רעכטן פּשאַט דערפֿון, ווי עס פּאַסט צום איניען.

אַלטערס לעצטער „בע״ איז געווען א ביטערס, מיט גרינע ווער־רעם. אין אים איז געלעגן עפּעס ווי כאַראָטע, א באַנק־טאָן, א באַשול־דיקונג זיך אַליין. עס האָט אים זיכער געמוזט ליגן אפֿן האַרצן ווי א שטיין זײַן מיִעסע באַנעמונג אַקעגן דעם ערשטן ווײַב און די קינדער פֿון איר. ער האָט געמוזט אין איטלעכס אומגליק, וואָס אים טרעפֿט, זען א שטראָף פֿון גאָט פֿאַר זײַנע זינד. דאָס האָט באַשײַמפּערלעך אַרויסגעוויזן זײַן ביטערער זיפֿץ און דאָס מאַכ-געבן מיט דער האַנט. אויך דער קראַץ אין פּייע דערבײַ האָט אַזויפֿיל געהייסן: „פֿאַרבײַס די ליפּן און שטום!.. אין דער ערד מיטן קאָפּ!״

איך האָב מיך אין האַרצן שטאַרק באַשולדיקט, לעמײַ האָב איך אויפֿ-גערירט אַלטערס אַלטע ווונדן. דאָס איז טאַקע די מײַסע מיט א יִדן, אַרײַנצומישן זיך אין יענעמס היימישע זאַכן און אַרײַנצוקריכן מיט שטיוולעס יענעמ אין דער נעשאָמע אַרײַן, בעשאַס זי טוט ווײ און וואַרגט זיך, נעבעך, מיט די צאַרעס שטילערהייט פֿאַר זיך אַליין. אַבוּצ דעם האָט מיך טאַקע געערגערט, וואָס די מי מײַנע איז אינגאַנצן פֿאַר-לוירן. אַלטער האָט זיך שוין אַזוי פֿײַן צעוויגט און גערעדט מעכײַע, דאָס צינגל האָט געקלאַפּט ווי א זייגער, פּלוצלים באַדאַרף איך אָנ-רירן אינווייניק א רעדל און דער אומרו איז געבליבן שטיין! אי-בעראַנײַס מײַנע מיטל, איבעראַנײַס פּיזעמ רעב אַלטערן. איך האָב נישט געקאַרגט, ווײַטער אײַנגעגעבן אַלטערן רייד-מיטל מיט דער פּולער מאָס, צוגעפּאַסט צו אים א גוט שליסעלע, אָנגעדרייט אים מיט קונצן — און דער אומרו, דאָס צינגל זײַנס, האָט ווידער זיך צעשאָקלט.

## 4

מיילע, שטיי איך מיר אזוי נעבן מײַן בײַדל,— האָט אלטער ווײַטער אָנגעהויבן צו דערציילן מיט זײַן לאָשן.— בעקיצער, ווי איך שטיי מיר דאָ, קוק איך און באטראכט מיר דעם יאריד. א יאריד—א יאריד, עס קאָכט! דער עוילעמ איז גרויס. ייִדן מאכן געשעפטן, שטארק פארטראָגן, פּאָשעט, זיי לעבן. א ייִדעלע אפ א יאריד איז א פישעלע אינ וואסער. דאָרט, פארשטייט איר מיך, לעבט עס. יאנקעוו אָווינוס בראָכע טאקע: וידגו — און זיי זאָלן זיך פישלען, בקרב הארץ — אפ דער וועלט.— עמעס, רעב מענדעלע? שטייט טאקע אזוי געשריבן, ווי ייִדן זאָגן: „אפן הימל א יאריד”? הייסט עס, אפּאָנעם, די אוילעמהאבע פאר ייִדן איז א יאריד!.. מיילע, שטייט, נישט שטייט; ייִדן יארידעווען; לויפן, האנדלען, שטייען נישט אײַנ אפ איינ אָרט. צווישן די סאָכרימ זע איך בערל טעלעצע, אמאָל א באהעלפער, דערנאָך א מעשאָרעס, הײַנט רעב בער, שטייט מיט א גרויסע קלייט, פלאמט אפן יאריד. בעקיצער, גאָרנישט. ס'איז א טאראראם, א קאָכעניש. דאָרט, זע איך, לויפט א ייִדל, א צווייטער, א דריטער. אויך פּאָרלעך, פארשוויצט שטארק, דאָס מיצל אפן שפּיצ קאָפּ, דאָ א טאפּ, דאָרט א טאפּ, א מאך אהינ, א מאך אהער, א דריי מיטן גראָבן פינגער און א קײַ דאָס שפּיצל בערדל,— געפאלן, אפּאַנעם, אפ א האמצאָע. עס לויפן גאָר אָן א נעשאָמע מעקלער, שאדכאָנים, טאנדעטניקעס, מאכליארקעס, קורעלאפניצעס, ייִדענעס מיט קוישן, ייִדן מיט טאָרבעס, מיט פינפ פינגער, באלעבעסלעך מיט שטעקלעך, באלעבאטים מיט בײַכלעך. איטלעכן פלאמט דאָס פּאָנעם, נישטאָ קיינ צײַט, א רענדל א מינוט. מיילע, בעקיצער, גאָרנישט, עס האָט אויסגעזען, אָט כאפּן זיי דאָס גליק. אײַ־אײַ, בינ איך עס מעקאַנע, ווי איטלעכן נייט דאָס מאזל! איטלעכער פּארדינט, שעפּט גאָלד,

און איכ, שלימאזל, וואָס? שטיי ווי א ליימענער גוילעמ, פארליינט די הענט נעבנ מײַנ צעריסנ בײַדל, באהאנגענ פונ ביידע זײַטנ מיט ציצעס, קאמיילעכ, און אינווייניק — שמאָכטעס, פעקלעכ ספאָרימ. א קאטאָוועס, כלעבנ, טכינעס סאָרע באס-טויווימ! סאָרע באס-טויווימ אינגאנצנ איז ווערט א דרײַער... גיי לעב, צעפיר זיכ מיט איר די הענט, מאכ כאסענע א מיידל! איכ שילט אינ הארצנ זי, דאָס בײַדל, די דארע שקאפע מײַנע, האלעווײַ וואָלטנ זיי אפ דער וועלט נישט געוועננ! גע-נוג, מע באדארפ פרוּוונ דאָס מאזל אויכ עפּעס טאָנ. ארבעטנ. הא-שעמיִסבאָרעכ קענ עפּשער ראכמאָנעס האָבנ, וואָס דענ? בעקיצער, עס פארײַסט זיכ מיר דאָס היטל, עס פארקאטשענ מיר זיכ די ארבל, מײַנע פיס גייענ צו, ווי פונ זיכ אליינ, צו א וואָגנ, און באלד טאקע קײַ איכ מיר א שטרויעלע, וואָס איז פונעמ וואָגנ פארקראָכנ מיר גלײַכ אינ מויל ארײַנ. מיילע, קײַ איכ מיר דאָס שטרויעלע, און דער מויעכ מײַ-נער ארבעט. א קנייטשעלע, אהער, אהינ, און באלד טאקע א קלאפּ מיטנ פינגער אינ שטערנ: ס'איז דאָ! א שיינ געשעפטל, — א שידעכ צווישנ צוויי סאָכרימ, לײַטישע מענטשנ, וואָס שטייענ מיט קלייטנ אפנ יאריד. פארשטייט איר מיכ, ווער? איינער איז רעב עליאָקימ, רעב עליאָקימ שאראָגראָדער! דער אנדערער — רעב געצל גריידינגער. פאר-בייג איכ מיר מײַנ אייסעק, אינ דער ערד מיטנ קאָפּ דאָס בײַדל, מיט דער שקאפע, מיט דעמ דרוקער אינייִנעמ! טו מיכ א געשמאקנ נעמ צומ נײַעמ אייסעקל. לעמאזל, עס רירט זיכ!.. א האָפענונג, עס וועט פאָרנ. בעקיצער, איכ טרײַב אָנ, עס רוקט זיכ. מײַנער ווייסט נישט מער, ווי קאלענדרעווענ, לויפנ פונ רעב געצלענ צו רעב עליאָקימענ, פונ רעב עליאָקימ צו רעב געצלענ. איכ לויפ שוינ, באָרעכאשעמ, לײַטנ גלײַכ, שטארק באשעפטיקט, נישט ערגער פונ אלע יידנ. איכ האָרעווע, אקער מיט דער נאָז די ערד, עס מוז ווערנ! — און דאָ טאקע, אפ דעמ יאריד. וואָס דענ? איז דענ דאָ נאָכ א בעסער אָרט ווי אפנ

יאריד? בעקיצער, אינ כאפעניש, אינ אײַלעניש, די מעכוטאָנים קוקנ זיכ אָנ, אײנער דעמ אנדערנ געפעלט, בײדע באקומענ כײשעק, װילנ שטארק. נו, װאָס זשע באדארפ מענ נאָכ? אז בײדע מעכוטאָנים צאַפּלענ, ברענענ, האָבנ כײשעק אונ זײַנענ פארטיק!.. איכ װער גרעבער װי לענגער פאר סימכע. דאָס פארדינסט איז בא מיר גלײַכ װי אינ קעשענע. איכ קלער שױנ אפילע, װיפל נאדנ מײַנ בסולע צו געבנ. דרײליכ אפ אײַנשיטנ האָב איכ אפ דעמ סמאכ געהאנדלט נאָכ פריער, שױנ געהאלטנ אפילע אינ קױפנ בא א טאנדעטניק א געניצט סאמעטנ מענטעלע. העמדער, דאָס איז שױנ די לעצטע דײַגע, װי גאָט װעט געבנ...

מײלע, בעקיצער — גאָרנישט! נאָר הערט א מײַסע, װאָס קענ זיכ פארלױפנ. אז ס'איז נישטאָ קײנ מאזל, זאָל מענ בעסער נישט געבױרנ װערנ. — אז עס האלט שױנ בא טעפּ־ברעכנ אונ מע דערמאָנט זיכ גראָד ארומ כאָסנ־קאלע, לאָזט זיכ גאָר אױס... װאָס מײנט איר? — א װײטעק, כלעבנ, צו דערצײלנ, — לאָזט זיכ גאָר אױס בױדעמ! נײנ, בױדעמ איז נאָכ א הונט, א גאָרנישט. עס לאָזט זיכ אױס קאפױר. הערט נאָר דאָס אומגליק, דעמ שטראָפּ פונ גאָט! בײדע מעכוטאָנימ האָבנ—װאָס מײנט איר, האָבנ זײ? בײדע האָבנ—באָכערימ...

— סטײַטש, רעב אלטער! — שיס איכ אױס מיט א געלעכטער. — איכ בעט אײַכ איבער, װי אנ אײגענע מוטער: װי פאלט איר אױס צו טאָנ אזא שטוסערײַ: רײדנ א שידעכ, אײדער איר װײסט, װער פונ די מעכוטאָנים האָט א בסולע אונ װער א באָכער?

— אװאדע, פּשיטע! — גיט זיכ אלטער א קרימ שטארק מיט פארדראָס. — איכ האָב נאָכ, כלעבנ, אזױפיל סײכל װי אנדערע אונ בא־דארפ מיכ בא קײנעמ נישט לערנענ. כלעבנ, איז ער דענ א ייִד אונ װײסט דענ נישט, װיאזױ עס װערנ שידוכימ?.. דאכט זיכ, רעב מענדעלע, איר װײסט זײער גוט דעמ ייִדישנ אײַנפיר, דעמ גאנצנ שטײגער אינ דעמ מעשאדעכ-זיכ-זײַנ אונ באסענע האָבנ בא אונדז, ייִדנ.

וואָס זשע בידעשט איר זיך אַזוי אָפּ דעם אומגליק מײַנעם, וואָס האָט זייער גרינג געקענט מיט איטלעכן זיך מאַכן? — איך האָב זייער וויל געוווּסט, אַז בײַ רעב עליאָקימען איז מעכוּייעוו זײַן אַ בסוּלע, און נאָך וואָס פאַר אַ בסוּלע! אַזאַ שטיק גאָלד זאָל איך האָבן! איך האָב זי מיט אַ יאָר פריִער געזען אַליין מיט מײַנע אויגן, אַזוי זאָל איך זען פיל גוטס. נישטמער, גאָרנישט, אַז קיין מאַזל איז נישטאָ, העלפט ניט קיין כאָכמעס. באַדאַרף די שיינע בסוּלע קיין צײַט נישט האָבן און אָפּ צעשפּרינגעניש באַסענע האָבן. עפּעס אַן אויסבאַפּעניש אָפּ איר געקומען, ווי אין דער בעהאָלע. איך זאָל דאָס אָנהייבן באַטשע עפּעס צו וויסן. וויסן זאָל איך אַזוי פון מײַן דאַלעס! הײַנט פרעג איך אײַך, אַדעראַבע, גערענקט זשע, אַז איך קום דאָ וועגן דעם שידעך, און זאָג גאַנץ ייִדישלעך, ווי געוויינטלעך: „רעב עליאָקים! איך וויל אײַך מע־שאַדעך זײַן מיט רעב געצלען“. וועמען האָב איך פון מײַן זײַט גע־קענט מיינען? מיסטאַמע רעב עליאָקימס בסוּלע. זי, עס פאַרשטייט זיך, מיט רעב געצלס באָכער. אַרויסריידן עס בעפּיירעש איז נאָר אַ געלעכטער, אַן איבעריקע זאַך, וואָרעם די קאַשע איז דאָך: פּשיטע! וואָס לאָיטוּ מיך העדן? עס פאַרשטייט זיך, אַז נעמענ נעמען זיך נישט צווייַ זכאָרים, ווי דען זשע? אַ זאָכער מיט אַ נעקייווע, ווי דער שטיי־נער איז. דאַכט זיך, פון מײַן זײַט האָב איך געהאַנדלט, ווי עס געהער צו זײַן. קיינער, בײַ מײַנ ייִדישקײַט, וואָלט בעסער נישט געהאַנדלט. בעקיצער, איך האָב גערעדט ריין, שאַרף, דעם רעכטן איקער: מיקויעכ נאַדן, מיקויעכ קעסט. דערבײַ מוזט איר נישט פאַרגעסן, אַז אָפּ אַ יאַריד, און דערצו נאָך מיט סאָכרים, קען מען גאָר נישט רייד: איבעריקע רייד, בײַזאַכן, נאָר געציילטע ווערטער, דעם איקער, דאָס געשעפט אַליין: נישטאָ קיין צײַט. מיילע, האָט איר אײַך אַן ענטפער פון מײַן זײַט. הײַנט לאָמיר גיין צו רעב עליאָקימען. רעב עליאָקים ייִדער פון זײַן זײַט, העדגדיק, ווי איך רייד אים אַ שידעך מיט רעב

געצלענ, האָט זיכער דערונטער געמיינט זײַנ באָכער, אנדערש קענ עס דאָך גאָר נישט זײַנ. אימ אליינ רעדט מענ מיט רעב געצלענ? ווי שיקט זיך עס? אונ אײַנפאלנ א בסולע — האָט אימ אויך נישט גע־קענט, אז ער ווייסט בא זיך זייער גוט, ער האָט כאסענע צו מאכנ א באָכער, נישט קיינ בסולע. מיילע, קומט אויס,ביידע זײַנענ גערעכט. נישטמער, גאָרנישט. הײַנט פארשטייט איר שוינ?

— בע!... — מאך איך, קוימ אײַנהאלטנדיק זיך פאר געלעכטער אונ אָנטוענדיק זיך א קויעך אָנצונעמענ אנ ערנסט פּאָנעמ.

— כו, געלויבט איז גאָט, אבי איר פארשטייט! — זאָגט אלטער, א טײַט געבנדיק אפ מיר מיטנ גראָבנ פינגער אונ מאכנדיק דערבײַ צעצויגנ „אָ"!.. — גלײַך ווי איך האָב מיט מײַנ „בע" געטראָפנ פּונקט אינ קאָרב.

אונ דעמ עמעס מוז איך זאָגנ, איז מיר אלטערס דערקלערונג ארײַנ טאקע דערנאָך אינ קאָפּ. טא, פארוואָס ניט? אפ דעמ ייִדישנ גאנג, ווי עס ווערנ געשלאָסנ שידוכימ בא אונדז, — פארוואָס זאָל זיך טאקע אזוינס נישט מאכנ? — עס כאפּט זיך מיר פונעמ מויל ארויס נאָכאמאָל „בע", א קוק געבנדיק אפ אלטערנ עפּעס גאָר פרײַנטלעך.

— איאָ! — מאכט אלטער, ווײַטער א טײַט געבנדיק מיטנ פינ־גער, — איאָ, איר פארשטייט! נישטמער, גאָרנישט. איר זײַנט נאָך נישט פארטיק. עס האָט נאָך געצאנקט אינ מיר עפּעס א האָפענונג. נעמ איך מיך צו אנ אייסעקל, לאָז איך עס אזוי גיך נישט אָפּ.

— רעב אלטער, גאָט איז מיט אײַך! וואָס רעדט איר? — שפּרינג איך אזש אונטער פאר גרויס וווּנדער אונ מיינ זיכער, אלטער איז אינ טאמעז פאר גרויס היץ מעשוגע געוואָרנ.— וואָס פאר א האָפענונג, רעב אלטער, האָט געקענט איבערבלײַבנ, נאָך דעמ, אז עס האָט זיך ארויסבאוויזנ צוויי כאסאנימ?

— לאָזט זיך דינען! — נעמט מיך איַין אַלטער. — לאָזט זיך דינען, רעב מענדעלע! ס׳איז רעכט. עס האָט זיך נאָך געשלאָגן בא מיר אַן אָדער. גאָט גיט די רעפוּאה פאַר דער מאַקע. פאַרשטייט איר מיך, עס האָט געטאַנצט אין קאָן טעלעצע. נאָך גאָר אַפן אָנהייב איז מיר איַינגעפאַלן טעלעצע. דאָרט זיַינען שוין דאָ מיידלעך זיבערע, איר מעגט מיר גלייבן. עס האָט מיר טכילעס זיך געדרייט אין קאָפּ מיטאַמאָל: עליאָקים, געצל, טעלעצע. פון זיי האָט מען באַדאַרפט אויסקליַיבן א פּאָר. האָב איך באַדאַרפט גראָד בליַיבן בא רעב עליאָקימען, און טעלעצע דערוויַיל אַוועקשטעלן אין דער זיַיט. מיילע, אַז דאָס אומגליק האָט מיך דאָ אַזוי געטראָפן, וואָס זשע טוט מען? באַדאַרף מען אַרויספירן אַפן פּלאַץ טעלעצע, געהויכט, געקרוינט, שוין מיט דער גאַנצער מויריינע: רעב בערישל! בעקיצער, איך פאַרטיַיב דעם פעלער בא די פּרזערדיקעביידע צדאָדים. שולדיק־שמולדיק, זיי א ביסל, איך א ביסל, און א ביסל אויך דאָס מאַזל אונדזערס, מיסטאַמע איז נישט געווען מין השאָמאַים, נישט באַשערט, פאַרשטייט איר מיך... עס הייבט זיך אָן דער גרויסער מיזמער: רעב בערישל איז, אָן איַינאָרע, א גוויר, א דימענט, א באַלצדאָקע, א גאַבע אין פיל כעוורעס. סטיַיטש, רעב בערישל! דעם טיטל „כאָבעם“ רעכן איך נישט, וויַיל עס פאַרשטייט זיך אַליין. עס ליגט שוין אין דעם נאָמען גוויר. מיילע, גאָרנישט. דער פונק האָפּענונג האָט אין מיר זיך אַלץ וויַיטער מער צעברענט. גם זו לטובה, טראַכט איך, וואָס עס זיַינען ווי בוימל אַפן וואַסער אַרופגעשווומען צוויי באָכערים, אַצינד איז דאָ פאַר זיי ביידע טאַקע צוויי בסולעס, גליַיך ווי אָנגעמאָסטן. רעב בערישל וועט מיר צורעכט מאַכן אַלצדינג, און עס וועט, אימירצעשעם, זיַין גוט. אַהער — אַהין, בעקיצער, איך אַרבעט אַפּ אַלע קיילים. איך האָב וויַיטער דאָס לויפעניש. דאַכט זיך, אין פלוג, גאָר נישקאָשעדיק, עס האַלט אַפּ א שטיקל שטיינער. נישטמער, גאָרנישט. באַדאַרף זיך איַינמיטנדרינען

ויסלאָזנ דער יאריד. אָנ איבערקערעניש, אַלע צעפּאָרנ זיכ, צעלויפּנ
יכ, אויס געשעפטנ, — אונ פאַרפאַלנ מײַנ מי, אַזויפיל מי!
— הײַנט פאַרשטייט איר? — ווענדט זיכ אַלטער צו מיר מיט א
יגנ פונ געבעט, אויסשטרעקנדיק ביידע הענט, ווי ער קלאָגט זיכ, גיכט
ויס זײַנ שווער־ביטער הארצ אונ פאַרלאַנגט פונ מיר עפּעס א הילפ.—
אַרשטייט איר שוינ? אַז ס'איז ניטאָ קיינ מאַזל, דאָס פּיצעלע מאַזל,
עלפנ נישט אַלע כאָכמעס. אוי, א צאָרנ פונ גאָט איז שוינ פונ א צײַט
פּ מיר אויסגעגאָסנ געוואָרנ, א שטראָפּ פאַר מײַנע זינד. — „אַפּ מע־
ימענ געלט" זאָגט איר? אָנ איבעריקנ גראָשנ האָב איכ דענ אינ קע־
שענע, אַז אָכ אונ וויי אונ ווינד איז מיר!
— אײַ, ווי אינ באָד! — צעהיצ איכ מיכ אַפּ א קאָל אונ טו מיכ
געשמאַקנ רוק.
אַלטער שטעלט אַפּ מיר אויס א פּאָר אויגנ, שאָקלט מיט דעמ קאָפּ,
שטאַרק אופגעבראַכט, מאַכנדיק דערבײַ ווי אינ דער וועלט אַרײַנ:
— א גאַנעוו א ביסל פונ א ייִדנ! א מענטש ווערט, סאָנע־ציִענ,
עזעצט, די גאַל שפּרינגט אימ פאַר צאָרעס, רעדט, אונ ער — גאָר־
ישט! האָט איכ זינענ זײַנ נעפעשל. א קאַטאָוועס, ס'איז הייס ווי אינ
אָד! וועט צעשמאָלצנ ווערנ... איכ פאַרשטיי, נישקאָשע, ייִדישע אָנ־
שטעלנ, דאָס וויל א ייִד א כאַפּ טאָנ זיכ צוריק, אַרויסזעענדיק, אַז בא
ענעמ איז קיינ מעזומאָנימ נישטאָ, קיינ געשעפטנ מיט אימ וועט ער
ישט מאַכנ.
— כלעבנ... — רופ איכ מיכ אָנ, א צי געבנדיק אַלטערנ פאַר דער
אָרד, קעמינהעג ייִד, — וואָס פעלט אײַכ אײַנ, רעב אַלטער, אַזעלכס
ו טראַכטנ? איכ מיינ גאָר עפּעס אַנדערש. אײַער סאָפּ מײַסע אַצינד
פ דעמ יאריד האָט מיר דערמאָנט אינ זייער א שיינער מײַסע אַמאָל
ינ באָד, וואָס ליגט מיר אַדהאַיאָמ אינ טאַמ, אונ קענ עס נישט פאַר־
עסנ. אויכ די איינענע מײַסע, עס זאָל דאָס פעלנ א האָר. נאָר דאָרט

איז עס געווענ בעקיצער, אונ זיך אויסגעלאָזט מיטנ קנאק. מע מעג עס הערנ. אָ, איר שוויצט, רעב אלטער! רוקט זיך, זייט מויכל, א קאפעלע אהינ, וועל איך מיר ליגנ אָט אזוי מיט דעמ רוקנ צו דער זונ אונ דער־ציילנ.

אלטער ווישט מיטנ עק ארבל פונעמ העמד אָפּ דעמ שוויים פונ זיינ פּאָנעמ, נעמט פונ דער בוזעמ-קעשענע ארויס זיינ פּאָרצעלייענ פיפקעלע מיט עפּעס א יעפּייפּיִע אויסגעמאָלט הערופ, מאכט אויס מיט א דרעטל, וואָס הענגט אפ א קייטעלע באמ טאָמבאקאָווּנ דעקל פונ דעמ ליולקעלע, דאָס קורצע ציבעכל, פונ וועלכעמ דאָס דינע אויסגע־בויגענע מונדשטיקל, ווי אויכ דער אונטערשטער טייל, זיינענ גרוי־שווארצלעכע ביינדעלעכ, אונ דאָס מיטל־שטיקל א ווייכס, אויסגעהעפּט ארומ מיט זאמד־פּאטשערקעס; פּארייכערט דערנאָכ דאָס פּיפּקעלע, טוט דערביי א קליינ קוקעלע אפ דער יעפּייפּיִע אונ ציט זיך אויס, ווי גרויס ער איז, אונטער דעמ בוימ. איכ הוסט מיכ אויס, טו מיכ א רוק אונ הייב אָנ מיינ מייסע אזוי:

5

ינ דער גלופּסקער געמויערטער באָד האלט זיך זינט א לאנ־גער צייט אופּ א באָכער — פישקע דער קרומער. ווער פישקע איז, פונוואנענ ער איז — דאָס איז נישט מיר, נישט קיינעמ איינגעפאלנ צו וויסנ. גאָרנישט! עס הרייט זיך ארומ א באַ־שעפעניש, א פישקע, ווי אלע אנדערע פארוואָרלאָזטע נעפאשעס, זיינ גלייכנ, וואָס גיבנ זיך א ווייז בא אונדז, יידישע קינדער, עפּעס פונ דער העלער הויט, ווי די שוועמלעכ, פארטיק מיטאמאָל, מיט די אלע ביינדלעכ. מע זאָל עס געווענ אָנהייבנ זענ, ווי זיי האָבנ ביסלעכווייז

געשפּראָצט, כאָטש האָבן פון זיי פריִער עפּעס א סימענ!.. עס זיצנ זיך ערגעצ אינ לעבער קאפּצאָנים, קינדלענ זיך שטילערהייט — וועמעס אייסעק איז עס? — פּרוכפּערנ זיך אונ מערנ. ס'איז אָנ אַיינגאָרע א גרויס גערעטעניש. דאָס קליינוואַרג גיט זיך א הייב אפ די פּיסלעכ, אונ פּלוצלים שפּרינגענ ארויס אינ דער וועלט פרישצאַפּלדיקע קליינע ייִדעלעכ: פּישקעלעכ, כנייקעלעכ, כאַזמלעכ, יאָסעלעכ, נאַקעטע, באָרוועסע, מיט לייבסערדאקלעכ, פּלאָנטענ זיך אומעטום פאַר די פּיס, אפ די גאסנ, אינ די הייזער אונ די קלייזלעכ. קיינ שטארק גרויסנ פּארשוינ קענ מענ פּישקענ נישט אָנרופנ. ער האָט א גרויסנ פלאטשיקנ קאָפּ, א ברייט גרויס מויל מיט געלע קרומע ציינ, רעדט שטשיפּיליאַווע, קענ נישט קיינ „רייש" שאַרפּ ארויסזאָגנ אונ הינקט שטארק אפ א פוס. פּישקע איז שוינ געווענ אינ די יאָרנ, פונזיינטוועגנ האָט ער שוינ געקענט לאַנג כאסענע האָבנ אונ מעזאקע זיינ גלופּסק מיט עטלעכע קינדערלעכ; נאָר אפ זיינ פּינצטער מאזל, האָט מענ אינ אים זיך פארגעסנ, אונ ער איז, ווי א פּוילער מינ אינ אונדזער ספּאָרים-האַנדל, געוואָרנ א לעגער-סכוירע. מע האָט אינ אים זיך פארגעסנ אפילע בעשאַס דעם רעקרוטנ-נעמענ פאַר כאָליערע-כאסאַנים, דאָס הייסט בעשאַס גלופּסקער קאָהאָל האָט געכאַפּט אינ דער בעהאָלע זויסטע קאַליקעס, דראַבעס, שלעפּערס אונ זיי כאסענע געמאַכט אפ דעם הייליקנ אָרט צווישנ די קוואָרים, מיט אבי־אָט מיידלעכ, ביכדיי דורכ דעם זאָל די שלאפקייט אופהערנ. אָנשטאָט אים האָט קאָהאָל דאָס ערשטע מאָל מעכאַבעד געווענ מיט כאסענע־האָבנ דעם בארימטנ קאַליקע יאָנטלענ, וואָס רוקט זיך אפ זיינ געזעס מיט צוויי קליינע הילצערנע בענקעלעכ אינ די הענט. מע האָט אים געפּאָרט מיט דער אָרעמער ייִדענע, די מעפורסעמעס, וואָס האָט גרויסע ציינ ווי לאָפּעטעס אָנ אנ אונטערשטער ליפּ. די כאָליערע האָט זיך פאַר זיי שטארק דערשראָקנ, אונ נאָכדעם, אז זי האָט פאַר שרעק מאזיק געווענ אינ גלופּסק

א סאך מענטשן, האָט זי געכאַפּט די פּיס אַף די פּלייצעס און איז אַנט־
לאָפן... דאָס צווייטע מאָל האָט מען אויסגעקליבן נאָכעמעצע דעמ
שטאָט־משוגע, דעמ גרויסן לעקיש. לעקיש האָט אַף דעמ בעסוילעמ
פאַר א גאַנצער אײדע שײנע־ייִדן, צוגעדעקט דעמ קאָפּ פון יענער
מויד, וואָס איר קאָפּ איז פון קינדרווײַז אָן באַדעקט, איך בעט אײַך
מעכילע, מיט א קרוינ און אַף וועלכער עס גייט אינ דער שטאָט אַרומ
א קלאַנג, אַז זי איז אַן אַנדרויגענעס. דער אוילעמ, זאָגט מען, האָט
אַף זייער כאַסענע זיך גאַנצ שטאַרק מעסאַמייעך געווען, מע האָט זיך
וויל געטאָנ און עפּעס גאָר א יאָמ בראַנפן צווישן די מאַצייוועס אויס־
געטרונקען. אָט, האָט מען געזאָגט, נישקאָשע! לאָזן זיך פרובירן
לאָזן ייִדישע קינדער, דער כאָליערע אַף צעשפּרינגעניש, זיך מערן
לאָזן אָרעמע קאַליקעס, נעבעכ, אויך האַנאָע האָבן... נישט דאָס בינ
איך אויסן. האקלאַל, פישקען האָט קאַהאָל פאַרגעסן. אַף גלופּסק איי
געקומען ווײַטער א כאָליערע, און פישקען האָט עס פאַרט נישט גע־
האָלפן. ער איז געבליבן א באָכער ווי פריִער. אַפילע די מומע אָן א
נאָז, וואָס איר שטייגער איז צו העצקען זיך אינמיטן דער גאַס, בעי
שאַס איר קלעזמערל סקריפּעט אַף עפּעס א מינ פידעלע, צוזינגענדיק
דערצו אַפּן בײַקעלכן, נעמט צונויפ אַף א טעלערל נעדאָוועס, ביכדיי
צוויי מייסימ זאָלן גיינ טאַנצן, קאַליקעס, קאַפּצאָנים, אָרעמע מייד־
לעך זאָלן, כאָלילע, נישט פאַרזיצן — אַפילע די גוטע, באַרעמהאַרצע־
דיקע מומעניו האָט אינ פישקען זיך גאָר פאַרגעסן און אימ געלאָזט
אומגיינ אָן א ווײַב. ס׳איז אוואַדע, נעבעך, א גרויס ראַכמאָנעס, א
צאַרבאַלעבײַיִמ, נאָר מיסטאַמע איז זײַן מאַזל שוין געווען אַזוינס. —
פישקעס גאַנג איז געווען געוויינטלעך באָרוועס, אָן א קאַפּאָטע, נאָר
אינ א גראָב געלאַטעט העמד, מיט א לאַנגן פאַרשמאָלצעוועטן אַרבע
קאַנפעס, און טאַכטויינים פון גראָבע לײַוונט מיט א סאָך פאַלדן. זײַ
אַרבעט איז געווען צו גיינ רופן אַף דער גאַס: „באַלעבאַטים, אינ באָ

ארײַנ!" פרײַטיק; און „װײַבערלעכ, אינ באָד אַרײַנ!" מיטװאָכ. זומער, װענ עס פלעגט זיכ אָנהײבנ װײַזנ גאָרטנװארג, האָט אינ דער ייִדישער באָד זיכ געלאָזט הערנ זײַנ קאָל װי פונ א שלײַענ: „ייִדעלעכ, אהער! ונגער קנאָבל, ייִדעלעכ!". אינ באָד פלעגט ער היטנ דאָס אָנטאָנ, און־טערגעטראָגנ א שעפעלע װאסער, אַרײַנלאָזנ א קויטיק העמד אינ דעמ ארבל אַרײַנ, מיט א קנופּ אינװײניק, װי א מײַסטער, דערלאנגט א קויל פײַער, װארפנדיק עס פונ אײנ האנט אינ דער אנדערער, צו פּא־ײכערנ א ציגאַר־טיטונ, און כאַפּנ דערפאַר מיטאמאָל א הארטנ וױיער אָדער א דרײַער. פּישקע האָט זיכ שױנ גערעכנט דערמיט פאר א שטיקל קלײקוידעש און געהאט דאָס רעכט אפ געװיסע זאכנ, װי אשטײגער: ארומגײנ אינײנעמ מיט דעמ פּעקל שמײַסער, באָד־לײַט, איבער די הײַזער, נאָכ פּורימ־געלט, כאנעקע־געלט, קומענ מיט דער קאָמפּאניע אפ א לעקאכ־און־בראנפנ, אפ א קרישמע־לײענעג, אפ א ברים בא באלעבאטימ אינ באָד, און כאַפּנ א קױסע מיט א שטיקל האָניק־לעקעכ, און ארומגײנ פּײסעכ מיט א טאָרבע צונויפּנעמענ בא די באלעבאטימ שטיקלעכ מאצע. — איכ האָב פּישקענ זײער גוט גע־קענט, פלעג ליב האָבנ אַרײַנצולאָזנ זיכ מיט אימ אינ א שמועס און אנקװעלנ אמאָל פונ זײַנע װערטער. ער איז גאָר נישט געװענ אזא מיִע־סער שויטע, װי ער האָט אויסגעזענ. װאָרעמ װענ איכ בינ נאָר אינ גלופּסק, איז בא מיר די ערשטע זאכ פונ אלע מעלאָכעס זיכ אראָפּצו־כאַפּנ אינ דער געמױערטער באָד, אויסצופּרודענ די זאכנ, די זאָקנ און צו פּארענ די בײנער אפ דער אײבערשטער באנק. זאָגט אײַכ, װאָס איר װילט, דאָס איז דער בעסטער טײַנעג בא מיר. װאָס קענ, דאכט זיכ, בעסער זײַנ פונ שװיצנ? איכ זאָג אײַכ בעפײרעש נאָכאמאָל: אצינד־אָ אפילע װאָלט איכ אויכ שטארק האנאָע געהאט פונעמ ביסל שװײס, װענ די זונ זאָל מיר נישט זײַנ אקעגנ פּאָנעמ.

— רוקט זיכ נאָר, רעב אלטער! רוקט זיכ, זײַט מויכל, װײַטער

א ביסל! אָ, איר האָט איצט, אָן איינאָרע, גאָר דעם גוטן שוויס. טוט זיך נאָר, זייט מוחל, א רוק, אָט אזוי, אזוי...

— נו, אן עק, א סאָף זאָל עס האָבן! — מאכט אלטער אָנגעברוי־געזט. — איך ליג שוין, דאכט זיך, גוט. ציט נישט, איך בעט אייך, בא דער נעשאָמע און מאכט עס בעקיצער.

— האָט צייט, רעב אלטער. דער טאָג איז נאָך גרויס, — רופ איך מיך אָן און הייב אָן ווייטער צו דערציילן.

— ...אז איך בין געווען מיט עטלעכע יאָר צוריק אין גלופּסק און פונדערווייטנס אפ דער גאס דערזען פישקען, בין איך פּאַשעט אויס דער הויט געשפּרונגען פאר גרויס וווּנדער. פישקע מיינער, זע איך, גייט מיט די קרומע פיס, אָנגעטאָן ווי א שטשאָגעל אין א שפּאָגל־נייע טשערקאסענע קאַפּאָטע, מיט נייע שיך און זאָקן. אפן קאָפּ א גרויס פּליסן היטל, און אפן הארצ בלישטשעט אים, ערשט ניי פון דער נאָדל, א לייבצודעק פון האַרט אָנגעקראָכמעלטן ציץ מיט גרויסע רויטע קווייטן. וואָס קען עס באטייטן? טראכט איך בא מיר. זאָל זיין עפּשער, קאָהאָל האָט אים אויסגעקליבן פאָרט פאר א כאָליערע־כאָסן? נאָר אפ גלופּסק אָבער איז אין יענעם יאָר קיין כאָליערע נישט געקו־מען. נישט דעריבער, ווייל מע האָט עפּשער אויסגערייניקט דעם טייך, צוגענומען די בערגלעך איפּעשדיקע בלאָטע און די געפּייגערטע קעץ פון די גאסן, אָדער באלעבאטים האָבן געמאכט א האסלע, אפּצעלאָ־כעם דעם גאנצן אלטן מינהעג, וויייטער נישט אויסצושיטן דעם מיסט, אויסצוגיסן די פּאָמעניצעס אונטער דער נאָז, פאר די הייזער? כאָלי־לע! ווי קען מען אפ אזא ייִדישער קעהילע אזוינס גאָר טראכטן! נאָר וואָס דען? ס'איז גלאט געווען נאָר ריינע ניסים... ייִדן האָבן אפילע דענסטמאָל זיך געקלאָגט אפ די בייכער, צובּיסלעכווייז אויך אונטער־געשטאָרבן. נאָר דאָס איז געווען גלאט אזוי, אן איבערגאנג. מע האָט עס צוגעשריבן די גרינגע אוגערקעס. דער אָרעמער אוילעם האָט מיט

א הייסן הונגער זיך צוגעכאַפּט צום יונגן גאָרטנוואַרג און... ס'איז, געלויבט גאָט, מיט בעסער... נישט דאָס בין איך אויסן. דערווײַל, ווי איך טראַכט דאָ און וווּנדער מיך אַזוי, איז פּישקע פאַרשוווּנדן געוואָרן. גראָד בין איך, נישט הײַנט געדאַכט, דענסטמאָל געפאַלן אויף די קריזשעס, געליטן שטעכעניש, שוין טאַקע א לאַנגע צײַט נישט געלאָזט צו דער אָדער, נישט געשטעלט קיין באַנקעס, אַכוץ נאָר אַקעגן א צען פּיאַווקעלעך אין דער גאַנצער צײַט פון עטלעכע באָראָשים. נו, האָב איך מיר פּירגענומען, מאַהגן, בעלי־נדער, גיי איך באַצײַטנס אין באָד, וועל דאָרטן צוברענגען גוטע עטלעכע שאָ, און שוין אָנשמעקן דאָרט אַלצדינג... נישט דאַפקע וועגן פּישקען אַליין, ווי אויך טאַקע וועגן אַנדערע וויכטיקע זאַכן: מיקוויעך פּאָליטיקע, בּאָטשטן און אַלצדינג, וואָס קאָכט זיך, פאַרלויפט זיך אויף דער וועלט און אין דער שטאָט. דאָס אייניציקע שטיקל אָרט פאַר ייִדן אויף צו שמעקן, אַרויסצוגעבן, וואָס עס בורטשעט אינווייניק אין זיך, און כאַפּן צוריק עפּעס א לעק פון אַנדערע. דאָרט, אין דער באָד, ווערט מען געוווירפון זייער פיל סוידעס, דאָרט ווערט אָפּגעמאַכט זייער פיל געשעפטן, און עס רודעוועט זיך מער נאָך ווי אויף א יאַריד. מע באַדאַרף אַהין קומען אין א פרײַטיק, זעט מען שיינס: אין איין ווינקל זיצן רויפים מיט דעם קליפּערצײַג, אַרום זיי ייִדן א סאַך. איין רויפע גאָלט קעפּ, דער אַנדערער רויפע מיט א בריטווע צעקאַרדאַשעט פּלייצעס, שטעלט באַנקעס דעם, כאַפּט אַראָפּ געשטעלטע באַנקעס בײַ יענעם, און ייִדיש בלוט גיסט זיך טײַכנווײַז אויף דעם פּאָל, אונטער מענטשן, פאַרמישט אינאיינעם מיט בלעטלעך פון בעזעמער און אָפּגעגאָלטע האָר. דעם רויפעס ברענענדיק ליכטל שמעלצט זיך מיט א צעפּלאָכטענעם קנויט, שפּריצט, בריזגעט מיט א בייזער, מיט א פלאַם־פײַער פון א מיסעמעשונע־קאָליר... — אויף די ווענט, אויף דער סטעליע נעבן אויוון הענגען, ווי אין דעם גרעסטן מאַגאַזין, אַלערליי קליידער: העמדער, זאָקן,

קאַלאַמינע לײַבצודעקן, אַלע סאָרטן טאַכטויִנים, קאַפּטנס, קאַפּאָטעס, אויך קײַלעכדיקע פעלפענע היטלען. — פון דער אייבערשטער באַנק לאָזן זיך הערן שרעקלעכע קולעס. א טייל ייִדן ליגן דאָרט אָן קוי־כעס, זיפצן און קרעכצן; א טייל זײַנען געוואָפנט מיט בעזעמלעך און שרײַען: „גוואַלד, ייִדישע קינדער! גוואַלד, האָט ראַכמאָנעס! גוואַלד! גוואַלד, פּאַרע!..״ אין באָד ווערט קאַלט, אַלע שרײַען, און איינער שטרעקט נישט אויס א האַנט אופצוגיסן אפן שטיין, ביז צום סאָף געפינט זיך עפּעס א ווײַסער-כעוורעניק און מאַכט אָן אַזא היץ ווי אין געהענעם, אַפ דערשטיקט צו ווערן. צוויי אויסגעווייקטע ייִדן שלאָגן זיך דאָרט פאַר א ראַשקעלע, אויסרײַסנדיק איינער פונעם אַנ־דערנס האַנט מיט זידלערײַ — א שרעק! א דאַרער מעלאַמעד, וואָס בלאָנקעט זיך דאָ אַרום אָן געצײַג, לייגט זיך אַרײַן אין שאָלעם, מאַכט א פּשאָרע — און אַלע דרײַ טונקען זייערע פאַרשמאָלצעוועטע פאַ־טשיילכנס און וואַשן זיך פון איין ראַשקעלע. אויבנאָן, אין א קופּ־קעלע, זיצן מעיוכאָסים, נעגידים, לײַטישע מענטשן און שמועסן איי־סעק, פון טאָב־זאַכן: מיקויעך די טאַקסע, מיקויעך הײַנטיקע אַזעס־פּענעמער, מיקויעך דעם נאַבאָר, מיקויעך די וויבאָרעס אפ גלאַסנעס, אפ א ראָוו, מיקויעך אַכצן־און־דרײַצן און מיקויעך דעם נײַעם פּאָליצ־מייסטער. צו זיי שאַרט זיך צו, ווי א קעצעלע, עפּעס א שיינער-ייִד און מאַכט א שמועס מיקויעך דער טאַלמעטוירע, מיקויעך די נײַע גזיירעס, מיקויעך כאַטאָזים אין שטאָט, און ראַמט דערבײַ איטלעכן אַנ־ן סוי־דעס אין אויער... פּלוצלים קומט צו איינער א ווילער-יונג, וואָס שאַרפט די ציין אַפ גלאַסנע, און פאַרבעט מיט א כניפע־שמייכעלע אַפ דער אייבערשטער באַנק דעם גרעסטן יאַכסן און באַלדייע, וועלכן ער וויל א ביסל אויספאַרען טשאַקנדיק מיט זײַן קאָוועד אַליין. דער שיינער־ייִד, וואָס האָט אויך א קוק אַפ עפּעס א היסמאַנעס און וויל אָפּלעקן א ביין, פאַלט דערסגלײַכן אפ דער אייגענער האַמצאָע, טוט

זיכ א בייג מיט א כניפּעלע אונ פאַרבעט אויכ א יאַכסנ צום טאַנצ. אַלע קריכנ אַרופ אויבנ אפ דער באַנק, די בעזעמלעכ הייבנ זיכ, אונ די געשעפּטנ זײַנענ אָפּגעמאַכט... ביזכוס די מעיוכאָסים ווערט אינ באָד געשמאַק היים. קליינ אונ גרויס, יונג אונ אַלט כאַפּנ זיכ צו די קיילים. דער אוילעמ קרעכצט, אויקעט, פּאָסמאַקעוועט זיכ אפ אַלערליי קוילעס,— אונ דענסטמאָל קריכט מײַנער אַרופ העט-העט הויכ אינ א ווינקעלע, ב ע י ע כ י ד ע ס, פאַר זיכ אַליינ, אונ טוט זיכ א נעמ פאַרענ די ביינער אפ וואָס די וועלט שטייט.

— אוי, רעב אַלטער, א רוק! כאַטש א קליינ רוקעלע, אַהינ, א ביסל קיינ צאָפּנ-זײַט...

אַלטער קוקט מיכ אָנ עפּעס ווי אָנ אַנשיקעניש, מאַכנדיק מיט די אַקסלענ: נא, נא!

— האָט צײַט א ביסל, — נעמ איכ אימ אײַנ, — וואָס איז אַזוי דאָס כאַפּעניש? באַלד, באַלד. לאָמיכ נאָר א קאַפּעלע זיכ אָפּרוענ.

6

לטער האָט זיכ עפּעס צו שטאַרק געפּאָרעט מיט דעמ מונד-שטיקל, וואָס איז געווענ מיעס פאַרלייגט. דערנאָכ האָט ער עס אָפּגעדרייט פונ ציבעכל, שילטנדיק עס מיט פאַר-דראָס, אײַנגעזעצט אָנשטאָט אימ א געגנזנ-פּענדל, פאַרייכערט אפּ-דאָסנײַ זײַנ ביפּקעלע — פּופ-פופ-פופ — אונ אַרויסגעלאָזט ווי פונ א קוימענ א גאַנצנ וואָלקנ רויכ. איכ האָב א ביסל אויסגעגלײַכט די אַל-טע ביינער אונ ווײַטער אָנגעהויבנ צו דערציילנ.

אפ מאָרגנ בינ איכ געקומענ אינ באָד באַצײַטנס, א סאַכ פריִער, איידער דער אוילעמ איז זיכ ביסלעכווײַז צונויפגעקומענ. בערל דער

שמײַסער איז געזעסן אין הויז אפ א באנק צווישן ראשקעלעך, אופּ־געשמעלט ווי א טורעמ איינער אין די אנדערע, און געבונדן בעזעמ־לעך, איבערקוקנדיק די בלעטלעך מיט אזא ערנסט פּנעמ, ווי א ייִדע־נע קלײַבט ארבעס. נישט ווײַט פון אימ שטייט נעבן אויוון איציק דער היטער, א ייִד מיט א גרויסער באָרד, וואָס איז אין דעמ ברויט א יאָר דרײַסיק, טוט נישט מער, ווי קוקן מיט צונויפגעלייגטע הענט אפ די פּעקלעך זאכן, צווינטשעווען איטלעכן באמ ארויסגיין פון מערכעצ: „צו רעפּועו!" און ציט דערפון דאָס שטיקל פּארנאָסע. ער גע־נעצט אפ א קאָל, אויסציִענדיק דערבײַ די הענט אין דער הייך, מאכט א כעזשבן, וויפל דאָס ווײַב בעט אפ שאבעס, שמועסט איבער מיט בערלען פון די הײַנטיקע שיינע פּארדינסטן, שפּעט אויס איטלעכן פון די באלעבאטימ באזונדער, מאכט אלע אויסצודרייען: דער איז אזוי־נער, יענער — אזוינער, נישטאָ די מענטשן, וואָס אמאָל, גאָר נישט דאָס מערכעצ, וואָס פריִער. וויניקער פון א זעקסער האָט דער קארג־סטער אפילע נישט געוווּסט. און הײַנט... — טוט ער א שפּײַ און לאָזט אויס: הײַנט מעגן זיי אלע די קאַפּאָרע ווערן!

בערל און איציק האָבן מיר געמאכט א גרויסן „באָרוכ־האבאָ". שוין מאקע א היפּשע צײַט, אז מיר האָבן זיך נישט געזען, און איך בין בא זיי געווען זייער אן אָנגעלייגטער גאסט. מיר האָבן זיך צעשמועסט וועגן פיל זאכן, און כ'בין אין דער מיט שמועס ארופגעקומען אפ פּישקען. ווו, פרעג איך, איז אונדזער פּישקע?

— פּישקע! — מאכט בערל, א טרעסע געבנדיק דאָס בעזעמל. — הע־הע! פּישקע איז א מענטש, א באלעבעסל, איבערגליקלעך.

— פּישקע! — זאָגט איציק, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ. — פּישקע איז הײַנט א פּאָרעצ, אויסער זײַן שאָדן, געזאָגט געוואָרן אפ א סאך!.. נו, פּישקע! ער האָט זיך גאָר קיינמאָל אזוי גוט נישט גע־וווּנטשן.

אָט וואָס בערל דער שמײַסער האָט מיר לעסאָפּ דערציילט.

— ...א דאָנערשטיק פארנאכט איינמאָל, אײַנהייצנדיק אין אלע אויוונס און זיך שטארק אָנגעמאָרדעוועט פון דער ארבעט, לייג איך מיך מיט כעוורע אין באָד אפ די בענק, א ביסל דעם אָטעם צו כאַפּן. כוץ אונדז זײַנען דאָרט געלעגן אויסגעצויגן נאָך עטלעכע ייִדן, באַט־לאָנים, וואָס האלטן זיך דאָ אוף. ווי מיר ליגן זיך דאָ אזוי רוּיק, ריי־כערן און שמועסן זיך אזוי גאנץ פריילעך, מיטאמאָל הערן מיר, ווי מע פּאָרט עפּעס צו, גלײַך צו דער באָד. נו, צוגעפּאָרן — צוגעפּאָרן! וואָס מאכט עס אויס? איידער מיר קוקן זיך ארום, קומען ארײַן דרײַ אײַזערנע, געזונטע פּארשוינען, אלע אין איין קאָל: „גוט־נאָוונט, ייִדן! ווו איז פּישקע? גיט אהער פישקען!..“ דאָ האָב איך מיך שוין טאקע א ביסל ווי דערשראָקן: וואָס הייסט עס פּאר א לאָשן, עפּעס גאָר אין איין אָטעם: „גיט אהער פישקען“. באלד אָבער האָב איך זיך צוריק מעיאשעוו געווען, וואָס איז דאָ אזוי דער שרעק? קיין גאנעוו, כאָלילע, איז פּישקע ניט, עפּעס געשעפטן גרויסע מאכט פּישקע אויך ניט, און ווען אפילע די פּארשוינען זײַנען כאַפּערס, וואָס זשע הערט זיי פּיש־קע? אקוראט ווי דאָס מילכעדיקע קלינגל. מיט זײַנע מײַלעס איז פּישקע, באָרעכאשעמ, באוואָרנט פאר א רעקרוט.

— פּישקען באדארפט איר? — רוף איך מיך אָן באהארצט. — ער איז אצינד נישטאָ. נאָר זאָגט מיר, פּעטערס, צו וואָס טויג אײַך פּישקע? איך וויל עס וויסן.

די ייִדן קוקן זיך איבער א ווײַלע צווישן זיך, דערנאָך טרעט איי־נער פון זיי ארויס און מאכט צו מיר: מעהייכעטייסע, מיר וועלן אײַך זאָגן. פארוואָס נישט? מע האָט, כאָלילע, דערמיט זיך נישט צו שעמען: דאָס איז א ייִדישע זאך. די מײַסע דערפון איז אזוי:

די בלינדע יעסוימע קענט איר דאָך, די בלינדע יעסוימע, וואָס זיצט שוין פון גאנצע לאנג נעבן דער טויטער שול, באם אלטן בעסוי-

לעמ, און בעט נעדאָוועס מיט דעמ באקאנטנ לידל, וואָס איינער פונ די בעריעס האָט אפ איר געמאכט. די דאָזיקע בלינדע יעסוימע איז הײַנטיקס יאָר געבליבנ אנ אלמאָנע. זי האָט זיכ געאײַלט גיכ צו פאַרקנאסנ מיט עפּעס א טרעגער, זיכ מיסכײַעוו געווענ אימ אויסצוקליידנ באלעבאטיש און געבנ אימ זײַנ באדערפעניש, דערצו נאָכ א ביסל געלט. הײַנט האָט געזאָלט זײַנ די כופּע. מע האָט אָנגעגרייט זייער א גוטע וועטשערע: בראנפנ, בולקעס, פיש און טאָפּ־געבראָטנס. א גילדענע יויכ מיט אויפעס, ווי דער שטייגער איז בא יידישע קינדער. דאָס אלצדינג קאָסט געלט. אז מענ איז אינגאנצנ פארטיק געוואָרנ, די קאלע אויסגעפּוצט, אויסגעשלייערט, שײַנט, לויכט, ווי א יידישע טאָכטער, איז מענ געגאנגענ צו דעמ כאָסנ, נעמענ אימ צו דער כופּע. דער טאכשיט אָבער, הערט נאָר, איז גאָר נישטאָ אינ דער היימ! מע ווארט א שאָ, נישטאָ. מע ווארט נאָכ א שאָ, ער קומט נישט. ער איז ווי אויסגעטריקנט געוואָרנ! וואָס לאָזט זיכ צומ סאָפ אויס? דער באָכער, ברענענ זאָל ער, האָט כאראָטע! באשער זײַנ באָבע, וואָס איז אזויפיל יאָר שוינ א קעכנע בא אונדזער גוויר, לאָז געזונט זײַנ, וויינט, ליארעמט, פּילדערט, שרײַט אפ דעמ שידעכ, ס'איז איר נישט לעקאָווער. זי דינט פאָרט אזא צײַט באמ היגנ גוויר, איז אויסגעקאָכט מיט א סאכ באלעבאטימ אינ דער שטאָט, וואָס גייענ צומ גוויר אפ דער הינטערשטער טיר דורכ דער קיכ. זי קענ מאכנ א גוטנ קוגל מיט כאנציעס קאבאָלע, און צו אירע כרעמזלעכ איז קיינ גלײַכנ נישטאָ. עפּעס א קאטאָוועס, א קעכנע אינ דעמ גווירס געזינד, וואָס האָט אינ יאטקע די גרעסטע דייע, וואָס דער שאמעס פונ דער שול ברענגט איר, מיט זײַנ קאָוועד אליינ, דעמ עסרעג בענטשנ, וואָס דער אונטער־כאזנ אינ דעמ קלײַזל לייענט איר פּורימ די מעגילע אינ דער קיכ און ריקלע די זאָגערנ טרינקט בא איר א גלעזל ציקאָריע ראָשעשאָנע נאָכ אויסנעמעניש. פּארוואָס זשע זאָל הײַנט דאָס איינִיקל איר אפ דער עלטער דאָס

פּאָנעם פּאַרשוואַרצן און צעשטערכען איר דעם גאַנצן יִכוס? ניין, כאָטש האַקט אים און בראָקט אים. שרײַ כּיווּעקיִעם, עס העלפט נישט. ער וויל נישט דעם שידעך, וויל נישט די קאַלע. רופט מיך, זאָגט ער, קנאַקניסל און לאָדט מיך צום אונטאַנע־טויקעפּ. — מיר אַלע זײַנען געבליבן ווי אַף דער מילכעדיקער באַנק. עס טוט אָבער קיינעם נישט אַזוי באַנק דער כאָסן, ווי די וועטשערע. וואָס טוט מען מיט דער וועטשערע, מיט אַזעלכע פיש און געבראָטנס? מיר, מיסאַסקים, האָבן אַ גאַנצן טאָג זיך אָנגעמאָרדעוועט, אַרומגעלאָפן, געטאָן, געאַרבעט, אונדז קומט נאָך אויך פונעם שאַדכאָנעס. אַן אַוויירע, כלעבן, אַזויפיל מי, אונדזער מי, אונדזער אַרבעט. מיר האָבן געטראַכט, געטראַכט, גע-קלערט, געקלערט, און אונדז איז אײַנגעפאַלן: פּישקע! לאָז ער, כלעבן, אַרויספירן איטלעכן פון דער נויט. לאָז פּישקע, כלעבן, זײַן דער כאָ-סן. וואָס מאַכט עס אויס? וואָס קען עס אים אַרן? מיר זײַנען דאָס אַצינד געקומען נעמען אים באַלד טאַקע צו דער כופּע, אָנשטאָט דעם טרעגער.

אין דעם, ווי די ייִדן טײַנען דאָ אַזוי, קומט אָן פּישקע. מיר האָבן אים געטאָן אַ נעם, געכאַפּט די קאָשערע מעציִע, נישט צו מאַכן מיט אים קיין פיל האַסבאָרעס, קיין לאַנגע שײַלעס: גיי, באָכער, מיט די קראַנקע פיס, געניג זיך געפּאַסעט! גיי, באָכער, אונטער דער כופּע! — מע האָט אַלצדינג אָפּגעמאַכט גאַנץ געשווינד, נאָך איי-דער פּישקע האָט צײַט געהאַט אַפילע זיך אַרומצוקוקן. כעוורע האָט געהאַט אַ גוטע וועטשערע, געגעסן, געטרונקען אַף וואָס די וועלט שטייט און צוגעווינטשעוועט דעם נײַעם פּאָרפאָלק.

פּישקע גייט עס הײַנט אין דער טשערקאַסענער קאַפּאָטע, וואָס אין איר האָט געזאָלט גיין דער טרעגער, און איז גאָר דער ווילער-יונג. זײַן אַרבעט איז הײַנט — אַרויסצופירן אַלע פרימאָרגן זײַן ווײַב, די בלינדע יעסוימע, אַף איר אָרט, נעבן אַלטן בעסוילעם, און טכילעס-האַלײַלע אַוועקצופירן זי פון דאָרט צוריק אַהיים. מיטן עסן און טרינ-

קענ האָט פישקע נישט וואָס צו זאָרגנ. זײַנ ווײַב איז אנ איישעס־כײַעל, האָט א שמענדיקע גוטע פּארנאָסע אינ די הענט. דאָס פּאָרל האָט זיכ ליב, איינער דעמ אנדערנ האָט נישט, כאָלילע, אויסצוזעצנ קיינ כעסרוינעס...

— אָט דאָס, רעב אלטער, האָט מיר דערציילט בערל דער שמײַ־סער. זעט איר שוינ, — רופ איכ מיכ אָנ, — וואָס אפ דער וועלט קענ זיכ טרעפנ. וויאזוי מע פּאָרט בא אונדז, יידעלעכ, הינקעדיקע מיט בלינדע, וויאזוי מע שטעלט כופּעס, מאכט זיוווגימ. צוליב וואָס? די טוערס זאָלנ זיכ זאט אָנעסנ, אָנטרינקענ. אזוי איז באמ געמיינעמ אוי־לעמ, בא די אָרעמע, אונ אזוי אויכ בא די נעגידימ. דאָרט ווערנ אויכ זייער אָפט געשלאָסנ אזעלכע מינע שידוכימ, וואָס נישט געשטויגנ. עס פארשטייט זיכ, צוליב אנ אנדער מינ וועטשערע, מיט אנ אנדער ויינ... נישט דאָס בינ איכ אויסנ. זאָרגט, כלעבנ, נישט, רעב אלטער! אויב אײַכ איז נישט געראָטנ פּאָרנ מיט א באָכער א זאָכער, דערפאר וועט אײַכ געראָטנ, אימירצעשעמ, צונויפירנ עפּעס אנ אנדער מינ שידעכ. פאלט נאָר בא אײַכ ניט אראָפּ. נישקאָשע, כלעבנ! איכ זע, איר טויגט, איר האָט געכאפּט דעמ סטרי באלד טאקע, גאָר לאָמדיש. פארקערט, אדעראבע, אָנגעהויבנ אײַער נײַ געשעפט האָט איר גאנצ גוט, ווי א לאנד-שאדכנ טאקע. אײַ וואָס, דער באָכער... נו, בע, כלעבנ! דערפאר אָבער, אז איר וועט ערגעצ שוינ אָנשמעקנ א מויד, וועט עס שוינ גיינ ווי א מיזמער. א בלינדע, א שטומע, א קרומע: גיי, טאָכ־טער, גיי מיט מאזל אונטער דער כופּע! דער דרוקער מאָנט געלט, די שקאפּע באדארפ עסנ, די בסולע מײַנע מוז כאסענע האָבנ, מײַנ ווײַב איז געלעגנ געוואָרנ, לעמאזל, מיט א יינגל, גיי זשע, טאָכטער, גיי, רוק זיכ אונטער דער כופּע!..

רוקט זיכ נאָר, אינ מאכשאָוועסנ, רעב אלטער, ווײַמער א ביסל. אָ, איר שוויצט, אָנ אײַנאָרע, ווי א ביבער. שוויצט, שוויצט געזונטערהייט!

7

פיילע בעקיצער, ווי די מײַכע איז, דערווײַל איז שאָפּל! — מאכט אלטער, ווי אלײנ צו זיכ, מיט א קרעכצ, באטריבט, פארומערט, אונ גרויסע טראָפּנ שוויים טרעטנ אימ ארויס אפנ פּאָנעמ. ער הייבט אופ די אויגנ, דערלאנגט אפ מיר א בליק, עפּעס מיט אזא רירנדיק קנייטשעלע, מיט אזא ראכמאָנעס־פּענעמל, ווי א זויגנדיק קינד קוקט אפ דער מאמע, בעשאס עס לעכצט נאָכ דער ברוסט. אלטער, נעבעכ, האָט געמיינט פּארנאָסע, עס האָט אימ געצויגנ צו מאכנ מיט מיר עפּעס א געשעפטל. וואָרעמ ווי ליגנ עס צוויי יידנ מיט בערד, אינמיטנ העלנ טאָג, גלאט אזוי אָנ אייסעק?! ווענ צוויי יידנ זאָלנ, אשטייגער, פארוואָרפנ ווערנ ערגעצ אינ א העק, אפ א וויספּע, ווו כוצ זיי איז נישטאָ קיינ לעבעדיק באשעפעניש, — איז גאנצ זיכער, אז איינער וועט מיט דער צײַט מאכנ עפּעס א קלייטל, דער אנדערער — אויכ עפּעס א שטיקל געשעפט. ביידע צווישנ זיכ וועלנ האנדלענ, איינער דעמ אנדערנ באָרגנ, געבנ אינ קאָמיסיע אונ איינער פונעמ אנדערנ צויענ דאָס שטיקל פּארנאָסע. אלטער האָט באלד טאקע א פרעג געטאָנ: „וואָס געפינט זיכ בא מאלאָסוי הײַנט עפּעס אינ בײַדל?“ עס האָט אזויפיל געהייסנ, ווי: מאמע, טיטע!.. צעפּאקט אײַכ, רעב מענדל, אונ ארויס מיט דער סכוירע!

איינ ברײרע! מע טאָר זיכ ניט פוילנ. איכ נעמ אפיר מײַנ פּעקל סכוירע, אלטער זײַנ פּעקל, אונ נעמענ זיכ קנעלנ, געשמאק צומ איי־ סעק. מיר סמעכעווענ, בײַטנ, איכ גיב אלטערנ אינ כילעפ ארײַנ בע־ ריישע ביכלעכ מיט קורצע שורעלעכ אונ „האָ, אהאָ! וויי געשריגנ!“ — וואָס איכ וויל זיי פּאָטער ווערנ. ער איז אָבער אויכ קיינ נאר נישט אונ וויל זיי אפילע אינ די הענט ארײַנ נישט נעמענ.

— פוילע סכוירע! — זאָגט אלטער, פארקרימענדיק זיכ.—שמאָכ-

טעס פון עפּעס פארשימלטע באנק-קוועטשערס, אָרעמע באלאווייערעס! ווייס איך, וואָס זיי האָבן דאָרט עפּעס אָנגעמאכט! פאר וועמען? קיי־נער פונעם אוילעם פארשטייט דאָרט נישט אפילו קיין וואָרט. עפּעס טערקיש, מישטיינסגעזאָגט, ל אָ ש נ!.. איינמאָל שוין געטאָן א גאָר־רישקייט, פירן מיט זיך אזא לעגער-סכוירע. פע, כלעבן! גיט אהער, רעב מענדעלע, עפּעס רעכטס!

איך לייג ארוים רומל, איינס מיט נאָך דעם אנדערן. מײַנע אלטער קווענקלט זיך אלץ, זעצט אוים כעסרוינעס. צו איינס מיט אָבער באקומט ער שטארק כיישעק און איז צו אים ווי צוגעזאָטן געוואָרן. ס'איז בעעמעס געווען גאָר אנטיק. די בלעטלעך פון סאָלאמינע קאָלירן, און נישט פון איין גרוים. די אויסנייעס א ביסל מעטושטעש, פון אלערליי שריפט: ראשע, דימענט, פערל, פּראָקים, גרוים און קליין וועליש. דאָס אויסשטעלעכץ גאָר א וווּנדער, שמאָלע פּאסיקלעך אָנגעדרוקט מיט קליינע אויסנייעלעך באַ די זײַטן, א ברייטער פאס מיט גרעסערע שריפט אינווייניק, אין דער מיט, אונטן א בויך מיט פּיצעלעך אויסנייעס, אָנגעזעצט ווי מאָן, און צווישן די אלע שטיקלעך ציען זיך אין דער לענג, אין דער ברייט סטעזשקעלעך, ווי ווײַסע שמאָלע בענדלעך, די אלע גוטע מײַלעס, וואָס יידן אין אונדזער ווינקל האָבן ליב. פאררוועגדטע בלעטלעך איז אין פיל שטעלן אויך געווען. דאָס איז דאָך ערשט די גאנצע כאריפעס: אדערראבע, לאָז א ייד ברעכן דעם קאָפּ, פאלן אפּ דעם סייכל און געפינען. גלאט אזוי, פּראָסט, ווי עס געהער צו זײַן, קען דאָך אפילו א גראָבער־יונג אויך אָנטאפּן... פון גרײַזן רעדט מען שוין נישט, דאָס מוז שוין דאָך זײַן. און וועמען גייען זיי אָן? א ייד האָט א קעפּל און איז נישקאָשע נישט קראנק זיך אָנצושטויסן, וואָס מע מיינט. נאָר א לאָשן, א לאָשן איז עס דאָרט געווען... קונציק וויל, נאָר נישט צום פארשטיין! אקוראט אין דעם יידישן גוסט. אָץ קויצייץ איז דאָך עפּעס אויך געגוג גוט, הארבלעך, מעכײַע, נאָר אָצ־

קויצייץ-לאָשן שרײַבן באַ אונדז הײַנט געוויינטלעך אויך פיל אַנ־דערע, מע קען פּאָרט, ווי עס איז, זיי איבערבײַסן, טרעפן, וואָס זיי מיינען. מיילע, וואָס זשע איז דאָס אַזאַ כשיוועס? וואָס זשע לאָזן זיי זיך דאָ הערן? גוט, עמעס גוט איז באַ ייִדן נאָר אַזוינס, וואָס ברעכט דעם מויעך און אומעגלעך צו פאַרשטיין, אַז מע פאַרשטייט עס נישט, מיסטאַמע מוז דאָך דערינען עפּעס שטעקן... נישט דאָס בין איך אויסן.

מײַן אַלטער כאַפּט דעם דאָזיקן מין סכוירע מיט ביידע הענט, און מע זעט, ווי עס קומט אים צו אַ שטיק געזונט. דערנאָך בײַטן מיר טכינעס — אַף באָוועמײַסעס, מײַנעלאָשנס — אַף „טויזנט-און-איין־נאַכט", שיר-האַמײַלעסן — אַף קאַמייעלעך; סטעכעוועס אַ מייע זשי־טאָמירער סליכעס — אַף בערשעטער טאַלעסקאָטנס, ווילנער קינעס — אַף שויפערס, כאַנעקע-לעמפּלעך — אַף וואָלף-ציינדלעך, שאַבעסדיקע מעשעגעס לײַכטער — אַף האַוודאָלעס און קינדערשע בליטשקענע יאַרמלקעלעך. ביידע צדאָדים האָבן דערוווּל פונעם גאַנצן מאַסע־מאַטן קיין גראָשן אין די אויגן נישט געזען און געבליבן שטאַרק צופרידן גלאַט פונעם האַנדל אַליין. מע האָט דאָך געטאָן, געהאַנדלט, געמאַכט געשעפטן, נישט געגעסן לײַדיק. אַלטערס מאָרעשכוירע איז ווי אַ רויך פאַרשוווּנדן געוואָרן. ס'איז אים געווען צו דערקענען אין דעם פּאָ־נעם, אַז יאַרמעלינעצער יאַריד מיט זײַן פינצטער מאַזל איז אים פונעם זינען אַרויסגעגאַנגען. ער רעכנט עפּעס שטילערהייט פאַר זיך אַף די פינגער, האַלטנדיק דעם לינקן אויער אָנגעבויגן, גלײַך ווי אין קאָפּ באַ אים כעזשבנט אַ בוכהאַלטער, צו וועלכן ער האָרכט זיך גוט צו, און, אַפּאָנעם, דער כעזשבן ווײַזט אַף אַ פאַרדינסטל, אימירצע־שעם, ווײַל דאָס מויל שפּאַלט זיך אים אין דער גאַנצער ברייט, און פון צווישן זײַנע געדיכטע וואָנצעס בליצט אַרויס אַ זיס שמייכעלע.

דערוווּל איז געוואָרן מינכע-צײַט. אַ געשמאַק ווינטעלע הייבט אָן צו בלאָזן, און אַפן הימל ווײַזן זיך שטיקלעך וואָלקן, אַף וועלכע מע

האָט, ווי אַף טײַערע געסט, שוין אַ לאַנגע צײַט אַרויסגעקוקט. די ביימער הייבן באַמעלעך אָן זיך צו שאָקלען, איינער צום אַנדערן אײַנ־געבויגן דעם קאָפּ, און פירן צווישן זיך אַ שמועס אַף זייער לשון, נאָך דעם, אַז זיי האָבן אַזוי לאַנג געשוויגן שטיל. דאָס ווינטעלע האָט אופגעוועקט די שלאָפעדיקע טוווּע, אַלע זאַנגען כאַפּן זיך, ווי יונגע קינדער, אוף מיט אַ קאָל און צעקושן זיך גאָר פרײַנטלעך. גאָטס באַשעפעניש רירט זיך אומעטום: אַפן פעלד, אין וואַלד און אין דער לופט. איינס נאָך דאָס אַנדערע טרעטן שפּילפייגלעך אַרויס, אַף צווײַגלעך, ביימלעך, נידעריק און גאַנץ הויך, פּוצן זיך די פעדערלעך, אַ וויש מיט דעם שנעבעלע, אַ טרעסע, אַ שאָקל — און הייבן אָן די זיסע זמירעס צו זינגען, צו שווישטשען. באַבעטשקעס, רײַך געקליידט, אין אַטלעס, סאַמעט, מאָדע־אַנטיק, מיט טײַערע צירונג כאַפּן אַ טענצל, שוועבנדיק אין דער לופט, הייבן זיך, דרייען זיך און מאַכן כיינ. צוויי בושלעס, גוואַרדייצעס, מיט לאַנגע, רויטע פיס שטייען אַפן גראָז, פאַרטײַסנדיק די קעפּ אין דער הייך, און קוקן מיט גאַדלעס. עפּעס אַ קונדעס אַ פויגל שטיפט, פליט פון איין בוים צום אַנדערן, מאַכט: „קוקו, קוקו!" ווי ער שפּילט זיך אין באַהעלטעניש. אים ענט־פערט אָפּ פון צווישן ווייץ און קאָרן אַן אַנדער מין פויגל עפּעס: „פּיק־בער־וויק, פּיק־בער־וויק!"— ווי גערעדט: אייביק וועסטו מיך דאָ נישט כאַפּן, כאָטש שיט מיר אָן זאַלץ אַפן עק. פּאַקט זיך, רעב קאָרעוו, וויטער, און אוועק, אוועק!.. נישט ווײַט אין אַ וועלדעלע קנאַקט דער סאָלאָוויי, צעלאָזט זיך אַף זײַן העלדזעלע, מאַכט זיסע שטייגער און שפּילט גאָר מעכײַע. איטלעכער, וואָס קען נאָר עפענען אַ מויל, האַלט דעם וועלט־באַרימטן כאַזן אונטער. זשאַבעס אַפילע פון די טײַכלעך ער־געץ טערעלייקען, אַפילע פליגן, בינען האָבן נישט געשוויגן, און דער זשוק, דער שייגעץ, דער אָנבאַפּער, האָט פליִענדיק אויך געזוזשעט. דאָס איז געווען אַזאַ קאָנצערט, וועלכן מע האָט געמעגט אַף בילעטן

גיינ הערנ... די גאנצע וועלט איז עפּעס ווי לעבעדיק געוואָרנ אונ באַ־
קומענ א פרייילעכ פּאָנעמ. א פרייד, א פארגעניגנ צו הערנ, צו זענ,
צו שמעקנ די זיסע רייכעס פונ אלע זייטנ.

— רעב אלטער, ס׳איז גוט! רעב אלטער, ס׳איז שיינ! עס ציט
עפּעס בא דער נעשאָמע, עס רעדט עפּעס צום הארצנ: גאָטס וועלטל
איז שיינ, גאָטס וועלטל לעבט! עס ציט אונ גלוסט זיכ ארײַנוואַרפנ
זיכ עפּעס אהינ, אהינ מיט הענט אונ מיט פיס...

— רעב מענדעלע, בע... רעב מענדעלע, עט... פע! — טוט אלטער
אפ מיר זיכ א קרימ.— שוינ צײַט בעסער מינכע דאווענ. פארגעסט
בעסער נישט פונ אנדערע אלע זאכנ צו זאָגנ „אניינו".

איכ פארבינד די זאָקנ, גארטל ארומ מיט א פּאסעק די קאפּאָטע
אונ הייב אָנ זאָגנ „קטוירעס" אפ א בײַקאָל, גאנצ לוסטיק. מײַנ אל־
טער, זאָל לעבנ, צעלאָזט זיכ באלד טאקע נאָכ מיר אפ דער
גראָבער סטרונע, אפ דער געמבע, אונ מיר ביידע גיבנ אָפּ א שוואכ
זײַנ ליבנ נאָמענ, בעשאס אלע קרײַטעכצער אונ בלעטלעכ אפ די
פעלדער, אלע כײַעס אונ אויפעס אינ די וועלדער לויבנ גאָט, זאָגנ
שירע.

נאָכ באמ אָנהייב „פּיטומ האקטוירעס", אז אלטער איז ארויס מיט
דעמ גאנצנ אפּטייקל קרײַטעכצער אונ געווירצנ: החלבנה — טײַוולש־
קויט, והלבונה — לויטערע ווײַרעכ, הצפּורנ — א וואָרצל, גלאט ווי א
נאָגל, אינגבער אונ שטענגלעכ זאפרענ... — האָט ער ארויסדערטאפּט
פונ אונטער דער קעלניע דאָס באלעגאָלישע טריפ-געווירצ, א קליינ
פעסעלע „מאזניצע" מיט סמאָלע. מיט דעמ דאווענענ איז ער פארטיק
געוואָרנ גיכ, אונ בעשאס איכ האָב נאָכ געהאלטנ אינ דער מיט, האָט
ער שוינ געשמירט די רעדער.

— הײַעט נישט, רעב מענדעלע, מאכט עס בעקיצער, — טרײַבט
מיכ אלטער אונטער, — נעמט זיכ איר דאָ צו אנדער וואָגנ, אונ איכ

וועל דערוויַיל א גיי טאָן נאָך די פערדלעך. צײַט צו פאָרן! ביז נאכט קענען מיר גאנצע ווײַטלעך איַינפאָרן.

אלטער גייט באלד טאקע אוועק, און איך נעם מיך צו דעם וואָגן, טאָן אים זײַנע רעכט. איך איַיל מיך נישט, שמיר די רעדער באלעבאָ־טיש. איך קאַרג נישט קיין טריפ־געווירץ, באַטראַכט מיר די אקסן, איטלעכס פיצעלע באַזונדער. דאָס האָט געדויערט א היפּשע צײַט — און מײַן אלטער קומט נישט. די פערדלעך האָבן געמוזט פארגיין: ווײַטלעך א ביסל אין וואלד און זיך גוט אונטערגעפּאסעט. אזוי דענק איך מיר און טו א קוק אף דער זון, וואָס האלט נאָענט באַם אונטער־גיין. איך שטיי מיר אזוי אוועק ווײַטער א היפּשע צײַט. די זון האָט זיך שוין געזעגנט. אירע לעצטע שטראלן קריכן ביסלעכווײַז אראָפּ פון די ביימער, אף וועלכע זיי האָבן ערשט אזוי פרייליך־לויכטנדיק זיך געשפּילט, זאָגן דעם וואלד: א גוטע־נאכט...

עס באפאלט מיך עפּעס א מוירע. עפשער איז אלטערן נישט גוט געוואָרן? א קאטאָוועס נאָך אזויפיל שוויים, נאָך אזא לאנגן טאָג פאסטן! עפשער איז ער דאָרט ערגעץ כאלאָשעס געבליבן, אָדער עפּ־שער איז אים דאָרט עמעצער באפאלן? ס'איז דאָך א וואלד, א פאר־לעגנ אָרט, אין דער זײַט וועג! מע טאָר אזוי די זאך נישט לאָזן, מע מוז גיין זען.

איך מאך מיר הארץ און גיי אין וואלד ארײַן. איך גיי און זוך. אן אווײַרע אָבער די מי, — אלטער און די פערד זײַנען אזוי ווי אין וואסער ארײַנגעפאלן. איך בין שוין פארגאנגען טיפלעך און קום צו־סאָף צו עפּעס א לאנגן, שמאָלן טאָל, וואָס האקט פאר מיר איבער דעם וואלד אין צוויי טייל. דער טאָל איז באוואקסן מיט טשערעט און מינע ביימלעך שטעכעדיקע ווי דערנער, און ציט זיך מיט איין זײַט צום שליאך, מיט דער אנדערער — ערגעץ אנדערש, העט־ווײַט צו אלדי שווארצע יאָר. הער וואלד שטייט און שלאָפט, איבערגעדעקט פון אויבן

עפּעס מיט א טונקעלנ פאָרהאנג. ארומ אונ ארומ איז שטיל. נאָר צײַטנווײַז הערט מענ, ווי צוויי הויכגעוויקסיקע ביימלעכ, נאָענטע שכײנימ, שושקענ זיכ מיט אראָפּגעלאָזענע קעפּ צווישנ זיכ, אײנער דעמ אנדערנ א קיצל געבנדיק הינטערווײַלעכס מיט די צווײַגנ; אָדער ווי א פּאָר בלעטלעכ ערגעצ פלאטערנ, בארירנ זיכ, גלײַכ ווי עס גרימט זיי עפּעס אונ לאָזט זיי נישט רוענ. דאָס רעדט דער וואלד פונ שלאָפּ. דאָס כאָלעמט זיכ אימ נעכטיקער טאָג מיט אלע לייד אונ פרייד אינ אימ. דער שאָרכ פונ די דארע ריטלעכ דאָרט — דאָס קומענ אימ צו כאָלעמ ביימער, נעבעכ, וועלכע מע האָט פאר דער צײַט אויסגעהאקט. דער קלאפּ באמ אראָפּפאלנ עפּעס פונ דער הייכ — דאָס באטײַט א נעסט מיט יונגע אומשולדיקע פייגעלעכ, וואָס דער שפּארבער, דער זשוליק, האָט פּלוצלימ צעשטערט. אונ דאָס טאקע פלאטערנ די בלעט־לעכ דאָרט אפ דער טויטער מוטער מיט אירע דערהארגעטע קינדער, וואָס קומענ אצינד אימ צו כאָלעמ... עפּעס א גאנצער וואָלקנ מאָרע־שכוירע רוקט זיכ אָנ אפ דעמ וואלד אונ אויכ אפ דער נעשאָמע מײַ־נער. דער קויעכ־האמעדאמע, דער פּאָקוסניק, דער וועלט־בארימטער ליגנער, מעקלערט אויס מיט שווינדל עפּעס א מינ שוטפעס־געשעפטל, א קאָמיסיע צווישנ מיר אונ דעמ טאָל, וועלכנ איכ שטיי אונ קוק אָנ. איכ באקומ פונ אימ א טראנספּאָרט מעשונע־שרעקלעכע בילדער, אונ פונ מײַנ קאָפּ־פאבריק גייענ די אייגענע סכוירע, איבערגעמאכט אפ אנ אנדער שטייגער, מיט נאָכ פיל ווילדע זאכנ, אהינ צוריק. אינ איינ טראנספּאָרט קומט מיר פונ דאָרטנ אָנ א מעס, א דערהארגעטער אל־טער יאקנעהאָז, אונ ביינער פונ אונדזערע פערד, צוויי פּעגירעס. בא מיר אינ קאָפּ ווערט עס קונציק אויסגעארבעט מיט טויזנטער פארפּו־צונגענ אונ באלד טאקע, גיכ, פלינק טראנספּאָרטירט צוריק מיט א גאזלענ א רויטנ, א געזונטנ אונ א וואָלפ מיט א קארק אונ שרעקלעכע ציינ א צוגאָב דערצו.

און ווי איכ האלט שוינ אפ אראָפּצוגיינ אינ דעמ טאָל, שטעלט מיכ פּלוצלימ אָפּ א געדאנק אזוי: די בײדלעכ שטייענ דאָרט אפנ פעלד העפקער, פונעמ גאנצנ ביסל פארמעגנ אונדזערס קענ, כאָלילע, נישט בלײבנ קיינ זייכער. עס וואָלט נישט געשאדט פריער א קוק צו טאָנ. גאָר זייער מעגלעכ, עפשער, אז אלטער האָט שוינ לאנג זיכ צוריק־געקערט מיט די פערד און באומרויִקט זיכ אצינד וועגנ מיר. דער דאָ־זיקער געדאנק לייגט זיכ מיר אפנ מויעכ, און ווער בא מיר עפּעס שטארקער. די האָפענונג ווערט אלצ גרעסער, גרעסער, אזוי, ביז זי צעשרײַסט די געדיכטע וואָלקנס מאָרעשכוירע און עס לײַטערט מיר זיכ א ביסל אויס אפנ הארצנ.

איכ לאָז מיכ גיינ געשווינד צוריק.

8

גאָט האָט געהאָלפנ, איכ בינ געקומענ בעשאָלעמ און נישט אויסגעבראָכנ קיינ פוס בא איטלעכס מאָל פאלנ אפנ וועג, אינ אײַלעניש אָנשלאָגנדיק זיכ אינ א בוימ. דאָס אופשטיינ א געפאלענעמ אינ וואלד איז, כאָלילע, נישט מיִעס אזוי ווי אינ שטאָט, וווּ מענטשנ שטייענ און לאכנ. דעריבער פלעג איכ איט־לעכס מאָל מיכ גאנצ פײַנ אופהייבנ פונ דער ערד מיט גרויס האנאָע און געלויבט גאָט, וואָס כאָטש מיט כעסעד. און אז דער כעסעד פונ גאָט איז יאָ אזוי גרויס מיט מיר, האָב איכ שוינ געהאט דאָס רעכט צו טראכטנ, מיסטאמע וועל איכ, קומענדיק, אויכ זיכע זײַנ צו טרעפנ מײַנ אלטערנ מיט די פערד. נאָר אזויפיל גנאָד פונ זײַנ ליבנ נאָמענ האָב איכ נישט פארדינט.

אלטער איז נישטאָ!

איך בלײַב שטיין ווי אָפּגעבריט. זייער נישט גוט אפן הארצן! גאָט ווייסט, וואָס מיט אלטערן איז געשען, ווו זײַן געביין איז אהינ־געקומען. דאָ האָט דאָס פינצטערע מאזל זײַנס זיך מאקע געמיט. אזוי גלאט איז די זאך זיכער נישט. הײַנט איז אויך די שײַלע מיט מיר, וואָס טוט מען? וואָס קען פון מיר ווערן? דער כעזשבן מײַנער איז געווען: אָפּזעצן אין גלופּסק מײַנע זאַבעבישען, אָנעמען דאָרט ווי מעג־לעך מער קינעס אפּ צו באטיילן די אלע שטעטלעך ארום און ארום, ווי דער שטייגער מײַנער איז טאָמער. ס'איז שוין די „דרײַ וואָכן". די צײַט איז קורץ, א שאָ טאָר מען ניט פארלירן. בעזם, כאָלילע, איך פארהײַע מיך דאָ אין וועג, בלײַבן ייִדן אין די שטעטלעך אָן קינעס. א קאטאַוועס עפּעס, ייִדן אָן קינעס!.. איך קען מיר פאָרשטעלן דעם גוטן טישעבאָוו: ייִדן האָבן זיך שוין אָפּגעפּארטיקט מיט די מילכיקע לאָקשן, ארײַנגעלייגט אין בויך דאָס הארטע איי אײַנגעטונקט אין אש, זיצן שוין באָרוועס, אָנגעלאָדן אפּ דער ערד נאָר אין זאָקן מיט אויסגעטרעטענע פּיאַטעס, פליי בײַסן, קונדייסים האלטן די בערלעך גרייט צום ווארפן, מע ווארט נאָר הערן אן אָנהייב, עפּעס א גוט וואָרט, און פּלוצלים — נישטאָ קיין קינעס! מענדעלע איז צו אלדי שוואַרצע יאָר פארפאלן געוואָרן, נישט געבראכט קיין קינעס!.. ציגן ייִדן אפּ איין קינע. ס'איז א שטופּעניש, א קוועטשעניש, א פארמי־שעניש מיט די פליי, א פארפּלאָנטעניש מיט די האָר: בערד, פּייעס פול אָנגעזעצט מיט בערלעך. עס גיט זיך נאָך אייער, לאָקשן, וואָס קריכן פונעם האלדז, איינעם דעם אנדערן אונטער דער נאָז... פון די ווײַבער איז די יעסורים נאָך נישט אזוי גרויס, זיי נעמען וואָס ס'איז, אבי געדרוקטס, א טכינע, א בענטשערל, די דינים פונעם טרייבערן, א האַגאָדע — אלציינס! — וואָס מאכט עס אויס? — „ווײַנען, יאָמערן אי־בער דעם הויך אפּ א קאָל. און וואָס באדארפּ מען דען מער ווי פאר־גיסן טרערן?

אוי, א מיעסע לאגע. נישט פריילעך ארום און ארום, ביטער אפן הארצן... נישט דאָס בין איך אויסן.

אָפּהענגטיק פונדעסטוועגן טאָר מען נישט זײַן. מע מוז עפּעס טאָן, נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. מע מוז ווײַטער טאקע גיין זוכן. איך טו א קוק אף די שטערן און דערמאָן מיך, שוין צײַט אָנצובײַסן. איך נעם מיך צום רענצעלע, שמועס איבער פאר צאָרעס מיט דעם פלעשל בראנפן: בול־בול־בול — גלײַך אין מויל ארײַן. כאַפּ אין אײַ־לעניש עטוואָס פארבײַסן. טאקע נאָר פון יויצע וועגן. געזעגן מיך מיט דעם פלעשל, נאָכאמאָל בול־בול־בול, און לאָז מיך גיין אלץ טאקע געשווינד.

איך בין ווידער אין וואלד, ווידער נעבן טאָל, און באלד טאקע בין איך שוין אין דעם טאָל. נאָר לאָמיר נישט זאָגן קיין ליגן. איך בין דאָרט נישט אליין, אפן הארצן איז מיר אויך נישט אזוי שלעכט ווי פריִער. איך גיי אינצווייען, שמועס מיר מיקויעך מײַן איצטיקן אייסעק — און גאנץ נישקאָשעדיק, גאָר נישט אומעטיק. אפּאָנעם, בעשאָס נעמענדיק זיך אין אײַלעניש צום פלעשל נאָך אזויפיל פּײַן און יעסורים, האָב איך איבערגעבאפּט די מאָס, אן איבעריקן זופּ געטאָן אפן ניכטערן מאָגן, און געגעסן האָב איך קימאט גאָרנישט,— ס'איז מיר אין האלדז נישט געקראָכן, מיך געוואָרגן מיט דעם ביסן. דער דאָזיקער איבעריקער זופּ איז מיר בײַגעשטאנען אין די נויטן, ווי א טאטע. ער האָט מיר אונטערגעגעבן מוט און מיך שטארק בא־רעדעוודיק געמאכט אפ מײַן שפאציר, נישט הײַנט געדאכט! אזוי איז שוין דער שטייגער מײַנער טאָמעד פון אן איבעריקן לעק מאשקע, פורים אָדער סימכעסטוירע אמאָל, שיט זיך פון מיר רייד ווי פון א לעבעדיקן זאק. איך רייד צו דער וואנט און שמייכל מיר דערבײַ זייער זיס, בין גוט און ווייך, כאָטש צוצולייגן מיך צו א געשוויר. דענסטמאָל צעציט זיך מײַן גוף ווײַטלעך, עפּעס איז ער גרינג, שיטער

ווי לעמעשקע. עס באַמבלענ זיך ארומ אימ פונ אַלע זײַטנ עפּעס כאַ-לאָקימלעכ מענדעלע, נישט רעבט צו פילנ, ווו איז דאָס וויכטיקסטע מיטלסטע פינטעלע, בא וואָס אָנצונעמענ. עס ווערט דענסטמאָל פונ מיר, דאכט זיך, גאָר צווײ מענדעלעכ. אײנער קריכט קיינ יעהופּעצ, דער אַנדערער קיינ בויבעריק, די בעשוטפּעסע פּיס ווערנ מעשוגע, נישט צו וויסנ ווּעמענ צו פאָלגנ. אײנער פרעגט, דער אַנדערער ענט-פערט. די רייד מײַנע קומענ מיר, ווי פונ דער זײַט א ווידערקאָל, צוריק טאקע אינ מײַנע אויערנ ארײַנ, עפּעס גאָר ניט מײַנ שטימע, א קאָל ווי פונ א פּוסטער פאס. דעמ קאָפּ אײַנגאַנצנ, פונדעסטוועגנ, פארליר איכ נישט, עפּעס בלײַבט מיר נאָכ איבער א שטיקל זייכער ווי אינ כאָלעמ.

— גוטנ־אָוונט! — וויטע איכ מיכ מיט א פארבייג. — ווּהינ עס גייט מענ באנאכט דאָ? — עט... טיפּשימ, פערדישע קעפּ! — ענט-פערט צוריק אָפּ א מענדעלע מיט א גוט, זיס שמייכעלע. — זײַ צו ווערנ פארפאלנ זיך פארגלוסט זיי. א געלעכטער, כלעבנ! — א גרוב, רעב מענדעלע! היט אײַכ די ביינער, — יאָ, ווי איכ בינ א ייִד, א גרוב! איכ געפאלנ בינ שוינ אפילע, דאָס צוואנציקסטע, דאכט זיך, מאָל. — שטייט זשע, זײַט מויכל, אופּ! נישט קיינ דערעכערעצ עפּעס זיך צע-לייגנ אזוי.—א שיינעמ דאנק, רעב קאָרעוו. איכ מיט דער בײַטש טאָפּ ווײַטער שוינ... א געלעכטער, כלעבנ, ביימלעכ גייענ! געזונטערהייט!.. קומט בעקומפּאניע. פּע, דראפּעט נישט!.. אײַ, ווײַטער א דראפּ! פּע, פּע, אויגנ ארויסגענומענ שיר מיר. טפו! — שפּײַט, רעב מענדעלע, אפּ זיי! זיי באלד פּאָטער ווערט מענ זיי. אפּ א סטעזשקעלע ארויס דאָ גייט, זײַט מויכל, אפּנ פרײַענ פעלד. — גוט, בינ שוינ דאָ! אײַ, א לעוואָנע, א באקדייזשע, א שיינע אָדעסער לעוואָנע! א נאָז מיט אויגנ!.. שא, מעקאדעש זײַנ די לעוואָנע! שאָלעמ־אַלייכעמ? — אַליי-כעמ־שאָלעמ! — שאָלעמ־אַלייכעמ? — אַלייכעמ־שאָלעמ! אזוי ווי איכ אקעגנ דיר שפּרינג און אָנרירנ דיך נישט קענ איכ... שפּרינגט זשע,

פעטער! — האַץ, האַץ, האַץ! אַזוי מיך אָנרירן זאָלן מײַנע סאָנים נישט... וואָס זיי צו אונדז האָבן, וואָס? — צעכליפּע איך מיך פּלוצלים — וואָס איך שולדיק, אַז איך לעב, איך, און וויל עסן, איך? נאַ, אַ לײַב, מישטיינסגעזאָגט, אַ שפּענדל! שטענדיק קרענק, ווייטעקן... אויך געהאַט אַ מאַמע, מיך געגלעט, געקושט האָט זי... ווי מיר, איך בין אַ יאָסעם, אַ יאָסעם! — צעוויין איך מיך נאָך שטאַרקער.— שאַ, שאַ! — ענטפערט זיך צוריק מיט אַ טרייסט, — וואָס קען מען טאָן? ווי שעמט זיך עס נישט אַן אַלטער ייִד מיט אַ באָרד, אַ באַוויַבטער, אַ מעטופּל מיט קינדער צו וויינען אין דרויסן פאַר דער לעוואָנע! שאַ, נישט קיין דערעכערעץ, כלעבן! שאַ, דער רועך וועט אײַך נישט נעמען, נישקאָשע, היט זיך בעסער! אָט איז אַ פּלויט.— יאָ, ווי איך בין אַ ייִד, טאַקע אַ פּלויט! שוין אַ גוטן זעץ געטאָן מיך אַפּילע. וואָס טוט מען? — מע נעמט און קריכט אַריבער. אָט אַזוי, אַזוי. — אַ שיינעם דאַנק! איך שטיי שוין מיט ביידע פיס אין גאָרטן. באָרובהאַבאָ, מעכוטן! זײַט זיך מאַטריעך ווײַטער! — האָט קיין צאָרעס נישט, איך גיי. וואָס פאַר אַ גערעטעניש! באָב, אַרבעס אָנגעזעצט, אוגערקעס גאָר אָן אַ צאָל! — מאַכט בראָכע, פעטער, לאָזט זיך נישט בעטן! — יאַשער־קויעך! אוגערקעס גאָר אַ דערקזיקעניש! געשמאַק מעכײַע!.. האַ, אַ קלאַפּ! וואָס באַטײַט דער קלאַפּ? פונוואַנען דער קלאַפּ?

דער קלאַפּ איז געווען פון אַ געזונטן אָרל, וואָס האָט הינטן־אַרום מיך געטאָן אַ כאַפּ און מיר גוט געגעבן אָנצוהערעניש, אַז אין אַ פרעמדן גאָרטן איז נישט שיין צו קריכן. דער קלאַפּ האָט באַטײַט, אַז פרעמדע אוגערקעס נעמען באַנאַכט טאָר מען נישט. פון די קלעפּ, און מעגלעך עפּשער אויך טאַקע פון די פרישע אוגערקעס, האָב איך קימאַט אינגאַנצן מיך אויסגעניכטערט. איך בין געשטאַנען אַ ווײַלע פאַרדולט, ווי אופּגאַפּנדיק זיך פון שלאָף. דאָס ערשטע וואָרט מײַנס, עס פאַרשטייט זיך, איז געווען: גוואַלד!.. באַלד דערוף בין איך מיך

מעיאשעוו: לאָמיכ, קלאָמפּערשט, מאכנ זיכ נישט וויסנדיק, אונ גיב א פרעג דעמ אָרל מיט גוטנ, אפ זייער גראָב לאָשנ. „צי ני באטשילי, טשויעש, טוטעטשקי זשידקא אים קינאמי? קאזשי-נאָ, טשילאָווי-טשעו!" — דער אָרל אָבער טוט זינ זאכ, וויל נישט הערנ, שלעפּט מיכ באמ ארבל, דערלאנגט מיר אמאָל אויכ א שטופּ פונ הינטנ — אינ איינ קאָל: קומ, קומ! עס העלפט נישט, איכ גיי, מע קענ קיינ כאזער נישט זײַנ. אונ מיר קומענ אזוי צו, ביידע, עפּעס נעבנ א שטוב, בא וועלכער עס שטייט א געשפּאנט ברימשקעלע מיט פיר גוטע פערד, — אונ עס לײַכט פונ די פענצטער.

באמ ארײַנקומענ אינ שטוב טוט דער אָרל מיכ א שטופּ פאָרויס, אונ אליינ שטעלט ער זיכ נעבנ דער טיר — אָנ א היטל. איינ ברײַרע, איכ נעמ אויכ אראָפּ דאָס היטל, קראַצ מיכ אינ קאָפּ אונ קוק ווי א נעכטיקער.

בא א טיש זיצט א שרײַבערל אונ שרײַבט, סקריפּענדיק מיט דער פּענ, וואָס בעט זיכ איטלעכע רעגע אינ טינטערל ארײַנ, אָפּצונעצנ א ביסל דאָס מײַלכנ אירס, נאָכדעמ ווי זי ברעכט מיעס אָנ אפנ פּאַ-פּיר. דאָס שרײַבערל האָט מיט איר דאָס לויפעניש, קרימט זיכ אונ זידלט זי בא איטלעכנ טונק. מע זעט, ביידע פּײַניקנ זיכ נעבעכ, ביידע זײַנענ נישט צופרידנ: זי מיט זײַנ שווערער האנט, מיט זײַנע מיעסע גרײַזנ, אונ ער — מיט אירע כאלאָשעסדיקע קלעקנ. ער — איר א קוועטש, אונ זי — אימ א קלעק... אינמיטנ שטוב שטייט א רויטער קאָלנער מיט מעשענע קנעפּ, עפּעס א מינ מענטש מיט א בויכ אונ אנ אָנגעבלאָזנ פּאָנעמ, גלאנצט מיט די קליינע אויגנ, אונ בעשאָס עס פארווארפט זיכ אימ דאָס שווארצאפּעלע, קוקט ארויס דאָס ווײַסלכנ פונ אויג פארלאָפנ מיט בלוט. ער דרייט די לאנגע וואָנצעס אונ רעדט אפנ גוידער, בייזערנדיק זיכ, צו צוויי פארשווינענ מיט אָנגעבויגענע קעפּ אינ דער זײַט פונ דער טיר: איינער א הויכער מיט א געזונטנ

קארק, אונטערגעגאָלט דער האַלדז, און אַ זילבערנ ריִיפּעלע אין לעפּל פונעם לינקן אויער; דער אַנדערער — אַ דאַרער מיט אַ שפּיצאַסטן בערדל, אַפּן האַרצן אַ בלעכ, האַלט אַ לאַנגן שטעקן מיט בײדע הענט, בלינצלט מיט די אײגעלעכ און בוקט זיך איטלעכע רגע. דער רויטער קאַלנער בײזערט זיך אַפּן ערשטן פונ די צווײ פאַרשװינענ, שרײַט: אין קייטן! קײנ סיביר אַזאַ סטאַראָסטע!.. און אַפּן צווייטן: פאַסן װעל איך פונ דיר שינדן, דו, סאַטסקע, אַזוינער און אַזוינער, אין דײַנ מאַמען!..

איך בינ טויט מיט אַלע מײַנע אײבֿורים. עס װאַרפט מיט מיר װי אין אַ קאַדאָכעס. עס רוישט מיר אין קאָפּ, קלינגט אין די אויערן. איך הער נישט און זע נישט, װאָס אַרום מיר טוט זיך. איך האָב נישט רעכט געהערט אַפילע די טײַנעס פונ מײַנ אָרל, בעשאַס קלאָגנדיק זיך אַפּ מיר. נאָר אַז דער רויטער קאַלנער האָט אַ היק געטאָן אַפּ מיר מיט דעם האַרבן װאָרט אַפּ יעװאָניש, האָב איך מיך באַלד אויפגעכאַפּט און שוינ גוט געהערט. פאַר די אויגן מײַנע שװעבט אַ קולאַק, און עס הערן זיך שרעקלעכע װערטער: גאַנעװ, קאָנטראַבאַנדשטשיק, טרייפע־סכוירע, בײַטלשנײַדער, קייטן, טיורמאַ, קנוטעס, סיביר!.. ער זוכט זיך פּלוצלים צו מײַנע פייעס, און נאָכקרימענדיק מיך, שטאַרק אין קאָס, כאַפּט ער אין אימפּעט פונעם טיש אַ שער און שערט מיר אָפּ אינגאַנצן איינ פייע!—איך באַװאַש מיך מיט טרערן, קוקנדיק אַפּ דער ערד מײַנ פייע. מײַנ גרויסאַלטע פייע, װאָס איז געװאַקסן מיט מיר פונ קינדהײַט־אויפ ביז אין מײַנע אַלטע יאָרן; װאָס האָט איבערגעהאַט מיט מיר פרייד און לייד געגוג אין מײַנ לעבן. די מאַמע האָט זי אין דער יוגנט געגלעט, געצװאָגן, גאָר נישט געקענט זאַט אָנקוקן זיך אַפּ די שװאַרצע, שײנע גרײַזעלעכ אירע. זי איז געװען אַ צירונג מײַנ פּאָנעם אין מײַנע גוטע טעג, װען איך בינ געװען פריש און שטאַרק. זי איז פרי פאַר דער צײַט גרוי געװאָרן, פאַר צאָרעס, נע־

בעכ, — און איר גרויקייט האָט מיר, כּאָלילע, נישט געמאַכט קיין בו-
שע! ביידע האָבן מיר זיך פרי געעלטערט פאַר פּוראָניעס, נויט, עלנט,
גריזאָטע, אומזיסטע פּײַנטשאַפט און רעדיפעס איך דער וועלט! ווע-
מען, כּאָלילע, האָט זי געשאַדט? וועמען, כּאָלילע, האָבן מײַנע גרויע
האָר עפּעס שלעכטס געטאָן? — עס ווײַנט אין מיר דאָס האַרץ, שרײַט
גוואַלד, שטיל, נישט אַרויסצוברענגען אַפ די ליפּן קיין וואָרט. איך
קוק שווײַגנדיק, ווי אַ שעפעלע באַם באַשוירן זיך, און פון די אויגן
קאַפּ, קאַפּ, טרערן ווי די באָב... מײַן הויל געבליבענע באַק האָט מיר
שטאַרק געפּלאַמט, דאָס פּאָנעם האָט געמוזט מיר זיך פאַרענדערן —
אַ שרעק! עס האָט געמוזט זײַן אַ ראַכמאָנעס מיך אָנצוקוקן דענסט-
מאָל, ווײַל באַלד דערוף האָט דעם רויטן קאָלנער עפּעס ווי אָפּגענו-
מען דאָס לאָשן, שוין גערעדט מיט גוטן, אַרופליייגנדיק ביידע הענט
מיר אַפ די אַקסלען. אונטער דעם מעשענעם קנעפּל, אַפּאָנעם, האָט
זיך גערירט אַ מענטשלעך האַרץ. מײַנע גרויע האָר און מײַן גאַנצ
אויסזען האָבן אים באַוויזן מײַן אָרנטלעכקײַט, און, ווי איבערבעטנ-
דיק מיך, פאַלט ער מיט אַ בייזער אָן אַפ מײַן אָרל, וואָס פאַר עפּעס
אַן אוגערקע שלעפּט ער אַן אַלטן מענטשן, נעבעך,— טוט אַ היק, און
טרײַבט אים אַרויס. ער אַליין נעמט דאָס היטל, דרייט זיך אַ ביסל
אַרום, זאָגנדיק דעם, יענעם אַ וואָרט, גייט דערנאָך אַרויס, און באַלד
הערט זיך, ווי דאָס בריטשקעלע פאָרט אַוועק.

די אַלע מענטשן אין שטוב ווערן לעבעדיק. דאָס שרײַבערל טוט
אַ וואָרף די פּען, אָפּשיקנדיק זי צו אַלדי רוכעס. דער סטאַראָסטע און
דער סאָטסקע גלײַכן זיך אויס, אופהייבנדיק די קעפּ, איטלעכער גיט
אַ מאַך מיט דער האַנט צו דער גאַס צו, און די אויגן זייערע רייִדן:
יעוואָרעכעכאָ! פאָר געזונטערהייט, און לאָז מען דיך נישט אָנקוקן!..
דער סטאַראָסטע כאַפּט דעם אָטעם, פאָרט אַרײַן מיט אַלע פינף פינ-

גער צו זיכ אינ די האָר פונעמ קאָפּ, טוט אימ א גוטנ שאָקל אינ מאַכט דערבײַ: נו, א סטאַנאָוואָי!..

די גויִמ האָבנ מיר געראַטנ, נאָכ דעמ, אז איכ האָב זיי דערציילט וועגנ מײַנ אומגליק, צו גיינ צו דער קרעטשמע באַמ דאָרפ, נישט ווײַט פונדאַנענ. דאָרט באַדאַרפ זײַנ אצינד אנ אוילעמ מענטשנ, צוריק פאָרנדיק פונעמ מאַרק-טאָג. מעגלעכ, באַ זיי וועל איכ עפּעס מיכ דערגיינ. איכ הייב אופ מײַנ פּייע, באַהאַלט זי אינ קעשענע, בינד אונטער די באַק מיט א פאַטשיילכנ, זאָג א גוטע-נאַכט, אונ גיי אַוועק.

9

די קרעטשמע איז געווענ באַלאַגערט אינ דרויסנ מיט פורלעכ אונ וועגעלעכ אלערליי. א טייל ליידיקע, נאָר מיט א ביסל שטרוי, א טייל פאַרנומענע מיט מינע זאַכנ אונ כפייצימ, סײַ נישט קיינ פאַרקויפטע, סײַ געקויפטע דאָרט אופנ מאַרק. אפ איינ פור ליגט אינ א זאַק א כאַוער, אַרויסגעשטעקט פונ א לאָכ זײַנ שיינ פּיסקל, אונ מאַכט לעבער אינ קאָפּ, שרײַענדיק מעשונע אפ א גרילצנדיק קאָל. הינטער א וואָגנ, אָנגעלייגט מיט נײַע לאַפּטיעס, מיט נײַע ליימענע טעפּ, טעפּלעכ אונ מאַקרעטעס, שטייט צוגעבונדנ א רויט-געפלעקטע קו מיט איינ האָרנ אונ רײַסט זיכ מיט אלע קויכעס זיכ צו באַפרײַענ, גיכער קומענ צו אירע אלטע כאַווערטעס אינ שטאַל מיט דער פּסורע: נישקאָשע, מענ איז אירער נאָכ נישט פּאָטער געוואָרנ, געבליבנ דער שאָר-האַבאָר, מע זעט זיכ געזונט!.. א פּאָר גרויע, ברייטבײַכיקע, פײַנע אָקסנ שטייענ געשפּאַנט אינ דעמ יאָכ, מאַכנ אזוי ערנסט מיט דעמ מויל אונ מאַלעגיירענ געשמאַק, קיינ מינוט, כאָלילע, נישט מאַפסיק צו זײַנ, גלײַכ ווי זיי זײַנענ פאַרטיפט אינ א וויכטיקער זאַכ אונ טוענ מיט זייער־ע אָקסענע קעפּ אופּ

עפּעס א גרויסן סייכל. דעם ארענדארס ציג שטייט דערווײַל אפן וואָגן, שטעקט הינטערווײַלעכס ארײַן דעם קאָפּ אין א זעקעלע דאָרט, נעמט באַלד אימ ארויס מיט א פול מויל, פירקעט, דרייענדיק דאָס עקל, קײַט, מאַכט מיט די באקן, טרעסעט דאָס בערדל גיך, געשווינד, ארומקוקנדיק זיך אין אלע זײַטן. אן אלטער, אויסגעדארטער דאָרפּס־הונט, לעבט אפ דער עלטער פון קיצווע, אָן א שטעלע, מיט א הינ־קעדיק פיסל און א קאָלטן באָמבלענדיק זיך אימ אפן עק, שאַרט זיך צו נאָענט צום וואָגן, קוקט מיט דערעבערעצ, קומט דערנאָכ צו נע־ענטער אפ עטלעכע טריט, שמעקט, זוכט מיט דער נאָז, דערטאַפּט עפּעס א טרוקן, אָפּגעלעקט בייגדל, לויפט מיט דער מעציִע אָפּ א ביסל ווײַטער, שטרעקט זיך אויס אפ דער ערד און נעמט זיך קנאַקן דעמ ביין, האַלטנדיק דערבײַ דעמ קאָפּ אין דער זײַט אפ די פאָדערשטע לאַפּעס. דאָס פערדל דאָרט אין יענעמ וואָגן, נימעס ווערנדיק אימ א לאנגע צײַט צו שטיין אפ איין אָרט, גאָרנישט צו טאָן, נאָר דרעמלען, מאַכנ מיט דער מאָרדע און שאָקלען די אויערן, איז זיך מעיאשעוו אָפּצושטעקן א וויזיט א פּאָר אײַנגעשפּאנטע אָקסלעכ, וואָס טוען זיך ווויל איבער א זעקל פּאָלאָווע, און זײַנ זייער אוירעכ אפ וועטשערע. נאָר באַמ גיינ פאַרהאַקט זיך די אקס פון זײַנ וואָגנ אינ א רעדל פונ אנ אנדער פורל, שיר אומצוואַרפנ עס. יענצ פערדל דאָרט, ארויס־שפּרינגענדיק פון די האָלאָבליעס, טרעט אָנ אנ אנדער פערד אפן פוס, עס טוט א הירזשע און שטעלט זיך דיבאָמ. די ציג דערשרעקט זיכ, טוט גיכער א שפּרונג, און טרעט אָנ דעמ דאָרפּס־הונט אפנ ווידל. ער שפּרינגט דערשראָקנ אוועק אפ דרײַ פיס, הײַלנדיק אפ א קוויטש מיט א צענגאָרנדיקנ שאַלשעלעם.

מיט גרויס מי שלאָג איכ מיכ דורכ צווישנ די אלע פורלעכ, גוט צוקוקנדיק זיכ, טאָמער איז דאָ דאָס, וואָס איכ זוכ, און לאָז מיכ ארײַנגיינ אינ קרעטשמע.

דאָס אַלצדינג, וואָס אינווייניק אין קרעטשמע טוט זיך, דערפיל איך ביסלעכווײַז, איינס נאָך דאָס אַנדערע קעסיידער, נישט אַף איין מאָל. דעם ערשטן קיבעד דאָרט האָט מײַן נאָז. באַלד באַם אַרײַנקומען, נאָך אַף דער שוועל, טוט מיר אַ זעץ אַ שאַרף ביטערער צאַפּנשטינקענדיקער רייעך פון בראַנפן, מאַכאָרקע און מענטשן-שווייס אַיינעם. אַז די נאָז ניסט אָפּ „מאַ-טויווו“ פון אַזאַ באָרוך-האַבאָ מיט אַ הילך, צעגיסנדיק זיך אין שטייגער, — גייען צום סמיך די אויערן. אַ ראַש, אַ געפּילדער פון אויסגעמישטע איינייגעם דינע, גראָבע, הייזעריקע, צערעפּעטע און כריפּעדיקע קוילעס קײַקלען זיך אַרײַן אין זיי מיט אַ גרילצן, — נאָר טויב צו ווערן! אַז די נאָז מיט די אויערן האָבן שוין זייערס אָפּגענומען, געהאַט זייער ערלעך אויסקומעניש, זײַנען שטאַרק אין דער אַרבעט, נעבעך, די אויגן. נאָכדעם ווי זיי בלאָנקען זיך פריִער אַרום אין דער טונקלעניש צווישן אַ געדיכטן אוילעם מענטשן צונויפגעשמאָלצן איינייגעם, נישט צו האָבן אַ פּיצל סימען פון עפּעס אַ זאַך, דערזעען זיי פונדערווײַטנס אַף אַ לאַנגן הילצערנעם טיש אַ ביילעוודיק ליכטל אין אַ ליימענעם לײַכטערל, וואָס ברענט מיט אַ רויטן שטעכעדיקן פלאַם, אַרומגערינגלט מיט געלגרין-בלוי-גרויע רעדער, ווי רעגנבויגנס, פון דער הייסער פּאַרע און זײַלן רויך, וואָס שלעפּן זיך איבער דער שטוב אַרום. ערשט דערנאָך הייבן אָן אַרויסצושווימען פונעם טונקעלן טומאַן קעסיידער: נעז, בערד, בערדלעך, טשופּרינעס, גאַנצע פּענעמער און צורעס פון מאַנצבילען און נעקייווע. עס שווימען אַרויס העדלעך מענטשן. אַ טייל האַלטן זיך אַף די פיס, ערשט נאָכן פּערטן, פינפטן טרונק בראַנפן. אין דער זײַט האַלטן זיך צוויי שיקורימלעך, זידלען זיך פאַר גרויס ליבשאַפט מיט מיִעסע ווערטער. נעבן זיי שטייט אַ פלוינעסטע, באַרוועס, אין אַ קורץ קליידל, מיט אַ געשטיקט העמד אויסגעשניטן ווײַט, און האָט האַנאָע, פּאַטשט איינעם, דעם אַנדערן אַפּן רוקן מיט גוטן,

מאכנדיק דערבײַ: גענוג, אהיים, אהיים! דאָס שיקערע פּאַרפאָלק אָבער
שמײעלצן זיך נאָך מער פאר ליבשאפט, נעמען זיך שטײַפער ארום —
און פאלן. ווידער א טייל זיצן אפ לאנגע בענק נעבן פלעשלעך מאַש-
קע מיט פארבײַסן. צוויי באלעגופּנ טרינקען איינער צום אנדערן לע-
כאיִם און זײַנען ביידע, ווי מע זאָגט, בעגילופן. איינער א שטארקער
ליבהאָבער פונעם ביטערן טראָפּן, און וואָס דאָ איז שטענדיק זײַן
מאָקעם-מענוכע, וויטעט זיך פונדערווײַטנס, רייכערנדיק זײַן ליולקע-
לע, דאָס מיט די דאָזיקע צוויי לײַט, דאָס מיט יענעם, דאָס מיט אן
אנדערן, און ווינטשעוועט צו: לעכאיִם, לעכאיִם! כאָטש מע קוקט זיך
אפילע אפ אים נישט אום. און גאָר צולעצט שווימט ארויס אין דעם
געשטאלט פון א יִדענע, א רירנדיקע, א זשוואווע, מיט אָפּגעבלאקע-
וועטע פעלענע מושקעס און עפּעס א מין טיכל אפן קאָפּ, דעם שענ-
קערס ווײַב מיט איר קאָוועד אליין, —נעבן פעסלעך, פלעשער, קע-
לישקעלעך, גלעזלעך, קרענצלעך בייגל, געקאָכטע אייער, דארע פיש-
לעך און שטיקלעך פארהארטעוועטע לעבער. דאָס מויל מאכט איר
זיך קיין רעגע נישט צו, די הענט אירע רוען אויך נישט פונעם טײַ-
נען, ריידן מיט איטלעכן באזונדער, פון געבן און נעמען גרייט געלט
מעזומען אָדער מאשקאָנעס, אָדער מיט א קרײַדל אָנשרײַבן אפ דעמס,
אפ יענעמס כעזשבנ פּאסקעלעך און רינגעלעך.
איך דריי מיך ארום ווי א געער צווישן דעם דאָזיקן גאנצן אוי-
לעם, פרוּוו ריידן מיט דעם, מיט יענעם, — און דער שפּיץ איז אל-
טערס ווערטל טאקע: מיילע בעקיצער, גאָרנישט.
אין קרעטשמע ווערט שיטערער, דער אוילעם הייבט אָן זיך צע-
פּאָרן, און איך לאָז מיך צוגיין צו דער באלעבאָסטע, האלטנדיק די
בײַטש אונטערן אָרעם אקעגן אירע אויגן. דאָס טו איך בעקיוון, מיט
אן אויבער-האסבאָרע, ווײַל קרעטשמערקעס ביכלאל האָבן ליב באלע-
גאָלעס, קויפן זיי אונטער מיט בראנפן, מיט עסן און מיט נאָך עפּעס,

בײַדיי זײַ זאָלן פאַרפאָרן צו זיי מיט פּאַרשוינען. די בײַטש איז מיר געווען אַ מײַליץ און מיר געגעבן כיין און לײַטזעליקײַט אין דער באַלעבאָסטעס אויגן. עס הייבט זיך צווישן אונדז אָן אַזאַ שמועס:

— גוט-נאַכט! — גוט-יאָר! — ווו איז דאָס אײַער מאַן? — וואָס טויג אײַך מײַן מאַן? — גלאַט אַזוי זיך. — זאָגט, עפּשער וועל איך טויגן? — טאַ... מעהייכעטייסע! — אַהער, אַהין, מיר צעשמועסן זיך ברייטלעך. איך דערצייל איר דאָס אומגליקל, וועלכעס מיך האָט דאָ געטראָפן, מײַן איצטיקע מיעסע לאַגע. זי טרייסט מיך מיט אַ זיפץ, אונטערשפּאַרנדיק דעם קאָפּ מיט דער האַנט און צוויי פינגער אָפּ דער באַק, מאַכט אַלץ: „אַ מײַסע, אַ מײַסע!“ — און ווײַטער אַ זיפץ. — איך טו איר צוליב, דערצייל אַלצדינג: ווער איך בין, ווי איך הייס, מיט וואָס איך האַנדל. און זי, פון איר זײַט, באַשיט מיך מיט רייד, זאָגט מיר אַרויס איטלעכס פּיצעלע, וואָס בײַ איר אונטערן נאָגל, פון איר מאַן דעם שלימאַזלניק, פון די קינדער און פּאַרנאָסע... עס ווערט צווישן אונדז אַ נאָענטע באַקאַנטשאַפט. מיר רעכענען זיך אויס, אַז מיר זײַנען גאָר בײדע שטיקלעך קרויווים. זי הייסט כאַיע־טרײַנע, נאָך מײַנס אַ קאַלטער מומע פון דער באָבעס צאַד. אַ סימכע, אַ פרייד! זי פרעגט מיך אויס אָפּ מײַן ווײַב, אָפּ די קינדער, אָפּ איטלעכן בײַ מיר באַזונדער, און אַז דער מאַן איז דערופּ אָנגעקומען, זאָגט זי אים אָן די פּסורע גיך אין איין אָטעם: מיר האָבן אַ גאַסט... אַ טײַערן גאַסט, רעב מענדעלע מויכער־ספאָרים... מײַנער אַ קאָרעווו! און לאָזט אויס מיט גאַדלעס צום מאַן, אָנעמענדיק זיך מיט בײדע הענט בײַ די זײַטן:

— הא, מיינסט עפּשער, פון אַ שמאַל האָסטו מיך אַרויסגענומען! נישקאָשע, איך וועל, באָרעכאַשעם, פאַר אַנדערע נישט מעחויעש ווערן. מעגסט זיך, כלעבן, איבערנעמען מיט מײַן מישפּאָכע!

טא, ריבוינעשעלווילעמ! — טראכט איך מיר. — לאָז זײַן אַזוי: שאָול האָט געזוכט אייזלען, און געפונען די מעלוכע, איך זוך פערד — און געפונען אַ כאַיע־טרײַנע...

כאַיע־טרײַנעס מאַן איז געווען אַ ייִד מיט אַ לאַנגע נאָז. דאָס שיטערע בערדל, די פּייעס און די ברעמען — העל־בלאָנד ווי פלאַקס. בעשאַס שווײַגן קײַט ער די צונג, און איידער ער קלײַבט זיך צו ריידן, באַלעקט ער זיך פריִער, אַזוי אַז אים אָנקוקנדיק דערנסטמאָל, פאַרשטייט מען, וואָס טײַטש לעקיש. באַם אָפּשטעקן מיר אַ שאָלעמ־אַלייכעמ מורמלט ער עפּעס גאָר אָן ווערטער, און פונעם גאַנצן באַנעמען זײַנעם דערקען איך באַלד, אַז ער ליגט אונטערן ווײַבס פאַנטאָפל, האָט פאַר איר דאָס נײַניאָריקע קאַדאָכעס. ווי עס האָט שפּעטער מיט דער צײַט זיך אַרויסגעוויזן, הייסט ער אין דער סוויווע: כאַזומ־כאָנע כאַיע־טרײַנעס, און כאַיע־טרײַנע אַליין הייסט: כאַיע־טרײַנע קאָזאַק.

— ווו האָסטו עס ביז אַצינד געהינעט? — נעמט כאַיע־טרײַנע דעמ מאַן אָפּן ציהונדער, — וווּהין האָט עס דיך, שלימאזל, דער שוואַרציאָר געטראָגן? האָסטו געהערט? הער אַ ביסל!.. מע זאָל אַוועקוואַרפן אַ שטוב מיט דעמ באַלעבאַטישקײַט און גאָרנישט... נישקאָשע, רעב מענדעלע איז אַן אייגענער, פאַר אים מעג מען זאָגן, וואָס פאַר אַ שלאַק דו ביסט, אַ שלאַק פון זײַן ליבן נאָמען. קוקט אים אָן, שטייט ווי אַ ליימענער גוילעמ און קײַט די צונג...

— דו האָסט דאָך מיך אַליין, האָסטו מיך געשיקט צו גאַווורילען נאָך אַ זאַק קאַרטאָפּליעס, מיך געשיקט! — פאַרענטפערט זיך כאַזומ־כאָנע, באַלעקנדיק זיך פריִער מיט דער צונג.

— און דער רעבע, דער שיינער רעבע איז קראַנק געווען ברענגען צו טראָגן דעמ זאַק קאַרטאָפּליעס! עסן, נישקאָשע, קען ער פאַר צען.

— דער רעבע איז דאָך געגאַנגען, דער רעבע, אָפּפירן די פּע־ריסטע קו מיט דעם קעלבל אין פעלד אָפּפירן,— גיט כאַזמ-כאַנע דעם ווײַב צו פארשטיין.

— אַט שווײַג שוין, שווײַג, קײַ דיר בעסער די צונג. — מאַכט כאיע-טרײַנע, קוקנדיק בייז אפּן מאַן. דערנאָך ווענדט זי זיך צו מיר מיט א גאַנצן שמועס, וואָס זי האָט פון איטלעכן אויסצושטיין. ווען נישט זי, וואָלט די גאַנצע שטוב שוין לאַנג האָרנעמ־קאָרנעמ איבער־געקערט געוואָרן, — און מישט אַלץ אַרײַן אין די רייד: „נישקאָשע, פאַר אײַך מעג מען, ווי פאַר א טאַטן, איר זײַט דאָך אן אייגענער, רעב מענדעלע!"

איך לייג מיך אַרײַן אין שאָלעם און פאַריכט בא כאיע־טרײַנען דעם מאַנס דאָליע. פון שאָלעם וועגן זאָג איך א ביסל א ליגן, בא־שולדיק ביכלאַך אַלע מענער, מיך דערונטער אויך א ביסל, און כאַנפּע, לויב אין טאָג אַרײַן די אַלע ווײַבער, באַזונדערס באיע־טרײַנען. כאַ־לילע ווען נישט זיי, וואָלט די וועלט קיין נישט געווען. כאיע־טרײַנע איז געוואָרן ווייכער.

— געזונט זאָלט איר זײַן, רעב מענדעלע! — זאָגט זי מיט א שײַנענדיק פּענעמל און מאַכט באַלד טאַקע צום מאַן מיט גוטן:

— גענוג צו קײַען די צונג, נעם בעסער, כאַזמ־כאַנע, וויש איבער דאָ די קעלישקעלעך און די טעלער, פון וועלכע אייסעוו האָט גע־פרעסן. — רעב מענדעלע מוז אַוואַדע גוט הונגעריק זײַן, — טוט זי א זאָג צו מיר, אופהייבנדיק זיך פונעם געזעס אירס באַם שענקל, — איך פיל עס אין מיר אַליינ טאַקע. אין א מאַרק־טאָג פארשפּעטיקן מיר זיך טאָמעד מיט דער וועטשערע. נישטאָ, נימער ערגער, קיין צײַט. קומט, זײַט מויכל, מיר בעטן זייער שיינ צו אונדז אין שטוב.

גלײַך פונעמ שענקל קומט מען אַרײַן אין א פינצטער אַלקערל, וווּ אקעגן איז אָפּן א טיר נאָך אין אן אלקער און לינקס אין דער זײַט

פירט אַ טיר אינ אַ היפּשנ בוידעמ — אַ נידעריקער, אָנ אַ דיל, מיט קלײנע פענצטערלעכ. די שויבלעכ זײַנענ אַ טײל צעשפּאָלטנ, אַ טײל געלאַטעט פונ צונויפגעקלעפּטע שטיקלעכ אונ אַ טײל אינגאַנצנ אויסגעשלאָגנ; נאָר ערגעצ אינ אַ ווינקל שטעקט אַנ איבערגעבליבענע שטיקל גלאָז, ווי דער אײנ־אײנציקער צאָנ בײַ אַ זקינה, וואָס בײַ נאָר עפּעס אַ ווינטל שאָקלט זיכ עס, שטיל געבעבעט: זימ־זימ־זימ... זײער אומעטיק. אינ אײנ עק שטוב, צו דער גאַס צו, שטײט אַ טיש, נעבנ אימ, בײַ די ווענט — לאַנגע, שמאָלע בענק, נישט געפאַרבט. אינ דעמ אַנדערנ עק שטײט אַ בעט מיט אַ זאַק בעבעכעס, אָנ אײַנאָרע: מיט קישנס, גרויסע, מיטלע, קלײניטשקע, אַ הויכער טורעמ ביז אינ דער סטעליע. אונ בײַ דער זײַט אויוונ דאָרט צירט זיכ אַ ברײטע באַנק, וואָס דינט באַנאַכט פאַר אַ בעט צו שלאָפנ. אַרומ די ווענט אינ דער הייכ הענגענ פּאָרטרעטנ, באַדעקט מיט שפּינוועבס, מיט געפּײגערטע פליגנ, אויסגעטריקנטע אײער פונ פרײַסנ אונ פליגנקויט. פונעמ קויט אַפ די דאָזיקע פּאָרטרעטלעכ קוקנ אַרויס עפּעס געשטאַלטנ: אַ „מיזרעכ" מיט קראָליקלעכ, מיט מעשונע־ווילדע כײַעלעכ, האַלב ציג — האַלב הירש, האַלב לײב — האַלב אײזל, האַלב לעמפּערט אונ האַלב פּיפּערנאָטער. אַ הויכער האָמאָנ, געקלײדט ווי אַנ אונטער־אָפיצער, הענגט אַפ אַ טליע, וואָס גרײכט אימ קוימ ביז צומ אַקסל, אַזוי אַז גיכער הענגט די טליע אַפ אימ. דערבײַ שטײט מאָרדעכײַ אינ אַ שטרײַמל, אַ ראַצעמאָרענע קאַפּאָטע, מיט אַ גאַרטל, אויבנ אַ טיזליק, אינ שיכ אונ זעקלעכ מיט פּײקעלעכ, טאַקע נאָר „מאָנדרוש". אַרומ אימ „באַבערדלטע, באַנאָזנדיקע" יידנ מיט קויסעס אינ די הענט אונ מאַכנ: „לעבאָימ, רעבע מאָרדכע!" צו זערעשנ מיטנ מאָפּ האָבנ זיכ זײער מויעס צוגעבאַפּט די פליגנ, האָבנ פונ איר, נעבעכ, איבערגעלאָזט נאָר אַ האַלבנ קאָפּ מיט אַ שטיקל פּעדערבײלעכ. נאָפּאָלעאָנ, נעבעכ, איז אויכ אַרײַנגעפאַלנ אַהינצו אינ יידישע הענט.

אַז אָך־און־ווײ איז צו אים, וואָס פֿאַר אַ פּאָנעם ער האָט געהאַט! ער איז געהאַנגען צווישן פֿויטיפֿערס ווײַב, עפּעס אַ פֿאַרזעעניש, אַ מיִעס־קײַט, וואָס מאַכט כּיין, שלעפֿנדיק יויסעף־האַצאַדיק בײַ די פּאָלעס, — און צווישן אַ שמאָלן, פֿאַרשמאָלצעוועטן, שטאַרק־אָנגעבויגענעם שפּיגל, הינטער וועלכן עס האָט געשטעקט אַ פֿאַרדאַרטער לולעוו און אַלטע אָפּגעשלאָגענע הוישײַנעס.

אין שטוב דרייט זיך אַרום אַ דיקע, אַ ברייטע, אַ האָרעפּאַשנע מויד, מיט אַ פּאָר באַקן ווי די פּאַמפּעשקעס; אויפֿן קאָפּ זייער ווייניק האָר און צוויי קליינע צעפּעלעך פֿון הינטן. די הענט האַלט זי ביז די עלנבויגנס שטײַף צו בײדע זײַטן, די אָרעמס אויסגעשטרעקט גלײַך פֿאָרנט, ווי צוויי האָלאָבליעס, צווישן וועלכע זי רוקט זיך, שליטלט זיך, נישט צו הייבן קיין פֿיס, אַרויסשיקנדיק דעם קאָפּ אַ ביסל פֿריִער פֿאַר איר, רוקט זיך גיך, טראָגנדיק אין די הענט אַ טישטעך מיט טע־לער, און גרייט צום טיש. כאַיע־טרײַנע רוימט איר עפּעס אין אויער אײַן, זי קערט אויס די האָלאָבליעס, דער קאָפּ לאָזט זיך פֿאַרויס, זי אַליין מיט די פֿיסעלעך באַלד טאַקע נאָך אים און ווערט גיך אַנטרונען פֿון דער שטוב. אין אַ ווינקעלע קריגן זיך אַ שטיק פֿיר קינדער, מייד־לעך מיט יינגלעך, רײַסן זיך עפּעס איבער אַ קליין הינטעלע, אַ מאָפּ־סיק, וואָס פּישטשעט, נישט צו הערן, צו זען, וואָס הינטער זיי טוט זיך אין שטוב. כאַיע־טרײַנע באַפֿאַלט זיי פּלוצלים, טוט שטילערהייט אַ קניפּ דעם, אַ צופּ יענעם, כאַפּט דאָס פּיצל הינטעלע און וואַרפֿט עס אַרויס. די קינדער שטעקן זיך אונטער די נעז אָפּ פֿײַגן און צעלויפֿן זיך אין די ווינקעלעך. באַלד קומט אָן כאַים־כאָנע מיט אַ גרויסע לאַ־דיש סמעטענע. דאָס ווײַב נעמט עס בײַ אים צו, פּאָרעט זיך דערמיט אַ ביסל דאָרט פֿאַר זיך און הייסט זיך אונדז וואַשן.

וא באָבערל אָן אַ קאַפּאָטקע, באָרוועס, אין אַ לײַבסערדאַקל מיט הייזלעך, לויפֿט אַרײַן מיט אַ סימכע: דער רעבע האָט געכאַפּט אין

שטאָל א וואָראָבײטשיקל. אַלע קינדער בלײַבן פאַרגאַפּט מיט אויסגע־צויגענע פּענעמער פאַר גרויס װוּנדער, און אײדער זײ זײַנען צו־זיך געקומען, קומט אַרײַן א יונגערמאַנטשיק עפּעס מיט א געשוואָלענער נאָז און גראָבע ליפּן, וואַשט זיך גיכער איבער דער פּאָמעניצע, זעצט זיך דערנאָך צום טיש און רוקט אַרײַן אין מויל א גרויס שטיק ברויט, אַלץ אין כאַפּעניש, אין אײַלעניש, נישט צו שענקען קײנעם א קוק, גלײַך ווי אויס מוירע, ער זאָל, כאַלילע, נישט פאַרשפּעטיקן, מע זאָל אָן אים נישט אָפּעסן. דערווײַל רוקט זיך אַרײַן יענע ברייטע מויד מיט די פּאַמפּעשקעס, אויסגעפּוצט שאַבעסדיק, און זעצט זיך אויך צום טיש. כאַיע־טרײַנע מאַכט צו מיר, ווײַזנדיק מיט א פינגער אַף דער מויד: דאָס איז מײַן עלטערע טאָכטער, באַסיע־גרונע. דער אוילעם עסט, פּרוּער עפּעס מיט דערעכערעצ: א שעפּ מיט דעם לעפל און א לײג אַנידער, דערנאָך הײבט עס אָן גײן לעבעדיק, האַשיק. א צעג לעפל אַרבעטן געשמאַק אין אײן שיסל און פליִען פון האָרט גע־שווינד אין צעג מײַלער, וואָס זופן, איטלעכס אַף זײַן שטײגער. ס׳איז א כאַפּעניש, א בעהאָלע, א זופּערײַ: וווּפ־הופּ, הופּ־פּופּ! מײַנע נײַ־געפּונענע קרויווים טרײַבן מיך אַלץ אונטער: עסט, לאָזט זיך נישט בעטן. און איך: וו־וויפּ־פּ־פּיפּ! אַף מײַן נוסעך. דער יונגערמאַנטשיק מיט דער געשוואָלענער נאָז פּוילט זיך נישט, אַרבעט פאַר צען און גרונטעוועט זיך ביז דעם פּויגל, וואָס קומט לעסאָף אַרויס, אויסגע־מאָלט אינווײניק אַפן דעק פונעם שיסל. אָפּגעפּאַרטיקט זיך פון דער אַרבעט מיט א זיפץ טיפ פונעם בויך, שטעלט ער אויס א פּאָר גלע־זערנע אויגן, און קוקט אַפן אוילעם, טוט פּלוצלים א שטרעק די האַנט, אונטערהײבנדיק זיך א ביסל פונעם אָרט, גלײַך צו מיר, מאַכנדיק דערבײַ: שאָלעם־אַלייכעם! איר זײַט מיר עפּעס קענטלעך... מאַ שמייר־כעם? — איך זאָג אים מײַן נאָמען. ער שפּרינגט אַזש אונטער פאַר גרויס װוּנדער.

— רעב מענדעלע!.. רעב מענדעלע מויכער-ספֿרים!! פּישש!.. א קאטאָוועס עפּעס! ווער קען נישט רעב מענדעלען? איך האָב געהאט אמאָל די זכיה, אין גלופּסק נאָך, קויפֿן בא אים א בענטשערל.

— רעב מענדעלע איז מיינער א קאָרעוו, — זאָגט כאיע־טריינע מיט גאדלעס, שמעלצנדיק זיך פֿאר פֿרייד, און אָנוויינזנדיק מיר אפּן יונגנמאנטשיק, מאכט זי: דאָס איז אונדזער רעבע. — אנו, הוישיעקעלע, — ווענדט זי זיך צום באָבערל אָן דעם קאפּאָטקעלע, — רעב מענדעלע וועט דיך פֿארהערן. שעם דיך נישט, נישקאָשע, דער פֿעטער וועט דיך נישט אופּעסן.

הוישיעקעלע האלט א פֿינגער אין דער נאָז, קוקט אין דער זייט, אָנבלאָזנדיק זיך, פֿארציט דעם אקסל און מאכט: איך סעם מיך, סעם מיך...

— וויפֿל איז אלט אייער הוישיעקעלע, זאָל לעבן? — פֿרעג איך די מאמען.

— מיין הוישיעקעלע, זאָל לעבן, איז אין וועסנע געוואָרן באר-מיצווע — ענטפֿערט די גליקלעכע מאמע.

— נו, הוישיעקעלע, — נעם איך דעם באָבערל אָן פֿארן בעקע-לע, — זאָג, שעם דיך נישט, וואָס גייט היינט פֿאר א סעדרע?

— זאָג, זאָג! — טרייבט מען הוישיעקעלען אָן פֿון אלע זייטן. — ער שטעלט אויס א פּאָר אויגן און שווייגט.

— ב... ב... ב... — מאכט דער רעבע מיט די גראָבע ליפּן.

— ב-ב... בוהיי! — לאָזט הוישיעקעלע אויס אפּ א קאָל, קוקנדיק צום רעבן.

— נו, באָלאָק, באָלאָק... — זאָג איך אונטער און גיב ווייטער הוישיעקעלען א פֿרעג, — וואָס האָט אזוינס באָלאָק געשיקט זאָגן?

דער רעבע לעקט דעם פֿינגער, קעדיי דער טאלמיד זאָל זיך דער-מיט אָנשטויסן.

— לעקן. — טוט הווישועקעלע א געשריי מיט אימפעט.

— ווער, ווער? — טרייבט הווישועקעלען אונטער דער רעבע, און עס ווערט אים גרינגער אפן הארצן, מיינענדיק, אז ער האלט שוין מיט דעם טאלמיד זיינעם אף א שטיקל דערעך — ווער, הא?

— דער רעבע! — שרייט הווישועקעלע אויס אף א קאל.

— דו פארשטאפטע קאפ איינער! — צעהיצט זיך דער רעבע מיט כאס. — ווער, זאגט באלאק, וועט לעקן?

— די יידן...— טוט הווישועקעלע גיך א זאג אף א קוויטשיק קעלכן.

— יא, די יידן, די יידן... הווישועקעלע! — זאג איך, א גלעט געבנדיק אים דאס בעקעלע. — זייער וווויל, דו קענסט.

די מאמע איז גאר איבערגליקלעך, האלט די הענט אפן בויך און קוועלט: אז וויל איז, כלעבן, דעם בויך, וואס האט אזא טאכשיט געבוירן. דער טאטע קייט די צונג און האט שטארק הנאה.

נאך דער וועטשערע שמועסט מיט מיר כאיע־טרײנע איבער ווענן מיין אייסעק אזוי: אין א פאר שאָ ארום באהארף אָנקומען מײן יאנקאָ מיט די פערד. דענסטמאל, רעב מענדעלע, זעצט איר אײך אוף רײטנ־דיק אף איינעם, מײן מאן אף דעם אנדערן פערד, און פארט פארנע־מען די בײדלעך מיט די סכוירע דערהווײל אהער. און ווײטער וועלן מיר שוין זען. לעסאטע לײגט זיך א ביסל צו, אט האט איר אײך א בעט מיט איבערבעטן.

— א שיינעם דאנק! — רופ איך מיך אן. — אין די בעבעכעס, אז איך וועל ארײנפאלן, וועט שווער זײן דערנאך ארויסצובאקומען מיך פון דארט. גאט ווייס, וויפל איך קען דארט אָפּשלאָפן, און דא איז די צייט טײער. אן אנדערס מאל, אימירצעשעם, אז איך וועל קומען צו אײך מיט מײן ווײב און די קינדער צוגאסט, דענסטמאל, זעט איר, געזעגן איך מיך מיט אײך אלע און ווארפ מיך, אף גאטס

באראָט, אריַינ טיפ אינ דעמ טהאָמ בעבעבעס אפ א לאנגער צײַט.

— מיר בעטנ, מיר בעטנ! — מאכט כאיע-טריַינע מיט כיינ. — זעט זשע, — מיט אלע קינדער טאקע. נעמט אויב מיט יאכנע-סאָסענ. זאָגט זשע זיכ נישט אָפּ כאָטש נעמענ א קישעלע אהינ אינ אלקערל.

— שלאָפט געזונט! — געזעגנט זי זיכ מיט מיר. — נישקאָשע, מײַנער וועט אײַכ גאנצפרי, קילכויכ האשויר, אופוועקנ.

10

כאיע-טריַינע איז טאקע א קאָשערע יידענע, א גוטע, נאָר וואנצנ האָט זי געהאט אינ שטוב רעשאָזמ, זייער בייזע. זיי זײַנענ מיר באפאלנ, וויבאלד איכ האָב מיכ געלייגט אפנ טאפטשאנ אינ אלקערל, אונ די מילכאָמע צווישנ אונדז האָט זיכ אָנגעהויבנ. ביידע צדאָדימ האָבנ זיכ פאראקשנט, גע-ארבעט אינ אייסעק: זיי — מיטנ מויל, איכ — מיט די הענט. זיי קריכנ, איכ שפּרינג אונטער. זיי מיט טײַנעס: „דער טאפטשאנ איז אונדזערער, דערעבערעצ זשע, רעב ייד, אונ לאָזט זיכ בײַסנ" — איכ זיפצ, פארבײַס די ליפּנ, קראצ מיכ מיט אלע קויכעס: זיי א ביס — איכ א קראצ; זיי אפ מיר — איכ אפנ קישנ. אראָפּ, צו אלדי שווארצע יאָר, דאָס קישנ! דאָס הינקעדיקע בענקל אפ דרײַ פיסלעכ פאלט אומ; דאָס לײמענע קריגל מיט נעגלוואסער — טראכ-טראכ! טאראקאנעס אפנ דיל לויפנ, דראפּענ, הארמידערנ. פעדערנ פונ דעמ צעריסענעמ קישנ פליִענ אינ דער נאָז, אינ די אויגנ ארײַנ. דער טאפטשאנ אונטער מיר ריפּעט-סקריפּעט. א טאראראמ, א גערודער! איכ בינ דול, צע-מישט, צאפּל מיט אלע גלידער אונ ווארפ מיכ פונ איינ זײַט אפ דער

אנדערער. עס הערט נישט אוף צו בײַסן. עס שטינקט וואַנצן. — ני־מעס ווערנדיק מיר די גאַנצע מײַסע, בלײַבט בא מיר אויקער צו זײַן. איך פאַרלאָז מײַן געלעגער, שפּרינג אַראָפּ גלײַך צום פענצטער, צו אָטעמען אַ ביסל פרײַ, און טו אַ קוק אין דרויסן אַף גאָטס וועלט.

אַפן בלויען הימל שטיל, רויִק גייט די גילדערנע לעוואָנע. איר שײַנענדיק פּאָנעם איז זייער ערנסט, עפּעס שטאַרק פאַרטראַכט. שאַ אַרום און אַרום... איר פאַטראַכטקײַט וואַרפט אַף מיר אָן אַ זיסע מאָ־רעשכוירע, זי רעדט עפּעס צו מײַן האַרץ, די נעשאָמע מײַנע נעמט זי מיר אַרויס מיט איר איטלעכן בליק. זי רופט אין מיר אַרויס אַ יאַמ געפילן, און עס טראַכט זיך, טראַכט זיך עפּעס גאָר פון זיך אַליין. עס טראַכט זיך פון דעם ביטערן לעבן פול קרענקונג, אַלערליי לײַדן מיט באַליידיקונג, פול פּלאָגן, אָנשיקענישן, אַלטע און נײַע, און צע־פּיעסטע מיך פאַר איר ווי אַ שלאָפ קינד, נעבעך, פאַר דער מוטער: אוי, מאַמע, עס טוט וויי!.. אוי, ווערט מען עס פאַרשוואַרצט, קומט מען עס אָפּ... קאַרג קאָפּדרייעניש, בויכווייטעק, — איז מען נאָך גרויס אין די אויגן. קאַרג אייגענע מאַקעס און וווּנדן, — האָט מען נאָך אויסצושטיין געבראָטענע לייד. קוים־קוים, וואָס מע זשיפּעט, — פאַרגינט מען נאָך נישט דאָס שטיקל געפּלאָגטע לעבן. אוי, מאַמע, עס שמאַרצט, אוי, עס טוט וויי!.. די לעוואָנע קוקט אַף מיר מיט איר ליכטיקער צורע אַלץ ערנסט, פאַרטראַכט, און, דאַכט זיך, זי נעמט מיך אײַן: „שאַ, בידנע קינד, שאַ! וואָס זאָל מען טאָן?“... דאָס האַרץ וויגט אין מיר נאָך מער, הייסע טרערן טרעטן מיר אַרויס אין די אויגן, איך שפּאַר אָן דעם קאָפּ אַף מײַן אָרעם, די זײַט מיט דער אָפּ־געשווירענער פייע דער לעוואָנע אַקעגן, נאַ, זאָל זי זען, זאָל זי באַטש זען!.. עפּעס עפנט זיך אין מיר אַ קוואַל פון געפילן, צופּן מיך באַם האַרצן, פאַרפלייצן מיר די געדאַנקען. די אויגן, אַנגעקוואָלענע ווי די

באנקעס, קוקנ אינ דער וועלט אַרײַנ מיט א רירנדיק געבעט: גוואַלד,
העלפט, האָט ראַכמאָנעס! עס טוט וויי, וויי, וויי... אזוי כאַפּט זיכ אופ
פונעמ שלאָפּ בא דער נאַכט א קראַנק קינד, נעבעכ, יאָמערט פונעמ
האַרצנ פאַר זיכ אַליינ, קוקט מיט די אויגעלעכ, בעטנדיק ראַכמימ.—
נישטאָ קיינער! קיינער הערט נישט! אַ ל ע ש ל אָ פ נ, שאַ!..
א הינטל נאָר שטייט אפּ דער גאַס וואַכ, דער ווײַדל צווישנ די פיס.
דער קאָפּ פאַריסנ הויכ, אונ בילט מיט א קאַלטער לעבער אַקעגנ דער
לעוואָנע. זי גייט איר וועג רויק, פאַרטראַכט, פונ א הונטס בילנ זיכ
גאָר נישט צו מאַכנ...

אַפּנ האַרצנ ווערט מיר גרינגער. עפּעס וואַרעמט מיכ אינווייניק
א געפיל פונ האָפענונג אונ טרייסט אָנ ווערטער, — אזא געפיל,
וואָס א ייִד פילט, אז ער ווײַנט זיכ אויס פאַר גאָט אפּ זײַנע צאָרעס;
אזא געפיל, וואָס מאַכט דעמ מענטשנ ווייכ ווי טייג, גוט אָנ א ברעג,
גרייט איטלעכנ אוועקצוגעבנ די נעשאָמע, אַרומצונעמענ די גאַנצע
וועלט אונ זי א קוש צו טאָנ פאַר גרויס ליבשאַפט.

אונ זיי, די ווענצעלעכ, זײַנענ דענ נישט גאָטס באַשעפעניש? וואָס
זײַנענ זיי שולדיק, אז זיי שטינקענ, נעבעכ? וואָס זאָלנ זיי טאָנ, אז עס
ליגט שוינ אזוי אינ דער טעווע זייערע צו בײַסנ? טוענ עס נישט פאַר
שלעכטס, פאַר סינע אונ צעלאָכעס, נאָר פאַר דעמ שטיקל פאַרנאָסע:
זיי ווילנ, נעבעכ, טרינקענ, אָנזעטיקנ זיכ מיט יענעמס בלוט. מיילע,
לאָז שוינ מײַנס איבערגיינ. עפּעס דאָס ערשטע מאָל אינ לעבנ איז
מיר דענ וואַנצנ? אונ וועלכער ייִד האָט דענ נישט פונ זיי צו זינגענ
אונ צו זאָגנ?..

איכ גיי אוועק פונ דעמ פענצטער, אונ זאָגנדיק: „אינ דײַנ האַנט
טו איכ מײַנ זעל באַהאַלטנ“, גיב איכ מיכ א וואָרפּ אפּנ טאַפּטשאַנ
אונ — גאָרנישט, איכ שלאָפּ. באַלוימעס האָב איכ פײַנט צו דערציילנ.
נאַרישקײַטנ!

דאָס אופשטייענ אפ מאָרגנ גאַנצפרי האָט מיר געקאָסט גרויס מי. עס האָט מיר ווי געטאָנ איטלעכס אייווער. נאָר די נויט האָט מיכ געצווונגענ אונ מיט מיר א טראָג געטאָנ פונ מײַנ געלעגער. א ייִד לעבט מיט אימפּעט. די נויט טרײַבט אימ צו לויפנ, אַרומצוּוואָגנ, צו טאָנ, צו אַרבעטנ. לאָז נאָר שוואַכ ווערנ א קאַפּעלע דער אימפּעט, בלײַבט ער ליגנ ווי א דערהאַרגעטער. יאָמטעוו דערפילט א ייִד זײַנע וויטעקנ, דענסטמאָל האָט ער געוויינטלעכ צײַט קראַנק צו זײַנ.

די נויט האָט מיכ פונ מײַנ געלעגער אופגעהויבנ. די נויט האָט מיכ אפ די פיס געהאַלטנ, די נויט האָט מיכ רײַטנדיק אפ א פערד אופגעזעצט, די נויט האָט מיר אינ קאַרק געגעבנ, אונ איכ האָב מיכ גערירט פונעמ אָרט אינאיינעמ מיט כאַימ־כאַנע, באַיע־טרײַנעס מאַנ. האַרב איז בא א ייִדנ נאָר דאָס ערשטע ריר, דערנאָכ, אבי א קוועטש די ספּרונזשינקע, גייט עס שוינ ווי אפ פּוטער, ער קריכט שוינ אפילע וווהינ מע באַדאַרפ נישט, וווהינ מע האָט אימ קלאָל נישט געבעטנ. ער דראַפּעט זיכ אפילע אפ די גלײַכע ווענט. איכ קומ באַלד צו מײַנע קרעפטנ, בינ פריש אונ שטאַרק אפּדאָסנײַ.

אַז דער אוילעמ זאָגט: „א ייִדישע נעשאָמע קענ מענ נישט שאַצנ", — מיסטאָמע איז רעכט. גאָר אינ אָנהייב האָב איכ גערעכנט, כאַיע־טרײַנע פרייט זיכ דאָ מיט מיר אַזוי פּאַשעט, וואָס זי האָט דערטאַפּט פּלוצלימ א קאָרעוו, אונ נאָכ אַזעלכנ, וואָס רײַבט זיכ אַרומ ספּאָרימ! דאָס רײַבנ זיכ אַלײנ אַרומ עפּעס א זאַכ האָט שוינ א גרויסנ ווערט בא ייִדנ. א ייִד, פונ די שיינע באַלעבאַטימ אפילע, ווענ עס קומט אימ אויס צו האָבנ אנ אייסעק אינ די פּריסוטסטוועס, הייבט אָנ צומ ערשטנ פונ סטאָראָזש — ער רײַבט זיכ דאָכ פאָרט אַרומ די אַדווינימ דאָרט — שמועסט מיט אימ איבער, אונ גייט אַוועק צופרידנ. לעסאַטע, טראַכט ער, איז גענוג. דער סטאָראָזש איז נישט קיינ שלעכטער מענטש. — דער שאַמעס, וואָס רײַבט זיכ אַרומ א ייִדישער שקאָ־

לע, הייסט באַ א טייל פונ ייִדישנ אוילעמ: דער אינספּעקטאָר; דער ייִדישער בריוווטרעגער — פּאָטשטאַר; דער ייִד פונ דער פּאָטשט, — אזויפיל קימאַט ווי פּאָטשטמייסטער. קורצ, ווי מע זאָגט טאַקע: „דעמ ראָווס שיקסע קענ פּאַסקענענ שײַלעס“... באַ דער וועטשערע, אָנקוקנדיק די דיקע, ברייטע מויד, וואָס שוינ צײַט איר אונטער דער כופּע, איז מיר שווינ אַרײַנ אינ נאָז, אז כאַיע-טרײַנעס פרייד באַטײַט, איכ קענ איר צוגיצקומענ צו א שידעכ... אונ, האַכט זיכ, גאָר אפּ מיר גופע האָט זי אַנ אויג. דעריבער טאַקע האָט די מויד אזוי שאַבעסדיק זיכ אויסגעפּוצט... דאָס איז מיר דערנאָכ קלערער געוואָרנ פונ כאַימ־כאַנעס רייד, פאַרנדיק מיט מיר אפּנ וועג. עפּעס האָט ער צופיל אויסגעפרעגט מיכ וועגנ מײַנ באָכערל מיט אזאַ שמועס:

— אזוי! איז אײַער באָכערל שוינ געוואָרנ, אײַער באָכערל, באַר־מיצווע — אונ נאָכ נישט קיינ כאָסנ, נישט! איכ אינ זײַנע יאָרנ האָב שוינ כאַסענע געהאַט, אינ זײַנע יאָרנ. — מײַנ כאַיע־טרײַנע לאָזט מיכ די נעכט ניט שלאָפנ: גוואַלד, א באָכערל! וואָס ליגסטו, גאַזלענ, אזוי?.. גוואַלד, א כאָסנ! — די בסולע מײַנע האָט איר דאָכ געזענ, די בסולע, א גוטע באַלעבאָסטע. עפּשער טאַקע שוינ צײַט איר כאַסענע צו מאַכנ, שוינ צײַט עפּשער? — וואָס זאָגט איר, רעב מענדל? עפּעס זײַט איר דאָכ א ייִד א לאַמדנ, שוינ צײַט? מײַנע האָט מיט מיר הײַנטיקע נאַכט איבערגעשמועסט... איר זײַט באַ איר שטאַרק כאָשעוו, זײַט איר. אלצ קומט אומגעריכט. באַדאַרפ זיכ גראָד מאַכנ א מײַסע, אונ איר האָט פאַרבלאָנדזעט צו אונדז... זייער אָנגעלייגט, כלעבנ. איז אײַער באָכערל שוינ, זאָגט איר, באַרמיצווע, אײַער באָכערל?

אינ דעמ, ווי מיר שמועסנ דאָ אזוי, קומענ מיר צומ אָרט פונ די בײַדלעכ. פריִער באַטראַכט איכ גוט מײַנ בײַדל אינ איטלעכס ווינקעלע. באַרעכאַשעמ, אלצדינג דאָ אינגאַנצנ, — אונ לאָז מיכ צוגיינ דערנאָכ צו אלטערס בײַדל. האַכט זיכ, אויכ נישט גערירט, עס שטייט

אפ זײַנ אָרט. נאָר קוימ נעמ איכ מיכ צומ לאַנטוכ, מיט וועלכנ דאָס בײַדל איז איבערגעדעקט, און טו א טאַפּ, בינ איכ פאַרצאַפּלט גע־וואָרנ: עס רירט זיכ עפּעס אונטער אימ... איכ שפּרינג אָפּ שטאַרק דער־שראָקנ אפ צענ איילנ אינ דער זײַט. דאָס לאַנטוכ הייבט זיכ דערוווײַל אופּ, און איכ דערזע פאַר מײַנע אויגנ זיצנדיק אפנ וואָגנ מיט א פאַרבונדענעמ קאָפּ — אַלטער יאַקנעהאָז...

11

דאָס מיט אַלטערנ איז פירגעגאַנגענ, ווי ער איז הינגעקומענ, פונ־וואַנענ ער האָט פּלוצלימ זיכ גענומענ און פאַרוואָס דער קאָפּ איז אימ פאַרבונדנ — די דאָזיקע שײַלעס דערקלערט אונדז באַלד אַלטער מיט זײַנ קאָשער מויל אַליינ אַזוי:

— מיילע, גיי איכ מיר נאָכ די פערדלעכ. בעקיצער נישטאָ קיינ פערדלעכ! נישטאָ, טראַכט איכ מיר, גאָרנישט. אַפּאָנעמ, זיי זײַנענ פאַרגאַנגענ ווײַטלעכ. גראָז אינ וואַלד איז זייער גוטע, שאָטנ אויכ דאָ. פאַרוואָס נישט? א מענטש, לעהאַוודל, זוכט אויכ, ווו גוט איז. מיילע, גיי איכ מיר ווײַטער, ווײַטער, פאַרשטייט איר מיכ. — מע הערט נישט, מע זעט נישט. וואָס טוט מענ דאָ? ס'איז דאָכ עפּעס שאָפּל! פּלוצלימ דאַכט זיכ מיר אינ וואַלד עפּעס א שאָרכ אפ יענער זײַט פונ א טאָל. מײַנער — באַלד טאַקע אַראָפּ, אַרופּ, אַהינ, אַהינ, בעקיצער גאָרנישט. דערווײַל ווערט שפּעטלעכ, ס'איז שוינ טונקל, עפּעס גאָר נישט קיינ גוטער מאַסעמאַטנ!.. דאַכט זיכ מיר ווידער א שאָרכ, איכ — ווײַטער אַהינ, דריי מיכ, זוכ — און ווײַטער גאָרנישט. עס פאַרדריסט מיר שוינ, פאַרשטייט איר מיכ, וואָס איז דאָס פאַר א גאַנג? בעקיצער, ווידער א שאָרכ און עפּעס ווי טריט. — אָט האָסטו

זיי, די שיינע ליַיט! א קרענק זיי אין די ביינער! — פלוצ איך שטאַרק אופגעבראכט און דערשלאָגן מיך אהין, ערגעץ אין א העק, צווישן גע־דיכטע צוויַיגן. אהא, ס'איז דאָ, דערטאַפּט!.. וואָס? צו אלדי שוואַרצע יאָר, — עפּעס א רויטע קו... א קו, וואָס, ווי געוויינטלעך, זיך פון דער משערדע אָפּגעריסן און פארגאנגען אין וואלד. אצינד וואָס? איך ווייס גאָר ניט, וווּ איך בין. נישטמער, שטיין איז קיין טאכלעס נישט. מיילע, גיי איך מיר אין צאַרעס, אף גאָטס באַראָט, און פארגיי מיר צו א פּיַיערל, וואָס האלט באם אויסגיין. האָלאָוועשקעס רייבערן זיך, ס'איז נאָך דאָ אין זיי א פונק. דאָס גראָז ארום און ארום אויסגע־טרעטן, עס וואַלגערן זיך ברעקלעך ברויט, שאָלעכץ פון אייער, פּין אוגערקעס, ציבעלעס און קנאָבל, אויך צעריסענע שמאטעס און שמאַ־טקעלעך. דאָ איז, אפּאָנעם, געווען א היפשע קאָמפּאַניע, און ווי עס זעט אויס, א כאָפּטע ציגיַינער. גאָר עפּעס נישט קיין גוטער אייסעק! ציגיַינער האָבן ליב צו לאַקכענען. פלוצלים האכט זיך פון גאַנץ וויַיט עפּעס א קאָל. עפּשער רופט עס דאָרט רעב מענדעלע? גייט מיר איבער א געדאַנק, און איך לאָז מיך גיין געשווינדער. דאָס קאָל: דאָ הערט עס אוף, דאָ לאָזט עס זיך ווידער הערן, און וואָס נעענטער — ווערט עס אלץ שרעקלעכער, ווי איינער שריַיט גוואלד... עפּעס גאָר א שרעק, כלעבן! נישטמער, גאָרנישט. איך טו מיר מיַינס און גיי. עס העלפט נישט, נאָר קוק מיך גוט ארום און היט די ביינער. בעקיצער, אקעגן מיר וואקסט אויס פונדערוויַיטנס עפּעס א קרעטשמעלע, א כורוועלע אף הינערשע פיסלעך. עפּעס איז מיר עס נישט געפעלן. איך באַהאלט מיך א ביסל אין דער זיַיט צווישן צוויַיגן. גראָד טאַפּ איך דאָרט אָן עפּעס א דרענגל. נעם עס אין דער האַנט, פארשטייט איר מיך, לעיע־סער ביטאָכן. זיץ שטיל און קוק מיר, וואָס וועט דאָ זיַין. עס קומט מיר אין קאָפּ אריַין שרעקלעכע זאכן, מיַיסעס מיט גאזלאָנים און גלופּ־סקער גאנאָווים. פלוצלים וויַיטער א געשריי, א ביטער געשריי, ווי

פֿון אײנעם, װאָס איז אין אַ גרױסער סאַקאָנע, און, דאַכט זיך, דאָס ביטערע געשרײ איז פֿון כורװעלע. עס כאַפּט מיך אָן באַם האַרצן. עס טראָגט מיך אונטער פֿונעם אָרט, און אײדער מיך צו באַטראַכטן, שטײ איך שױן נעבן קרעטשמעלע, אַלײן נישט רעכט צו געדענקען, װיאַזױ האָב איך מיך דאָ גענומען. עפּעס געפּיקט האָט מיר אַלץ אין קאָפּ: אַן אײגענער, אַן אײגענער! אַ קאַשע אַף אַ מעשׂה! עפּשער איז װאָר רעב מענדעלע אין אַ סאַקאָנע. איך װײס דען, אַפֿאָנעם, װוּ איך בין? ס׳איז טאַקע אַ מוירע, נישטמער, גאָרנישט! מײַן טויט זאָל דאָ זײַן, מוז איך מיך דערגײן, װאָס טוט זיך דאָ אַזױנס. עפּעס בין איך דאָך אַ שמיקל אַקשן אױך. בעקיצער, איך גײ מיר פֿאַמעלעכן און האָרך מיך גוט צו. עפּעס הערט זיך אַ פֿאַרדומפּט קאָל. איך קום צו נעבן אַ צעשטאָטענעם טויער, קוים װאָס ער האַלט זיך פֿאַר אַלטקײַט. מײַנער — פּוץ אַרײַן אינװײניק אין אַ גרױס הויז! גײ אַף די שפּיץ פֿינגער, זוך, נישטער אין דער פֿינצטער, שאַ, שטיל. איך נעם אַרױס פֿון דער קעשענע אַ פּעקעלע מיט עטלעכע שװעבעלעך, רײַב, רײַב מיט אַ ציטערדיקע האַנט, — אומזיסט, עס װיל נישט ברענען. דאָס לעצטע צינדט זיך לעסאָף אָן, און באַלד טאַקע לאָזט זיך הערן אַ געשרײ גאָר אין אײן אָטעם, ערגעץ פֿון דער זײַט דאָרט. דאָס שװעבעלע פֿאַרלעשט זיך, און גאָרנישט. איך טאַפּ אין דער פֿינצטער, קריך ערגעץ אַרײַן, און שלאָג מיך אָפּ עמעצן עפּעס אָן. די האָר שטעלן מיר זיך קאַפּױר, פֿרעגט מיך בעכײרעם, אַף װאָס פֿאַר אַ װעלט איך בין. בעקיצער, באַ דער שײַן פֿון דער אופֿגײענדיקער לעװאָנע, דורך אַ קלײן אױסגעשלאָגן פֿענצטערל, אין אַ פֿאַרשימלט בײדערל אָן אַ טיר, דערזע איך, ליגט אײנער געבונדן, װי אַ שאָף, מיט הענט און מיט פֿיס, איז, נעבעך, טויט, בלײך װי די װאַנט, קוים־קוים װאָס ער זשיפּעט. — גאָט האָט אײַך געבראַכט אַהער, — זאָגט דער אומגליקלעכער פֿאַרשױן. — בינדט מיך גיכער אױף, װאָרעם איך בין פֿאַרבײַ. די שטריק

האָט מיר זיכ אײַנגעשניטנ אינ דעמ לײַב, אונ עס ברענט מיכ א טרונק...— ווער האָט אײַכ אזוי געפּעגטעט? — טו איכ א פרעג, נעמ באַלד ארויס מײַנ מעסער אונ שנײַד אופ די שטריק.— אינ זײַנ טאַטנס טאַטנ אַרײַנגעפלויגנ! — שילט דער פּאַרשוינ, אויסגלײַכנדיק די ביינער.— אזא מאַמזער, נאָטקע גאַנעוו! — וואָס, א גאַנעוו? — רופ איכ מיכ אָנ, שאַרפ אָנקוקנדיק דעמ פּאַרשוינ.— יאָ, יאָ, אַלצדינג אינ דער קאָרט! ערשט הײַנט נאָכ האָט ער געגאַנוועט א פּאָר פערד.— איכ שפּרינג אזש אונטער הערנדיק אזוינס. בעקיצער, איכ הייב אָנ באַלד טאַקע דעמ פּאַרשוינ אויסצופרעגנ, זאָג סימאָנימ,— אונ עס קומט אַלצדינג קלאָר ארויס ווי בוימל אפנ וואַסער. בא יענע פײַערל אינ דעמ וואַלד זײַנענ דאָס געזעסנ א גאַנצע כאָפּטע שלעפּערס, פײַנע־לײַט, איינער פונ די שײנע נעפּאַשעס האָט זיכ געלאָזט שפּאַצירנ דאָרט אונ צוגענומענ אונדזערע פערדלעכ. איכ דערגיי מיכ דעמ וועג, אפּ וועלכנ די שלעפּערס האָבנ זיכ געלאָזט פאָרנ, אונ עס בלײַבט בא מיר, באַלד אָנ שיִעס, נאָכ די גאַנאָווימ זיכ צו לאָזנ. דער פּאַרשוינ פרווט מיכ אָפּהאַלטנ, לייגט מיר שטיינער אפנ האַרצנ: ער האָט מוירע, דער מאַמזער זײַנער איז א רויצייעכ, מיט אימ פאָרנ נאָכ בוידנ פּאַרשוינענ, אַלע קימאַט אזעלכע ווי ער. מיכ אָבער האָט עס נישט געלאָזט רוענ. בלײַבנ אָנ א פערד קענ איכ נישט.— ניינ, ניינ! איכ מוז זיי דעריאָגנ, עס מעג זיכ זײַנ, וואָס עס וויל. לאָזנ שפּײַענ זיכ אינ דער קאַשע קענ איכ נישט. א רעגע איז אצינד טײַער: בלײַבט איר דאָ, רוט זיכ אויס, בא מײַנ צוריקומענ מיט די פערד, אימירצעשעמ, נעמ איכ אײַכ אונ מיר פאָרנ ביידע פונדאַנענ אוועק,— אזוי זאָג איכ דעמ פּאַרשוינ, צו וועלכנ עס ציט מיר עפּעס שטאַרק דאָס האַרצ, נעמ די פיס אפ די פּלייצעס — אונ לאָז מיכ געשווינד אינ וועג אַרײַנ.

דאָס אַלטע וויסטע קרעטשמעלע שטייט אַרײַנגערוקט א ביסל אינ וואַלד, בא דעמ שליאַכ, ווו עס טיילנ זיכ וועגנ אינ פאַרשיידענע

זײַטנ. לינקס פאָרט מענ קײנ גלופּסק, קײנ װאָלינ, אונ רעכטס — אינ
שטעטל פונ פּאָדאָלער גובערניע. איכ נעמ מיכ רעכטס. בעקיצער, איכ
גײ נישט, נאָר איכ לױפ. אינ קאָפּ בינ איכ — א שרעק. איכ װאָלט
צעריסנ דעמ גאַנעװ, װי א הערינג. עס פעלט מיר מער נישט צו די
גוטע אײסאָקימ, בלײַבנ זיצנ אינ פעלד אָנ א פערד, אָנ א גראָשנ
געלט. נישטאָ מער, גאָרנישט. מײַנע פיס הײבנ אָנ זיכ אָפּצוזאָגנ פונ
דעמ גיכנ גאַנג, דער מאָגנ װיל נישט װיסנ פונ קײנ שומ זאַכ אונ
מאָנט עסנ. א קלײניקײַט עפּעס אַזא גרױסנ טאָג אָפּצופּאַסטנ. שלעכט!
עס עסט מיכ דער געדאַנק: פאַרפאַלנ די מי, אומזיסט דאָס לױפנ! זײ,
די שײנע נעפּאַשעס, זײַנענ אַװעק א היפּשע צײַט פריִער פונ מיר, אינ
װאָס נאָכ? זײ פאָרנ, אַקעגנ זשע איכ גײ צופוס. עס שטאַרקט מיכ
נאָר אײנ האָפענונג: טאָמער װעט אָנלױפנ עפּעס א פורל. א גליק נאָכ,
װאָס די לעװאָנע שײַנט אונ מע קענ כאָטש זענ װי אינ העלנ טאָג. בע־
קיצער, איכ גײ, שױנ נישט אַזױ געשװינד מיט אימפּעט, װי פריִער,
אָבער איכ גײ, נעמ מיר אַרומ די אױגנ קוקנדיק. נישטאָ קײנ לעבע־
דיק באַשעפעניש. נישטאָ מער, גאָרנישט, איכ טו מיר מײַנס, אַלץ װײַ־
טער, װײַטער. נעמ איכ מיכ צו עפּעס א זאַכ, פאַרשטײט איר מיכ,
לאָז איכ עס אַזױ גיכ נישט אָפּ. בעקיצער, דאַכט זיכ, א קלאַפּנ פונ
רעדער... אינ דער ערד מיטנ קאָפּ! אַפ צעשפּרינגעניש פאָרט מענ גאָר
מיר אַקעגנ, נישט אינ דער זײַט, װוּהינ איכ באַדאַרפ. אײַ, א מאַזל,
מײַנ פינצטערער מאַזל! — איכ װענד מיכ צו אײנ פורל, צו דער אַנדע־
רער. אַלע זײַנענ שיקער=לאָט. אַצינד, פאַרשטײט איר מיכ, װער איכ
שױנ גאָר מיִעס אינ קאָפּ. אָבער װי נאָכ אינ קאָפּ... אונ טו מיכ א לאָז
װײַטער מיט אימפּעט. איכ בינ שױנ אָפּגעגאַנגענ א היפּשע שטרעקע
װעג, ס'איז שױנ טאַקע גוט שפּעט. אינ מיר איז נאָכ דאָ אַלץ א האָ־
פענונג, עס װעט מיכ אָניאָגנ א פורל. אונ פונדערװײַטנס דאַכט זיכ
טאַקע עפּעס פורלעכ, נאָר אינ דער ערד מיטנ קאָפּ! װידער טאַקע מיר

אקעגנ... נײנ! טראַכט איכ, הײַנטיקס מאָל לאָז איכ עס אַזוי נישט אָפּ. דאָס לעצטע, וואָס בא מיר געפינט זיכ, גיב איכ אַוועק, אבי מע זאָל מיכ אונטערפירנ. איכ טרײַב מיכ אונטער, גײ מיט קוראַזש, נאָר די פֿורלעכ דאָרט רירנ זיכ, דאַכט זיכ, נישט. שטײענ עפּעס אַפּ אײנ אָרט.

א האַרצווייטעק נאָר, א צעשפּרינגעניש! נישטמער, גאָרנישט, בעד־קיצער, צוקומענדיק נעענטער, דערזע איכ, דאָס זײַנענ בײַדלעכ. עס פֿאַלט מיר באַלד אײַנ, עפּשער זײַנענ עס די פּײַנע-לײַט. איכ האַלט אײַנ דעמ גאַנג, גײ מיר שטיל, פּאַמעלעכנ אונ טראַכט, וואָס טוט מענ? בא דער זײַט וועג ציט זיכ א וועלדעלע, — מײַנער אַרײַנ אהינ, באַ-האַלט מיכ צווישנ בײמער, פֿונוואַנענ איכ קוק אַרויס אונ באַטראַכט די בײַדלעכ אַקעגנ. יאָ, דאָס זײַנענ מיט די אַלע סימאָנימ זײ, זײ! אײנ בײַדל ליגט אָנגעבויגנ צו דער ערד, אַרומ אימ א גאַנצ פּעקל: מאַנצ-בלענ, ווײַבער, יונג אינ אַלט, קינד-אונ-קײט, אָפּגעריסענע, אָפּגעשלי-סענע. דער האַקט, יענער קלאַפּט, אײנער גיט אײַצעס, דער אַנדערער פֿלוכט, זידלט, ווײַבער קוויטשענ, אונ קינדער שרײַענ, פּישטשענ. ס'איז א געשילטערײַ, א געבײזערײַ, א פּאַטשערײַ, א כאָכלערײַ מיט א געוויינ אונ א געלעכטער אינאײנעמ. צווישנ דעמ ראַש הערנ זיכ קוילעס: שולדיק איז דאָס נײַע פּערדל, פֿאַרברענט זאָל עס ווערנ! אַזא פּליאַגע! דעמ גאַנצנ וועג האָט עס געצויגנ אַלצ אינ דער זײַט, אַפּ צעלאָכעס אַלצ אינ דער זײַט... עפּעס א פֿאַרשלעפּטע קרענק, פּײגערנ זאָל עס! פּײַוועשקעס קאָשערע מעציע, א כאָליערע אַפּ אימ! — פּיסקאַ-טשעס, שטינק־פּעסלעכ, קוליעס שטרוי אָנ הענט, אָנ אויגנ, גאָר־נישט, — נאָר פּרעסנ, דריכגענ! — זידלט זיכ אײנער, א רויטער יונ־גאַטש מיט ברײטע פּלײצעס, אונ ווײַזט דערבײַ איטלעכנ א קולאַק. איכ זוכ מיט די אויגנ אונ דערזע: אינ די אָבעדריקעס מיט שלײעס שטײט אָפּגעשפּאַנט בא דעמ הינטערשטנ בײַדל אונער פּערדל, רעב

מענדעלע! מע האָט אים, אַפּאָנעם, מעכאַבעד געווענ גײנ אַפנ דראָנ־זשיק.— אײַ, כאָכעמ מײַנער! — מאַכ איכ פאַר פרייד.— דו האָסט זיי אָנגעמאַכט א גוטע כאַסענע, גישקאָשע... ווּ זשע איז ערגעצ מײַנ שלימאַזלניצע? מײַנ שקאַפּע, זע איכ, שטייט צוגעבונדנ הינטער דעמ דאָזיקנ בײַדל טאַקע. איכ באַטראַכט מײַנ דרענגל, נעמ ארויס מײַנ מעסער אונ לאָז מיכ אַזוי שטילערהייט, ווי א קעצעלע, צומ בײַדל, בעשאַס די כאָפּטע איז שטאַרק באַשעפטיקט דאָרט מיט דער אַקס, שנײַד געשווינד איבער די שטריק, כאַפּ מיכ ארויפ רײַטנדיק אונ פאָר מיט ביידע סוסימ אָנ א זײַ־געזונט אַוועק. מײַלע, גאָרנישט! באַדאַרפ גאָר, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, אײנער פונ דער כאָפּטע דערזענ, מאַכט א געפּילדער, אונ עס ווערט א קאָכעניש. דער רויטער יונגאַטש, זע איכ, יאָגט הענדום־פּענדום, אונ אָט־אָט דעריאָגט ער מיכ. מײַנער שמײַסט, טרײַבט די פערד. זיי לאָזנ זיכ הײַנטיקס מאָל נישט בעטנ אונ לויפנ ווי ווײַט נאָר זיי קענענ. דער רויטער איז שוינ ווײַטלעכ א ביסל הינטער מיר. באַדאַרפ מײַנ שקאַפּע זיכ פאַרפּלאָנטענ אינ די שלייעס פונ אַנדער פערדל, וועלכע איכ האָב אינ אײַלעניש נישט אַראָפּ־גענומענ. זי פאַלט, אונ עס ווערט אַנ איקעוו. דערווײַל יאָגט אָנ דער רויטער יונגאַטש, אָנגעצונדנ ווי א גאַזלענ, אונ וואַרפט זיכ אַפ מיר ווי א כײַע־ראָע. מיר ראַנגלענ זיכ מיט אַלע קויכעס, שטומ, נישט צו ריידנ קיינ וואָרט פאַר גרויס קאַס. מיר ווילנ אײנער דעמ אַנדערנ אומ־וואַרפנ אונ פאַלנ ביידע, ארומנעמענדיק זיכ שטײַפ, אַזוי אַז די בײ־נער קנאַקנ. בעקיצער, מיר אַרבעטנ געשמאַק: אָט בינ איכ פונ אויבנ, דער רויטער אונטנ, קוועטש, אַזש דער רועכ נעמט אימ; פּלוצלימ בײַטנ זיכ די יאָצרעס: ער פונ אויבנ אונ איכ אונטנ. נישטמער, גאָר־נישט. איכ דערלאַנג אימ, פאַרשטייט איר מיכ, אינ דער זיבעטער ריפּ, אינ דער דיכ. ער שפּרינגט אונטער אונ בלײַבט ליגנ שטיל, ווי טויט. מײַלע, גאָרנישט! דאָס איז געווענ נאָר אַנ אָנשטעל. איכ לאָז אימ אָפּ,

און דאָס טאקע האָט ער געמיינט. ער באַברעט זיכ דערווײַל שטיל און באקומט ארויס בא זיכ פונ דער קעשענע א מעסער. — עהע, אזא באַ־כער ביסטו! — טו איכ א געשריי, גיב אימ א זעצ איבער דער האנט, אזוי אז דאָס מעסער פאלט אימ ארויס און פארפליט ווײַט. ער נעמט זיכ צונויפ מיט אלע קרעפטנ, גיט זיכ א וואָרפ אפ מיר פלינק ווי א קאצ, דראפעט מיר דעמ האלדז און אָט־אָט שטעקט ער מיר ארײַנ די פינגער אינ גאָרגל. פלוצלימ הערט זיכ פונדערווײַטנס א גלעקל. דאָס מאכט אפ אימ א מוירע. ער איז דאָכ פאָרט א גאנעוו. — אײַער טרייפנ מאזל, — ברומט ער ווי א בער, — וואָס דאָס גלעקל! נאט אײַכ ושע א מאטאָנע... ער טוט מיכ א טראָכ אינ קאָפ און ווערט פארשווונדנ. איכ שטיי באלד אופ, כאפ מיכ ווידער ארופ רײַטנדיק און פאָר מיר מײַנ וועג. שפעטער ערשט דערפיל איכ דעמ ווייטעק. טו מיכ א טאפ, — בע, אפנ שטערנ איז מיר א בײַל! נישטמער, גאָרנישט. מײַנס האָב איכ אויסגעפירט. די פערדלעכ, פארשטייט איר מיכ, זײַנענ בא מיר.

— בענטשט גוימל, וואָס ס'האָט זיכ אזוי אויסגעלאָזט! — רופ איכ מיכ אָנ און נעמ אלטערנ ארומ פאר פרייד.

— נישקאָשע! — מאכט אלטער. — לאָז דער רויטער דאָרט אויכ בענטשנ גוימל, וואָס א מעסלעם האָב איכ גאָרנישט אינ מויל געהאט און בינ געוועננ שטארק מיד. אָבער אונדזערע סוסימ זײַנענ דאָ.

— ווו זײַנענ זיי, די לייבנ אונדזערע? — פרעג איכ, ארומקוקנ־דיק זיכ אינ אלע זײַטנ.

— האָט צײַט א ביסל, רעב מענדעלע, — ענטפערט אלטער, — דער פארשוינ, מיט וועלכנ איכ בינ צוריקגעקומענ, האָט געפירט די לייבנ אָנטרינקענ דאָרט אראָפ נידעריקער, ווו ס'איז דאָ א טײַכל און גוטע גראָז. זײַט רויק, נישקאָשע. ער גיט אפ זיי גוט אכטונג. איכ בינ אויכ נישט לאנג געקומענ. מיד, צעבראָכנ, לוי־אלייכעמ, טו איכ מיכ

א וואָרפ אינ בײַדל אונ דעק מיכ איבער מיט דעמ לאַנטוכ, כאַפּנ א דרעמל. נאָר קוימ וואָס איכ מאַכ צו איינ אויג, קומט איר אָנ, רעב מענדעלע, אונ געלויבט איז גאָט, וואָס מע זעט זיכ געזונט... וואָס גייט איר עס עפּעס פאַרבונדנ, רעב מענדעלע? הא, די צייג?

— איר, רעב אַלטער, — זאָג איכ, — איר זײַט געקומענ פאַרבונדנ דעמ קאָפּ, מיט א בײַל, איכ פאַרבונדנ, אָנ א פּייע, איר מיט א פאַר־שוינ, אונ איכ מיט רעב כאַזמ-כאָנע, כאַיע-טרײַנעס מאַנ, — שמעל איכ אימ צומ צווייטנ מאָל פאָר שוינ מיט דעמ גאַנצנ טיטל.

אַלטער שטעלט אויס די אויגנ, קוקט אפ מיר מיט א פרעג.

— וואָס הייסט? — מאַכ איכ שטאַרק פאַרוווּנדערט. — איר קענט נישט כאַיע־טרײַנענ?

— מיילע, כאַיע־טרײַנע איז כאַיע־טרײַנע, — מאַכט אַלטער פאַר־וווּנדערט צוריק. — אָבער די פּייע! וואָס געהער זיכ עס אָנ מיט אַנ־ער פּייע?...

— א קרויווע, מײַנ ווײַב געהער זיכ אָנ א קרוייווע... — רופט זיכ כאַזמ-כאָנע אָנ מאַמעוואַטע.

אונ ווי מיר שמועסנ זיכ דאָ אזוי, זיצנדיק אפנ גראָז, וווײַזנ זיכ פונדערווײַטנס אונדזערע לייבנ, העצקענדיק זיכ, קלאָמפּערשט ווי זיי לויפנ. עפּעס האָט זיי אינ מײַנע אויגנ דאָס פּאָנעמ זיכ געענדערט פונ נעכטנ אָנ. זיי פאַרגײַסנ די קעפּ מיט גנײַווע, גלײַכ ווי געדערדט: לאַכ דיר, לאַכ, פונדעסטוועגנ האָט זיכ אפ אונדז געפונענ א באַלנ, געהאַט שטאַרק ביישעק אונ אונדז אוועקגעגאַנוועט. נישקאָשע, מיט א שמאַ־מע אפנ פוס, מיט א רינענדיק אויג, פונדעסטוועגנ, אז מע באַדאַרפ גיינ אפנ דראָנזשיק, גייט מענ, אונ אנ אקס אז מע באַדאַרפ צע־ברעכנ, — קענענ מיר אויכ נישט ערגער פונ אַנדערע. אז אָב־אונ־ווייַ איז אונדז נאָר, וואָס מיר זײַנענ ייִדישע. איר, רעב ייִדנ, זײַט זיכ נאָר מיסכײַעוו אײַערע פערד קעסט, אונ געבנ גיט איר זיי מאַ-

קעס...— איך דערלאַנג מײַן פּערדל, בעשאַס צוקומענדיק צו מיר, א קלײן זעצעלע איבער דער מאָרדע מיט א שמײכעלע: דו שקאַץ אײנער!

באַלד דערויף קומט אויך צו אַלטערס פּאַרשוין. איך טו א בליק און לאָז אַרויס אַפּ א קאָל, א פּאַטש געבנדיק בײדע הענט:

— פּישקע! מע זאָל געווען דערמאָנען מאָשיעכן, וואָלט ער געקו־מען.

— יענער פּישקע? פון וועלכן איר האָט מיר דערציילט? — פרעגט אַלטער זײער פאַרוווּנדערט.

— יאָ. יענער, דער פון דער באָד.— נו, שאָלעם-אַלײכעם, פּישקע!

— איך האָב אײַך, רעב מענדעלע, אויך דערקענט,— זאָגט פּיש־קע, אָפּשטעקנדיק מיר צוריק א שאָלעם־אַלײכעם.

— אײַער פּישקען קומט א דאַנק,— מאַכט אַלטער צו מיר.— ווען נישט ער, וואָלטן מיר אונדזערע פּערדלעך געזען ווי אונדזערע אויערן.

— ווען נישט רעב אַלטער,— מאַכט פּישקע אויך צו מיר,— וואָלט פּישקע א מיסע־משונהדיקע אײַנגענומען.

— איך האָב שוין געהערט, געהערט, — רופט איך מיך אָן. — זאָג בעסער, פּישקע, פונוואַנען האָסטו זיך אַהער גענומען?

— ס'איז א לאַנגע מעשה,— ענטפערט פּישקע, אָוועקקערנדיק דעם קאָפּ אין דער זײַט.

איך שטײ א רעגע און באַטראַכט פּישקען. ער איז נעבעך, נאַקעט און באָרוועס, מיט געשוואָלענע, פאַרבלוטיקטע פיס, פאַרברענט פון דער זון, און דאַר ווי א צווים־שטעקל, נאָר הויט און בײן. דאָס האָרץ האָט געריסן, קוקנדיק אויף אים. ער האָט געמוזט, נעבעך, געגנוג צאָרעס אויסשטײן. איך נעם אים בײַ דער האַנט און זאָג:

— דײַן מעשה, פּישקע, וועל איך שפּעטער הערן. עס וועט נאָך זײַן צײַט. איצטער רו זיך א ביסל אויס דאָ מיט אונדז.

פאר א יידישן באַל-לאָשן וואָלט געווען גענוג מאַטעריאַל אפ אָנצושרײַבן א שיינעם פּיזמען פון אונדז אלע, דענסטמאָל אין יענעם שיינעם פרימאָרגן. ס'איז דאָ צום פּיזמען פיר באַוויַבטע יידן, ווי זיי ליגן זיך צעשפּיליעט אפן גרינעם גראָז, האָבן האנאָע און שוויַגן. אויך א זון מיט שטראַלן, הימל, נאַטור, טוי־טראָפּן, שפּילפייגעלעך און פערדלעך. איינס שענער פונעם אנדערן. דערצו וואָלט ער דאָך געמעגט געבן א גמילעסכעסעד עפּעס פון זײַנס אויך: א טשערעדע שאָף, וואָס פיטערן זיך אפן געמויזעכץ, א קלאָר רינענדיק וועסערל, ווי „אינדרן טוען צעברעכן זייער דאָרשט", און אונדז — פײַפעלעך אין מויל, אפ וועלכע מיר שפּילן און שאַלן, ווי די פּאַסטעכער, א לויב־ליד דער געליבטער קאַלע אין שיר־האשירים. טאָרבעס איז דאָ בא אונדז, באָרעכאשעם, אייגענע, נישט צו באַדאַרפן זײַנס. בא אים בלײַבט עס... נאָר אָבער — אד קאָנ! ביזדאנען! ווײַטער, רעב ייד, רוקט זיך נישט! צו מיר אין דער נעשאָמע ארײַנקריכן, ארײַנלייגן דאָרט אײַערע כאָכמעלעך, פּוילע פּשעטלעך — דאָס איז נישט פאַר אײַך. דערופּ איז שוין דאָ פאַר אײַך אנדערע ערטער... מײַנע געדאנקען גיב איך איבער בעסער אליין.

פּאָשעט איז פּאָשעט. איך ליג מיר בעקומפּאַניע צעלייגט, קוק מיט א פּאָר אָפענע אויגן און האָב זיך מעשונע האנאָע. וואָס? גאָרנישט. עפּעס איז מיר גוט אפן הארצן גלאַט אזוי אָן ווערטער. דאָס צוטרימקען מײַנס דערבײַ איז אויך נישט מיט א קאַוואָנע צו געבן קאָנצערט אָדער צו שאַרפן די קיילע, נאָר גלאַט אזוי זיך א טרים-ברים, ברים־טרים... אזוי געוויינטלעך טרימקעט א ייד אָן ווערטער, אָן א שום גע-

דאנק, ווען די דײַגעס־האַפֿאַרנאָסע לאָזן אים א ביסל נאָך. אזוי געװײנטלעך טרימקען קאָמפּאַניעס ייִדן, איטלעכער פֿאַר זיך, אַף זײַן שטייגער, בעשאַס זיי שפּאַצירן זיך יאָמטעוו אָדער שאַבעס נאָכן קוגל אין די באַלאַטלעך, דרייענדיק דערבײַ א טייל — די קוטאַסן, די שפּיצן בערדלעך, און א טייל פֿאַרלייגט די הענט אַהינטן.

באַזים־באָנע מײַנער טרימקעט אויך מיט א שײַנענדיק פּאָנעם. דערנאָך גיט ער זיך פּלוצלים א שטעל אוף, נעמט זיך באַם בערדל, באַלעקט זיך און מאַכט צו מיר אזוי:

— נו, רעב מענדעלע! שוין צײַט, מיין איך, צײַט פֿאָרן. האַ?

— איר ווילט שוין פֿאָרן אַהיים? — רוף איך מיך אָן און שטיי אויך אוף. — נו, פֿאָרט געזונטערהייט!

— וואָס הייסט? — קוקט באַזים־באָנע אַף מיר שטאַרק פֿאַרוווּנדערט. — און איר, רעב מענדעלע, איר וועט דען מיט מיר נישט פֿאָרן? עפּעס האָט מען דאָך גערעדט, עפּעס...

— ווי קען איך, — ענטפֿער איך, ווײַזנדיק אַף די אַלע לײַט מײַנע.

— מיר בעטן, מיר בעטן! — מאַכט באַזים־באָנע. — לאָזן זיי אויך פֿאָרן. מײַן באַיע־טרײַנע מאַכט הײַנט וואַרעניקעס. עס וועט פֿאַר איטלעכן געננוג זײַן וואָס צו עסן, וואַרעניקעס.

— א שיינעם דאַנק! — פֿאַרבייג איך מיך. — נישטאָ קיין צײַט. מע מוז אין זינען האָבן עפּעס פֿאַרנאָסע. גרייסט אײַער ווײַב גאָר פֿרײַנטלעך.

— גאָט איז מיט אײַך, רעב מענדעלע! מײַן ווײַב וועט מיך האַרג... — באַזים־באָנע האָט געוואָלט זאָגן „האַרגענען", נאָר ער האָט זיך פֿאַרכאַפּט און אויסגעלאָזט שטאַרק צעטראָגן: — וועט מיך אין שטוב נישט אַרײַנלאָזן, מײַן ווײַב, אָן אײַך. מײַנע האָט מיט מיר הײַנטיקע נאַכט איבערגעשמועסט דעם אייסעק... פֿאַרשטייט איר מיך?

זי ריכט זיך דאָ אַזוי אָפּ אַיִך, כאַסיע־גרונע מײַנע אויך... פֿאַרשטייט איר?

— איך פֿאַרשטיי, פֿאַרשטיי. עס מוז אָבער געדולד זײַן אַ ביסל. מײַן ווײַב וועט מיך אויך האַרג... אין שטוב נישט אַרײַנלאָזן, מיין איך, ווען איך זאָל מיט איר נישט איבערשמועסן דאָס אייסעק. פֿאַרשטייט איר מיך? וואָס קען מען טאָן, רעב כאַזים־כאָנע?

כאַזים־כאָנע איז געבליבן שטיין ווי אויסגעפּאַטשט. מע האָט געזען, ווי עס טריפֿט אים דאָס בלוט. דאָס פּאָנעם האָט אים זיך פֿאַרענדערט.

— טוט מיר די טויווע, קומט! — מאַכט ער מיט אַ געבעט. — ווען נישט, גיט זשע מיר כאָטש אַ בריוועלע צו כאַיע־טרײַנען, אַ געשריפֿטס. מיר אַליין וועט זי נישט גלייבן. מיך באַשולדיקן, וועט זי מיך, אַז איך בין אַ שלימ־שלימ... וועט... וועט... פֿאַרשטייט איר מיך? שרײַבט איר אָן עטלעכע ווערטער, דער רעבע וועט עס איר איבערלייענען. איך בעט אַיִך.

אייִנ ברייִרע: מע מוז ראַטעווען אַ נעפֿעש. ס'איז אַפֿילע אַ גרויסער יווישער אַזאַ מאַן גוט מעקיִעם־פּסאַק צו זײַן. נאָר לאָז ער כאָפּן אַ פּאַטש נישט דורך מיר. איך נעם פֿונעם רענצעלע מײַנעם אין בײַדל אַרויס אַ בלײַפֿען, רײַס אָפּ פֿון אַ סידער דאָס אייבערשטע ליידיקע בלעטל, שפּאַר מיך צו צו דער קעלניע און שרײַב די דאָזיקע ווערטער:

„להנגידה המפורסמת ושאר־בשרי, הצנועה מרת חיה־טרײַנע, זאָל לעבן און געזונט זײַן, אָמיין.

הנה, זײַט וויסן, אַז געלויבט האַשעמיִסבאָרעך, איך בין בעקאַוו האַברִע, געזונט אָפּ אַלע אייוורים. גאָט באָרוך־הו זאָל נישט אָפּטאָן דעם כעסעד זײַנעם פֿון אונדז אויך אָפּ ווײַטער, מיר זאָלן הערן אײַ־

גיכן יעשועס וועגעכאָמעס איינער פונעם אנדערן אין גרויס נאכעס, אוישער אונ קאָוועד מיט א גרינג געמיט, אָמיין סעלאָ... אײַערע קינ־דערלעך, זאָלן מײַריך יאָמים וועשאָנים זײַן, גריס איך גאָר פרײַנט־לעך, אוביפראַט לבתכם הכלה הבתולה מרת כאסיע־גרונע־לעך, בעט איך לעמאנאשעם צו גריסן גאָר פרײַנטלעך.

ווײַטער בין איך אײַך מוידיע, אז האסכוירע האָב איך, געלויבט איז זײַן ליבער נאָמען, געטראָפן גאנץ, אים האבײַדלעך אפ זייער אָרט. ווערהאשיינים, בין איך מוידיע, אז האסוסים האָבן זיך אופגע־זוכט. רעב אלטער יאקנעהאָז האָט זיי פון גאנאָווימס הענט מאַצל געווען. דאָ האָבן זיך געמיט נאָר זכוס־אָוועס. גרויסע ניסים איז אונדז באשײַמפערלעך געשען. מיר זײַנען גאָר אזויפיל נישט ווערט דעם אייבערשטנס כאסאָדים. בעלכם נ״י וועט אײַך איבערגעבן כל דבר שורש,— מע מעג אזוינס אין די קראָניקעס שרײַבן.

איך בעט אײַך מעכילע, כאיע־טרײַנע, ווי אַן אייגענע מוטער, וואָס איך נעם מיך אונטער צו זײַן פאר אײַך א מייליץ־יוישער אפ אײַער בעלכם, וואָס האָט, נעבעך, גרויס שרעק אונ אגמעסנעפעש דער־פון, וואָס איך פאָר היום נישט צו אײַך, לויט דעם מדובר. האָט אפ אים ראכמאָנעס, לאָז ער, נעבעך, נישט האָבן אָפּגעשניטענע יאָרן אונ באשטראָפּט ווערן דערפאר, וואָס איך האלט נישט וואָרט אונ קען נישט, קעפי המדובר, צו אײַך היום קומען. אפ אײַער בעלכם איז, כלעבן, א צארבאלעבאָזם! ער האָט פאר מיר פּאָשעט געבאלעשט, מצדו אײַנגעלייגט די וועלט, אָפּגעלויבט אין טאָג אריין אײַך אובי־פראַט בתכם הכלה המושלמת, וועלכער איך גריס גאָר פרײַנטלעך. האקלאל, ער האָט מצדו געטאָן, וואָס א מאַן אונ א געטרײַער טאַטע באַדאַרף צו טאָן... פארשטייט איר מיך? אונ נאָכאמאָל טאקע פאר־שטייט איר מיך? — ער האָט מיר אפילע גערייצט דעם יעיצערהאָרע מיט ווארעניקעס אונ מיט נאָך גוטע זאכן. נאָר פּארנאָסע איז בילכער

פון אלצדינג. מע מוז צוליב דעם שטיקל פּאַרנאָסע פאַרבייגן אפילע װאָרעניקעס. װעהאַשיינים, האָב איך דאָך עפּעס אַ ז ו ג אָ ס י, איר פאַרשטייט דאָך, פאַרשטייט איר מיך, װאָס איך מיין... אין אַזעלכע זאַכן פאַרשטייט איר?.. װאָס איז דען אַ מאַן אָן אַ ז ו ג אָ ס ו י? איך האָף צו דעם, װאָס לעבט אייביק, אַז מיר װעלן בעלי-נעדער זיך נאָך זען און אימירצעשעם אין פריידן אָפּעסן באַ אַײַך װאָרעניקעס און עפשער נאָך לעקעך אויך... פאַרשטייט איר מיך. דערװײַל זאָל בעלכם, נעבעך, נישט לײַדן. אַ צאַהבאַלעכאַזם!..

איך שיק אַײַך דאָ מיט בעלכם אַ מאַטאָנע: אַ „תחינה חדשה על הפּרנסה", „טבינעס צו ליכטבענטשן, צו ראָשכוידעש-בענטשן", „תחינות אמהות שרה רבקה רחל ולאה", „גאָר אַ שפּאָגל-נײַע טכינע פאַר קאַפּאָרעסשלאָגן", גם שיק איך אַײַך דעם „מעין טהור", װאָס איטלעכע אישע באַדאַרף דערינען זײַן באָקי און שטאַרק היטן די אַלע דינים האָרט, װי זיך נויהעג צו זײַן, איר װעט דערפון גרוים טײַנעג האָבן. אײַער בתכם הכלה הבתולה װעט דערפון אויך מעשונע האַנאָע האָבן.

כאַיע־טרײַנע! איך האָב צו אַײַך אַ באַקאָשע. אַז די װאַנצן שלכם האָבן מיך, נישט הײַנט געדאַכט, נעכטן געפּײַניקט, האָב איך אָראָפּ־געכאַפּט פון מיר האַװאָלענע זאָקן שלי, די ברעסלער, און זיי אין אַײַלעניש באַ אַײַך אָפּן טאַפּטשאַן פאַרגעסן. זוכט זיי, זײַט מויכל, און לאָז בעלכם זיי טראָגן געזונט. אַ מאַטאָנע פון מיר.— זײַט מיר געזונט און גריסט נאָכאַמאָל אײַערע ליבע קינדערלעך. גם אײַער בתכם הכלה־לעב אויך גאָר פרײַנטלעך. פאַרגעסט לעמאַנאַשעם אולע־מאַנאַשעם נישט מיקויעך אײַער בעלכם. בעלכם האָט, נעבעך, אַ שװער, ביטער געמיט. האַבײַטיש שלי, װאָס איך האָב פאַרגעסן, בע־האַאַלקערל שלכם, גיב איך בעמאַטאָנע דעם רעבן, זי װעט אים צוניצ־קומען... פון מיר, װאָס גריסט אַײַך און אײַערע קינדערלעך איטלעכן

באַזונדער און בתכם הכלה־לעב אויך באַזונדער. הקטון מענדעלע מויכער־ספֿרים".

אַז איך האָב איבערגעלייענט דעם דאָזיקן בריוו כאַיעֿ־טרײַנעס מאַן, איז ער געווען איבערגליקלעך און גאָר אַנגעקוואָלן פֿון דעם זיסן לאָשן. בײַ אימלעכס וואָרט האָט ער זיך אַ פּאַטש געגעבן אין דעם שטערן פֿאַר גרויס וווּנדער, ווי אַ מענטש קען אַזויגס אָנשרײַבן, מאַ־כנדיק דערבײַ: אוי, מעכײַעדיק לאָשן!.. אוי, לאָשן, צוקער־זיס, ווי איך בין אַ ייִד!.. מיר האָבן זיך זייער שיין געזעגנט, און ער איז מיט אַ גרינג האַרץ אַוועקגעפֿאָרן.

13

אַזוי ווי איך און אַלטער זײַנען געווען ביידע שרעקלעך מיד און צעבראָכן פֿון נעכטיקער נאַכט, דעריבער איז בײַ אונדז געבליבן כאַפּן אַ דרעמל און אויסרוען זיך אַ ביסל אַקעגן אַ פּאָר שאָ, דערנאָך וועלן מיר זיך לאָזן פֿריש אין וועג העט ביז אין דער נאַכט אַרײַן. פֿישקע האָט אָפּ זיך גענומען אַכטונג צו געבן דערווײַל אויף די פֿערד און אָנגרייטן עפּעס צום מיטאָג. „איך, — אַזוי זאָגט ער, — האָב די נאַכט, נאָך דער מעשה מיט מיר, געשמאַק געשלאָפֿן, ווי נאָך אַ באָד. רעב אַלטערן, בײַ זײַן צוריק־קערן זיך, איז שווערלעך אָנגעקומען, איידער ער האָט מיך דערוועקט". — אַלטער לייגט, אויף מײַן באַקאָשע, דעם קאָפּ זײַנעם אַנידער צו מיר אויפֿן שויס. איך נעם אַ מעסער און קוועטש מיט דעם קלינגל אים אָפּ דעם בײַל אויפֿן שטערן. דערנאָך געזעגנט מיר, קנאַקן אויס די ביינער, גייען און לייגן זיך אין שאָטן אונטער אַ בוים.

ווען נישט די זון זאָל געווען פֿון דער פּוטערפּאַס אַרויסשיקן אירע ברענענדיקע שטראַלן, וואָס האָבן אונדז געבראָטן, וואָלטן מיר געקענט

אזוי ביז נאָכ האַלבן טאָג אָפּשלאָפּן. אופּעפּענענדיק די אויגן, דערזעען מיר נישט ווײַט פון אונדז ברענט א פרייליכער פײַערל, בײַ וועלכן עס קאָכט זיך א טעפּל קאַרטאָפליעס, צוגערעמפּט מיט ציבעלע און מיט א ייִדישער דארע קישקע. מיר נעמען צו ביסלעכ בראָנפן און זעצן זיך באַלד עסן מיט אַפּעטיט. מיר לויבן אָפּ פּישקעס קאָכן איין טאָג אַרײַן. עס האָט דעם ייִדישן טאַם, דער מאַלכעס מעג זײַנע קאַרטאָפליעס עסן. און ער קוועלט גאָר אָן, צווינטשעווענדיק אונדז: עסט געזונט, זאָל אײַך וואויל באַקומען!

— פונוואַנען, פּישקע,— טוען מיר אים א פרעג,— האָסטו עס אויסגעקראַצט א ייִדישע דאַרע קישקע? פון אונדזערע קאַרטאָפליעס און ציבעלע האָט דאָך געקענט זײַן נאָר פּיש־קאַרטאָפל.

— פונוואַנעט, פרעגט איר, א ייִדישע דאַרע קישקע? — ענטפערט פּישקע.— פונעם טאָרבע! ס'איז מיר גראָד געראָטן מײַן טאָרבעלע צו באַהאַלטן פון דעם מאַמזער, פאַרכאַפּט זאָל ער ווערן!

— דערציייל, פּישקע,— בעטן מיר אים,— וואָס איז אזוינס מיט דיר געשען?

— עט! — מאַכט פּישקע מיט א זיפץ.— ס'איז פיל צו דערציילן, זייער א לאַנגע מײַסע.

— דער טאָג איז גרויס, צײַט איז בײַ אונדז, באַרעכאַשעם, דאָ צו הערן דײַן מײַסע. קומט שפּאַנען! — זאָג איך צו אַלטערן, — מיר וועלן זיך פּאָרן, און פּישקע וועט אונדז אָפּן וועג דערציילן.

אז די בײַדלעכ זײַנען שוין געשטאַנען געשפּאַנט, פאַרבעט איך דעם אוילעם צו מיר אָפּן וואָגן. אַלטער אָבער פאַרבעט אונדז צו זיך.— בײַ מיר,— זאָגט ער,— איז גערוימער, נישט אזוי אָנגעפּאַקט מיט סכוירע.— איך מאַך א פּשאָרע: לאָז זײַן א ביסל בײַ אים אָפּן וואָגן און א ביסל בײַ מיר.

## בא אלטער יאקנעהאָז אפּן וואָגן

— נו, הײַדא, פּישקע! ארויס מיט דער ששפּראכע,— בעטן מיר אים נאָכדעם, ווי מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אפּ אונדזערע ערטער און געפּויעלט בא אונדזערע פּערדלעך, זיי זאָלן זיך רירן פונעם אָרט. פּישקע אָבער קווענקלט זיך, האלט אראָפּגעלאָזן די אויגן און ברעכט די פינגער.

— ווייס איך?.. איך שעם מיך עפּעס, כלעבן. גלאט נעם און דער־צייל! אז איך קען נישט. עפּעס פּריקרע, כלעבן.

איך גיב פּישקען אונטער כיישעק. אלטער פון זײַן זײַט שמועסט אים אײַן אזוי:

— ס'איז נאָר הארב, נארעלע, דער אָנהייב. אבי נאָר דאָס ערשטע וואָרט,— גייט עס שוין דערנאָך ווי א מיזמער. איך ווייס עס טאקע פון מיר אליין. מיילע בעקיצער, וואָס מאכט עס אויס? וועסט אליין, נארעלע, דערנאָך זען, ס'איז גאָרנישט... מיילע, האָסטו, פּישקע, כא־סענע געהאט, פארשטייסטו מיך, מיט דער בלינדער יעסוימע, נו? גאָרנישט. ווייסן מיר עס שוין. בעקיצער, וואָס זשע איז ווײַטער?

— ווײַטער? אין איר טאטן און אין זײַן טאטנס־טאטן א רועך ארײַנגעפלויגן! — שיסט פּישקע אויס מיט אימפּעט אין איין קאָס,— זיי האָבן עס מיר אָפּגעטאָנעט אפּ טערקיש.

— נו, נו, נו! — טרײַבן מיר אָן פּישקען, וואָס האָט נאָך דעם אימ־פּעט זיך באלד אָפּגעשטעלט. פּישקע עפנט ווידער א מויל און הייבט אָן שוין גיט מיט אזא היץ ווי פריִער:

—...אוי, א שיינע ווײַבעלע!.. נאָך דער כאסענע האָבן מיר גאָר נישקאָשעדיק געלעבט. ווי א ייִדיש פּאָרפאָלק באדארפ צו לעבן. איך האָב, דאכט זיך, אקעגן מײַן ווײַב גענוג יויצע געוועזן. הערט איר, ייִדן, זאָל מיר אָפּדארן דאָס מויל, אויב איך זאָג אײַך א ליגן! אלע

טאָג אינדערפרי פלעג איך זי, ווי עס געהער צו זײַן, ארויספירן אפ איר אָרט, נעבן דעם אלטן בעסוילעם, וואָס דאָרט איז דער שטייגער אי־רער געווען צו זיצן אפ א ביסל שטרוי און בעטן נעדאָווועס מיט א ניגון פון די קינעס, וועלכער עס האָט איטלעכן געריירט בא דעם הארצן. עטלעכע מאָל אין טאָג פלעג איך איר צוטראָגן אהין: דאָס — א טעפּל געקעכטס, דאָס — א הייסע באבקעלע, א זויערע אוגערקע, א קיסליצע. נא, קוויק זיך! זי זיצט דאָך די גאנצע צײַט אָפּעט אפ איין אָרט און איז שטארק פארטראָגן אין דער פּארנאָסע. פיל מאָל פלעג איך מיר גלאט אזוי קומען געוואָר ווערן, וואָס מאכט זי, און אויך אונטערהעלפן איר א ביסל אין דעם פּידיען: ארויסגעבן איינעם, דעם אנדערן רעשט פון א דרײַער, פון א זעקסער; דערמאָנען זי אין אלטע כוויוועס פון באלעבאטים, וואָס האָבן איר פּאהבײַגייענדיק ניט געסילעקט באלד בימזומאָנים, נאָר אָפּגעלייגט אפ שפּעטער; אָדער אָפּטרײַבן א קו, א ציג, וואָס זיי האָט זיך געגלוסט, אפ זייער שפּאציר אין די גאסן, ארויסכאפּן איר פון אונטער דעם געזעס א פול מויל מיט שטרוי. אין כוידעש עלעל האָב איך זי געפירט אפן גרויסן יאריד, ארויס פון דער שטאָט, דאָרט אפ דעם בעסוילעם. זי האָט עס געמאכט ניט ערגער פון דעם איבעריקן פּעקל קלייקוידעש דאָרט: שאמאָסים, שאמעסטעס, כאַזאָנים, זאָגערנס, מעקאבלים, טילים־זאָגערס, גאבעטעס, קנייטלעכ־לייגערנס, פעלד־מעסטערנס, וויינערנס און קלאָגערנס. אָט אזוי האָט זיך עס געמאָלקן, ייִדישע קינדער! ס'איז געווען, נישקאָשע, פונוואַנעט צו לעבן. נאָר אז ס'איז גוט, וויל מען נאָך בעסערס, אז מע האָט ברויט, וויל מען קוילעטש.

— ווייסטו וואָס? — הייבט מײַן ווײַב אָנעט מיר צו זאָגן.— אזעלכע מענטשן, ווי איך און דו, אזא פּאָרפאָלק, ווי מיר ביידע, וועלן אפ דער וועלט פארפאלן, אָסער, נישט ווערן. אין אונדזער ברויט זײַנען אונדזערע כעסרוינעס גאָלע מײַלעס. בא אנדערע אין די הענט

אזעלכע זאָלן אײַנשטייג, וואָלטן זיי אַ גליק געמאַכט. מיר ביידע זײַ־
נען גרויסע שלימאַזלניקעס און טוען נישט דאָס, וואָס מע באַדאַרף.
אַט פֿאָלג, כלעבן, אַ ווײַב, אַ ביסל עלטער, געניטער פֿון דיר. נעם,
פֿישקע, פֿיר מיך אַרויסעט אַף דער ליכטיקער וועלט, צווישן לײַט,
אין יענע מעקוימעס אַרײַן, וועסטו זען, געדענק מײַנע ווערטער, אַז
מיר וועלן גיין אין גאָלד. דאָ אַף דעם פּלאַץ איז שוין קימאַט גאָר
נישטאָ וואָס צו טאָנעט. מע זיצט אַמאָל אָפּעט אַ לאַנגע צײַט, ביז איי־
נער דערבאַרעמט זיך און גיט אַ גראָשן. לײַט דערציילן עס אַ ביסל
פֿון דעם גרויסן גליק, וואָס לעקיש, דער כאָליערע־כאָסן, האָט אין
דער וועלט מיט פּערלען זײַן ווײַב געמאַכט. זיי האָבן באַלד נאָך דער
כאַסענע זיך אָוועקגעלאָזט, און דאָס מאַזל, אָן אײַנאָרע, גייט זיי!
מאָטל מעקאַבל האָט מיט זיי אין קישיניעוו זיך באַגעגנט, אַרומגיי־
ענדיק אין די הײַזער. זייערע טאָרבעס, דערציילט ער, זײַנען פֿול אָנ-
געשטאָפּט מיט אַלעם גוטן: מיט שטיקער קוילעטש, גרעסערע, ווי
מע גיט דאָ דעם שאַבעס־גאָי, מיט מאַמאַליגע, מיט געריי‏כערט שאָפּנ־
פֿלייש, מיט דאַרע קישקעס און קאָדע. פּערלע שײַנט ווי די ליכטיקע
זון. ס׳איז איר אין פּאָנעם נישט אַרײַנצוקוקן. זי איז פֿעט, דיק און
ברייט, מיט פּיסקעס, גאָר אַ גראַפֿיניע. גלופּסק וויל זי מער נישט קע-
נען, מע זאָל איר עס אַפֿילע שענקען... מענטשן, וואָס קומען פֿון אַדעס,
קענען זיך גאָר נישט אָפּוווּנדערן פֿון דעם גליק, וואָס יאָנטלען, דעם
אַנדערן כאָליערע־כאָסן, האָט געטראָפֿן. זיי האָבן אים געזען זיך רוקנ־
דיק דאָרט אַפֿן געזעמס צווישן די קלייטן, און גאָט שיקט אים צו. ער
מאַכט עס גאַנץ גוט. דער אוילעם קען אַף אים זיך גאָר ניט זאַט
אָנקוקן. אַדעס, זאָגן זיי, האָט דאָך עפּעס געניג קאַליקעס, ווו ערגעץ
אין דער וועלט אַ קאַליקע — רײַסט זיך אַהין אָפּעט, און מען איז שוין
מיט אַזעלכע געוווינט. נאָר ווי קומען זיי אַלע צו גלופּסקער! אַזעלכע,
ווי גלופּסק גיט אַרויסעט, קען ענגלאַנד אַפֿילע אויך נישט אַרויסגעבן.

גלופּסק, אַזוי דערציילנ מענטשנ, קלינגט אינ דער וועלט. אַפּ אַ גלופּסקער ייִדנ לויפט מענ קוקנ, ווי אַפּ אַ בייז-וווּנדער... אונדז, כלעבנ, וועט גאָט אויכ נישט פאַרלאָזנ. אַט, קאָלזמאַנ ס׳איז נאָכ זומער, קומ, לאָמיר זיכ אַוועקלאָזנ. הײַע נישט, אַ טאָג, כלעבנ, איז אויכ אַנ אַווייִרע.

מײַנ ווײַב האָט מיר געמאַכט אַ יעיצערהאָרע, אונ מיר האָבנ זיכ אַוועקגעלאָזט.

וואָס זאָל איכ אײַכ זאָגנ, ייִדנ, נישט [צו] פאַרזינדיקנ, ס׳איז אונדז געגאַנגענ זייער גוט. אינ וועלכנ דאָרפ, אינ וועלכער שטאָט מיר זײַנענ געקומענ, האָבנ מיר אויסגענומענ. איטלעכער האָט אַפּ אונדז געקוקט, קיינער האָט אונדז נישט אָפּגעזאָגט. דער העקדעש איז פאַר אונדז געווענ אָפנ אומעטומ, הײַזער — וויפל דאָס האַרצ גלוסט, גיי אַהינ אונ נעמ, אינ קעשענע, אינ בוזעמ אונ אינ דער טאָרבע. דער שאַמעס פונ דער שול פלעגט נעמענ עטלעכע גראָשנ אונ אונדז געבנ דערפאַר פלעטנ אַפּ שאַבעס טאָמעד אינ איינ הויפ. מײַנ ווײַב האָט מיט מיר געלערנט הילכעס-אָרעמאַנ. איכ בינ דערינענ געווענ נאָכ גאָר אַ פּריצ אונ נישט געוווּסט רעכט די דינימ פונ אַרומגיינ אינ די הײַזער. מײַנע אָבער איז אינ די זאַכנ געווענ אַ וווילקענעוודיקע מיט אַלע אָפּשניצלעכ. זי האָט מיכ אַלצ געלערנט, ווי אַזוי מע באַדאַרפ אַרײַנקומענ אינ אַ שטוב, ווי אַזוי מע באַדאַרפ קלאָמפּערשט קרעכצנ, הוסטנ אונ וואָס פאַר אַ ראַכמאָנעס־פּאָנעמ מע באַדאַרפ מאַכנ דערצו; ווי אַזוי מע באַדאַרפ אַ נעדאָווע בעטנ אָדער מאָנענ, זיכ דינגענ אונ צוטשעפּענ זיכ ווי אַ זלידנע; ווי אַזוי מע באַדאַרפ צווינטשעווענ, אָדער שילטנ, פלוכנ טויטע קלאָלעס. איר מיינט, עפּעס אַזוי גלאַט נעמט מענ זיכ אונ מע גייט אינ די הײַזער? ניינ! דאָס איז אַ גאַנצע טוירע. בײַ ייִדנ אַ נאָגיד צו ווערנ איז גענוג נאָר מאַזל. אַזעס, פאַרשטאָפּענע אויגנ אונ דעסגלײַכנ, דאָס קומט שוינ שפּעטער פונ זיכ אַליינ, מעמיילע.

אבער א ייִדישער ראָמאַן צו זײַן, טאַקע וואָס ראָמאַן הייסט, איז מאַזל אַליין ווייניק. ער מוז קענען און וויסן אַ סאַך זאַכן, וואָס זײַנען שטאַרק נייטיק צום אייסעק. ער באַדאַרף קענען די שפּיל און אַרײַן אין דער גאַרגערעס אַזוי, אַז יענער מוז געבן, ער זאָל אַפֿילע אַ מיסע־מעשונע אײַננעמען.

איך מיט מײַן ווײַב זײַנען מיר געוואָרן פּוס־ראָמאַנען.— איר קוקט מיך עפּעס אָן, מײַנע ליבע ייִדן, ווי אײַך איז עפּעס שטאַרק קאַשע,— לאָזט זיך דינען, זײַט מוחל! אַז איך האָב שוין אָנגעהויבן צו דערציילן, וועל איך געבן צו פֿאַרשטיין אײַך, ווי ווײַט איך קען, דאָס אויבעט. די ראָמאַנען ווערן, ווי די סאָלדאַטן, אײַנגעטיילט: אין פּ י ע ש ע... וואַרט נאָר, וואַרט, עפּעס איז דאָ אַ פֿאַרדרייעניש פֿון הונדערטער קאָרטן, אַ פּלאָנטעניש פֿון שווערע נעמען און צונע־מעניש. ראָמאַנען, וואָס דראָלן, הוילעכן מיט די ראַגלאַים... דער שוואַרציאָר זאָל זיי וויסן! ראָמאַנען ווי מיסט, עפּעס אַזוינע און אַזוינע, קאַפּצאָנים דאָ און דאָרט, עוויינים, דאַלפֿאָנים מיט אַלע פּיי־רושים, שלעפּערס אין דער וועלט, בעטלער, באַטלאָנים, מעקאַבלים און טעלערלעקער אין דער שטאָט. אַלערליי, גאָר אָן אַ צאָל... וואַרט נאָר, לאָמיר זיך אַ ביסל באַטראַכטן...

פֿישקען אָבער האָט דאָס באַטראַכטן זיך אויך נישט געהאָלפֿן. ער האָט זיך פֿאַרדרייט אין די גרויסע מאַכנעס ראָמאַנען און נישט געקענט אַרויס. איך האָב פֿון זײַנע ווערטער פֿאַרשטאַנען, אַז די אַלע מינע ראָמאַנען באַ אונדז טיילן זיך אײַן אַזוי: פּ י ע ש ע, אָדער פּ ו ס־אָ ר ע מ ע ל ײַ ט, די, וואָס שלעפּן זיך צופֿוס, — און ק אָ נ י צ ע, אָדער ב ו י ד־אָ ר ע מ ע ל ײַ ט, די, וואָס שלעפּן זיך אַרום אין בײַדלעך. אַבוץ דעם ווערן זיי נאָך אײַנגעטיילט אין מינים: ש ט אָ ט־אָ ר ע מ ע־ ל ײַ ט, אַזעלכע, וואָס זײַנען געבוירן געוואָרן ערגעץ אין אַ שטאָט, געוויינטלעך ערגעץ אין דער ליטע, — און פֿ ע ל ד־אָ ר ע מ ע ל ײַ ט,

די, וואָס ווערנ געבוירנ פּאָשעט אפ דעמ פעלד, אינ א בויד; זייערע עלטערנס עלטערנ האָבנ פונ אייביק אָנ זיכ ארומגעשלעפּט. די דאָזיקע אָרעמעלײַט זײַנענ ייִדישע ציגײַנער. שטענדיק וואנדרעווענ זיי פונ איינ עק וועלט צומ אנדערנ, זיי ווערנ געבוירנ אונ אופגעוואקסנ, האָבנ כאסענע, פרוכפּערנ זיכ אונ שטארבנ — אליצ אונטערוועגנס. זיי זײַנענ פרײַע מענטשנ, פּאָטער פונ אלע זאכנ, פונ נעסינעס, טאקסעס או־קעדוימע. אויכ פּאָטער פונעמ דאווענענ אונ פונעמ גאנצנ ייִדישקײַט. נישטאָ קיינ אויבערהאר. — צו דעמ טייל שטאָט־אָרעמעלײַט געהערנ אלערליי שטאָטישע קאפּצאָנימ פונ די דאָזיקע סאָרטנ: קאפּצאָנימ פּאָשעטע, ייִדנ, ייִדענעס, מיידלעכ אונ באָכערימ, וואָס גייענ מיט טאָרבעס אינ די הײַזער אלע ראָשכוידעש, אויכ אינמיטנ דער וואָכ, אונ נעמענ גראָשנס אונ שטיקלעכ ברויט. א גרויסער טייל ייִנגלעכ אונ מיידלעכ פונ די דאָזיקע לויפנ אמאָל נאָכ איטלעכנ אפ דער גאס אונ רײַסנ בא די פּאָלעס, ביז מע מוז זיכ פונ זיי אויסקויפנ מיט עפּעס א נעדאָווע. — קאפּצאָנימ קלייקוידעש. דאָס זײַנענ מעקאַבלימ, באטלאָנימ, אינ איטלעכנ קלײַזל, וואָס זופנ מישנײַעס אונ זאָגנ קאדיש בא א בארמינענ אונ אפּנ הייליקנ אָרט צו א יאָרצײַט. מע מעג צו זיי רעכענענ אויכ שויפער-בלאָזער, מעזוזעס-איבערקוקער מיט דעמ גאנצנ קאפּיטל אזעלכע לײַט. — טוירע- אונ מיצווע-קאפּצאָנימ, ווי, אשטייגער, פּרושימ, וואָס ווארפנ אוועק ווײַבער אונ קינדער, באגראָבנ זיכ אינ קלײַזל ערגעצ אינ דער פרעמד אונ לערנענ „ביצה" אפ דעמ אוילעמס רעכענונג. יעשיוועבאָכערימ, וואָס גייענ ארומ שלינג-אונ-שלאנג, קראצנ זיכ אונטערנ אויווונ אונ עסנ טעג. ייִדנ מיט פּאטשיילכנס אינ די הענט, אָדער מינע גאבאָימ, מישטיינסגעזאָגט, וואָס זאמלענ נעדאָוועס קלאָמפּערשט אפ עפּעס א מיצווע-זאכ. — באהאלטענע קאפּצאָנימ, פונ באלעבאטימ, וואָס נעמענ קיצווע אונ נעדאָוועס שטילערהייט. — האלבע קאפּצאָנימ, ווי,

אשטייגער, טאלמעטוירע-מעלאמדימ אינ פיל שטעט, וואָס זײַנענ האלב מעלאמדימ, האלב-בעטלער, אונ דעסגלײַכנ אויכ שאמאָסימ, דאיאָנימ, ראבאָנימ. איטלעכער פונ זיי איז האלב דאָס, וואָס ער איז, אונ האלב דאָס, וואָס אלע אנדערע יידנ מיט טאָרבעס זײַנענ.—יאָמטעוודיקע קאפצאָנימ, אזעלכע, וואָס קאפצענענ געוויינטלעכ פורימ, בעשאס יידנ ביכלאל מאכנ זיכ הארצ אונ לאָזנ זיכ פאר גרויס כעדווע גיינ קומפאניעסווײַז אינ די הײַזער, אָדער אמאָל אויכ אונטער א יאָמטעוו, אונ הייסנ הייסט עס, קלאָמפערשט, זיי קאפצענענ פאר אנדערע, נע-בעכ. — גמילעסכעסעד-קאפצאָנימ, אזעלכע, וואָס נעמענ זייער גאנצ לעבנ נעדאָוועס אונטער אנ אויסרייד: א גמילעסכעסעד, קלאָמפערשט, הײַנט, מאָרגנ גיבנ זיי עס מיט א דאנק צוריק אָפּ.

— דערמאָנט מיר, רעב אלטער, — רופ איכ מיכ אָנ נאָכדעמ, אז איכ האָב פישקעס ווערטער גענומענ אפ מײַנע קיילימ אונ געמאכט דעמ דאָזיקנ שטיקל סיידער צווישנ אונדזערע קאפצאָנימ, — דערמאָנט מיר, איכ בעט אײַכ, עפשער איז דאָ נאָכ קאפצאָנימ, וועלכע איכ האָב, כאָלילע, פארגעסנ ארײַנצושטעלנ אינ צעטל.

— מיילע, וואָס מאכט עס אויס? — טוט אלטער א זאָג אונ פאר-קרימט זיכ אפ מיר עפעס אזוי, ווי איינער מיט א באָרד פארקרימט זיכ אפ א יינגל, ווענ ער מאכט זיכ עפעס נאריש, — אָ-וואו, ער האָט, כאָ-לילע, פארגעסנ!.. אזא וויכטיקע זאכ דאָס צעטל! אונ אז מע שטייט נישט אינ צעטל, קענ מענ, כאָלילע, קיינ קאפצנ נישט זײַנ...

— זאָגט עס נישט, רעב אלטער! — שטעל איכ מיכ שטארק אקעגנ.—אונדזערע קאפצאָנימ זײַנענ בא זיכ שטארק פאריסנ, שרעקלעכ לאָהוט נאָכ א פיצל קאָוועד. לאָז איינעמ זיכ נאָר דאכטנ עפעס א מינדסט באליידיקונג, איז ער גרייט צו דערגיינ אײַכ דאָס לעבנ. באהיט זאָל מענ ווערנ פונ א קאפצנ א שמעלקע!.. שא. זעט איר, אָט האָב איכ מיכ טאקע דערמאָנט, אָנ אײַנאָרע, נאָכ א סאכ

קאפּצאָנים: איינּיקלעך, יערושאַלמים, ערעציִיסראָעל־ייִדן, גיסראַפים, שלאַפּע, מערידנדיקע מיט קסאָווים פון דאָקטוירים, אגונעס, אַלערליי מינע אַלמאָנעס, מעכאַברים, נײַ־מאָדנע מעכאַבערטעס מיט דעם מאַנס כיבורים. נישקאָשע, דער רוּעך האָט אונדז, רעב אַלטער, אויך נישט געגומען. מע מעג גאַנץ שטאַרק רעכענען מאָכריי־ספאָרים, — און אַז ס'איז שוין יאָ אַזוי, רופט זשע טאַקע אויף אויך אונדזערע דרוקער און אַלע מינע רעדאַקטאָרס, זיי מיט אַלע זייערע אַרבעטער, זעצער, באַלע־מאַגיִעס, שרײַבער, קאָרעספּאָנדענטן — יעמוד עם כל הקב־צנים!.. איצינד, רעב אַלטער, באַהאַרף מען די דאָזיקע אַלע לײַט אוי־סאָרטירן, איטלעכן אַף זײַן אָרט אין צעטל. דאַכט זיך, קיינעם נישט פאַרגעסן. האַ?

— אײַ, פּע, רעב מענדעלע! — מאַכט אַלטער אופגעבראַכט און הייבט זיך אָן צו קראַצן. — גענוג, כלעבן, מיט אײַערע קאַפּצאָנים. עס בײַסט מיר אַזש דאָס לײַב, ווי פליי וואָלטן מיך אָפּגעשיט. פון־מײַנטוועגן וואָלט איר עס געקענט מאַכן בעקיצער: קאָל־ייִסראָעל — איין קאַפּצן! און גאָרנישט. אָן עק, אַ סאָפּ זאָל עס האָבן. לאָזט פיש־קען דערציילן ווײַטער און שלאָגט אים נישט איבער. אונטערזאָגן אַ וואָרט, ווען עס שטעלט זיך פישקען אין גאָרגל און ער בלײַבט ווי דערוואָרגן, אָדער אויסבעסערן אים אַמאָל דאָס לאָשן, דאָס מעהייכע־טייסע...

נאָך גאָר באַם אָנהייב איז פישקע געווען דער כאַזן, וואָס האָט גערדרייט דאָס מויל, ארויסגעלאָזט יצעהאקטע, צעבראָקטע ווערטער, און איך זײַן מעשוירערל, וואָס האָט אים אונטערגעהאָלפן אין דער נויט און אים אויס דעם מויל ארויסגענומען דאָס וואָרט, מיט וועלכן ער האָט זיך געוואָרגן. אָן מיר וואָלט שווער געווען פישקען אליין רעכט צו פאַרשטיין. דאָס בין איך אַ באַלן צו ווײַזן אַף אַ פּראָבע שפּע־טער אַ ביסל. אַלטער האָט דערהײַ נישט מער געטאָן ווי אונטערגע־

שטופּט מיט זײַנע ווערטער: „מײלע בעקיצער", „נישטמער, גאָר-נישט". — ווי איינער, וואָס טרײַבט שאבעס אינ שול אונטער דעמ כאזנ, ער זאָל עס אָפּמאכנ בעקיצער, פילנדיק, אז אינ דער היימ וואַרט אפ אימ דער קידעש, א טשאָלנט מיט א קוגל.

## 14

„עכ מיט מאנ וואַב אָבנ קעגעט צו פּישע. ני, קענטי אב מעשאַע זאנ, ווי מיט מאַנע קיאַנקע פּיסיעכ פּיעגנ מי זעכ שיעפּנ זײַע פּאמעיעכ, קױכינ ווי די יאַקעס..." — אָט אזוי הייבט פּישקע אָנ ווײַטער צו דערציילנ מיט זײַנ לאָשנ. וואָס אויסגע-בעסערט מיט מײַנ הילפ מאַכט עס: „איכ מיט מײַנ ווײַב האָבנ געהערט צו די פּיעשע, דאָס הייסט פּוס-אַרעמעלײַט. נו, קענט איר אײַכ מעשאַער זײַנ, ווי מיט מײַנע קראַנקע פּיסלעכ פלעגנ מיר זיכ שלעפּנ זייער פּאמעלעכ, קריכנ ווי די ראַקעס". — אונ אזוי גייט פּישקעס דערציילונג, אויסגעבעסערט ווײַטער:

מײַנ ווײַב האָט אָנגעהויבנ מיכ ביסלעכווײַז צו זידלענ, צו שילטנ, צו זאָגנ שטעכווערטלעכ, צו רופנ מיכ מיט צונעמעניש אונ מיר אופּ-צווואַרפנ מײַנע קראַנקע פיס. זי איז אַקעגנ מיר אַרויס מיט טײַנעס, אז זי האָט אינ מיר גאָר אינגאַנצנ זיכ אָפּגענאַרט, פונ אויבנ ביז אַראָפּ; אז זי האָט מיכ געמאַכט פאַר א מענטשנ, זי האָט מיכ אינ דער וועלט צווישנ לײַט אַרויסגעפירט, זי האָט מיכ פאַרזאָרגט מיט פּאַרנאָסע, געשטעלט אפ א שטייגער, — אונ איכ בינ איר נישט גע-טרײַ, טו איר אלצ אפ צעפּיקעניש. נאָר דאָס אָבער איז געווענ זעלטנ. איכ פלעג מיכ נישט ווײַסנדיק מאַכנ, אלצדינג אַראָפּשלינגענ, גע-טראַכט בא מיר: אזוי איז געוויינטלעכ דער שטייגער פונ א ווײַב, אזוי

באדארפט צו זײַן. איטלעכן מאָל איז דאָס ווײַב מעכאַבעד מיט אַ וואָרט און אַמאָל טאַקע מיט אַ קלאַפּ אויך. קוים איז איר דער קאַס אָפּגעגאַנגען, — איז ווײַטער געוואָרן אַ לעבן, פּישקע — ווײַטער שטאַרק באַשעוו. זי פלעגט אַרופליגן איר האַנט מיר אויף אַקסל, זאָגן: „הײַטאַ, פּישקע!“. מײַנער גייט פאָרויס, זי הינטער מיר, און ביידן איז עפּעס גוט אויפן האַרצן. „אָט אַזוי האָבן מיר זיך געזיזקט און געקיקאַכן“...

ביז באַלטע האָבן מיר זיך געשלעפּט עפּעס גאָר אַ לאַנגע צײַט און פאַרשפּעטיקט דעם גרויסן יאַריד דאָרט, וואָס קלינגט איך דער גאַנצער וועלט. מײַן ווײַב איז געוואָרן אויסער זיך, שרעקלעך זיך געערגערט, גלײַך ווי זי וואָלט פאַרלוירן טאַרפאַט אַלאָפּים טאַלער. איך טרייסט זי און דרינג איר אַלץ: „מיילע, וואָס איז דאָ אַזוינס, אָבער באַלטער הײַזער זײַנען דאָך, באָרעכאַשעם. פאַר אונדז געבליבן! קאָרג פאַר אונדז אַזויפיל הײַזער, אַזאַ שטאָט? נישט צו פאַרזינדיקן!“ און זי אַלץ אין איין קאָל: פאַרברענט וועך אינײַנעם מיט דײַנע הײַזער! וואָס טויג מיר, דו יזמאַכשמוויניק איינער, דײַן שטאָט, אַזאַ בלאָטיקע שטאָט! אָט אַזאַ שטאָט נאַרײַעסטו עס מיר, האַ? איך וויל נישט! דו הערסט? איך וויל נישט אַזאַ שטאָט. אײַנגעזונקען וועך דאָ אין דער בלאָטע און וואַרג זיך דיר מיט דײַן שטאָט — מיט דײַן בלאָטיקער באַלטע!

— רעב אַלטער, ס'איז דאָ! — לאָז איך פּלוצלים אַרויס הויך אַף אַ קאָל. — איך האָב מיך דערמאָנט נאָך אַ סאָרט קאַפּצאָנים! קאַפּ־צאָנים־באַנקירן...

— אַ גרויסע מעציִע, כלעבן! — מאַכט אַלטער, קנאַקנדיק מיט דער צונג: „טצע־טצע־צע!“ — פונמײַנטוועגן מעגן זיי אַפילע נישט געדאַכט ווערן.

— איינעם פון די דאָזיקע לײַט, סימכעלע דער לעבעדיקער, קען איך אין גלופּסק זייער גוט. באַ אים אין אַ באַזונדער בוך שטייען פאַר־

שריבן אלע הײַזער אָפּגעטאקסירט, װיפל האכנאָסע באדארף אים דורכן יאָר איטלעכס הויז אײַנברענגען. די הײַזער, זאָגט ער, זײַנען מײַנע, צאָלן מיר ציניש, גאנצע גלופּסק איז מײַן קאנטאָר. זײַן שטייגער איז איטלעכן טאָג צו גיין אין א געװיסן טייל הײַזער. ער קומט ארײַן אין א שטוב לעבעדיק, מיט ברייטקײַט. גיט מען אים באלד די נעדאָװע, איז גוט; װען נישט, זאָגט ער: „א גוטן־טאָג! נישקאָשע, איך װעל פאר־שרײַבן אפ אײַך א כויװ" — און לויפט לעבעדיק, געשװינד ארויס. עפשער האָט איר געהערט, רעב אלטער, דערציילנדיק, װי איינע גלופּ־סקער קאפּצן האָט זיך מעשאַדעך געװען מיט נאָך א קאפּצן פון טע־טעריװוקע און האָט געגעבן אין נאדן ארײַן די הײַזער אין גלופּסק? — דאָס איז סימכעלע דער לעבעדיקער. אָדער עפשער האָט איר געהערט אויך, װי אפ א מאָלצײַט פאר אָרעמעלײַט בא א גװיר אפ א כאסענע איז געקומען א קאפּצן א געבעטענער, נאָכשלעפּנדיק מיט זיך נאָך איי־נעם אן אומגעבעטענעם, און אפ דעם פרעג: רעב קאָרעװ, װאָס שלעפּט איר מיט אײַך אן איבעריקן פּארשוין? — ענטפערט ער: „דער דאָזי־קער פּארשוין איז מײַן איידעם, װעלכן איך האָב צוגעזאָגט קעסט" — דאָס איז װײַטער טאקע סימכעלע דער לעבעדיקער. בעקיצער, סימ־כעלע קוקט אפ גלופּסק װי אפ זײַן שטאָט און זײַנע הײַזער.

— פונמײַנטװעגן מעג אײַער סימכעלע דער לעבעדיקער די קאַ־פּאָרע װערן, — זאָגט אלטער אָפּ זײַנס גאנץ בעקיצער און בעט פיש־קען װײַטער צו דערציילן.

פישקע הייבט אָן אפ זײַן שטייגער, איך העלף אים אונטער אפ מײַן שטייגער, און די מײַסע דערציילט זיך װײַטער אזוי:

דער װעג אונדזערער איז נישט געװען קיין גלײַכער, פון איין שטאָט צו דער אנדערער, אלץ װײַטער, װײַטער. נאָר װאָס דען? „מי פּיעגן קיזכן" אהין און אהער, זיך דרייען אין אלע זײַטן, װי ס'איז אונדז אויסגעקומען. איינמאָל זײַנען מיר מעגולגל געװאָרן עפּעס אין

א שטאָט, וואָס האַלעוויַ דער רועכ זאָל מיכ געווענ כאַפּנ פריִער, אײדער איכ בינ אַהינ געקומענ! צו דער שטאָט אַלײנ האָב איכ נישט אַפּילע, פאַרקערט, זי האָט אַקעגנ מיר גענוג יויצע געווענ, מיכ געלאָזט אַרומגײנ מיט אַלע קאָוועדנ אינ די הײַזער, נאָר דאָרט האָב איכ מיכ באַגעגנט מיט מײַנ מאַלכאַמאָוועס, געקוילעט זאָל ער ווערנ אָנ א מעסער! „א קיענק אימ אינ די בײניע!" — אָט וואַזוי ס'איז געשענ:

אינ יענער שטאָט, וווּהינ מיר זײַנענ געקומענ, איז געשטאַנענ „ק אָ נ י צ ע" — פעלד-אָרעמעלײַט מיט בוידנ. ס'איז געווענ א מערידע. באַלעבעסלעכ פונ הײַנטיקער וועלט האָבנ דאָרט איפּגעטאָנ נײַעס, אַז אָרעמעלײַט, כוץ אַלטע, קראַנקע אונ ביטערע קאַליקעס, ניט צו געבנ גאָרנישט. געזונטע באָכערימ, ווײַבער אונ מײדלעכ זײַנענ נישט קראַנק צו דינענ, צו אַרבעטנ אונ מיט אײגענער מי צו פאַרדינענ זײער שטיקל ברויט. דאָס ייִדישע נאַרישע ראַכמאָנעס טוט נאָר אָנ גרויסע צאָרעס. דורכ דעמ, האָבנ זײ געזאָגט, האַלטנ זיכ בא ייִדנ פוילע נעפאַשעס אָנ א צאָל, ווי וואַנצנ, וואָס זויגנ יענעמס בלוט אונ עסנ אָפּעט אַנדערע דעמ קאָפּ. זײ האָבנ בא זיכ אײַנגעפירט עפּעס ווי א מינ פאַבריקע, ווו מע האָט מעכאַבעד געווענ געזונטע אָרעמעלײַט, וואָס זײַנענ געקומענ צוגאַסט, מיט עפּעס א מעלאָכע: צו דרײענ שטריק, צו נײענ זעק, — אונ געגעבנ זײ דערפאַר עסנ. אָרעמעלײַט האָבנ אָנגעהויבנ זעלטענער זיכ אַהינ צו ווײַזנ. „די קאָניצע", וועלכע מיר האָבנ דאָרט געטראָפנ, איז געווענ שטאַרק אופגעבראַכט אַקעגנ דעמ דאָזיקנ אײַנפיר, פלאַמ-פײַער. „גוואַלד!" — האָבנ זײ אַלע געשריגנ. — ס'איז שוינ גאָר קײנ וועלט נישט. ווו איז דאָס ייִדישע ראַכמאָנעס? אויס ייִדישקײַט, כלעבנ!.. אײנער, א רויטער, א געזונטער, — א קיענק אימ אינ די בײניע! — האָט געפירט דאָס רעדל אונ געשריגנ מער פונ אַלע: „ס'איז סדאָמ, נאָר סדאָמ! פאַרוואָס קומט עס, די נעגידימ זאָלנ זיכ

זיצן ווי די פּריצים רויק, און אַנדערע זאָלן אָפּ זיי האָרעווען? זייער גוטס איז דען ניִשט יענעמס מי, יענעמס פּראַצע, יענעמס שווייס? אַליין זײַנען זיי בּאַ זיך אָפּגעפּײַנטע מענטשלעך, היטן אָפּעט זייער נעפּעשל און ווילן אַלץ, יענער זאָל אַרבעטן. אַ נאָגיד, וואָס מער דיק, געזונט ער איז, וואָס מער זײַן בײַכל איז גרעסער, איז ער אַלץ מער פאַרנעמ, מער פײַנע-בעריע. אונדזער איינער, אַקעגן, מוז מיט זײַן געזונט זיך, נעבעך, באַהאַלטן, זיך שעמען ווי אַ גאַנעוו. איטלעכער שרײַט אָפּ די ציינ, פאַרוואָס גייט אַזאַ געזונטער ניִשט אַרבעטן! עס וואָלט שוין רעכט געווען, כלעבן, איבערצובײַטן די יאָצרעס: לאָזן די נעגידימ פרוּוון אַ ביסל אַרבעטן! וואָס איז, קראַנק זײַנען זיי? —
„גערעכט, פּײַוועשקע, גערעכט, מיר זײַנען אויך ייִדישע קינדער, אַזעל־כע שמייליקע ווי זיי!“ — האָבן אַלע אין איינ קאָל אונטערגעבאַסע־וועט דעם רויטן מאַמזער און ביסלעכווײַז זיך צעגאַנגען פונעם העקדעש.

אָוונט-צײַט באַדאַרף איך גראָד גיין אין אַ גאַס פאַרבײַ דעם שול־הויף. אין דרויסן איז טונקל, און מענטשן אַ סאַך, אָן אײַנאָרע, דרייען זיך דאָרט אַרום. מיטאַמאָל קומט מיר פון דער זײַט גאַס אָן צו די אויערן עפּעס אַ וויינענדיק קאָל מיט אַ געבעט, וואָס קען רירן אַפילע אַ שטיינ. אָפּשטעלנדיק זיך, דערזע איך ניִשט ווײַט פון מיר, ווי אַ צעבראָכענער ייִד האַלט אָפּ בּיידע אויסגעשטרעקטע אָרעמ אַ קי־שעלע, פון וועלכן עס הערט זיך אַ פּישטשען פון אַ ברעקל קינד, וואָס פאַרגייט זיך, נעבעך, שרײַענדיק. דער אומגליקלעכער טאַטע דרייט זיך אין אַלע זײַטן, שאָקלט עס, וויגט עס, נעמט עס אײַן אָפּ אַ וויי־נענדיק קאָל מיט ביטערע קרעכצן: „אוי, וויסט איז מיר, פינצטער איז מיר! מײַן ווײַב שטאַרבט און לאָזט מיר אָפּ די הענט איבער אַ פּיצל קינדר!.. אוי, וויסט איז דיר, קליינע, בידנע יעסוימעלע, פינצטער איז דיר אָן אַ מאַמע! אַ-אַ-אַ, שאַ-שאַ! וואָס זאָל איך דיר, נעבעך, טאָן?“...

איטלעכער, וואָס גייט פאַרביַי, גיט אים עפּעס אין דער האַנט, א טייל וויַיבער ווענדן זיך צו אים אויך מיט א וואָרט, און ער אַלץ אין איינ־ אָטעם: „וויסט איז מיר, פינצטער איז דיר!“, שאָקלענדיק און וואַרפנ־ דיק זיך מיט דעם קישעלע אין אַלע זיַיטן. דאָס האַרץ האָט מיר גע־ ריסן פאַר ראַכמאָנעס אויף דעם וויסטן טאַטן און אויף דער וויסטער יעסוימעלע, נעבעך, נאָך אין די וויקעלעך. איך נעם אַרויס פון דער קעשענע א דריַיער און קום דערמיט צו נאָענט צו דעם וויסטן טאַטן. קוים שטרעק איך אויס צו אים די האַנט איבער דעם קישעלע, דער־ לאַנגט ער מיר א שטאַרקן קניפּ, מאַכנדיק דערביַי אויף זיַין וויינענדיק קאָל: „אוי, וויסט איז דיר?“ מיט א קוועטש אויף דעם וואָרט „דיר“, גלײַך ווי מיך מיינט ער. איך כאַפּ מיך באַ דער האַנט פאַר ווייטעק, שפּרינג אָפּ עטעט דערשראָקן אין דער זיַיט און בלײַב שטיין עטלעכע רעגע פאַרגאַפט. דער וויסטער טאַטע דרייט זיך אויס באַלד צו מיר, איך קוק אים גוט אָן און בין פאַרצאַפּלט געוואָרן... „פאַר היַינט וועט גענוג זיַין. קום! נא, האַלט א ביסל דאָס קינד!“ — זאָגט ער, און שטופּט מיר אַריַין אין דער האַנט דאָס קישעלע. דאָס קליינע יעסוי־ מעלע, זע איך, איז עפּעס א ליאַלקע, איַינגעוויקלט אין שמאַטעס, און דער וויסטער טאַטע איז דער רויטער מאַמזער, פּיַיוועשקע. — „א קיענק אים אין די ביינער!“ ער האָט עס געמאַכט ווי א בעריע! געוויינט, געקרעכצט פאַר זיך און געפּישטשעט, זיך פאַרגאַנגען אויך פאַר דעם קינד... אָט אַזוי מוז מען, — רופט ער זיך אָן, — מיט די נאַרישע ייִדישע קינדער האַנדלען. ווילן זיי נישט געבן מיט גוטן — מוז מען באַ זיי נעמען מיט קונצן, אָן דעם גייט עס נישט. דער ראָוו, דער דאַיען, דער שיינער מעקאַבל מיט דעם גאַנצן פּעקל קלייקוידעש — אַלע פאַרשטעלן זיך, מאַכן קונצן. יענע מיט זייערע האָוואַיעס, און איך — וויסט איז מיר! — מיט מיַין קליין יעסוימעלע. מעלקט זיך, בעהיימעס!.. זאָג, פּישקע, אָמיין!

אין יענער צײַט, וואָס מיר האָבן זיך אופגעהאַלטן אין העקדעש, האָט דער רויטער מאַמזער אָנגעהויבן זיך צוצושאַרן צו מײַן ווײַב מיט גוטע ריידעלעך. זי איז אים עפּעס שטאַרק געפעלן. ער פלעגט זיך כאַפּן צוטראָגן איר, אַז זי האָט עפּעס באַדאַרפט, און ליב געהאַט זי צו באַדינען. ביסלעכווײַז האָט ער אַלץ צו איר זיך אַרײַנגענאַרט, ביז ער איז געוואָרן מיט איר אַ שמעלקע. ער פלעגט אָפּזיצן מיט איר שאָענווײַז און פּלוידערן, אַרײַנוואַרפן אין דעם שמועס גראָבע, נישט קיין שיינע ווערטלעך. מײַנע פלעגט פאַרשטעקן די אויערן און נישט וועלן, דאַכט זיך, הערן. און אַז ער פלעגט זי אַמאָל אין טאָג אַרײַן לויבן: זי איז אַ יאָרדערדיקע, אַ פעטע, אַ לויטערע, אַ פליישיקע יונגע, אַזעלכע ווי ער האָט ליב, — פלעגט זי אים אָפּזידלען, אַ פּאַטש טאָן אַפן רוקן און דערבײַ טאַקע לאַכן. איך פלעג אויך לאַכן. אַמאָל טאַקע מיט ווערעם, נאָר באַלד טאַקע מיך באַטראַכט צוריק: וואָס אַרט מיך אַ פּלוידערזאַק? מאָרגן-איבערמאָרגן וועט מען גאָר זײַנער פּאָטער. מיר צעגייען זיך איטלעכער אין אַן אַנדער זײַט, און אייביק וועט מען זײַן פאַרצעפּ-פּאָנעם נישט אָנקוקן. און ווײַטער, אין די הײַזער גייט דאָך מײַן ווײַב, געלויבט דער אייבערשטער, מיט מיר. אים, דעם מאַמזער, ווען ער נעמט זי אָנעט בא דער האַנט און וויל זי פירן, שטופּט זי אָפּעט מיט אַ בייזער: „גייט אײַך, גייט, פע! איך בין אַן איישעס-איש. האָב, באָרעכאַשעם, מיט וועמען אין די הײַזער אַרומצוגיין“.

אַפּ מאָרגן, נאָך דעם באַגעגעניש מײַנעם מיט דעם רויטן מאַמזער, ווי ער האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ ווייסטן טאַטן, בין איך מיר געגאַנגען אין די הײַזער אַליין. מײַן ווײַב האָט, אופשטייענדיק אינדערפרי, זיך געקלאָגט: עפּעס איז זי נישט מיט אַלעמען, עפּעס ציט זי זיך אַלץ און גענעצט, עס מוז זײַן אַ גוט-אויג... — און איז דעריבער געבליבן אין דער היימ. איך אַליין בין אויך געווען עפּעס לוי-

אלייכעמדיק, עס האָט מיר עפּעס געשלאָגן ארופ, היינט איז מיר טאקע געווען אומעטיק איינעם אליין צו גיין אָן מיין ווייב. ס'איז מיר ווי עפּעס אָפּגעגאנגען. איך ליקן נישט, אז זינט דער מאמזער האָט זיך צוגעשארט צו מיין ווייב און מיט איר געטריבן קאטאָוועסלעך, איז זי מיר געוואָרן טייערער. עס האָט מיך אמאָל אפילע פארדראָסן, געברענט ווי א פייער, נאָר דערביי טאקע — איך ווייס נישט פארוואָס — האָט מיך צו איר עפּעס געצויגן, געצויגן ווי א קישעף. עפּעס איז געווען, ווי זאָל איך אייך זאָגן, א געשמאקער שמארץ, ווי פון א בלאָטער בעשאס קראצנדיק אים אמאָל אפ מיין לייב. ס'איז א שמארץ מיט א האנאָע־האָבן, ביידע זאכן אינאיינעם... ס'איז געווען א געמעלאָכטע „אין די הייזער ארומגיין", גאָר נישט דער טאם, וואָס אן אנדערס מאָל. איך האָב עס אָפּגעמאכט בעקיצער, שאבעס־שטעך, סיור־ביור ומפליא לעשות — און מיך אָפּגעפארטיקט באציילטנס. ארייננקומענדיק אין העקדעש, האָב איך געטראָפן מיין ווייב זיצנדיק מיט דעם מאמ־זער און זיך עפּעס געשושקעט. דאָס פּאָנעם האָט איר געפלאמט, זי האָט געהאלטן דעם קאָפּ אָנגעבויגן צום מאמזער, זיך צוהערנדיק צו זיינע רייד, און א זיס שמייכל איז איר פון די ליפּן נישט אראָפּ. יבא מיין צוקומען צו איר מיט א פרעג: וואָס זי מאכט? האָט זי זיך געטאָן א כאפּ, געבליבן אקעגן א רעגע אָן לאָשן און נישט געוווסט וואָס צו טאָן. דערנאָך טאפּט זי מיך אָנעט, ווי איר שטייגער איז געווען, און מאכט צו מיר אזוי: „ווייסטו, פישקע, וואָס איך בין קראנק? דאָס איז נישט קיין גוט־אויג, דאָס איז מיר געקומען פונעם צופּוס־גיין. די רויפעטע, וואָס גייט ארויס, האָט מיר געהייסן גיין אין באָד, מעבילע, אויסשמייסן זיך, לאָזן זיך שטעלן באנקעס, גוט אויסרייבן זיך אפ דער נאכט און שוויצן. ניין, פישקע! צופּוס ווייטער קען איך נישט גיין. דער פייוועשקע איז אזוי גוט, אזוי פיין, און וויל אונדז נעמען מיט זיך אין בויד. וואָס טוט מען, פישקע? וואָס זאָגסטו, האַ?".

דער מאמזער — „א קיענק אים אין די ביינער אינ!“ — האָט אפ מיר געקוקט עפּעס מיט אזא אייגעלע, מיט אזא שמייכעלע, וואָס האָט מיך געשטאָכן. עס האָט מיך פארקלעמט באַם הארצן. ס'איז מיר געווען צו מוט ווי א יונגל, וועלכן דער רעבע הייסט זיך לייגן אפן בענקל, אים אָפּצושמײַסן. איך האָב געמאַכט א היפּשע וויַלע מיט דער צונג עפּעס אָן ווערטער און נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן.

— וואָס שווײַגסטו? וואָס ענטפערסטו נישט? — צעשרײַט זיך אפ מיר מײַן ווײַב מיט קאס, — איך ווייס, עס אַרט דיך גאָר נישט מײַן געזונט, ווילסט מיך גיכער פּאַטער ווערן, מיך טרײַבן יונגערהייט אין דער ערד אריַין. ווארט נאָר, ווארט, דו, אכבעראַש איינער! גיכער וועסטו אָנלייגן מיט דעם קאָפּ, א מיסע-מעשונע אײַנעמען. הערסטו, פישקע, פּאראפּאַטשקע, די ערד וועסטו פון מיר קײַען! נישט איין האָר אין קאָפּ וועט דיר איבערבלײַבן. די ציין וועל איך דיר אויסזעצן.

אז מײַן ווײַב האָט געעפנט א מויל, פלעגט מיר אין בויך קאלט ווערן. איך בין געשטאנען צעקאָכט, דערשלאָגן און דערהארגעט. ווי מיר איז דענסטמאָל געווען אפן הארצן — ווייסט נאָר איין גאָט וויל. וואָס האָב איך געקענט טאָן? איך האָב אָנגעבויגן דעם קאָפּ און געמאַכט צו מײַן ווײַב: „שא, שרײַ נישט, ערגער דיך נישט אזוי. שא, דו וועסט פאָרן! פארוואָס נישט?“

— אָט אזוי רייד! — זאָגט מײַן ווײַב שוין ווייכער. — פארוואָס זשע, אז מע רעדט צו דיר, שטייסטו ווי א ליימענער גוילעם און ענטפערסט נישט קיין וואָרט? יענער איז אזוי גוט, אזוי פײַן, וויל אונדז מיטנעמען אומזיסט — און ער זאָל דאָס כאָטש זאָגן א דאנק! שעמען מעגסטו זיך אין דײַנע ווײַטע האלדז, דו גראָבער-יונג איינער...

וואָס האָב איך געקענט מאכן? איך האָב געמוזט טאָן דאָס אויך, זאָגן דעם מאמזער א דאנק.

— רעב אלטער, נאָך איינער!.. טו איך א זאָג הויך אפ א קאָל.

— וואָס איז, רעב מענדעלע, נאָכ א מעציִע? — מאַכט אַלטער צו מיר מיט א געשפּעט, — נאָכ א פֿרישנ סאָרט קאַפּצאָנימ האָט איר געפֿונענ? גאָט מעג אײַכ, כלעבנ, שוינ באַשערנ בעסערע מעציִעס. גענוג שוינ קאַפּצאָנימ!

— ניינ, רעב אַלטער! איכ מיינ גאָר נאָכ איינ כאָזִמ-כאָנע כאַיִע-טרײַנעס, וואָס ציטערט אַזוי פֿאַרנ ווײַב. אונדזער פּישקע, דאַכט זיכ מיר, פֿלעגט פֿונ זײַנער כאַפּנ אַמאָל אויכ הייסע פּעטש.

15

פּישקע הייבט ווידער אָנ אַפֿ זײַנ שטייגער, איכ אַרבעט, העלפֿ אימ אונטער אַפֿ מײַנ שטייגער, אַלטער טרײַבט אונטער אַפֿ זײַנ שטייגער — אונ די מעשׂה דערציילט זיכ ווײַטער אַזוי:

אַפֿ דעמ אַנדערנ טאָג נאָכ דעמ פֿריִערדיקנ שמועס האָט זיכ די „קאָניצע“ געריִרט אונ אַרויסגעטראָטנ פֿונ סדאָמ, ווי יענע שטאָט האָט בײַ דער דאָזיקער כאַליאַסטרע געהייסנ. זי איז אַרויס מיט א ראַש, א געפּילדער, מיט א שילטנ, פֿלוכנ פֿונ א סאַכ מײַלער אונ א סקריפּערײַ פֿונ רעדער. עס האָט זיכ געשאָטנ אַפֿ דער שטאָט טויטע קלאָלעס: פֿאַרברענט זאָל זי ווערנ! די באַלעבאַטימ זאָלנ צענ מאָל אינ טאָג פֿייגערנ פֿאַר הונגער אונ ווי ניסראָפֿימ אינ דער וועלט זיכ אַרומשלעפּנ... — דרײַ בוידנ זײַנענ געווענ פֿול אָנגעזעצט מיט אַלערהאַנד פּאַרשוינענ: ייִדנ, ייִדענעס, ווײַבלעכ, מיידלעכ, באָכערימ, גרויס אונ קליינ. אונ צווישנ זיי אויכ מײַנ ווײַב מיט מיר. מיר זײַנענ, לעמאַזל, דערהויכט געוואָרנ: אַרײַנגעטראָטנ אינ דינסט אינ דער „קאָניצע“ אַרײַנ.

הערט איר, מײַנע ליבע ייִדן, עס האָט מיר זיכ געעפנט עפּעס
אָר א נײַע וועלט, אונ איכ אָנהייב איז מיר מיט דער כאַליאסטרע
אנצ פרייִלעכ געוועזנ. איכ פלעג מיכ אָנזעהנ אונ אָנהערנ וווּנדער-
טיינע זאכנ, וואָס גאָר אומעגלעכ אַלצדינג מיט איטלעכס פּיצעלע
גאזונדער איבערצוגעבנ. איכ פלעג הערנ, אשטייגער, ווי מע פלעגט
אפּריכטנ, אָפּשפּעטנ פונ דער גאנצער וועלט אונ איטלעכנ זיכ נאָכ-
קרימענ; ווי איטלעכער פונ די פּנינע-מענטשלעכ פלעגט דערציילנ
עפּעס אפ גנייוווע-לאָשנ זײַנע אלע געננג אונ שפּיצלעכ, וואָס ער האָט
אפּגעטאָנ. איינער דערציילט, וויִאזוי ער האָט זאבאָרעט א קרעל (גע-
גאַנוועט א ברויט); דער אנדערער — וויִאזוי ער האָט זאלאבערט א
קאפּאָרעניצקע (געגאַנוועט א הונ); דער דריטער — וויִאזוי ער האָט
געלאקכנט קלינגערס (אויסגעכאַפּט געלט) אונ אינ די גארגאָלעס
ארײַנגערוקט, אונ דער פערטער — וויִאזוי ער האָט געבאלדאָוועט א
באָלד (געהארגעט, געשלאָגנ איינעמ א באלעבאטיש קינד). נעגידימ
פלעגט מענ שילטנ אפ וואָס די וועלט שטייט, גלאט אזוי זיכ. פאר
גאָרנישט. איכ קענ אײַנ שווערנ אינ טאלעס אונ אינ קיטל, אז זיי
האָבנ די נעגידימ א סאכ מער פײַנט, ווי די נעגידימ זיי. א נאָגיד
האָט בא זיי געהייסנ עפּעס אזויפיל, ווי: פּיאווקע, צעשטאָפּטע קיש-
קע, פארשטאָפּטער קאָפּ אונ פארשטאָקט הערצעלע, פארשײַט בעניאָ-
כידל, קופערנער שטערנ, אונ דער שווארציאָר ווייסט זייער טאטנ,
וואָס נאָכ פאר א מיִעסע צונעמעניש. ס'איז בא זיי פארעכנט געוועג
פאר א מיצווע א נאָגיד אָפּצוטאָנ עפּעס א שפּיצל, וויבאלד נאָר
מעגלעכ. זיי פלעגנ אָפּשיקנ צו די נעגידימ בויכווייטעק, שטעכעניש,
יעסורימ, לייד אונ קאָלאמינע קרענק, בעשאס אמאָל עפּעס א צאָרע.
מיכ פלעגנ זיי, אינ שפּאס אמאָל, רופנ נ אָ ג י ד, דערפאר וואָס איכ
פלעג זייער אָפּט מיכ פאר די נעגידימ ארויסשטעלנ אונ שטארק אָנע-
מענ זיכ פאר זייער קאָוועד. ווײַל אופהאלטנדיק זיכ פריִער אינ באָד

בין איך דאָס צווישן נעגידים דערצויגן געוואָרן, מיט זיי עפּעס דאָס איבערגעהאט אייסאָקים, ווי אשטייגער: היטן זיי דאָס אָנטאָן, צו־טראָגן זיי דאָס פּעקל זאַכן, א שעפּעלע וואַסער, א קויל פּײַער און דאָסגלײַכן נאָך אזעלכע געשעפטן. — איך פלעג הערן א שמועס פון באָבערים מיט מיידלעך, ווי זיי טרײַבן קאַטאָוועס און ריידן זיך שי־דוכים. איין בויד האָט זיך מעשאַדעך געווען מיט דער אנדערער. די קונץ פון פאַרשטעלן זיך איז בא דער כאַליאַסטרע געווען שטאַרק גע־הויבן, עס האָט געטויגט צום אייסעק. ווען אמאָל איז אויסגעקומען, האָבן די שיינע־לײַט זיך פאַרשטעלט: איינער פאַר א הויקעריקן, דער אנדערער פאַר א הינקעדיקן, דער פאַר א בלינדן, יענער פאַר א גע־ליימטן, די פאַר א שטומע, און יענע פאַר א קרומע. נאָר עמעסע, נישט געמעלאָכעטע קאַליקעס, ווי, אשטייגער, איך און מײַן ווײַב, דאָס האָט בא זיי געהאט גאָר א גרויסן ווערט. זיי האָבן אָפט געזאָגט, אז אזעלכע פעלער, ווי אונדזערע, איז פאַר אָרעמעלײַט א שאַץ, א מאַטאָנע פון זײַן ליבן נאָמען: זיי קענען זייער פיל אײַנטראָגן. מײַן ווײַבס פעלער איז זיי נאָך בעסער געפעלן. הײַנט פלעגן זיי גלאַט באָטל ווערן פאַר איר פּיסק, וואָס אפ שרויפן. די האָר האָבן זיך גע־שטעלט, אז זי האָט געעפנט א מויל.

דער רויטער מאַמזער האָט זיך שטאַרק געדרייט אַרום מײַן ווײַב און זיך פּאָשעט געהאַנגען אפ איר. ער האָט זי געקאָשקעט, געקיכלט און צוגעטראָגן איר פון פייגל־מילך: געקאָכטע אַרבעס, באָב, פלוי־מען, — וואָס נאָר ער האָט ערגעץ דערטאַפּט. איך האָב מיך אָבער באַטראַכט: כאַפּ דיך דער וואַטלמאַכער! וואָס קען עס מיך אַרן? קיבל זי, קאָשקע זי, וואָס קענסטו דערמיט מיינען, וואָס?.. גאָרנישט. אז זי איז אן איישעס־איש! מיילע איז דאָס אַן סאַקאָנעס... מיינסטו דאָך, גאַנץ זיכער, נאָר איר פעלער, פּאָשעט א בלינדע איז גוט, מע קען מיט איר מאַכן געלט, טאָ האָב זשע, קאַלבויניק איינער, די גאַל! מײַן

ווײַב גייט לעסאטע אינ די הײַזער אלצ טאקע מיט מיר. וואָס זשע האָסטו דאָ, טיפּעש איינער, געפּויעלט מיט דעמ צולאָנטשענ זי צו זיכ, מיט דעמ אײַנניוכענ זיכ צו איר, אז דער רעכטער איקער-זאכ — אינ די הײַזער גיינ, גייט זי טאקע מיט מיר, מיט מיר?..

אונ דעריבער, ווײַל איכ האָב אזוי מיר געטראכט, האָב איכ שטארק באגערט לערנענ הילכעס-אָרעמאנ מיט אלע פּישטשעווקעס, קעדיי מײַנ פּלוינעסטע דערמיט געפעלנ, אונ געמאכט דעמ אייסעק שוינ גאָר קיינ מײַסע ניט. איכ האָב מיכ שוינ אויסגעלערנט ווי ארײַנצוקומענ אינ א שטוב. די קונצ באשטייט דערינ: ארײַנקומענ זאָל מענ מיט א רוגזע, אָנגעברויגעזט אונ מאָנענ די נעדאָווע ווי א כויוו; מע זאָל קריכנ, ארופקריכנ אויבנאָנ אונ פארקריכנ אַש אינ דער ספּאלניע, אופצוזוכנ דעמ באלעבאָס אָדער די באלעבאָסטע דאָרט. אינ דינגענ זיכ בינ איכ געווענ א מײַסטער, איינ בעריע אינ דער וועלט. דער גאנצער סייכל שטעקט דערינענ: קיינמאָל באדארפ נישט געפעלנ, וויפל מע גיט. גיט מענ א שטיקל ברויט, זאָל מענ בעטנ עפּעס גע-קעכצ, א ביסל באָרשטש; גיט מענ געלט, זאָל מענ בעטנ א העמד, אלטע טאכטויניִמ אונ זאָקנ אוקעדוימע. שטענדיק באדארפ מענ זיכ גאָר קרימענ אונ בלאָזנ, קיינמאָל נישט דאנקענ, נאָר וואָרטשענ אונ אמאָל אויכ טאקע שילטנ.

וואָס זשע טוט דער רויטער מאמזער? „א קיענק אימ אינ די בייניע איאנ!“ דער רויטער מאמזער טוט אופ האסבאָרעס, ווי מײַנער פּאָטער צו ווערנ. ער קלערט בא זיכ גאנצ זיכער אזוי: אינ הילכעס-אָרעמאנ, פּישקע, מעגסטו בא מיר די הרובעס הייצנ. איכ קענ מאכנ די שפּיל אכציק טויזנט מאָל בעסער פונ דיר. אונ אז איכ האָב מיר ארײַנגענו-מענ אינ זינענ די פּארנאָסע מיט דײַנ בלינדער, וועט מיסטאמע שוינ דײַנ רעכט. נישקאָשע, איכ וועל דיכ, מיט גאָטס הילפ, שוינ פּאר-זאָרגנ. — ער האָט צו מיר זיכ גענומענ אונ געמאכט אויס מיר א

קאָטער. איך בין מיעס אראָפּגעפאלן בא מיין ווייב און געהאט בא איר א פּאָנעם ווי כוויזעק. קיין אנדער וואָרט האָב איך פון איר נישט געהערט נאָר ווי: געשוואָלן ווער, לייג אָנעט מיט דעם קאָפּ, ווערעם זאָלן דיך עסן, דו פרעסער, יונגאַטש איינער, דו אַזוינער, אזוינער און אַזוינער! דער מאמזער, — קיינע טכויעס-האמייסים זאָל ער נים אופשטיין! — האָט זאָלץ אפ מיר געגראָבן און מיר געטאָן צום טויט, ביז איך בין בא איטלעכן געוואָרן צו שאַנד און געשפּעט, אלע בוידן האָבן לעסאָפּ מיט מיר געהאט צו טאָן. וואָס א מינוט — איז איבער מיר געפאלן א האמצאָע, וואָס א רעגע — האָב איך געהייסן מיט אן אנדער צונעמעניש. איטלעכער האָט מיט מיר געטאָן, וואָס זיין הארץ גלוסט. איך בין געווען דאָס קאַפּאָרע-הינדל. האָב איך אמאָל מיך געבייזערט פאר צאָרעס, פלעגט עס איטלעכן אונטערטראָגן. זעט נאָר, האָט מען געמאכט, ווי דער נ אָ ג י ד האָט זיך צעיאכמערעט, ער וועט שוין באלד פלאכענען. האָב איך מיך אמאָל באוואשן מיט טרערן פאר ווייטעק פון די קלעפּ, וועלכע אין מיר איז ארין, פלעגט מען זאָגן: וואָס איז מיט דיר דאָ אזוי די סימכע, פּישקע? וואָס האָסטו זיך עפּעס אזוי צעלאכט מיט ציינ? זעט נאָר, אוילעם, ווי פּישקע לאכט! — דערלאנגט אים, יידישע קינדער, — פלעגט זיך הערן דעם מאמזערס קאָל, — דערלאנגט אים, נעבעך, א טעלעמעטעשע צווישן די ל י ט ק י ס, א ר ייב איבער די לאָפּעטקעס דאָס איז א רעפוע צום לאכן. אויב, כאָלילע, עס וועט נישט העלפן, באדארף מען אים גלעטן די האָר, אָנעמען באם אויער און איינרוימען אים א סאָד, — דערפון וועט זיך אים שוין שטעלן טרערן אין די אויגן, ווי פון א קעזאיס מאָרער. מע מוז דאָך א יידן ראטעווען. — אמאָל פלעגט מען מיך ארויסוואַרפן פון דער בויד, און אז איך בין מיט די קראנקע פּיס געלאָפן נאָך דעם וואָגן, ווי נאָר איך האָב געקענט, און געמאכט מיט די זייטן, — האָט מען צוגעפּליעסקעט, צוגעפּאטשט מיט די הענט

און געשריגן מיט א געלעכטער: בראַוואָ, פּישקע! אָט אזוי, פּישקע, טאַנץ א ביסל, טאַנץ! קוקט נאָר, אוילעם, ווי פּישקע הייבט פּיסלעך, ווי שיין, אָן איינאָרע, ער טאַנצט! ער מעג אפּ אלע כאַסענעס טאַנצן. קיין בייז-אויג זאָל אים ניט שאַטן. — איינמאָל האָט זיך אָנגערופן איינער — און אַלץ טאַקע דער מאַמזער, „א קיענק אים אין די ביינער אַיאַן!" — אוילעם, פּישקע איז גאָר א גלייכער. ער פאַרשטעלט זיך נאָר, דער גאַנעוו, פאַר א קרומען, ער מאַכט אויס אונדז אַלע כוויזעק. מע באַדאַרף אים פּרווון אויסגלייכן. גיט אים דאָרט א טעלע־פּעטשע אין דער דיך, וועט איר זען, ווי ער ציט אויס גלייך א „פּאָלקע". — האַקלאַל, ייִדן, מע האָט מיך גענפּייניקט, מע האָט מיר שטאַרקע יעסורים אָנגעטאָן. אוי, פלעג איך מיך דערמאָנען אין די גוטע גליקלעכע יאָרן, וואָס איך בין מיר געזעסן ווי א סראָרע אין באָד און געלעבט ווי גאָט אין פראַנקרייך! וואָס איז מיר דען דאָרט אָפּגעגאַנגען?

— מיילע, נעמט מען און מע גיט אָפּ, — פּאַלט אַלטער אַריין פּישקען אין די רייד. — דערופּ איז דאָך דאָ באַ ייִדן א גאָט.

— יאָ, גערעכט! — מאַכט פּישקע מיט א זיפץ. — האַלעוואַי וואָלט איך עס טאַקע פריִער געטאָן, וואָלט אַז וויל און גוט געווען מיר און עפּשער נאָך עמעצן... נאָר איך ווייס ניט, וואָס מיר איז אַזוינס געשען. נאָר א קישעפּ האָט מען מיר אָפּגעטאָן. ס'איז א ווייטעק, א בושע צו זאָגן, דאָס האַרץ האָט מיך צו מיינער עפּעס געצויגן... ווי שטאַרק איך האָב געליטן און געהאַט געבראָטענע לייד, פונדעסטוועגן האָט מיך דער רועך נאָך איר געכומען. איך ווייס ניט, צי איז דאָס געווען פון מיר נאָר אַן אַקשאָנעס — אַז דיר, מאַמזער, גלוסט זיך, ווילסט צווישן מיר מיט מיין ווייב אָנמאַכן א בייז-לעבן און מיך פּאַטערן, — וויל איך דיר אפּ צעלאָכעס מיך דאַפּקע אין איר האַלטן, און נאָך מער ווי פריִער, מיטביידע הענט זיך האַלטן.

אָדער דאָס איז געווען, ווי זאָל איך עס זאָגן, גלאַט אַזוי פֿון זיך אַליין... עפּעס טאַקע נאָר אַ קישעפֿ. איר געשטאַלט האָט מיך עפּעס גענומען. אַ געזונטע, אַ דיקע, אַ יאַדעריקע, אַ פֿאַנעם אָפּגעגאָסן; נישט אַזוי שיין, ווי כיינעוודיק. פֿיל מאָל פֿלעגט זיך מאַכן, אַז פֿאַר גרויסע צאָרעס און האַרצווייטיק האָב איך מיר געוואָלט אַ מײַסע אָנ־טאָן, געוווּנטשן מיר דעם טויט מיט איר איינינעם. הײַנט, הײַנט, פֿלעג איך בײַ מיר טראַכטן, מוז עס האָבן אַ סוף. הײַנט זאָג איך איר: גענוג! נאָר קוים בין איך צו איר צוגעקומען נאָענט און זי האָט מיט מיר געמאַכט אַ רייד, אָדער אַרופֿגעלייגט די האַנט מיר אויף אַקסל און געזאָגט: פּיר מיך, פּישקע! — האָט מיר אָפּגענומען דאָס לאָשן און בין עפּעס ווי איבערגעביטן געוואָרן.

איך אַ גוטער שאָ איינמאָל, גייענדיק מיט מײַן ווײַב אין די הײַ־זער, עפּעס מיט אַ גרינג געמיט, טו איך איר אַ זאָג: באַסיע, נעשאָמע מײַנע, וואָס ווערט דער טאַכלעס זײַן פֿונעם שטענדיקן אַרומשלעפּן זיך? עס פֿאַסט, כלעבן, גאָר נישט פֿאַר אונדז. אין גלופּסק האָבן מיר ביידע, באָרעכאַשעם, אַ שטיקל נאָמען געהאַט. דו מיך האָסט אַרויסגענומען דאָרט פֿון דער באָד. אַ קאַטאָוועס עפּעס גלופּסקער געמייערטע באָד, ווו עס וואַרפֿן זיך איבער אַ וואָך אַזעלכע בערן, גרויסע לײַט! דיך האָט אויך איטלעכער געקענט און אויף דיר קאָוועד געלייגט. הײַנט זײַנען מיר נאָוונאַד עפּעס מיט שלעפּערס אין דער פֿרעמד, און וואָס פֿאַר אַ פּאָנעם האָבן מיר, מישטיינס געזאָגט? — ווילסט עפּשער צוריק קיין גלופּסק? — ענטפֿערט אָפּעט מײַן ווײַב ווי אויפֿגעבראַכט. — מעגסט זיך דיר, פּישקע, אַהין צוריק־קערן, אויב דיר גלוסט זיך אַזוי. איך — בעשומויפֿן נישט. אין גלופּסק זײַנען דאָ הײַנט גענוג אָרעמעלײַט אָן מיר. וואָס אַ טאָג וואַקסן דאָרט אויס פֿריש־צאַפּלדיקע קאַפּצאָנים, שפּאָגל־נײַע מעקאַבלים. באַלעבאַטים גייען הײַנט דאָרט איינער צום אַנדערן אין די הײַזער אַרום. — פֿונ־

מײַנטװעגן מעג זײַן אַן אַנדער שטאָט אױכעט,— ענטפער איך צו-
ריק, — נעשאָמעניו, קלײַב דיר אױס עפּעס א שטאָט, װעלכע דיר גע-
פעלט, און לאָמיר זיך דאָרט באַזעצן. אז מע װײסט, דאָס איז
אונדזער שטאָט, דאָס זײַנען אונדזערע הײַזער, אונדזערע
באַלעבאַטים, איז עפּעס מאַזל און בראָכע, װי זאָגט מען עפּעס: אײט-
לעכער הונט אַף זײַן מיסט.

— באַלד, פּישקע, באַלד, — מאַכט מײַן װײַב, קלאַפּנדיק מיך
מיט איר האַנט איבערן רוקן גאָר פרײַנטלעך. — לאָמיר נאָך א ביסל
פאָרן, לעבן, רײַבן זיך אין דער װעלט. ס'איז עפּעס גוט, פרײלעך,
מעכײַע... האָב צײַט א ביסל, פּישקע, מיט דײַן שטאָט, באַלד, באַלד!

איר „באַלד" האָט געדױערט א לאַנגע צײַט, און ס'איז נישט גע-
װען קײן עק, קײן סאָף. אין דער צײַט בין איך איבערגעװען אין גע-
נוג שטעט, האָב מיך אָנגעליטן גענוג צאָרעס און פּײַן. אינגאַנצן האָב
איך עס געהאַט צו פאַרדאַנקען אים, דעם מאַמזער, „א קיענק אים אין
די בײניע איאַן..."

פּישקע טוט א זיפץ טיף פונעם האַרצן און בלײַבט זיצן שטיל
מיט צוגעמאַכטע אױגן. מיר לאָזן אים א ביסל צו-זיך צו קומען, דער-
נאָך הײבט ער װײַטער אָן — און די מײַסע דערצײלט זיך אַזױ:

16

צו דעם צונעמעניש „נאָגיד" האָב איך אין דער לעצטער צײַט
באַקומען נאָך א נײַעם טיטל „מעקאַבל". דעם דאָזיקן טיטל
האָט מיר געגעבן דער מאַמזער — פאַרבאַפּט זאָל ער װערן!
און אַזױ האָט איטלעכער פון דער כאַליאַסטרע מיך גע-
רופן: פּישקע מעקאַבל. — מעקאַבל איז בא זײ אַזאַ מין עס

וואָרט, וואָס באַם אַרויסברענגען עס פֿון עם מויל שפּײַט מען זיבן מאָל אויס. די סינע, וואָס הערשט געוויינטלעך צווישן באַלמעלאָ־כעס, סאָכרים, קרעמער און דעסגלײַכן, וואָס האָבן איין ברויט, — איז אַ הונט אַקעגן דעם, ווי זיי, בויד־אָרעמעלײַט, האָבן פֿײַנט די שטאָטישע קאַפּצאָנים, און ביפֿראַט נאָך דאָס גאַנצע קאַפּיטל מעקאַב־לים. אָט די ווערעמדריקע מעקאַבלים, פֿוילע מעיוכאָסים, פֿאַרשמאָלצע־וועטע שיינע־ייִדן, — פֿלעגן זיי אַלץ זאָגן מיט גאַל, — זײַנען ווי די וואַנצן פֿול אין אַלע הײַזער, און נישט אויסצוהאַלטן פֿון זיי. מע צעשטאָפּט זיי די קישקעס אַף אַלע סימכעס: כאַסענעס, בריסן און קרישמע־לייענעס, רײַסן פֿון טויטע און פֿון לעבעדיקע, און מיר, נעבעך, רײַסן קריע, האָרעווען, פּראַצעווען אַפֿן שטיקל ברויט און ווערן פֿאַרשוואַרצט... די דאָזיקע אַלע צעקראָכענע נעפּאַשעס, פּלאַס־קעדריגעס האָבן זיך גענומען דאַוויד־האַמעלעכס טילימל און מאַכן מיט אים די שפּיל. דאַוויד־האַמעלעך זאָל געוועזן פֿריִער וויסן, צו וועמען אין די הענט זײַן טילימל וועט אַרײַנפֿאַלן, וועלכע פֿאַרנאָ־סעס די פֿוילע, פֿאַרשימלטע לאַפּנמיצלעך מיט אויסגעווייקטע פּענעמ־לעך וועלן דערמיט מאַכן, וואָלט ער עס, גאַנץ זיכער, נישט גע־מאַכט.

— ניין, באַסיע! — האָט דער מאַמזער געמאַכט צו מײַן ווײַב, — פֿון אײַער פּישקעס וועט קיין לײַט שוין נישט זײַן. ניין, ניין, נישט קיין לײַט, איינער פֿון אונדזער כעוורע! ער איז אַ מעקאַבל מיט די ביינער, אַ מעקאַבל מיט אַלע כיינ־גריבעלעך. דאָס פּאָרן אײַערס מיט אים, דאָס רײַבן זיך אין דער וועלט, וועט אים קלאָל נישט העלפֿן. אין הילכעס־אָרעמאַן ווייסט ער נישט מאַי דקאַ אַמרי רביצין. נישט קיין מענטש, ווי עס געהער צו זײַן. איר וועט, נעבעך, האָבן פֿון אים אַ פֿאַרפֿוילטע גאַל. — אײַ, אַזאַ באַסיע, איך זאָל האָבן אַזאַ באַסיע! אַ גליק, ווי איך בין אַ ייִד, אַ גליק וואָלט איך מיט אײַך געמאַכט!

נאָכ די אַלע מיטל, וועלכע דער מאמזער האָט געברויכט, אָנצו-
אכנ צווישנ מיר מיט מײַנ ווײַב א בייז-לעבנ אונ מיכ דערווײַטערנ
ונ איר דורכ רעכילעס, וואָס נישט געשטויגנ, נישט געפלויגנ, —
יז אימ לעסאָפּ געראָטנ צו פאלנ גאָר אפ עפּעס נײַס. ער האָט מיכ
ארמאסערט פאר מײַנ ווײַב, אָנגערעדט אפ מיר שטילערהייט, אז
יכ שאדכנ מיכ עפּעס צו א מיידל פונ א בויד אונ מאַכ מיט איר
פּעס צופיל כיינ... צווישנ דער כאליאסטרע האָט זיכ געפונענ א האָר-
אטע מיידל, מיט וועלכער איכ האָב, עמעס טאקע, ליב געהאט צו
מועסנ זייער אָפט אונ...

— הא, וואָס איז דאָס פאר א מיידל עפּעס? — פאל איכ אונ
לטער פישקענ אינ די רייד ארײַנ. — הא, פּישקע, זײַ זיכ מוידע!

— דאָס מיידל איז געווענ א ווילד-פרעמדע אינ בויד, אונ זי
אָט, נעבעכ, גענוג זיכ אָנגעליטנ, גענוג אָפּגעקומענ אינ אירע יונגע
אָרנ. איכ בינ זיכ מוידע, אז איכ האָב ליב געהאט טאקע מיט איר
ינײינעמ צו זיצנ אונ צו שמועסנ. מיר פלעגנ אויסגיסנ איינער דעמ
נדערנ אונדזער ביטער הארצ. זי פלעגט אפ מיר ראכמאָנעס האָבנ
ונ נישט איינ מאָל ווײנענ אפ מײַנע אונ אפ אירע צאָרעס. אײַ, איר
אָלט וויסנ, וואָס דאָס איז פאר א מ י י ד ל! אײַ, איר זאָלט וויסנ
ירע צאָרעס, נעבעכ!.. — האָט פּישקע אויסגעלאָזט מיט טרערנ אפ
אויגנ.

מיר האָבנ געבעטנ פּישקענ אונדז קלאָר צו מאכנ, ווער איז דאָס
יידל אונ וואָס מיט איר האָט זיכ אזעלכס געטראָפנ.

— אז איר בעט מיכ אזוי — האָט פּישקע אָנגעהויבנ נאָכ דעמ,
ער האָט מיט איינ עק ארבל אויסגעווישט די אויגנ, — אז אײַכ איז
אָב נישט נימעס געוואָרנ הערנדיק מיכ, וועל איכ אײַכ צוליב טאָנ
ונ דערציילנ, ווי ווײַט כאָר איכ קענ. הערט, זײַט מויכל, אונ האָט
יינ פאריבל נישט, אויב בא מיר וועט עס אויסקומענ נישט גלאט.

דאָס מיידל איז געווען נאָך א קינד, אז די מאמע אירע האָט זי געבראכט קיין גלופסק איינײנעם מיט א קלימעקל זאכן און אלטע בעבעכעס. דאָס קלימעקל האָט זי אָפּגעוואָרפן דאָרט ערגעץ אין א שטיבל בא אן אלטער ייִדענע, א מאכשייפעטע. אפּאָנעם, דאָס איז געווען א מעקלערין פון דינסטן. די אלטע ייִדענע פלעגט אוועקגיין מיט דער מוטער, איבערלאָזן דאָס קינד איינע אליין אָן עסן און פאַרפאַלן ווערן אפּ א גאנצן טאָג. אז דאָס קינד האָט איינמאָל געוויינט, געצאפּלט: מאמע, נעם מיך אויך מיט זיך! האָט די אלטע מאכשייפעטע אפּ איר זיך שטארק געבייזערט, מאכנדיק צו דער מוטער: כאָלילע! מע טאָר פון איר גאָר נישט וויסן. עס קען שאטן צום אייסעק. אין עטלעכע טעג ארום האָט די מאמע זי גענומען און גאנץ שטיל זי ארײַנגעפירט לעמאזל אין א קיך, ערגעץ אין א באלעבאטיש הויז. עס האָט נישט געדויערט לאנג, איז זי מיט דער מאמע איבערגעגאנגען ערגעץ אנדערשוווּ אין א קיך, און פון דאָרט ווײַטער אין א נײַער קיך, אזוי אז אין א קורצער צײַט זײַנען זיי מעגולגל געוואָרן אין א היפּש ביסל קיכן. די מאמע איז מיט איטלעכס מאָל איבערקלײַבן זיך אין א נײַער קיך געוואָרן צו איר אלץ ערגער און שלעכטער. איר טאטן האָט זי ווייניק געקענט. פריִער אין דער היים איז ער געווען א זעלטענער גאסט, שטענדיק אונטערוועגנס, און דערנאָך דאָ אין די קיכן האָט זי אים קיינמאָל נישט געזען. זי וואָלט אפילע גאָר פארגעסן, אויב זי האָט א טאטן, ווען די מאמע זאָל אים פופציק מאָל אין טאָג ניט שילטן בעשאס זי פלעגט צו איר אויסלאָזן איר שווער ביטער הארץ. „אָנלייגן זאָל ער מיטן קאָפּ, דער שיינער טאטע! — פלעגט זי שילטן, פלוכן. — דאָס ווײַב האָט ער געפּאטערט נאָך אזוי-פיל יאָר מי, בויכווייטעק, וואָס זי האָט געהאט בא אים, און איר נאָך אָנגעהאנגען — געהאנגען זאָל ער ווערן! — א באָמבע, א קינד אפּן האלדז, וואָס איבער איר קען זי אפּ קיין אָרט נישט אײַנזײַן און בא-

דארפ זיכ מיט איר שטיקנ, באהאלטנ. וואָרעמ ווער וויל עס דענ האָבנ בא זיכ א קעכנע מיט א קינד?" — נישט איינ מאָל טאקע פלעגט די באלעבאָסטע אינ קיכ ארײַנלויפנ, ווענ דער ווארמעס איז נישט געווענ עפּעס אזוי געראָטנ, אונ פּילדערנ, שרײַענ, פארוואָס האָט גאָט זי געשטראָפט מיט אזא קעכנע, וואָס שעפּט אָפּ דאָס אייבערשטע פונ דער יויכ אונ גיט עס איר שײַנ טעכטערל אוועק, — כאָטש דאָס טעכטערל, נעבעכ, האָט געדארט, געקווארט אונ געגעסנ קרענק. די מאמע פלעגט עס פארשטופנ, אזוי ווי טרייפע סכוירע, אפנ אויוונ. אינ א ווינקעלע דאָרט איז עס דעמ גאנצנ טאָג אָפּגעזעסנ אפ איינ אָרט, אײַנגעהויקערט אינצענטנ, אונ מע האָט נישט געטאָרט הערנ פונ איר קיינ פּיפּס. עס פלעגט איר די סמאהע איבערגיינ, שמעקנדיק די רייכעס פונ געבראָטענע גענדז, געפּרעגלטע לעבערלעכ, אונ זי... שאַ, נישט קיינ וואָרט! זי האָט שטילערהייט געליטנ, נעבעכ, הונגער, ביז מע האָט זיכ דערמאָנט ארײַנצושטופּנ איר אינ הענטל א טרוקנ שטיקל ברויט, אונ אמאָל אויכ אנ אָפּגעלעקט ביינדל, אָדער עפּעס אנדערש, וואָס איז איבערגעבליבנ אפ די טעלער. אמאָל ווידער האָט מענ אינ איר זיכ גאָר פארגעסנ, אונ אז זי האָט זיכ נישט געקענט אײַנהאלטנ אונ א פּיפּס געטאָנ, פלעגט זיכ ווײַזנ אינ דער הייכ אפנ אויוונ א קאָטשערע, א לאָפּעטע, אָדער א שטעקנ, א פּאָלאָניק אונ שלאָגנ אפנ קאָפּ, אפ די הענטלעכ, אפ די פיסלעכ, ווו נאָר עס האָט געטראָפנ. אונ דערבײַ האָט זיכ געשאָטנ טויטע קלאָלעס אונ בארמעס אפ איר טאטנ אונ טאטנס טאטנ ביז אווראָהאָמ אָווינו. אזוי האָט זי פארבראכט אינ קרענק, אינ צאָרעס אירע יונגע יאָרנ אפ די אויוונס. פונעמ שטענדיקנ זיצנ אפ איינ אָרט אײַנגעבויגנ, אײַנגעהויקערט איז זי געוואָרנ האָרבאטע, נעבעכ.

פונעמ אויוונ אראָפּקוקנדיק, פלעגט זי זענ עפּעס א יונגנמאנ. ער איז געווענ אנ אָפּטער ארײַנגייער צו דער מאמענ אירער אינ קיכ, די

מאמע פלעגט זיך אינ אים שמעלצנ, אים האָדעווענ פונעם ארבל, אָנ־שטאָפּנ אים די קעשענעס מיט גוטע זאכנ, אונ נאָך געבנ אים אמאָל געלט אויך. ער פלעגט קומענ אָפּט שפּעטלעך אינ אָוונט אונ בלײַבנ נעכטיקנ אינ קיך. אמאָל פלעגט די מאמע פארפאלנ ווערנ אפ א לאנגע צײַט, זיך אויספּוצנדיק פריִער, אָנקוקנדיק זיך גוט אינ דעמ שפּיגעלע, אונ איבערלאָזנ די קיך העפּקער. אפּאָנעמ, אז דער מאמענ איז אינ זינענ געלעגנ כאסענע צו האָבנ, אונ איז אלצ באשעפטיקט געווענ מיט דעמ כאָסנ...

איינמאָל אקעגנ אָוונט איז געקומענ עפּעס א מענטש אונ פארנו־מענ פונ דער קיך דער מאמעס זאכנ. די מאמע האָט געדאנקט דער באלעבאָסטע פאר דעמ זאלצ אונ ברויט, אראָפּגענומענ מיט מאזל איר נאקעט טעכטערל פונעמ אויווננ אונ איז מיט איר ארויסגעגאנגענ. זי פירט דאָס טעכטערל אונ פירט, ביז זי פארפירט עס ערגעצ אינ א געסל. „זעצ זיך דאָ אנידער אונ וואַרט. יידנ וועלנ ראכמאָנעס האָבנ"... אזוי האָט די מאמע געזאָגט אונ איז פארשווּנדנ געוואָרנ.

דאָס פארוואָרפענע קינד זיצט, נעבעכ, אפּ דער גאס שטיל אונ האָט מוירע א ריר צו טאָנ זיך אפילע, אזוי ווי פריִער אפנ אויווננ. א קאלט אָסיענדיק רעגנדל שפּרענקלט אונ נעצט איר דורכ די ביינער. זי איז געזעסנ אײַנגעניורעט קימאט אינ איינ העמד, געציטערט פאר קעלט, אונ א צאָנ אינ א צאָנ האָט איר געקלאפּט. אז איינער פונ די פארבײַגייענדיקע האָט זי א פרעג געטאָנ: ווער ביסטו, מיידעלע? איז דער ענטפער אירער געווענ: איכ בינ דער מאמעס... די מאמע מיר געהייסנ דאָ זיצנ שטיל... מע טאָר נישט שרײַענ. א קאָטשערע, א לאָ־פּעטע קומענ אונ שלאָגנ... אזוי איז זי, שלימאזלדיקע, נעבעכ, געזעסנ העט שפּעט אינ דער נאכט, ביז עפּעס א יידענע האָט זי פארנארט מיט גוטע רייד אונ אוועקגעפירט צו זיך אהיים, ערגעצ אפּ די פּיסקעס אינ א קליינ שטיבעלע אפ הינערשע פּיסלעכ.

בא דער ייִדענע האָט זי זיך אופגעהאלטנ א היפּשע צײַט אונ בא איר קיינ האָניק נישט געלעקט. די ייִדענע האָט זיך איר אויסגעגעבנ פאר א מומע אונ איר געהייסנ זי אזוי רופנ. די דאָזיקע מומע איז געווענ א סעדעכע, וואָס איז געשטאַנענ אינ מארק מיט קארטאָפליעס, הייסע באבקעס, קאָלנידרע-בארעלעכ אונ ערעצייִסראָעל-עפּעלעכ. גאנצפרי איז דער שטייגער אירער געווענ אוועקצוגיינ אינ מארק ארײַנ. דאָס הארבאטע מיידעלע איז איבערגעבליבנ מיט א טעכטערל אינ שטוב אונ געוויגט איר קינד, אויכ געהאָלפנ אינ דער באלעבאטישקײַט, ווי אשטייגער: קלײַבנ אפ דער גאס דארע שפּענדלעכ אפ אונטערצוהייצנ, קריכנ אונטערנ פּעקעליק נאָכ אייער, וועלכע די הינער האָבנ געלייגט, אויסשקראבענ א טעפּל פונ פּארטריקנטער קאשע, פארוואשנ אינ דער פּאָמעניצע דעמ קינדס א פארשמירט העמדל אונ שטיינ אכטונג צו געבנ אפ די איבערגעוואשענע הילצערנע מילכעדיקע לעפל, וואָס טריקענענ זיכ אפ דער פּריזבע, אינײנעמ מיט דעמ קינדס קישעלעכ, אקעגנ דער זונ, אונ נאָכ אנדערע אזעלכע מעלאָכעס. פארנאכט, אז די סעדעכע איז אהיימ געקומענ, האָט זי געשיקט איר קליינ דינסטמיידל אינ די הײַזער ארומצוגיינ אונ צונויפנעמענ עטלעכע שטיקלעכ ברויט. דערפונ האָט זי זיכ דערנערט אליינ אונ נאָכ געגעבנ „דער מומענ" אירער.

זומער פארנאכט איינמאָל, בעשאס ארומגייענדיק אינ די הײַזער אפ איר שטייגער, אינ איינ גראָב העמדל מיט א האלב קליידל, האָט זי זיכ פארשלאָגנ גאנצ ווײַט, אזש באמ עק שטאָט, אונ נישט געטראָפנ דעמ וועג צוריק אהיימ. די זונ האָט שוינ לאנג זיכ געזעצט. אפ דעמ הימל האָט זיכ אָנגערוקט א שווארצער וואָלקנ. עס האָט בליסלעכווײַז געבליצט אונ געדונערט. פּלוצלימ קומענ אונטער, פונ דער שטאָט ארויספאָרנדיק, עפּעס בוידנ, פול אָנגעזעצט מיט מענטשנ. — קוקט נאָר! — האָבנ פארשוינענע ארויסגעשריענ פונ איינ בײַדל. —

עפעס דרייט זיכ דאָ ארומ א האָרבאטע מיידעלע אונ וויינט, נעבעכ. — אונ באלד טאקע שפרינגט אראָפעט איינער א רויטער — טאקע אלצ דער רויטער מאמזער, „א קיענק אימ אינ די בייניע איאנ!" — גיט א פרעג דאָס קינד, וועמעס זי איז. — איכ וויל אהיימ, אהיימ צו דער מומע! — ענטפערט דאָס מיידעלע אפ א וויינענדיק קאָל. — שא, טאָכטער, וויינ נישט, — זאָגט צו איר דער מאמזער, איכ וועל דיכ אָפפירנ אהיימ צו דער מומע. ער טוט זי באלד טאקע א כאפ, ווארפט זי אינ א ביידל ארײַנ אונ פאָרט מיט איר אוועק.

פונ יענער צײַט אָנעט בלאָנקעט דאָס האָרבאטע מיידל, נעבעכ, זיכ ארומ מיט דער כאליאסטרע בויד-אָרעמעלײַט, וואָס האָבנ פונ איר הויקער געמאכט א פארנאָסע. דער שטייגער איז זייערער געווענ, קומענדיק ערגעצ אינ א שטאָט, אנידערצוזעצנ זי נאקעט אונ באָרוועס אפ דער גאס, ווו מענטשנ גייענ, אונ זי האָט באדארפט כליפען, בעטנ נעדאָוועס אפ א וויינענדיק קאָל, מיט א ניגנ, אונ אויכ רײַסנ בא די פאָלעס. האָט זי אָבער אמאָל נישט געשפילט די קאָמעדיע טשאקנדיק מיט אלע אָנשטעלנ אונ געמאכט ווייניק געלט, פלעגט מענ איר אָפשפילנ א גוטע כאסענע: שלאָגנ זי טויט-שלעק, ארויסווארפנ זי בא דער נאכט אינ דרויסנ, ווו זי פלעגט נאקעט, הונגעריק, נעבעכ, שרײַענ אונ וויינענ אפנ רעכטנ עמעס טאקע... זי האָט מיר דערציילט, ווי איינמאָל ווינטער, אינ א שטארקנ פראָסט, האָט מענ זי באנאכט אזוי ארויסגעוואָרפנ אפ דער גאס. דער פראָסט האָט זי א נעמ געטאָנ אונ געמאכט פונ איר א בייגל, געצופט, געטשיפעט דאָס לײַב ווי מיט קאלטע שפילקעס. עס האָט איר זיכ גערירט דער שארבנ אפ דעמ מויעכ, טונקל אונ ליכטיק, עפעס ביידע מיטאמאָל, איז איר געוואָרנ אינ די אויגנ. אָט-אָט עקט זיכ דאָס לעבנ. זי קענ שוינ מער נישט אויסהאלטנ אונ הייבט זיכ אָנ בעטנ אינ שטוב ארײַנ מיט א ביטער געוויינ. זי ציטערט, בעט ראכמימ? עפנט, מומע, עפנט, פעטער! —

אזוי האָט זי איטלעכן פון דער כאַליאַסטרע געבראָכן. זי שרייט: פּע-טער, איך וועל שוין ווייטער דאָרט פאַר מענטשן גוט שרייען! זי וויינט: מומעניו, איך וועל שוין דאָרט גוט וויינען! זי בעט: גוואַלד, איך וועל שוין ווייטער גוט בעטן! נאָר שרייַ צו דער וואַנט, נישטאָ קיין ענטפער... זי בלייבט ליגן שטיל, פילט מער נישט קיין קעלט, קיין פּיין, עס באַפאַלט זי עפּעס אַ זיסער שלאָף, עס דאַכט זיך איר, מע האָלדעט זי, גלעט זי, עפּעס גוט, וואַרעם, מעכטיג — און מע האָט זי אַ טויטע אַוועקגעטראָגן פונעם אָרט... זי האָט אַ היפּשע צייט פון יענער נאַכט געקרענקט. — ווייטער איז דער שטייגער געווען אַראָפּ-צולאָזן זי פונעם וואָגן, וויבאַלד מע האָט פונדערווייטנס אָפּן וועג דערזען פאַרנדיק עפּעס אַ פּאָרעץ, אָדער סאָכרים, לייטישע מענטשן. זי האָט באַדאַרפט מאַכן די גאַנצע שפּיל, אויסשטרעקן די הענט, דרייען זיך, לויפן פאַרביי די פערד, בא די זייטן וואָגן, כליפּען, בע-בען אונטער דער נאָז מיט אַ ראַכמאָנעס-פּאָנעם און דערטאַפּן אַ נע-דאָווע, — איר טויט זאָל דאָ אפילע זיין. אַמאָל פלעגט זי טאַקע כאַפּן אַ שמיץ מיט דער בייטש פונעם שמייסער אַפּ דער קעלניע, נאָר זי פלעגט עס, נעבעך, אַראָפּשלינגען, שאַ, קיטש, און געטאָן טאַקע אירס, ווייל זי האָט זייער גוט געוווּסט, אַז אַ בייטש איז אַ גאָרנישט אַקעגן דעם, וואָס זי וועט שפּעטער כאַפּן, אויב, כאָלילע, זי קומט צוריק אין בויד מיט ליידיקע הענט... וואָס זי, נעבעך, איז אין די יונגע יאָרן צאָרעס אויסגעשטאַנען, לאָזט זיך גאָר נישט ארויסזאָגן. אויך היינט שטייט זי נאָך גענוג צאָרעס אויס, אין געהענעם באַדאַרפ מען אַזוי-פיל נישט אָפּקומען וויפל זי, נעבעך, קומט אָפּעט. אָך, דאָס בלוט קאָכט אין מיר, ווען איך דערמאָן מיך אין איר! אוי וויי, מיין לעבן וואָלט איך פאַר איר געוועקגעגעבן, אבי זי אויסצולייזן. הערט איר, יידן, ס'איז נאָך אַפּ דער וועלט גאָר נישטאָ אַזאַ גוטע, שטילע טויב, אַזאַ זיסע טייערע נעשאָמע, ווי זי...

## 17

פישקעס דערציילונג האָט אָנגעמאכט א שטארקע מאָרעשכוירע אפ אלטערנ מיט מיר. אלטער האָט מיט דער האנט געריבנ דעם שטערנ, ווי עס האָט אים עפּעס געביסנ, אונ אלצ געמאכט פאר זיכ: עט, עט!..

— הערט איר, רעב אלטער, — רופ איכ מיכ אָנ מיט א שמייכעלע, — פישקע, כלעבנ, איז טאקע פארליאפּעט אינ דעם האָרבאטע מיידל. ס'איז, כלעבנ, עפּעס נישט גלאט.

— לעמיר זאָל איכ לייקענענ, — האָט פישקע געזאָגט, — איכ האָב זי טאקע אָנגעהויבנ שטארק ליב צו האָבנ אינ הארצנ פאר גרויס ראכמאָנעס. עס האָט מיכ עפּעס צו איר געצויגנ, מיר צוגעקומענ לעבנ פונעם זיצנ אמאָל מיט איר אינאיינעם. — וואָס?.. גאָרנישט! גלאט אזוי זיכ — שמועסנ, אָדער שווײַגנדיק אָנקוקנ זיכ איינער דעם אנדערנ. דאָס גוטסקײַט איז איר געלעגנ אפנ פּאָנעם. דאָס קוקנ אירס אפ מיר איז געווענ טאקע נאָר, ווי א געטרײַע שוועסטער קוקט אפ איר אומגליקלעכנ ברודער, בעשאס אים איז, נעבעכ, שלעכט, שטארק נישט-גוט. אונ אז נעמענדיק צום הארצנ מײַנע צאָרעס, האָט זיכ איר געשטעלט טרערנ אינ די אויגנ, איז מיר געוואָרנ עפּעס גוט, ווארעם-מעכײַע אינ אלע גלידער. עפּעס האָט מיר זיכ געדאכט, געדאכט... איכ ווייס אליינ נישט וואָס. עפּעס האָט מיכ אינווייניק געבריט, געגלעט בא דער נעשאָמע: „פישקע, דו ביסט נישט מער אליינ איכ דער וועלט, ביסט נישט מער עלנט ווי א שטיינ“. — אונ עס באנעצנ מיר זיכ די אויגנ פונ הייסע טראָפּנ טרערנ.

מײַנ ווײַב — א וווּנדער, כלעבנ! — האָט מיכ שוינ עפּעס נישט אזוי געארט. עפּעס איז מיכ שוינ נישט אזוי שטארק אָנגעגאנגענ, ווי זי מאכט כיינ מיט דעם מאמזער. געקרימט דערופ האָב איכ מיכ נאָכ

טאָקע, אָבער דאָס קרימענ זיכ האָט שוינ נישט געהאַט דעמ טאמ ווי פריִער. אַז מיר פלעגט אַמאָל אַרופקומענ אויפנ געדאַנק אַזוי: דו ווילסט, פישקע, דײַנ ווײַב זאָל אַ זאָג טאָנ: „אַציִנד איז שוינ גענוג זיכ אַרומגעשלעפּט, קומ לאָמיר זיכ באַזעצנ אינ אַ שטאָט?“ — פלעג איכ זוכנ ווי מיכ אויסצודרייענ, נישט געבנ קיינ גלײַכנ ענטפער, אונ זיכ פאַרטראַכטנ דערבײַ אינ איר... וואָס וועט זײַנ מיט איר, מיט דער האָרבאַטער, נעבעכ?.. נאָר הערט אָבער אַ מײַסע! אַז איכ בינ געוואָרנ אינ האַרצנ צו מײַנ ווײַב קילער, שוינ נישט געצאַפּלט נאָכ איר אַזוי ווי פריִער, איז זי, דאַכט זיכ, געוואָרנ צו מיר הייסער. עס פלעגט אויפ איר אַמאָל אָנקומענ אַ שאָ, וואָס זי איז געווענ צו מיר גוט, ווייכ ווי אַ טייג, אונ האָט זיכ געהאַנגענ מיר פּאָשעט אויפנ האַלדז. נאָר דערפאַר שפּעטער פלעגט עס מיר באָקומ אויספאַלנ. זי פלעגט מיר טאָנ אינ דער גאַל אַרײַנ, מיכ פּלאָגנ, פּײַניקנ נאָכ טויזנט מאָל ערגער ווי פריִער, אַזוי אַז דאָס לעבנ איז מיר נישט ניכע געווענ אונ האָב מיר געווונטשנ דעמ טויט. איכ האָב פונ איר געהאַט, טאַקע ווי מע זאָגט, קאַלט אונ וואַרעמ. איכ האָב גאָר נישט געקענט פאַרשטיינ, וואָס איז איר געשענ? מעשוגע איז זי, צי כאָסערדייע, וואָס איז מיט איר אַזוינס? נאָר אינ אַ קורצער צײַט שפּעטער איז זיכ פאַרלאָפנ עפּעס אַ זאַכ, אונ דער בלאָטער איז פּלוצלימ אויס-געשפּרונגענ. איכ האָב שוינ פאַרשטאַנענ, וואָס ברענט אַזוינס מײַנ ווײַב, וואָס די רוגזע אירע באַטײַט. ס'איז אַ ווייטעק, אַ בושע צו דערציילנ.

פישקע פאַרטראַכט זיכ אַ רעגע. דערנאָכ טוט ער זיכ עפּעס אַ גע-שמאַקנ קראַצ אונ הייבט אָנ ווײַטער צו דערציילנ:

איינמאָל זײַנענ מיר אָנגעקומענ ערגעצ אינ אַ קליינ שטעטל אינ פאַרפאָרנ, ווי געווײנטלעכ, אויפ אַכסאַניע גלײַכ אינ העקדעש אַרײַנ. איכ זאָג אײַכ, ייִדנ, עפּעס האָב איכ דאָכ שוינ גענוג העקדיישימ מיכ

אָנגעזענ אינ מײַנ לעבנ אונ ווייס גאנצ גוט, וואָס אזעלכע באטײַטנ,
נאָר זיי אלע זײַנענ גאָלד אקעגנ דעמ העקדעש פונ יענעמ שטעטל.
אז איכ דערמאָנ מיכ אינ אימ, הייבט אצינד נאָכ אָנ מיר דאָס גאנצע
לײַב צו בײַסנ אונ איכ מוז מיכ קראצנ. אינגאנצנ האָט דער העקדעש
אויסגעזענ ווי א שטארק אלטע קרעטשמע, א כורווע מיט אויסגעקרימ-
טע, נישט קיינ גלײַכע ווענט, מיט עפּעס א דעכל, מישטיינסגעזאָגט,
ווי א צעקנייטשט קאפּעלישל, פארריסנ פונ פאָרנט אונ נידעריק אָנגע-
בויגנ פונ הינטנ, קימאט בי דער ערד. מע האָט באשײַמפּערלעכ גע-
זענ, אז דער העקדעש, נעבעכ, כאלעשט, וויל אײַנפאלנ אונ ליגנ ווי
א בארג מיסט אפ דער ערד, נאָר דער אוילעמ אינ שטעטל האָט אימ
אָפּגעשריגנ, אונטערגעשפּארט מיט דרענגלעכ אונ אימ אײַנגעבעטנ
צו האלטנ זיכ אזוי אפ ווײַטער ביז הונדערט אונ צוואנציק יאָר. דורכ
קלאָמפּערשט עפּעס א טויער איז מענ ארײַנגעפּאָרנ אינ א גרויס הויז
מיט צעשאָטענע, לעכערדיקע ווענט, דורכ וועלכע עס האָט זיכ ארײַנ-
געגאנוועט א שטיקל שײַנ. די ערד דאָרט איז געווענ גריבערדיק, ער-
טערווײַז איז געשטאנענ קאליוזשעס, פארשימלטע, פארדומפּענע פונ
פּאָמעניצעס אונ נאָכ אזעלכע זאכנ, אויכ פונעמ רעגנ, וואָס פלעגט
טאָמער דורכ דעמ פוילנ שטרויענעמ דאכ, צעשיטעט ווי א רעשעטע,
אהינ ארײַנקאפּענ. צעריבענע פארפוילטע שטרוי האָבנ זיכ אומעטומ
געוואלגערט, אויסגעמישט מיט אלערליי מינע שמאטעס: צעריסענע
טאָרבעס, צעהאקטע ראָגאָזשעס, פארהארטע ווערכלעכ פונ שיכ, אלטע
פּאָדעשוועס אונ אויסגעדרייטע אָפּצאסנ מיט פארזשאווערטע טשווע-
קעס, שערבלעכ, צעבראָכענע רייפנ, ספּיצעס פונ רעדער, האָר, ביינער,
דראפּאטשעס, ריטער פונ בעזעמער אונ נאָכ אזעלכע שמאָכטעס. דאָס
דאָזיקע ביסל סכוירע אינייינעמ האָט געפּרייעט אונ געגעבנ „די
שמוכט", מעשונעדיקע רייכעס גאָר א שרעק. — אינ דער לינקער זײַט
הויז האָט זיכ געעפנט מיט א בייזער א פארשמאָלצעוועטע טיר אינ א

שטוב אַרײַן מיט קלײנע, שמאָלע, נישט גוט צוגעשטאַנענע פֿענצטער, און אַ טײל שויבן זײַנען אויסגעשלאָגן און פֿאַרקלעפּט מיט צוקער־פּאַפּיר אָדער פֿאַרשטעקט מיט אַ שמאַטע. אַ טײל זײַנען שטאַרק שמוציק, אין די װינקלעך באַדעקט דיק מיט שימל, און װידער אַ טײל זײַנען פֿאַר אַלטקײַט איבערגעצױגן מיט געל־גרינע מעשונע גלאַנציקע קאָלירן, און דער גלאַנץ שטעכט עפּעס די אױגן, גלײַך װי אַ קריץ אױף גלאָז גרילצט װילד אין די אויערן. אַרום די אָפּגעשלאָגענע װענט און נעבן אַ גרויסן אויװן ציִען זיך לאַנגע בענק פֿון ברעטער, װאָס ליגן אױף קלעצלעך און שטיקער האָלץ. העכער אַ ביסל איבער די בענק שטעקן אין די װענט גרויסע און קלײנע פּלעקלעך. פֿון דער שװאַרצער סטעליע הענגען אַראָפּ שטריקלעך מיט פּעטליעס, אין װעלכע עס האַלט זיך בײַ די בײדע עקן אַ לאַנגער שטאַנג. די פּלעקלעך מיט דעם שטאַנג זײַנען פֿאַרהאַנגען מיט פֿאַרדריפּעטע קאַפּטנס און קלײדלעך, מיט אַלערלײ כּפּײצים און טאָרבעס פֿון אָרעמעלײַט, װאָס קומען צו פֿאָרן אין בײַדלעך אָדער קומען זיך צו שלעפּן צופֿוס און שטײען דאָרט אײַן, יונג און אַלט, מאַנצבילן און װײַבער אַלע אינײנעם. דער העקדעש איז אַחוץ דעם נאָך אַ ביקור־חולים אויך. דאָרט איז דאָס אָרט אױף צו שטאַרבן פֿאַר קראַנקע מיִעסע קאַפּצאָנים אין דעם שטעטל. דער רופֿא טוט אַלצדינג, װאָס נאָר מעגלעך: שטעלט באַנקעס, פּיאַװקעס, לאָזט צו דער אָדער און צאַפּט, אױף קאַהעלשע הױצאָעס, קאַפּצאָנים בלוט, ביז די קאָשערע נעשאָמע גײט זײ אױס, און דער העקדעש־מאַן, װאָס איז צוגלײַך דער קװאָרעם־ייִד פֿונעם שטעטל, איז זײ טאַקע באַלד מעקאַבער אומזיסט. דער העקדעש־מאַן מיט זײַן הויזגעזינד זיצט אויך טאַקע דאָרט אין אַ מין אַלקער־ל, מישטײנסגעזאָגט. כאָטש װאָס ער איז אַ העקדעש־מאַן, אַ קװאָרעם־ייִד, אַ שאַמעס אין דער כעװרע־קאַדישע, אַ מאַזשגיעך אין זײַן ביקור־חולים, אַ „װאַשטי האַמאַלקע“, אָדער אַ „מאָנדרוש“ אין פּורים, אַ פֿאַרשטעלטער

בער מיט אנ איבערגעקערטנ פעלצ אינ סימכאסטוירע, א סארווער, אנ אָנשטעלנמאכער, א ווערטל-זאָגער אפ אלע כאסענעס און ברִיסנ,— האָט ער נאָכ א פארנאָסע דערצו — צו מאכנ כיילעוודיקע ליכטלעכ. די אלע באלעבאטימ און באָטעמעדראָשימ צִיִענ בא אימ ליכט אינ הויז פונעמ העקדעש, און עס ווערט דענסטמאָל א געשטאנק, אנ אי-פעש ווײַט ארומ און ארומ...

אז אונדזער כאליאסטרע איז אָנגעקומענ אהינ אינ העקדעש, איז ער געווענ אָנגעזעצט גענוג מיט אָרכימ. דער העקדעש-מאנ האָט זיי געטריבנ: גענוג געזעסנ, פאָרט אײַכ געזונטערהייט שוינ ערגעצ אנ-דערש! נאָר אזוי ווי ס'איז געווענ דאָנערשטיק, האָבנ זיי געהאט אנ אויסרייד זיכ אָפּצובעטנ — פארבלײַבנ דאָ ביז נאָכ שאבעס. די ערד, די בענק און דער אויוונ זײַנענ באנאכט באלאגערט געווענ מיט מענטשנ, מע האָט זיכ געשטופּט, געקוועטשט, געקריגט און געשאָלטנ פאר א שטיקל אָרט. קאָניצע און פּיעשע האָבנ שטארק געארבעט, איינער דעמ אנדערנ ארויסגעוויזנ די שטארקע סינע און די גוורע זייערע מיט די הענט. אינ דער גרויסער מעהומע, נישט-דאָ-געדאכט, האָט געקרעכצט אינ א ווינקעלע א קראנקער אלטער ייִד, ועלכנ מע האָט נעכטנ אפ קוראציע אהער געבראכט, און א פּיצל קינד, וועלכנ מע האָט אינ דעמ שטופּעניש צוגעקלעמט א פיסל, האָט געקוויטשעט, געמאכט לעבער אינ קאָפּ, שרײַענדיק. — ערשט שפּעטער, אז די ביי-זע מעהומע האָט זיכ איבערגענומענ, האָב איכ מיר אָפּגעזוכט ערגעצ א ווינקל און זיכ געלייגט ווי-ס'איז אויסצורוענ א ביסל. נאָר קוימ האָב איכ מיכ געלייגט, זײַנענ מיכ באפאלנ גאנצע כאיאָלעס פרײַסנ, וואנצנ, פליי ווי די בערנ און האָבנ מיכ געוואָלט לעבעדיקערהייט אופעסנ. דאָס לײַב הייבט מיר נאָכ אצינד אָנעט צו בײַסנ און מוז מיכ געשמאק קראצנ נאָר באמ דערמאָנענ זיכ אינ די דאָזיקע מאלאכיי-כאבאָלע. אז איכ האָב א קוק געטאָנ, אז מיט פ ר ײַ ס נ מ י ל כ אָ מ ע

צו האלטנ איז שווערלעכ, א פּריִיס איז א באשעפעניש, וואָס קריכט, אונ זייַנ שיטעפּ, די וואנצ, שטינקט, האָב איכ זיי מויכל געווענ מייַנ שטיקל פּלאצ, לאָזנ זיי מיט אימ זיכ ווארגנ! אונ בינ ארויס אינ הויז, דאָרט ווי-ס'איז צובראָכנגענ די נאכט. אינ דרויסנ איז געווענ שרעקלעכ פינצטער. א קאלטער, א שטארקער ווינט האָט געשטורעמט, געהייַלט ווי די הונגעריקע וועלפ, געפייַפט אונ געבלאָזנ דורכ די שפּאלטנ אינ די ווענט. שטיקלעכ שטרוי זייַנענ פונעמ דאכ געפלויגנ אונ האָבנ מיט נאָכ אנדערע מינע שמאָכטעס ווי די רוכעס אינ הויז ארומגעטאנצט. צווויילנ האָבנ אהינ דורכ די לעכער אויכ ארייַנגעקאפּעט גרויסע טראָפּנ רעגנ. איכ האָב פארוקט מיכ דאָרט אינ א ווינקל אונ געלעגנ מיט א ביטער געמיט, געציטערט פאר קעלט. אנו, די באָד, די באָד!— האָב איכ געטיַיקעט אונ געאָכט.— ווו נעמט מענ מייַנ באָד! דאָרט איז דאָכ פּאָשעט א גאניידנ — ווארעמ, א דערקוויקעניש. ווי גליקלעכ בינ איכ אינ דעמ דאָזיקנ גאניידנ דאָרט אמאָל געווענ. וואָס האָט מיר געפעלט, וואָס איז מיר דאָרט אָפּגעגאנגענ? מיר איז געווענ אזוי גוט, אזוי וויל,— האָט דער רועכ באדארפט אָנטראָגנ מייַנ ווייַב, איכ זאָל דורכ איר פארטריבנ ווערנ פונעמ גאניידנ אונ ארומוואָגלענ זיכ אינ דער וועלט. אפ צאָרעס נאָר זייַנענ די ווייַבער דאָ, טאקע נאָר אפ צאָ-רעס. וואָס טויגנ זיי? וואָס האָט מענ פונ זיי? קיינ גוטס, כלעבנ, קומט פונ זיי נישט ארויס... באלד אָבער דערמאָנ איכ מיכ אינ דעמ האָרבאטע מיידל, אונ [האָב] פאר מיר אליינ מיכ געשעמט. סטייַטש, זי איז דאָכ א גוטע, א קאָשערע נעשאָמע, מיט איר אינייִנעמ איז דאָכ עפּעס א טייַנעג. ס'איז עפּעס גלאט גוט, גרינג, פריילעכ אפנ הארצנ צו זיצנ אונ שמועסנ מיט איר. א קאַפּאָרע טויזנט באָדנ פאר איר מינדסטנ נאָגל. פונ אירס א קוק ווערט עפּעס געשמאק ווארעמ אינ אלע גלידער.— שעמ דיכ, פישקע! — שייַגעצ איכ מיכ אליינ אויס,— זינדיק נישט מיט דייַנע רייד, ווייַבער גיבנ עפּעס צו א שטיק געזונט

און לעבן. ווײַבער קענען גליקלעך מאכן און פונעם געהענעם אפילע מאכן א גאניידן... פון אזעלכע זיסע געדאנקען האָב איך פארגעסן אין אלע מײַנע צאָרעס. דאָס ווינקעלע, וווּ איך האָב מיך צוגעשפּאַרט, איז עפּעס גאָר גוט, מעכטיע. מיר איז שוין מער נישט קאַלט. איך הייב אָנעט לייענען קרישמע מיט געפיל, די אויגן קלעפּן מיר זיך און ווער באלד אנדרעמלט. פּלוצלים אָבער האָט מיך אופגעוועקט עפּעס א שרעקלעך געשריי.

— קוקט נאָר אָן דאָס נעפּעש! — האָט עמעצער געשריגן נעבן דער טיר פונעם שטוב און דערלאנגט פון דאָרט א וואָרף מיט דעם גאנצן קויעך אין הויז ארײַן עפּעס א שווערע זאך, וואָס איז ווי א שטיין געפאלן אפ דער ערד מיט א שטארקן קלאַפּ, — קוקט נאָר אָן די מעצאָצע... אויך מיר א מענטש! א קאטאָוועס, די גראפיניע פּאָ-טאָצקע!.. און אין הויז ביסטו קראנק צו ליגן, פארפּאטשקעטע גרא-פיניע?

איך האָב באלד אין דעם קאָל דערקענט דעם מאמזער, — „א קיענק אים אין די בייניע איאן!“ — ער האָט נאָך א ביסל געשריגן, געזידלט, אויסגעוואָרפן מיט דער גראפיניע פּאָטאָצקע, דערבײַ אויסגעשפּיגן און פארמאכט דערנאָך די טיר מיט א שטארקן קלאַפּ.

א שטיקל לעוואָנע איז ארויסגעקראָכן פון צווישן די צעריסענע שטיקער וואָלקן, האָט ארײַנגעקוקט דורך דעם צעבראָכענעם דאך אין הויז ארײַן און באלויכטן דאָרט עפּעס א מענטשלעך געשטאלט, וואָס איז געלעגן ווי א קלימעק, שטיל, קיין ריר זיך נישט צו טאָן. איך האָב מיך א לאָז געטאָן זען, ווער איז עס די מעצאָצע אָדער די גרא-פיניע פּאָטאָצקע, וואָס ליגט דאָרט אזוי. איך טו א בליק — און א דו-נער האָט מיך דערשלאָגן! פינצטער איז מיר אין די אויגן, און דער קאָפּ דרייט זיך מיר, אזוי ווי פון דער ערשטער פּארע אפ דער אייבער-שטער באנק. מײַן האָרבאטע מיידל, זי, נעבעך, ליגט עס אפן רוקן

טויט אויסגעשטרעקט פונעם שטארקן שלײַדער, וואָס דער מאַמזער האָט מיט איר געטאָן! איך נעם מינטערן מיט אַלע קויכעס די האָר-באַטע, נעבעך, און אַז גאָט האָט געהאָלפֿן, זי האָט זיך אָנגעהויבן צו רירן, האָב איך זי אַ כאַפּ געטאָן אויף די הענט עפּעס נישט מיט קיין מענטשלעכן קויעך, ווי בעשאַס מע ראַטעוועט אין אַ גלופּסקער גרוי-סער שׂריפֿה, און בין מיט איר גיך אַוועק אַהין אין מײַן ווינקעלע. איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז דענסטמאָל בין איך געגאַנגען גאָר גלײַך, ווי אַלע מענטשן, און האָב אַפֿילע קיין הינק נישט געטאָן. זי האָט פֿאַמעלעך, פּאַמעלעך אופֿגעעפֿנט איינס אויג נאָכן אַנדערן און אַ שמײכל זיפֿץ געטאָן. איך האָב פֿאַר סימכע געמיינט, אַז די וועלט איז מײַנע. ס'איז מיר געוועזן צו מוט טאַקע גאָר ווי דעם בעטלער אין די געשריבענע מײַסעס, וואָס ווערט פּלוצלים פֿון דער העלער הויט מעגולגל אין אַ טײַערן פּאַלאַץ, זיצט זיך דאָרט אָנגעלענט אויף דער גוטער העסעבעט איניינעם מיט אַ באַסמאַלקע און טוט זיך וויל. איך האָב געשווינד אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון מיר מײַן קאַפּאָטע און אײַנגעוויקלט דערמיט מײַן באַסמאַלקע, וואָס האָט געציטערט פֿאַר קעלט.

— אוי! — האָט מײַן האָרבאַטע, נעבעך, אַ זיפֿץ געטאָן, אויס-געריבן די אויגן און געקוקט. עפּעס גלײַך ווי זי האָט זיך אַרומגעקוקט, אויף וואָס פֿאַר אַ וועלט זי איז.

— וואָס קוקסטו עפּעס אַזוי? — טו איך זי אַ פֿרעג. — איך בין פּישקע. געדאַנקט און געלויבט איז גאָט, וואָס דו לעבסט.

— אָך און ווײ איז מיר! — זאָגט זי מיט אַ זיפֿץ טיף פֿונעם האַרצן. — וואָס טויג מיר, וואָס איך לעב. איידער אַזאַ לעבן איז שוין בעסער דער טויט. גאָט איז דאָך אַ גוטער, אַ באַרעמהאַרציקער, הײַנט צו וואָס האָט ער אַזעלכע ווי איך גאָר באַשאַפֿן, נאָר אויף צו לײַדן און צו פּלאָגן זיך אין דער וועלט?

— נאַרעלע! — מאַכ איכ צו איר. — מיסטאָמע ווייסט גאָט, וואָס ער טוט, מיסטאָמע איז דאָכ אימ ניכע, אז אזעלכע, ווי מיר, זאָלנ אויכ זײַנ אפ דער וועלט. גאָט איז א טאַטע, ער זעט, הערט אונ ווייסט אַלצדינג. דו מיינסט, נאַרעלע, ער ווייסט נישט אונדזערע ביידנס צאָרעס? גאָט ווייסט, נישקאָשע! די לעוואָנע זײַנע, זע נאָר, זע, קוקט פונעמ הימל אהער אפילע, אינ הויז, אויכ אַרײַנ. זינדיק נישט, נאַרעלע, מיט די רייד.

זי האָט אויסגעשטעלט אפ מיר א פּאָר פײַערדיקע אויגנ, אינ וועלכע עס זײַנענ געשטאַנענ גרויסע טראָפּנ טרערנ אונ זיכ געפינקלט אקעגנ דעמ שײַנ פונ דער לעוואָנע, ווי בריליאַנטנ. אירע אויגנ אונ איר קוק דערנסטמאָל אפ מיר וועל איכ אייביק נישט פארגעסנ.

אז איכ בינ אופגעשטאַנענ אפ מאָרגנ גאַנצפרי, האָב איכ געזענ, מײַנ האָרבאַטע ליגט אינ ווינקעלע, אײַנגענורעט אינ מײַנ קאָפּאָטע אונ שלאָפט ווי א פייגעלע. דאָס פּאָנעמ אירס איז געווענ בלייכ אונ אויסגעזענ עפּעס אזוי גוט, אזוי ראַכמאָנעסדיק גוט... די ליפּנ האָבנ צוווײַלנ געציטערט אונ זיכ אויסגעצויגנ עפּעס ווי מיט א געבעט. עפּעס בעט זי, נעבעכ, ראַכמימ: פּײַניקט מיכ נישט! וואָס האָב איכ אײַכ געטאָנ? וואָס האָט איר צו מיר? פארוואָס מיר נישט דאָס לעבנ. וואָס האָב איכ אײַכ געטאָנ, וואָס האָב איכ אײַכ געטאָנ?.. אונ דאָס בעטנ אירס רײַסט אויס א שטיק האַרצ. עס האָט מיר זיכ געשטעלט טרערנ אינ די אויגנ — אונ איכ האָב געוויינט.

דער ערשטער, וואָס איז אינדערפרי אינ הויז אַרײַנגעגאַנגענ, איז געווענ דער מאַמזער, — „א קיענק אימ אינ די ביינער אַיאַכ!“ — ער האָט מיט זײַנע געניייווישע אייגעלעכ א קוק געטאָנ אפ מיר, אפ דער האָרבאַטער אונ איז מיט א שטעכנדיק געלעכטערל אוועק צוריק אינ שטוב אַרײַנ.



ישקע איז פלוצלים געבליבן שטיל און אוועקגעקוקט דאָס פּאָנעם, גלײַך ווי ער האָט זיך געשעמט. וואָס מײַן אלטער האָט אים נישט געבעטן ווײַטער צו דערציילן, האָט אלץ נישט געהאָלפן. — עט... כלעבן! — האָט פישקע געמאכט, איז רויט געוואָרן, זיך געמינעט און נישט געעפנט קיין מויל. פיש-קע, ווי עס האָט ארויסגעזען, האָט לעסאָפ זיך אליינ פארשעמט פונ זײַנע אייגענע רייד. פרזער, אז עס האָט אים דער ערשטער ברי געטאָן, האָט ער זיך צעפלאקערט, צערעדט ווי איינער פונ דער היצ. ער האָט גערערט מיט פײַער און ארויסגעגאָסן זײַן גאנצ הארצ איך אזעלכע ווערטער, וואָס זײַנען גאָר נישט געווען פאר פישקעס מויעכ. די דאָ-זיקע ווערטער האָבן זיך אים געגאָסן אליינ, עס האָט איך אים זיך צערעדט די נעשאָמע. ער האָט בעשאסמײַסע פארגעסן אלצדינג, וואָס ארום אים טוט זיך, גערעדט, גערעדט, נישט צו הערן קימאט אליינ, וואָס ער רעדט. ביז ער האָט פלוצלים זיך א כאפּ געטאָן, עפּעס ווי אליינ זיך צוגעהערט צו זײַנע רייד, זיך עפּעס געוווּנדערט, ווי קומט אזוינס צו אים... און איז שטארק פארשעמט געוואָרן. בא ווּעלכן פונ אונדז מאכט זיך נישט כאָטש איינ מאָל אינ לעבן אזא ליכטיקע, גוטע שאָ, וואָס דענסטמאָל עפנט זיך א מויל און ריינע, עמעסע מענטשלעכע געפילן גיסן זיך אים ארויס, ווי א שטראָם הייסע זודיקע גאזן פונ א פײַערשפּײַענדיקן בארג? אפ בילאָמס אייזל אפילע איז אויך אָנגעקו-מען א שאָ, אינ וועלכער עס האָט פונ דער העלער הויט אים זיך געעפנט דאָס מויל, און האָט געהאלטן א שיינע רעדע. ווער שמועסט בא בא-לע-דארשנס, לעהאוודל, מאכט זיך פיל מאָל, אז אזעלכער, וואָס מא-לעגיירעט געוויינטלעכ, פלוידערט טאָמעד אוועק נארישקײַטן, א שרעק צו הערן,— פלוצלים פאלט אפ אים אָנ אמאָל עפּעס א באגײַסטערונג,

און ער זאָגט נישט ווילנדיק ארויס א גלייך וואָרט, וואָס דער גאנצער אוילעם און ער אליין מיט זיין קאָוועד אויך בלייבן דערנאָך פאר-גאפט. באמ ערגסטן כאזן, א קאטשאן, וואָס גלוסט זיך ברעכן, הערנ-דיק זיין טערעלייקען מיט מעשוגענע האוויועס, טרעפט זיך אמאָל, אז פלוצלימ טוט עס מיט אימ א טראָג, ער צעיאָגט זיך אין דעמ מוסעפ מיט א ברען און וואַרפט ארויס א „יעקומ-פורקנדל", א „טי-קאנטאָ-שאבעסל" מיטן קנאק. טרעט די גוטע שאָ אָפ, בלייבט דער אייזל ווייטער טאקע אן אייזל, דער באל-דראָשע, לעהאוודל, ווייטער א פלוידערזאק און דער כאזן, מישטיינסגעזאָגט, ווייטער א קאטשאן...
נישט דאָס בין איך אויסן. צוויי יידן דרייער האָב איך געקענט אין א יידישער דרוק, וואָס די גאנצע ארבעט זייערע איז באשטאנען דערי-נען,—טאָג ווי נאכט צו דרייען די ראָד פון דער מאשינע, שטייענ-דיק בא איר אין דער זייט, איינער נעבן דעמ אנדערן, נאָר אזוי ווי די אָנגעמאָלטע גוילעמס. דריי און דריי שטענדיק, אָן אן עק, אלץ אפ איין אָרט, אפ איין שטייגער. פלוצלימ האָט עס זיי עפעס ווי אונטערגעטראָגן און האָבן זיך א נעמ געטאָן דרייען די ראָד געשמאק, מיט געפיל, שטארק באגייסטערט, די אויגן ברענען, פלאקערן, און זיי דרייען מיט אזא טיינעג, ווי זיי וואָלטן געוועזן אפן זיבעטן הימל, ווי זיי וואָלטן געדרייט וועלטן, און האָבן מיט אימלעבן דריי אויס-געדריקט עפעס א געדאנק, עפעס א געפיל, וואָס דרייט זיי אינווייניק. שפעטער א ווײַלע, אז דער ברען האָט נאָכגעלאָזט, האָבן זיי פארווונ-דערט איינער דעמ אנדערן מיט א פאָר גלעזערנע אויגן אָנגעקוקט, אויסגעשפיגן, פארדרייט די קעפ איטלעכער אין זיין זייט, געדרייט ווי געוויינטלעך, און ווייטער א פאָנעמ געהאט ווי די ליימענע גוי-לעמס.
איך קוק אפ פישקען, וואָס איז געבליבן אָן לאָשן, און זוך בא מיר מיטל, ווי אימ באריידעוודיק צו מאכן. פלוצלימ פאלט מיר איין

רעב לייב סאָרעס גווילעם, ווי ער טוט זיך א שטעל אוף, נאָכדעם אז רעב לייב רוקט אים ארײַן הינטן דעם שעם-האמפוירעש, כאפּט זיך און טוט אַלצדינג, וואָס מע הייסט. זייער שיין, טראַכט איך מיר, באָרוך-האבאָ! נאָר אָנשטאָט דעם, וואָס בא יענעם גווילעם, אָלעוו-אשאָלעם, האָט געווירקט אין זײַנע צײַטן, וועט הײַנט בא מײַן גוילעם, אים צו לאנגע יאָר, ווירקן פּאָשעט דאָס מיידל...

איך הייב אָן פּישקען אונטערצוגעבן פּארע, צו דערוואַרעמען אים מיט א שמועס וועגן זײַן האָרבאטע מיידל. און דערבײַ האָב איך טאַקע מיך אליין אויך צעהיצט, גערעדט פונעם הארצן מיט פײַער און אויסגעלאָזט דעם שמועס אזוי:

— וויפל אומשולדיקע קינדער, נעבעך, קומען עס אפּ דער וועלט אזוי אָפּ פאר די זינד פון זייערע עלטערן, וואָס גלוסט זיך זיי נאַרישקײַטן, דרייען זיך, געטן זיך, און לאָזן איבער די קינדער, זייער פלייש און בלוט, העפקער ווי אפּן וואסער! וואָס גייט זיי אָן קינדער! זיי האָבן אין זינען נאָר דאָס נעפּעשל, זייער אייגן נעפּעשל. איטלעכער פון די שיינע עלטערן האָט ווײַטער באסענע...

איך בין געבליבן ווי דערוואָרגן אין דער מיט פונעם שמועס. אַלטער מײַנער, זע איך, איז צעקאָכט, אויס מענטש. עס טוט מיר באלד טאַקע א קלאַפּ אין הארצן: אײַ, האָב איך עס באַגאַנגען א מיִעסן פּעלער, זיך ארויסצוכאַפּן פאר אלטערן מיט אזעלכע ווערטער, וואָס זײַנען צוגעפּאסט צו אים און האָבן אים געשטאָכן אין דער זיבעטער ריפּ! עס טוט מיר שרעקלעך באנק, איך שטראָף מיך אין הארצן און זאָג מיר אליין מוסער: גוואַלד, מענדל, מענדל, שוין צײַט קומען צום סייכל, נישט ארויסצוזאָגן יענעם דעם עמעס, ווי א יונגל! ביסט דאָך, באָרעכאשעם, שוין א ייִד מיט א גרויסער באָרד. שוין צײַט זײַן א מענטש, פארשטיין, וואָס זיך איז נוצלעך און גוט. אײַ, דײַן צונג, דײַן צונג...

איך האָב מיר אין האַרצן אַ ניידער געגעבן, וויַטער מיך צו היטן מיט אַ וואָרט, הערן, זען און שוויַגן! — די גוטע מידע פון אַלע קלוגע, פייַנע לייַט, וואָס איז נייטיק אין לעבן. איטלעכן וועל איך נאָר לויבן, באַליבט צו מאַכן זיך דערמיט באַם אוילעם. עס האָט מיר זיך פאַרגעשטעלט גאַנצע מאַכנעס אונדזערע גוטע מענטשעלעך, פעטערס מיט שייַנענדיקע פּענעמלעך. זיי דרייען זיך אַהין און אַהער, כאַווער מיט דעם, מיט יענעם, טאַנצן אַף אַלע כאַסענעס, האָבן שטענדיק נאָר האַנאָע, קושן זיך מיט איטלעכן, וואָס ער איז פון אויבן, צעגייען פּאָ-שעט פאַר פרייד, ריידנדיק מיט יענעם פון זייַן גליק, ווינטשעווען אים צו מיט טרערן אין די אויגן און מיט אַ זיס שמייכעלע אַף די ליפּע-לעך, צעלייגן אַף טעלערלעך יענעמס גוטסקייַט און גיבן אים אוילעם-האַבע מיט דער פולער האַנט; לויפן אָנזאָגן פּסורעס, געפינען זיך או-מעטום, ווו נאָר ערגעץ אַ קערמישל, אַ סימכע. טאָמער שייַנען זיי די אייגעלעך, דער שטערן גלאַנצט, די בעקעלעך פאַרפאַרבט, די נאָז פייַכט מיט ווייַמפּערלעך. זיי זייַנען צופרידן, פריילעך און קוועלן גאָר אָן... און ווייל איז איַך, פעטערס! פון הייַנט אָן בין איך אויך אַ פּע-טער. עפּעס האָט מיר דער נאָמען פעטער אָנגעהויבן צו געפעלן, אַזוי אַז עטלעכע מאָל האָב איך עס פאַר מיר איבערגעכאַזערט מיט גרויס פאַרגעניגן: פעטער! פעטער מענדעלע! פעטער רעב מענדעלע!..

ביכדיי צו פאַרגלעטן מייַן פעלער אַקעגן אַלטערן, הייב איך אָן אַף אים ראַכמאָנעס צו האָבן און אייַנעמען אים מיט גוטע ריידעלעך: רעב אַלטער, איַך איז, נעבעך, נישט גוט צו זיצן, איר שפּאַרט שוין, נעבעך, אָן באַם עק וואָגן. עס מוז איַך, נעבעך, ווי טאָן די ביינער פונעם צופּיל זיצן אַף איין אָרט. קומט, איך בעט איַך, צו מיר אַפן וואָגן, דאָרט מאַך איך איַך אַ גוט געלעגער. מיר וועלן נעמען צו ביסלעך בראַנפן, זיך אַ ביסל דערקוויקן.— מייַן אַלטער לאָזט זיך נישט לאַנג בעטן. מיר קריכן אַלע אַראָפּ פונעם וואָגן. בין מעכאַבער מייַן

פערדל צו שלעפּן זיך פּאַרויס, אַלטערס שקאַפּע — אים פון הינטן. מיר צעגייען זיך אַ ביסל די פיס, קריכן אַרויף דערנאָך צו מיר, דער-ענדיקן דעם „אַשער-יאַצאַר“, מאַכן לעכאַיִם. איך בין זיס ווי לאַק-ריצע, ווינטשעווע אַלטערן אָן אַן עק, מיט טרערן אין די אויגן פאַר גרויס פרייד, גלאַט אַזוי זיך, ווי אַ פּעטער. דערוואָרעם אויך פּיש-קען, גיב אים אונטער היץ, רייץ אים דעם יעיצערהאָרע. עס צעשפּילן אים זיך די געבליטן, און די מײַסע הייבט זיך אַצינד אָן

## באַ מענדעלע מויכער-ספאָרים אָפּן וואָגן

פישקע הייבט ווידער אָן אָפּ זײַן שטייגער, איך העלף אים אונ-טער, בעסער אויס אָפּ מײַן שטייגער, אַלטער האָט קיין צײַט נישט, טרײַבט אונטער אָפּ זײַן שטייגער, און די מײַסע דערציילט זיך ווײַ-טער אַזוי:

אָפּן אַנדערן טאָג, פּרײַטיק, איז אין בעסמעדרעש האָרט אין שטעטל געווען שרעקלעך ענג פון די אָרעמעלײַט, וואָס האָבן זיך גע-שטופּט, צונויפגעשטיקט אַרום דעם שאַמעס. איטלעכער באַזונדער האָט געוואָלט זײַן דער ערשטער, באַקומען דעם בעסטן פּלעט אָפּ שאַבעס צו אַ נאָגיד אָדער צו אַ יוסטן באַלעבאָס, וואָס מאַכט אַ פעטן קוגל. העכער פון אַלע איז געשטאַנען דער פּלעט צו דעם באַל-טאַק-סע. נידעריקער פון אַלע שטייען געווייינטלעך די פּלעטן צו קלייקוי-דעש און קאַהאָלס-לײַט, ווײַל זיי האָבן ליב אַליין גוט צו פרעסן און יענעם גיבן זיי מאַקעס. די גאַבאָיִם פון בעוורעס קרעכצן, זיפצן אָפּ יידישע אָרעמעלײַט, נעבעך, — און עסן גיבן זיי אָפּ אַ שפּיץ מעסער, נאָר אָפּ צו באַשמירן די ליפּן. אָרעמעלײַט האַלטן פאַר אַן אומגליק צו זיי אַרײַנפאַלן, און ווײַכן זיי ווי אַן איפּעש. באַקומט איינער צו זיי אַ פּלעט, לאַכן די איבעריקע, ווי פון איינעם, וואָס באַקומט אַ

בערדע... דער שאַמעס פונעם בעסמעדרעש איז געווען זייער בייז, ער האָט געשריגן, אַז הײַנט זײַנען דאָ אָרעמעלײַט עפּעס מער ווי טאָמעד.— קאַפּצאָנים! — האָט ער געשריגן.— וואָס זײַנט איר ווי די היישעריקן באַפאַלן אונדזער שטאָט, נעבעך! נישט אויסצוהאַלטן, נישטאָ ווו אַהינצוטאָן! נאָר אַ שטראָף פון גאָט, אַן אָנשיקעניש! — ער שרײַט, בייזערט זיך, און די אָרעמעלײַט טוען זייערס, שטופּן זיך און הערן נישט קיין ווערט. איין קאָל: מיר! גיט מיר, מיר! איטלעכער רוקט דעם שאַמעס אין האַנט אַרײַן עטלעכע גראָשן. דער שאַמעס, וואָס זאָל ער, נעבעך, טאָן, נעמט צו, בייזערט זיך און גיט פּלעטן. איך מיט דער האָרבאַטער זײַנען מיר געשטאַנען אין דער זײַט פונדערווײַטנס. ערשטנס, האָבן מיר נישט געקענט און, צווייטנס, טאַקע נישט געהאַט די האָזע זיך צו שטופּן צווישן אונדזערע בערן, מעיוכאָסים, פּײַנע־בעריעס. אומעטום זײַנען דאָ בערן, אַריסטאָקראַצן, אַפילע צווישן קאַפּצאָנים. די אָרעמע אַריסטאָקראַצן זײַנען נאָך טויזנט מאָל ערגער פון די נעגידישע. דער מאַמזער איז געווען, עס פאַרשטייט זיך, איינער פון די ערשטע. ער האָט באַלד באַקומען צוויי גוטע פּלעטן פאַר זיך און פאַר מײַן ווײַב. זי האָט אַפילע פאַרשפּאָרט זיך צו שטופּן. ער האָט דעם שאַמעס אָנגעוויזן אויף איר פונדערווײַטנס: קוקט נאָר, זײַט מויכל, אָט דאָרט שטייט זי, מײַן בלינדע, נעבעך!.. אַז דער אוילעם איז אַוועק, זיך צעלאָזט איבער דער שטאָט, איטלעכער מיט זײַן פּלעט צו זײַן באַלעבאָס, בין איך מיט מײַן האָרבאַטער צוגעגאַנגען, אויף גאָטס באַראָט, צום שאַמעס און געבעטן פאַר אונדז פּלעטן. ער האָט עפּעס מיט אַ זיס־זויער שמייכעלע אויף אונדז אַ קוק געגעבן און נישט געענטפערט קיין וואָרט.— דערבאַרעמט זיך, זאָג איך צו אים, אויף צוויי נעפאַשעס, קאַליקעס, נעבעך. אַ גאַנצע וואָך קומט אין אונדזער מויל קיין לעפל געקעכץ נישט אַרײַן.

— נישטאָ מער קיין פּלעטן,— ענטפערט דער שאַמעס,— איך

האָט דאָך געזען, וואָס דאָ האָט זיך ערשט געטאָן. נישטאָ שוין וווהין צו שיקן.

— נאָט אײַך,— זאָג איך, און שטופּ דעם שאַמעס אין דער האַנט אַ זעקסער,— נעמט, זײַט מוחל, און דערבאַרעמט זיך אויף אונדז, זײַט אונדז מעכבֿ, איר וועט האָבן אַ גרויסע מיצווע.

— הער נאָר דו,— רופֿט זיך אָן דער שאַמעס שוין אַ ביסל ווייכער,— דײַן געלט באַדאַרף איך נישט, איין פּלעט געפֿינט זיך נאָך בײַ מיר און קען אים איינעם פֿון אײַך געבן. אויב איר ווילט, וואַרפֿט צווישן אײַך גורל.

— גיט איר, איר גיט! — בעט איך און ווײַז אָן אויף דער האָרבאַטער.

— אים גיט, אים! — בעט די האָרבאַטע און ווײַזט אָן אויף מיר.— ניין, ניין, איך וועל דעם פּלעט אָסער-כאָזער נישט נעמען!

אַ היפּשע צײַט איז אַוועקגעגאַנגען מיט בעטן און דינגען זיך, איינער דעם אַנדערן האָבן מיר אײַנגערעדט צו נעמען דעם פּלעט, און איטלעכער פֿון אונדז האָט זיך אָפּגעזאָגט, געשוווירן, ער וועט עס בעשום-אופֿן נישט נעמען. דעם שאַמעס האָט די זאַך עפּעס האַנאָע געטאָן. ער האָט געגלעט דאָס בערדל און געקוקט אויף אונדז זייער פֿרײַנטלעך.

— ווייסט איר וואָס? — רופֿט ער זיך אָן.— נאָך מײַרעוו זאָלט [איר] ביידע שטיין אין פּאָלעש נעבן דער טיר. אַז דער אוילעם וועט גיין פֿונעם דאַוונען, וועלן זיך מיסטאָמע געפֿינען ייִדן, אײַך צו נעמען אויף שאַבעס. איך וועל פֿאַר אײַך אויך בעטן.

אַזוי איז טאַקע געווען. נאָכן דאַוונען פֿרײַטיק-צונאַכטס, אַז דער אוילעם איז געגאַנגען פֿון דער שול, האָט דער שאַמעס זיך געווענדט צו צוויי באַלעבאַטים אין פּאָלעש און זיי געבעטן, ווײַזנדיק אויף אונדז, צו נעמען אָרכים אויף שאַבעס. — איך האָב, כלעבן, שוין קיין האַרץ נישט געהאַט — האָט ער זיך פֿאַרענטפֿערט — צו שיקן אײַך הײַנט

פלעטנ. איכ לאָז אײַכ נישט אויס קימאט אלע וואָכ. נאָר אויב אײַער גוטער ווילנ איז, נעמט אָט די דאָזיקע אָרעמעלײַט.

— אָכ! — האָבנ ביידע זיכ אָנגערופנ.— וועלכער ייִד זאָגט זיכ עס אָפּ פונ אנ אוירעכ אפ שאבעס? איינ טאָג אינ דער וואָכ איז דאָ, וואָס א ייִד קענ כאָטש א ביסל עטעמענ, פארוואָס זאָל ער אינ דעמ הייליקנ טאָג אויכ נישט מעכײַע זײַנ נויטבאדערפטיקע, נעבעכ, אונ טיילנ זיכ דערמיט, וואָס גאָט האָט געגעבנ? מיר בעטנ אײַכ, שאמעס, אלע וואָכ, אלע וואָכ טאקע זאָלט איר אינ אונדז נישט פארגעסנ.

די ביידע באלעבאטימ זײַנענ געגאנגענ פאָרויס, ארומ זיי קינדערלעכ, ייִנגלעכ, באָכערימ, אויסגעצוואָגענע אונ אָנגעטאָנ שאבעסדיק. אלע האָבנ געשײַנט אונ געשמועסט צווישנ זיכ פריילעכ. מע האָט געזענ באשײַמפּערלעכ, אז אינ זיי איז דאָ די נעשאָמע-יעסיירע, דעמ ייִדנס צווייטע שאבעסדיקע נעשאָמע. איכ מיט מײַנ האָרבאטער זײַנענ נאָכגעגאנגענ שטיל פונ הינטנ אונ ביידע געוועזנ עפּעס צופרידנ.

— גוט-שאבעס! — האָט מײַנ באלעבאָס, ארײַנקומענדיק אינ שטוב, געזאָגט פריילעכ דעמ ווײַב, וואָס איז געזעסנ אפ א בענקל, ריינ, קלאָר אָנגעטאָנ אונ געלויכטנ ווי א פרינצעסנ. אפנ שויס בא איר האָט זיכ געשפּילט א קליינ קינד, נאָר א ליאלקע, אונ בא די זײַטנ זײַנענ געשפּרונגענ צוויי שיינע אויסגעפּוצטע מיידעלעכ.— גאָט האָט מיר באשערט אנ אוירעכ אפ שאבעס. זיסט, מײַנ ווײַב, וואָלסטו דאָכ מיכ אינ שטוב נישט ארײַנגעלאָזט, — לאָזט ער אויס מיט א שמייכעלע אונ נעמט זיכ זאָגנ הויכ אפ א קאָל „שאָלעמ-אלייכעמ“, גייענדיק איבער דער שטוב אהינ אונ אהער. בא „אשת חיל“ האָט ער זיכ געשטעלט, זינגענדיק מיט א ניגנ, אקעגנ דעמ ווײַב, גענומענ דאָס קליינע קינד צו זיכ אפ די הענט אונ עס געקושט, געהאלדזט, בעשאס די איבעריקע קליינע קינדער האָבנ זיכ אימ געהאנגענ פונ אלע זײַטנ לעבעדיק-פריילעכ. עס האָט זיכ געדאכט, אז אינ שטוב זײַנענ טאקע

געקומענ די גוטע הייליקע מאלאָכים פונעם „שאָלעמ-אַלייכעמ“. — איכ דערציייל עס אײַכ דאָ אזוי, ווײַל דענסטמאָל האָט מיר דאָס הארצ עפּעס שטארק געצויגנ און געצויגנ צו מײַנ האָרבאטע מיידל...

מײַנ באַלעבאָס, ווי עס האָט אויסגעזעהנ, איז געוועהנ פונ מיטעלנ שטאנד. די בענטשליכט האָבנ געברענט אינ ריינ אויסגעפּוצטע לײַכ-טער, — איכ ווייס נישט: פונ עמעסנ אָדער פונ ווארשעווער זילבער. דער טיש איז געוועהנ געגרייט מיט פּאָרצעלײַענע טעלער, און די קוי-לעטשנ — איבערגעדעקט מיט א געשטיקט טישטעכל. א פלעשל ווײַנ האָט געפינקלט אפנ טיש, פונ וועלכנ איטלעכער האָט קידעש גע-מאכט. באמ עסנ האָט די באַלעבאָסטע מיר געגעבנ אלצדינג גענוג, און זיכ אלצ געבעטנ, אונטערגעטריבנ, זיכ נישט צו שעמענ און עסנ. ס'איז געוועהנ גאנצ גוט. נאָר מיר איז א ביסל נישט אײַנגעגאנגענ, אז איכ האָב בא איטלעכמ שטיקל פיש, בא איטלעכנ זופּ לאָקשנ, בא איט-לעכנ ביסנ פלייש און צימעס מיכ דערמאָנט אינ איר. ווער ווייסט, אויב זי, נעבעכ, האָט דאָרט אזא ווילטאָג ווי איכ. נאָכ דעמ עסנ האָט מענ מיכ געבעטנ אפּ נאכטלעגער. — לאָז ער בלײַבנ דאָ נעכטיקנ, — האָט די באַלעבאָסטע שטילערהייט געזאָגט צו דעמ מאנ. — וווהינ וועט ער גיינ אהינ, אינ דעמ שיינעמ העקדעש, אינ דעמ שטאל. לאָז ער כאָטש א נאכט א ביסל זיכ אויסרוענ. — נאָכ נעכטיקער נאכט, נישט הײַנט געדאכט, ס'איז מיר טאקע שטארק נייטיק געוועהנ אויסצו-רוענ זיכ, עפשער נאָכ נייטיקער פונ עסנ. עס וואָלט געוועהנ גאָר א דערקוויקעניש צו ליגנ דאָ אינ א ווארעמער שטוב אפּ א קישנ אונ אויסגלײַכנ זיכ א ביסל די ביינער. נאָר איכ האָב מיכ אָבער דערמאָנט אינ איר און מיט א שיינעמ דאנק זיכ אָפּגעזאָגט פונ נאכטלעגער. זי האָט געגעסנ שאבעס אפּ דעמ אייגענעמ הויפ טאקע אינ א שטוב. איכ בינ ארײַנ אהינ נאָכ איר, האָב זי גענומענ און מיט איר באַלד אוועק-געגאנגענ.

אינ דרויסנ איז געווענ ליכטיק, שיינ. די לעוואָנע האָט געשײַנט, אונ ס'איז געווענ מעכײַע גוט צו גייג.

— קומ! — האָב איכ צו איר געזאָגט,—קומ, לאָמיר א ביסל שפּאַ-צירנ. אינ העקדעש ארײַנ איז עפּעס נישטאָ אזוי וואָס זיכ צו אײַלנ.

דערמאָנענדיק זיכ אינ דעמ העקדעש, איז מיר א פּראָסט איבער דעמ לײַב איבערגעגאנגענ. יענער אלטער ייִד, דער קראַנקער, וואָס האָט נעכטנ דאָרט באנאכט אזוי געקרעכצט, האָט פונ מאָרגנ פרי גע-האט די גסיסע, געפּאָכט מיט דער נעשאָמע אונ איז נאָכ ליכטבענטשנ געשטאָרבנ. מע האָט אימ געלייגט איבער שאבעס אינ הויז, דאָרט וווּ איכ האָב באדארפט נעכטיקנ.

מיר זײַנענ געגאנגענ אונ פארגאנגענ ערגעץ אינ א געסל מיט גערטנער אונ ביימער, וואָס האָבנ ארויסגעגעבנ געשמאַקע רייכעס. אומעטומ איז געווענ שטיל, מע האָט נישט געהערט קיינ שאָרכ, אלע אינ שטעטל האָבנ, ווי דער שטייגער פונ ייִדנ פרײַטיקצונאכטס נאָכ דער וועטשערע, שוינ לאַנג געשלאָפנ. מיר האָבנ זיכ געזעצט אפנ גראָז ערגעץ אינ א ווינקל, נעבנ א פּלויט.

מיר זיצנ ביידע, קוקנ א היפּשע צײַט אונ שווײַגנ. איטלעכער פונ אונדז איז פארטראכט. מײַנ האַרבאטע טוט דערנאָכ א זיפץ טיף פונ-נעמ הארצנ אונ ברומט שטילערהייט פאר זיכ זייער טרויעריק דאָס באקאנטע לידל:

...דער טאטע האָט מיכ געקוילעט,
די מאמע האָט מיכ געגעסנ...

איכ גיב א בליק, טרערנ גיסנ איר זיכ פונ די אויגנ. עס פלאמט איר דאָס פּנעמ, זי קוקט אפ מיר אונ שמייכלט זייער באטריבט. די קויכעס האָט זי מיר ארויסגענומענ מיט איר קוק דענסטמאָל אפ מיר. עס האָט מיר פארקלעמט דאָס הארצ, געקלאפּט ווי מיט האמערס אינ

די שלייפֿן. איך ווייס נישט, וואָס טוט זיך אַזוינס מיט מיר, און... צום ערשטן מאָל כאַפּט זיך מיר עפּעס אַליין פֿונעם מויל אַרויס: „נעשאָמע מײַנע!“...— אײַ, פּישקע,—זאָגט זי שטיל און וואָרגט זיך מיט טרערן,— איך וועל עס נישט אויסהאַלטן. אײַ, שטיי איך עס אַ ביסל פֿון אים אויס.

— פֿון וועמען? — רופֿ איך מיך אָנעט אָנגעצונדן,— פֿון אים? פֿון דעם מאַמזער? „אַ קיענק אים אין די ביינער אַיאַן!..“

— אײַ, דו זאָלסט ווייסן, פּישקע, דו זאָלסט ווייסן...

איך נעם זי אָנעט באַ דער האַנט, באַם קאָפּ און בעט זי מיט טרערן אין די אויגן, מיר אויסצוגיסן איר שווער, ביטער האַרץ, זי לייגט אַרופֿ ביידע הענט אויף פּאָנעם, בייגט זיך אָנעט נאָענט צו מיר און גיט מיר איבער אויף אַ ציטערדיק קאָל, מער אויף דעם יונק, עפּעס אַזוינס, אַז דער רועבֿ מעג טאַקע כאַפּן דעם מאַמזער, ער זאָל קיין טכויעס-האַ-מייסים נישט אופֿשטיין.

## 19

פּישקע איז ווײַטער געבליבן שטיל, עפּעס שטאַרק צעקאָכט און פֿאַרומערט. און ביכדיי אים באַריידעוודיק צו מאַכן, אַרויס-צודערטאַפּן באַ אים אַלצדינג, וואָס מיר האָט זיך געגלוסט צו ווייסן, הייב איך אים אָן אונטערצוהיצן, אַ ביסל צו רייצן, און טו אַ זאָג אַזוי:

— דו האָסט נאָך גאָר נישט געזאָגט, פּישקע, אויב דײַן האָרבאַ-טע איז אַ שיינע מיידל. וואָס קען, דאַכט זיך, אַ האָרבאַטע מיידל אַזוי געפֿעלן?

— וואָס הייסט,— מאַכט פּישקע שטאַרק אויפֿגעבראַכט,— ווער רעדט באַ אַ ייִדישער טאָכטער פֿון שיינקײַט! אַז זי איז שיין, איז זי

פֿאַר זיך שיין, ווען מען גייט עס אָנעטן? די האַרבאַטע איז עפּעס טאַקע גאָר ניט קיין מיִעסע, א פּאַנעמע, א קאָפּ מיט האָר — מאָלע כיין, אויגן א פּאָר האָט זי נאָר ברילִיאַנטן. נאָר וואָס וואָלט מיך דען אַלצדינג אָנגעגאַנגען?.. עפּעס א שאָלטיק בין איך, אין זינען צו האָבן אזעלכע זאַכן, כאָבצולויפן שיינע נעקייוועס?.. נאַרישקייטן! מיך האָט גענומען איר גוטסקייט. איר גוטסקייט, דאָס ראַכמאָנעס-האָבן אירס אָפּ מיר, ווי א שוועסטער, און ווידער צוריק, דאָס ראַכמאָנעס-האָבן מיינס אָפּ איר, ווי א ברודער אין דער נויט, — אָט וואָס...

— מיילע, וואָס מאַכט עס אויס? — רופט זיך אַלטער אָן, — ווי זאָגט מען עפּעס: לאָז זיך זיין פֿון טייוול, אַבי עס זאָל הייסן פּייוול... בעקיצער, האָט זי דיר איבערגעגעבן עפּעס אזוינס... נו, פּישקע, וואָס זשע איז דאָס עפּעס אזוינס, נו, נו, נו!

אַלטער טרייבט אונטער אָפּ זיין שטייגער, פּישקע הייבט אָן אָפּ זיין שטייגער, איך העלף אים אונטער, בעסער אויס אָפּ מיין שטייגער, און די מייסע דערציילט זיך ווייטער אזוי:

— קנייפּן האָב איך שוין לאַנג באַמערקט, ווי דער מאַמזער, — „א קיענק אים אין די בייניע איאַן!“ — פֿלעגט קנייפּן אַמאָל די האַרבאַטע, נעבעך. איך האָב געמיינט, דאָס זיינען זיך גלאַט אזוי קניפּ פֿון א ראָשע, וואָס שלאָגט, פּייניקט א מענטשן, נעבעך. נאָר ווי עס האָט זיך פֿון איר קלאָגן זיך דערנסטמאָל פֿאַר מיר דערוויזן, זיינען דאָס געווען גאָר אַנדערע מינע קניפּ. עס האָט געהאַט עפּעס גאָר אַן אַנדער טאַם... פּע! יעיצערהאָרע-קניפּ. דער מאַמזער פֿלעגט זיך צו איר שטאַרק טשעפּען. ער פֿלעגט זי נים לאָזן צורו. האָט ער זי דערטאַפּט אַמאָל ערגעץ אַליין, איז ער צו איר צוגעשטאַנען מיט זיסע ריידעלעך אזוי און אזוי, גערעדט פֿאַר פּייער, פֿאַר וואַסער, צוגעזאָגט גילדענע בערג. און אז אים האָט נישט געהאָלפֿן מיט גוטן, האָט ער אָנגעהויבן מיט בייזן, געמאַכט א מוירע, ער וועט איר פֿאַרביטערן דאָס לעבן,

ארויסלאָזן אַפּ איר אַ שלעכטן רוף און איר טאָן צום טויט, און דער-בײַ טאַקע זיך געפּרוּווט אַ כאַפּ טאָן זי מיט גוואַלד. געענדיקט האָט זיך עס געוויינטלעך דערמיט, וואָס זי פּלעגט זיך אויסרײַסן פון זײַנע הענט, אים דערלאַנגען אַמאָל נאָך אַ זעץ אין בויך, אַז דער רועך האָט אים גענומען. ער פּלעגט עס איר באַצאָלן דערנאָך מיט פּראָצענט, זי פּײַניקן מיט אַרבעט און אויסרײַסן איר שטיקער פלייש. שפּעטער אַ ביסל האָט דאָס אייגענע טאַקע זיך אָנגעהויבן ווידער אָפּדאָסנײַ, ווײַ-טער מיט גוטן, ווײַטער מיט בייזן. וואָס מער זי האָט אים געוויכן, איז ער אַלץ מער צו איר צוגעשטאַנען, און פאַרבײַגייענדיק אַמאָל, פּלעגט ער זי פאַר מענטשן אַ טאַרקע טאָן, קלאָמפּערשט אומגערן, אויך דערלאַנגען אַ קניפּ, גלאַט אַזוי זיך.

אַזעלכע מעשׂים מײַסעם מיט איר האָבן זיך געמאַכט זייער אָפט, וואָס איך וויל זיי פאַר דעם מויל נישט ברענגען, נאָר די נעכטיקע איז געווען פע, פע, אַ שרעק! נעכטן באַנאַכט נאָך דער בייזער מעהומע אין העקדעש, אַז דער גאַנצער אוילעם דאָרט האָט שוין געשלאָפן און זי, די האַרבאַטע, נעבעך, האָט, אײַנגעהויקערט אין צענטן, נישט ווײַט פון דער טיר אין אַ ווינקעלע אויך געדרעמלט,— וועקט זי פלוצלים אויף עפּעס אַ שושקען איר אין אויער אַרײַן. דאָס איז געווען דער מאַמזער.— דיר, נעבעך, איז שלעכט דאָ צו ליגן,— רעדט ער צו איר מיט האַכמאָנעס,— קום, איך האָב פאַר דיר זייער אַ גוט אָרט, וווּ דו וועסט קענען זיך אַ ביסל אויסרוען, נעבעך. זי דאַנקט אים זייער שיין פאַר זײַן גוט האַרץ און בעט אים צו גיין אין זײַן רו אַרײַן. ער הייבט אָנעט זײַנע אָנשטעלן אַזוי און אַזוי. ער גיט איר אויך אָנצו-הערעניש פון מיר, אַז ער ווייסט, נישקאָשע, איר מעכוטאָנעשאַפט מיט מיר... ער שרעקט זי, אַז קײַען וועט זי פון אים די ערד און מיר וועט ער דערגיין דעם עק. דער רועך נעמט אים, דעם מאַמזער, און מאַכט אויס אים אַ כײַע-ראָע און אַ לעמעלע צוגלײַך אין איין צײַט.

ער איז גוט, ער איז שלעכט, ער ווערט א שייגעץ און... כאפּט א טראַך אין באַק, אַז די ציין פאַלן אים שיר נישט אַרויס. עס צעשפּילט זיך אין אים די רעציכע, ער טוט זי א נעם ווי א גאַזלען און גיט זי א שלײַדער אין הויז אַרײַן. וואָס ווײַטער איז געווען, ווייסט איר דאָך שוין.

נאָך דעם, וואָס די האָרבאַטע, נעבעך, האָט מיר איבערגעגעבן דענסטמאָל, זיצנדיק מיט מיר אויפן גראָז, בין איך א היפּשע צײַט געבליבן ווי דערשלאָגן, אָן לאַשן. נאָר איכווייניק האָט עס מיך גע-צופּט, געגעסן ווי א וואָרעם. עס האָט מיך געגעסן א ברענענדיק גע-פיל פון קאַס אויף דעם מאַמזער, א הייס זודיק געפיל פון ראַכמאָנעס אויף איר נעבעך, און נאָך עפּעס אַזעלכס גאָר אָן א נאָמען, וואָס האָט מיך געצויגן, געצויגן... און אָנגעכאַפּט באַם האַרצן. פּלוצלים האָט עס מיר געגעבן א שטאַרקן ציי, אַזוי אַז דאָס האַרץ איז מיר שיר נישט אַרויסגעפאַלן. איך נעם זי אָן בײַ דער האַנט, וואָס איז נאָך געלעגן אויף איר פּאָנעם, און טו א זאָג עפּעס נישט מיט מײַן קאָל:

— נעשאָמע מײַנע! דאָס לעבן וועל איך פאַר דיר אַוועקגעבן.

— אָך, פּישקע! — זאָגט זי מיט א זיפץ, טוט זיך א רוק נעענ-טער צו מיר און שפּאַרט אָן דעם שטערן מיר אין אַקסל.

עס ווערט מיר עפּעס ליכטיק אין די אויגן, וואַרעם-מעכײַע אין אַלע מײַנע גלידער. איך רייד און נעם זי אַנײַן, ווי א געטרײַע שוועס-טער, מיט גוטע ווערטער. טרייסט זי: נישקאָשע, גאָט וועט העלפן! און שווער איר, אַז אייביק וועל איך איר זײַן א געטרײַער ברודער. זי קוקט מיר אַרײַן אין די אויגן, טוט דערנאָך א זיס שמייכעלע און זאָגט, אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ:

— איך ווייס נישט, פאַרוואָס, פּישקע! מיר איז אַצינד עפּעס גוט אויפן האַרצן. עס גלוסט זיך מיר לעבן...

א היפשע צײַט האָבן מיר אוועקגעשמועסט מיט א גרינג הארצ און זיכ געמאכט האָפענונגען, ווי גאָט קען העלפן, מיר זאָלן נאָכ אמאָל אופגעריכט ווערן, אזוי ווי מיר בײדע װינטשן. פלוצלים הערט זיכ נישט ווײַט פונ אונדז א ביסל אינ דער זײַט עפּעס א קלאפּן. איכ קוק מיכ ארומ, לאָז מיכ גײנ פּאמעלעכ עטלעכע טריט הארט נעבנ דעמ פּלויט אינ שאָטנ און דערזע אפ יענער זײַט געסל אקעגנ — עפּעס א געשטאלט פונ א מענטשן, וואָס באַ‌ברעט זיכ איבער א קעלער. עפּעס האָט עס מיר אינווײניק געטראָגן, געשטופּט ווײַטער אפ א פּאָר טריט, גוט צוקוקנדיק זיכ, און... „א קיענק אימ אינ די בײניע אײַנ!“ — דאָס איז געווען דער מאמ׳ער. ער דרײט אָפּ דאָס שלעסל און ווערט באַלד פארשוווּנדן אינ קעלער ארײַנ, ארויסצוגאנווענען אלצדינג, וואָס מע שטעלט געווײנטלעכ אראָפּ אהינ אפ שאבעס. ווי א בליצ לויפט אינ מיר דורכ א געדאנק: פישקע! אצינד זײַ זיכ אינ אימ נויקעמ פאר דיר און פאר דער האָרבאטער, נעבעכ. אצינד האָסטו צײַט. גיכער מאכ צו די טיר פונעמ קעלער, און לאָז ער ליגן דאָרט געפאנגענ, ווי א בער אינ דער נעצ, ביז מע וועט אימ מאָרגנ דערטאפּן, אימ ברעכנ א בײנ און געבנ זײַנ פּסאק. ערשט דענסטמאָל האָב איכ געפילט דעמ טאמ פונ נויקעמ-זיכ-זײַנ, ווי גוט, ווי געשמאק דאָס איז. עס האָט אינ מיר געקאָכט דאָס בלוט, און איכ בינ געווען דול, ווי א שיקער. צולויפנ צומ קעלער, א נעמ טאָנ די טיר און צומאכנ זי מיט א קלאפּ — דאָס האָט נישט געדויערט קײנ סאכ צײַט. — אצינד ליג דאָ באגראָבן ווי א הונט! — זאָג איכ אלײנ צו מיר מיט א לאכעלע, טו א נעמ די קליאמקע און וויל פארשטעקן, — דער סקאָבעל אָבער איז אָפּגעבויגנ אינ דער זײַט. איכ צי, שלעפּ, — אומזיסט! עס שטײט נישט צו. איכ טו מיר אָנ א קײעכ, דערלאנג א צי מיט בײדע הענט, און אָט-אָט האלט עס שוינ אפ א שטײגער — פּלוצלים טוט זיכ אנ עפנ מיט אימ-פּעט די טיר פונ א געזונטנ שלעפּ אינווײניק, און איכ פלי ארײַנ אינ

קעלער, אָנשלאָגנדיק זיך מיט דעם מאַמזער דאָרט אויפן טרעפּל. — אַזוי, רעב פישל! — מאַכט דער מאַמזער נאָך דעם, ווי מיר זײַנען געשטאַנען אַ ווײַלע איינער אַקעגן דעם אַנדערן שטיל. — דאָס האָסטו מיט דײַן קאָוועד אַליין זיך דאָ געפּאָרעט מיט דער טיר און געוואָלט צוליב מיר מעכאַלעל־שאַבעס זײַן! זייער אָנגעלייגט, כלעבן. קום, קעצעלע, אַ ביסל אַראָפּ אונטן, און לאָמיר דיך כאָטש אַ ביסל מעכאַבעד זײַן... ער טוט מיך אַ שטופּ פון די טרעפּ אַראָפּ, איך ברעך שיר נישט האַלדז־און־געניק און צי מיך אויס אויף דער ערד. — אַצינד, מעקאַבל מײַנער, נאַ דיר דערווײַל אַן אויפגאָב, — דערלאַנגט ער מיר אַ גוטן זעץ אין רוקן: — ווערסט שוין נישט קראַנק זײַן צו וואַרטן אַ ביסל, ביז איך וועל פאַרנעמען צו מיר אין טאָרבעלע דאָס געבראָטענע הינדל, דעם פּאָלומעסעק פיש מיט דער שיסל פּעטשעווע, וואָס איך האָב אין אײַלעניש איבער דיר דאָ איבערגעלאָזט. עס האָט נישט געדויערט קיין רעגע, גיט ער מיר ווײַטער אַ זעץ:

— צייל, פישקע! — זאָגט ער. — נישט איינס, נישט צוויי, נישט דרײַ, פיר, פינף... דאָס האָסטו דיר פאַר מיר. אַצינד לייג איך דיר אַ קנייטל פאַר דער האָרבאַטער. צייל, פישקע! נישט נײַן, נישט צען... וואָס איז דאָס פאַר אַ גאַנג, אַרומשלעפּן זיך מיט אַ מיידל בײַנאַכט אין פאַרבאָרגענע ערטער... — נישט צוועלף, נישט דרײַצן... איך האָב דיך, נישקאָשעט, געזען פריִער, אַרומשפּאַצירנדיק מיט איר אין הינטערגעסלעך... נישט זעכצן, דאַכט זיך, נישט זיבעצן... — עס האָט אין מיר זיך אָנגעצונדן דאָס בלוט פון זײַנע לעצטע ווערטער.

— מאַמזער! — טו איך אַ געשריי. — דו ביסט נישט ווערט צו דערמאָנען איר נאָמען! — שפּרינג דערבײַ טאַקע געשווינד אויף און עס זיך אין אים אײַן מיט די ציין. ס'איז אַ מילכאָמע! איך מיט די ציין, ער מיט די הענט. ביידע האָבן זיך שרעקלעך פײַנט און איינער דעם אַנדערן וויל מאַכן דעם טויט. ער רײַסט מיך מיט קוילעך פון זיך

אוועק, האלט מיך שטײַף אין די הענט, קוועטשט מיך א שרעק, און טוט מיט מיר דערנאָך א וואָרף ווײַט פון זיך, ווי מיט א קײַלעכל.

— בענטש גוימל, — זאָגט ער, — וואָס מיט כעסעד, וואָס מיר קומט עפּעס נישט אויס דיך דאָ צו באַלדאָווערן. בלײַב דאָ, פּישעלע, זיך אויסרוען ביז מאָרגן. אָנשטאָט די געפילטע פיש, וועלן זיי מאָרגן האָבן א לעבעדיק פּישעלע... א גוטע-נאכט! וואָס זאָגסטו אָן עפּעס צום ווײַב? זי וועט נאָך הײַנט באקומען דעם גרוס...

מיט די דאָזיקע ווערטער גייט ער אוועק און פארמאכט די טיר.

די ערשטע זאך מײַנע, אז איך בין צו-זיך געקומען, איז געווען צוגיין צו דער טיר. איך רײַס זי און רײַס — אומזיסט די מי, זי איז גוט פארשטעקט פון דרויסן. איך ווייס נישט וואָס צו טאָן. קלאפּן שטארק האָב איך מוירע, מע זאָל נישט דערהערן, און אזוי בלײַבן איז אויך שלעכט. איך שטיי, און דער קאָפּ דרייט זיך מיר פאר שרעק, פאר קאס, פאר ווייטעק און יעסורים פון די פרישע קלעפּ. איך גיי אראָפּ פון די טרעפּ, טו מיך א וואָרף אף דער ערד און ליג אין איינע צאָ-רעס. נאָך דער געדאנק, וואָס מאָרגן וועט דאָ מיט מיר זײַן, ווי מע וועט מיר מאכן דעם גוטן באָרוך-האבאָ און זיך צונויפלויפן אָנקוקן דעם גאנעוו; עס וועט הייסן, מע האָט מיך געכאפּט, מיט טויזנט אויסגע-טראכטע מײַסעס דערצו, ווער אין גאָט גלייבט וועט מיך שלאָגן, און עס וועט נישט העלפן פון זײַן זײַט קיין שום טערעץ, — אָט דער דאָ-זיקער געדאנק האָט מיר געעגבערט איך קאָפּ, ווי מיט אן עגבער, און מיך נישט געלאָזט אײַנליגן. נאָך אינמיטנדערינען דאכט זיך מיר, ווי עס דראפּעט זיך עפּעס אף מיר. איך שטרעק אויס די האנט און כאפּ אָנעט א שטשור, וואָס גליטשט מיר זיך פלינק ארויס פון צווישן די פינגער מיט א פּישטש. איך שפּרינג אוף פאר שרעק, עס ווערט מיר נישט גוט, און עס באשלאָגט מיך א קאלטער שוויים. האלטנדיק זיך

קוים אפ די פיס, טאפּ איך אָנעט אין דער פינצטער א קאַלטע, פייכטע וואַנט, צו וועלכער איך רוק מיך צו. איך שטיי אַזוי אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט און טראַכט מיט א ביטער הארצ: ריבוינעשעלוילעם, וואָס איז דאָס פאר א לעבנ? פארוואָס שטראָפסטו מיך אזוי? וואָלט דענ נישט בעסער געווענ פאר מיר, פאר דער וועלט, אז איך זאָל גאָר נישט געווענ געבוירנ ווערנ? פארוואָס קומט מיר עס אזוי... אזוי מיך צו באליידיקנ? — בא דעמ דאָזיקנ געדאַנק ברענט מיר דאָס הארצ און איך באַוואַש מיך מיט טרערנ. עס וויינט זיך מיר און עס טראַכט זיך: ריבוינעשעלוילעמ, ווו ביסטו! איך בלייב דערנאָך שטיינ דערשלאָגנ, נישט צו וויסנ, וואָס מיט מיר טוט זיך, עפּעס ווי א גוילעמ. פּלוצלימ גיט א סקריפּ די טיר, א שמאָלער ליכטיקער פּאַס שיינט אריינ מיר פאר די אויגנ, און עס הערנ זיך טריט, ווי עמעצער גייט שטיל אפּ די טרעפּלעך. די האָר שטעלנ זיך מיר קאַפּויר פאר שרעק, אָט-אָט טוט מענ מיך א כאַפּ און מע רעכנט זיך מיט מיר אָפּ ווי מיט א גאַ-נעוו. און ווי איך שטיי אזוי איך שרעק און ציטערניש, והאלטנדיק אראָפּגעלאָזנ דעמ קאָפּ, — הער איך, ווי מע רופט שטיל־ערהייט מיך באַמ נאָמענ: פישקע, פישקע! און טאַקע באַלד דערזע איך נעבנ מיר זי, די האָרבאַטע. איך ווער לעבעדיק און טו א געשריי פאר גרויס פרייד.

— שאַ! — מאַכט זי, אָנגעמענדיק מיך בא דער האַנט, — קומ גיכער אַוועק פונדאַנענ.

— נעשאָמע, דו האָסט מיך דערהאַלטנ באַמ לעבנ! — שריי איך שטאַרק צעמישט פאר סימכע, און — איך בינ זיך מוידע, צומ ערשטנ מאָל, אונטנ אינ קעלער — טו איך איר א קוש.

איך פרעג זי, וויאַזוי זי האָט זיך אהער גענומענ? זי אָבער בעט מיך שווייגנ, דערמאָנט מיר, אז מיר געפינענ זיך באַנאַכט אינ א פרעמדנ קעלער.

— קום גיכער, וועסט וויסן אלצדינג א ביסל שפּעטער, — אזוי זאָגט זי און פירט מיך בא דער האַנט ארויס אפ דער גאס.

גייענדיק אפן וועג, האָט זי מיר עס דערקלערט גאָר פּאָשעט אזוי: אין עטלעכע רעגע ארום נאָך מײַן אוועקגאנג האָט איר עפּעס דאָס הארץ געזאָגט, ס'איז נישט גלאַט, מע באדארף גיין זען, ווו איך בין. זי קומט צו ביז צום עק פונעם פּלויט, קוקט אין אלע זײַטן און דער-זעט אפ יענער זײַט גאס אקעגן שטייט עמעצער אײַנגעבויגן נעבן א דעכל און באַברעט זיך עפּעס. טראַכטנדיק, אז דאָס בין איך, לאָזט זי זיך גיין ווײַטער, און צוקומענדיק נאָענט, האָרכט זי עפּעס ווערטער: „אצינד, רעב פישל, ליג דאָ אין קרענק ווי א הונט, ס'איז שוין גוט פארשטעקט, נישקאָשע". עס ווערט איר טונקל אין די אויגן, און זי בלײַבט שטיין פארדולט. פּלוצלים וואקסט פאר איר אויף דער מאַמ-זער, טוט זי א קניפּ און מאכט דערבײַ מיט א שמייכעלע: „גוט-שא-בעס. סקאָצל קומט, רעבעצן! א שיינ מיידעלע, נישקאָשע! שלעפּט זיך באנאכט ארום איבער די גאַסן און נאָך קלאָמפּערשט פרום... אהיים גיי, כצופע, הולטײַקע איינע!" — ער טוט זי א שטופּ מיט דער קני אין רוקן, און זי מוז מיט אים גיין, נישט צו ריידן קיין וואָרט. אפן וועג קוקט ער זיך אלץ ארום, איבערלייגנדיק די פול אָנגעשטאָפּטע טאָרבע פון איין אקסל אפן אנדערן, פארגעסט נישט דערבײַ אויך צו שפּעטן און צו מאכן מיט איר זײַנע אָנשטעלן. זי גייט, נעבעך, שטארק פארומערט, פארזאָרגט. זי ווייסט, אז איך געפין מיך אין א שלעכ-טער לאגע, אומעגלעך מיר צו העלפן, אז דער מאַמזער האלט זי נעבן זיך און לאָזט פון איר קיין אויג נישט אָפּ. פּלוצלים גיבן זיך א ווײַז א קומפּאניע יידן, וואָס גייען פון א בען-זאָכאָר לעבעדיק-פריילעך און ריידן, לאכן הויך אפ א קאָל, ווי דער שטייגער פון יידישע קינדער. מע לאכט עפּעס פון איינעם, וואָס האָט זיך פארגעסן און געטראָגן דאָס פּאטשיילכן אום שאבעס. דער מאמזער נעמט זיך געשווינד אין

דער זײַט, דרייט זיך אין אײַלעניש און כאַפּט זיך אַרײַן אין אַ שמאָל געסל. מײַן האָרבאַטע כאַפּט דערוויַיל אויך, אַנטלױפט אין דער אַנ-דערער זײַט און ווערט אַנטרונען.

עס פאַרשטייט זיך, זי לױפט געשווינד, מיך אַרױסצונעמען פון דער קלעם. נאָר שטעלט אײַך פאָר איר האַרצווייטעק, אַז זי פאַרדרייט זיך, לױפנדיק אין געסלעך, און קען נישט טרעפן צום אָרט, וווּ מיר זײַנען פריער געזעסן! זי ווייסט, אַז איך בין אין אַ גרויסער סאַקאָנע, מע באַדאַרף מיך גיכער באַפרײַען, איין רעגע איז אַצינד טײַער, און דאָ דרייט זי זיך און ווייסט ניט צו מיר דעם וועג. אַ היפּשע צײַט האָט אַזוי געדױערט, ביז גאָט האָט געהאָלפן, זי האָט געפונען דעם קעלער און מיך באַפרײַט.

מיר גייען אַזוי ביידע און ריידן מיט אַ פרייליכן געמיט. איך איר: נעשאָמע מײַנע! דו ביסט מיר הײַנט בײַגעשטאַנען אין די נויטן. און זי מיר: פישקע! דו האָסט מיר געדינט ווי אַ ברודער נעכטן, געדענקסטו, דאָרט אין הויז, באַנאַכט. נעכטן... גאָר נישט ווײַט שוין פון העקדעש באַפאַלט אונדז אַ מאָרעשכוירע און עס נעמט אונדז אָפּ דאָס לאָשן. דאָס האַרץ האָט אונדז געזאָגט, אַז מיר גייען נישט אויף קיין גוטס, עפּעס גלאַט וועט שוין די הײַנטיקע נאַכט אַזוי נישט אָפּלױפן.

איין העלפט טויער פונעם העקדעש איז געווען צוגעמאַכט, די אַנדערע העלפט אַ ביסל אָפן, אַזוי אַז אין דעם הויז האָט פון דער גאַס אַרײַנגעשײַנט אַ ליכט. צוקומענדיק צום טויער, שטעלן מיר זיך אַ ווײַלע אַנידער מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ; דערנאָך נעם איך מיך צום ערשטן אַרײַנצוגיין שטיל. קוים שטעק איך אַרײַן דעם קאָפּ אין הויז, דערזע איך, קימאַט טאַקע אין דעם טויער, דעם מאַמזער, ווי ער זיצט זיך אָנגעלענט מיט מײַן ווײַב, פרעסן פון דער טאָרבע און טוען זיך וווּל. דער מאַמזער שושקעט איר עפּעס אין אויער אַרײַן און ווערט

באלד ווי אויסגעטריקנט. זי שטייט אופ אינ איינ קאס אונ כאפּט זיכ
אפּ מיר ארופּ מיט א מויל: דו אזוינער אונ אזוינער, אינ דײַנ טאטנס
טאטנ ארײַנ! דו וועסט עס בײַ מיר די גאנצע נעכט מיט אזא הולטײַקע,
אזא דראבקע ארומשארלאטאנעווענ? דו מיינסט עפּשער, איכ ווייס נישט
דײַנע מיִעסע גענג? איכ ווייס, נישקאָשע, אלצדינג שוינ לאנג, אונ
שטיק, נעבעכ, אינ זיכ, האָב א פארפוילטע גאל. אזוי דאנקסטו עס מיר
אָפּ פאר מײַנ גוטסקײַט, וואָס איכ האָב דיכ ארויסגעפירט אינ דער
וועלט, געמאכט פונ דיר א לײַט?! דו מיינסט, קעלעוו שעביקלאָווימ,
דאָס וועט דיר געשענקט ווערנ? ניינ! איכ וועל דיר ווײַזנ, יונגאטש
איינער, אינ דײַנ טאטנ ארײַנ, מיט דײַנ דראבקע, אינ איר טאטנס
מאמענ אונ מאמענס טאטנ ארײַנ! מיט איר אינײַנעמ וועל איכ דיר
ווײַזנ, ווער עלטער איז... נא, נא! — הייבט זי אָנ מיכ צו שלאָגנ, —
נא דיר פאר הײַנט, פאר נעכטנ אונ פאר פריִער, נא, נא, נא, די קא-
פּאָרע זאָלסטו ווערנ!

איכ רײַס מיכ קוימ א לעבעדיקער פונ אירע הענט ארויס אונ
לויפ אָפּעט עטלעכע טריט ווײַט אפ דער גאס. זי שטייט נאָכ א היפּ-
שע ווײַלע אינ דרויסנ אונ שרײַט, דערנאָכ גייט זי ארײַנ אינ הויז, אונ
שרײַענדיק: — ליג ווי א הונט אינ דרויסנ! — פארשפּארט זי פאר
מיר דעמ טויער מיט א שטארקנ קלאפּ.

איכ שטיי מיט דער האָרבאטער, נעבעכ, אינ דרויסנ, אונ קוקנ
אונדז אָנ. ביידע זײַנענ מיר שטארק באטריבט. אונדז ביידע איז אָנ-
געזאלצנ אפּנ הארצנ דערפונ, וואָס דאָ איז ערשט געשענ. די צאָרעס
לאָזנ אונדז ביידע נישט אײַנשטיינ אפּ איינ אָרט, אונ מיר לאָזנ זיכ
גיינ, וווּהינ די אויגנ קוקנ, איינער מיט דעמ אנדערנ נישט צו ריידנ
קיינ וואָרט, ביידע פארטראכט. אז איכ בינ צו-זיכ געקומענ, זע איכ,
מיר געפינענ זיכ אפּנ שול-הויפ. דאָס הארצ האָט מיר געריסנ, קוקנדיק
אפּ דער האָרבאטער, נעבעכ, ווי זי ווערט עס פארשווארצט. די אנדערע

נאכט אז זי האָט נישט קיין רו! איך טראַכט בא מיר, וואָס טוט מען, ווו ערגעץ געפינט מען איר א נאכטלעגער? אין עס פאלט מיר איין זייער א גוט אָרט — די וויַבערשע שול!

אז גאָט האָט געהאָלפן, מיר זיַינען בעשאָליעם אריף, נאָך גרויס מי, אפ א צעבראָכן טרעפל, וואָס האָט זיך געוויגט, געשאָקלט אונטער אונדזערע פיס, און אין דער פינצטער אָנגעטאפּט אן אָפענע טיר, — פאלן מיר פּלוצלים אפ עפּעס ווייכס. עס ווערט א גערודער, א שפּרינגעניש ארום אינדז, אפ אונדז און איבער אונדז. מיר כאפּן קלעפּ הינטן, אין די זיַיטן, נישט צו וויסן, פונוואנען דאָס איז אונדז געקומען. איך וואַרף מיך אהין-אהער, צאפּל מיט הענט און מיט פיס און כאפּ אָן א באָרד. פון וועמען מיינט איר? א באָרד פון א ציג!.. דאָס זיַינען געווען ציגן, וואָס האָבן, ווי געוויינטלעך, א כאזאָקע צו נעכטיקן איניינעם מיטן קאָהעלשן צאפּ אין דער וויַבערשער שול.

— ווו ביסטו ערגעץ? — רופ איך מיַין האָרבאטע. — שרעק דיך נישט, דאָ זיַינען, אָן אַיַינאָרע, זייער פיל ציגן! נישט קיין אָרעמ שטעטל, אפּאָנעם. איך זוך אופ, טריַיב ארויס די ציגן, זיי זאָלן הינטיקע נאכט מויכל זיַין נעכטיקן אין דרויסן. אליין גיי איך טאקע באלד אויך ארויס, זאָגנדיק איר א גוטע-נאכט, און מאַך גוט צו די טיר.

באַם אראָפּגיין פונעם טרעפּל שטעלט מיר זיך אקעגן דער צאפּ, אָנגעבויגן דעם קאָפּ מיט די לאנגע הערנער, שטארק אָנגעדרודלט דערפאר, וואָס איך האָב אַזוי מיעס באליידיקט זיַינע וויַבער. איך ראנגל מיך מיט אים אוועק א צײַט, ער לאָזט מיך נישט אָפּ און גייט מיר נאָך פוסטריט, ביז מיר איז געראָטן אריַינצוכאפּן זיך אונטן אין קליַיזל אריַין.

אין קליַיזל ליגן אפ טיש און אפ בענק אויסגעצויגן מעקאבלים און שלאָפן ווי די פּריצים, איבערפיַיפנדיק זיך מיט נעז צווישן זיך

אפ אלערלײ קוילעס. א מעכײַע געװוענ צו זענ, װי געשמאק, אָנ אײַנאָ-רע, זײ זײַנענ געשלאָפנ. מעקאבלימ איז טאקע אפ דער װעלט גוט, — האָב איכ מיר געטראָכט אונ זײ אינ הארצנ מעקאנע געװענ. דאָס זײַנענ עפּעס גאָר אנדערע מינע קאפּצאָנימ, נעגידישע... איכ זוכ מיר אויס אנ אָרט אונטערנ אויװונ, טו מיכ א װאָרפ דאָרט אפ א באנק אונ װער באלד אנשלאָפנ. נאָר מיר איז אָבער נישט באשערט קײנ גוטס אפ דער װעלט. עס דױערט נישט לאַנג, װעקט מענ מיכ אינ רעכטנ מיטנ שלאָפ: יונגערמאנ, שטײט, זײַט מױכל, אופ! איכ רײַב אויס די אויגנ אונ דערזע פאר מיר היפּש ײדנ מיט ערנסטע פּענעמער. דאָס זײַנענ געװענ פונ דער כעװרע-טילימ, מענטשנ, װאָס קומענ אלע שאבעס גאָנצפרי זאָגנ טילימ, אונ האָבנ זײער אָרט דאָ אונטערנ אויװונ. אײנ ברײרע — מע מוז אופשטײנ. איכ גיס אָפּ נעגלװאסער, װעצ מיכ אנידער, קוימ װאָס איכ האלט דעמ קאָפּ, ציִ מיכ, גענעצ אונ זאָג טילימ.

## 20

פּ אָכ דעמ פּסאק, װעלכנ איכ האָב יענעמ פּרײַטיקצונאכטס פונ מײַנ װײַב געכאפּט, איז שוינ פארענטפערט געװאָרנ אלצדינג, װאָס איר מעשוגענע אופירונג אקעגנ מיר אינ דער לעצטער צײַט באטײַט. עס האָט זי געברענט מײַנ כאװער-זײַנ מיט דעמ האָרבאטע מײדל, װאָס דער מאמזער האָט עס איר איבערגעגעבנ מיט טױזנט אָפּגעטאָקטע ליגנ. ער האָט בא זיכ געקלערט, אז דורכ דעמ װעט מײַנ װײַב מיכ נישט װעלנ מער קענענ, א שפּײַ טאָנ אפ מיר אונ אנ עק. ס'איז אָבער געװענ א פאלשע רעכענונג. אָנשטאָט דעמ, זי זאָל מיט א קאלטער לעבער מיכ לאָזנ לױפנ מײַנ װעג אונ אפ אײביק מיט מיר זיכ צעגײנ, האָט גאָר אינ איר געברענט א העליש פײַער. סטײַטש, איר

מאַנ זאָל אַזוינס טאָנ! עפּעס אַ האָרבאַטע מיידל זאָל פּישקענ בעסער געפעלנ פונ איר! דאָס איז דאָך אַזאַ באַליידיקונג, וואָס שווער אָראָפּ-צושלינגענ. ניינ, מע קענ אַזוינס נישט דערלאָזנ.

— אײַ, די קאַשע איז דאָך, פאַרוואָס זי... דײַנע, מיינ איך, מיט דעמ מאַמזער?.. — קענ זיך אַלטער נישט אײַנהאַלטנ אונ טוט אַ פרעג מיט אַ געמאָרע-ניגנ.

— זײַט איר, דאַכט זיך, גאַנצ גערעכט, — ענטפערט פּישקע, — נאָר אָפּ אַזויפיל האָב איך אינ דער גלופּסקער באָד מיך אויסגעלערנט סייכל, צו פאַרשטיינ, אַז דאָס איז קיינ קאַשע ניט. ווי נאָך ערגעצ ריכט מענ פונ איטלעכנ אָפּ מער ווי אינ דער באָד? דאָרטנ דאַרף מענ אַלעמענ קלעפּ אָפּ דער הויט, זוכנ, זוכנ, טאַקע שטענדיק. איינער, וואָס האָט קיינ וואָר וואָרט נישט, שפּעט אויס יענעמ, אַז ער איז אַ ליג-נער; אַזעלכער, וואָס מע מאַכט אימ קיינ גראָשנ נישט געטרויענ, רעדט אָפּ יענעמ, ער איז אַ גאַנעוו; אַ קאַרגער, וואָס וועט פאַר אַ פּעניג זיך די אויגנ אַרויסנעמענ, לאַכט: יענער איז אַ כאַזער! אַ שלעכטער מענטש, וואָס האָט אַ שטיינערנ האַרצ, רופט יענעמ ראָשע, אונ אַזוי-נער, וואָס פאַר אַ פיצל קאָוועד איז ער פאַרטיק אָפּ אַלצדינג, באַרעדט יענעמ, אַז ער לעכצט נאָך קאָוועד. בערל דער שמײַסער פלעגט אַמאָל צווישנ זיך אינ אַ שמועס זיך אָנבאַפּנ באַמ קאָפּ: אײַ, אײַ! איך פאַר-שטיי נישט, ווי לייגט זיך עס די צונג אָפּצוריכטנ פונ יענעמ, ווינדיק זייער גוט באַ זיך, אַז מענ איז אַליינ אַ גאַנעוו אַ ליגנער, אַ כאַ-זער, אַ שלעכטער, אַלצדינג, וואָס אינ דער קאָרט!

— הערסטו, כאָכעמ מײַנער! — פלעגט אימ אָפּענטפערנ איציק דער היטער. — דאָס איז טאַקע די גאַנצע צאָרע, וואָס מע ווייסט נישט. זײַנע פליי אינ דער נאָז זעט נישט קיינער, אונ יענעמס אַ שפּרענ-קעלע איז דעמ אַנדערנ גרויס אינ די אויגנ.

שמערל, איינער פון יענע באטלאָנים, וואָס האלטן זיך אופּ אין באָד, פלעגט מאכן מיט א שמייכעלע, אָנעמענדיק זיך באם בערדל: לאָזט זיך דינען, רעב בערל! לאָזט זיך דינען, רעב איציק! איר האָטביידע א טאָעס. דער עמעס דערפון איז, ווי איך האָב דערקלערט, פּאָשעט אזוי: איטלעכער בא זיך מיינט, ער מעג, דער אנדערער — טאָר נישט.

— גערעכט, שמערל! — לאָז איך ארויס אפ א קאָל, אונטער-שפּרינגענדיק פון מיין אָרט, און פאַרטראכט מיך טאַקע באלד. שמערלס ווערטער האָבן אונטערגעגעבן ווײַרער דעם טײַוול, וואָס ליגט אינווייניק בא איטלעכן פון אונדז, זינדיקע מענטשן. ער כאַפּט זיך אופ אין מיר מיט א שטעכנדיק געלעכטערל, גראַבלט מיר באם הארצן, צעטראָגט מיר דעם מויעך, אופּרירנדיק דאָרט מײַנע אלע געדאַנקען, און קראַצט אויך אויס עפּעס אלטע מײַסעס, פארלעגערטע אין דעם זיקאָרן. עס ווערט אין מיר א קאָכעניש, א יאריד פון אלערליי מינע געשטאַלטן, וואָס זײַנען פלוצלים ווי פון דער ערד אויסגע-וואַקסן, און אָנווײַזנדיק אפ זיי, רעדט אויס מיר דער רועך ארויס שטאַרק פארקרימענדיק זיך:

— אָט האָסטו דיר די אלע שיינע-נעפּאַשעס! זיי אלע מעגן, מעגן, מעגן...

די דאָזיקע שיינע-נעפּאַשעס דרייען זיך אין דעם האנדל, אין שטאָטישע זאכן, אין כעוורעס, אין דעם יידישקײַט און אין דער גאַנ-צער פּירונג. ווײַבער און ווײַבלעך אלע סאָרטן, פון דער אלטער און היײַנטיקער וועלט, זײַנען אויך דאָ אפּן יאריד. — שאָלעם-אליכעם, פאַרשווינען! — מאַך איך אליין צו מיר. — גאָט ווייסט דעם עמעס, אז איך בין גערן אײַער פּאָנעם נישט אָנצוקוקן און דעם נאָמען אײַערן מער פאר דעם מויל נישט צו ברענגען. אזוי נימעס-אומאָעס זײַט איר מיר געוואָרן. נאָר וואָס קען מען טאָן? אז דער שוואַרציאָר האָט אײַך

אצינד געבראכט צו טראָגן. קען מען אײַך אַזוי נישט אָפּלאָזן. מע מוז אים צוליב טאָן און פון איטלעכן כאָטש עפּעס דערציילן.

— וואַרט א ביסל, פישקע! האָט קיין פאַריבל נישט, רעב אַל-טער! — רוף איך מיך אָן. — איך האָב אײַך עפּעס צו דערציילן, נאָר לאָמיך א ביסל מיך באַטראַכטן, — און, טראַכטנדיק דאָ אַזוי, גיב איך א נעם איינעם פון דער גוטער קנופּיע: — קום צום סמיק! ער וואַרפט זיך מיט הענט און מיט פיס, קרעכצט, שרײַט, ווי דער געפּענטעטער האָן בעשאַס קאַפּאָרעס-שלאָגן. די איבעריקע לײַט קוקן מיך אָן קרום און מאַכן א בייזע מינע, איך זאָל שווײַגן. נאַראָנים! טראַכט איך בא מיר, איך הער אײַך ווי דאָס מילכיקע קלינגל. מיך וועט איר מיט „בו" אין אָן איבערגעקערטן פּעלץ נישט איבערשרעקן. מאַלפּעס זײַט איר, נישט קיין בערן... דער טײַוול צעהיצט זיך אין מיר און גיט מיר אונטער כיישעק: אַזוי, אַזוי! נעם זיי, נעם זיי צום סמיק, די אַלע שיינע-נעפּאַשעס! — הערט, זײַט מויכל, רעב אַלטער, א שיינע מײַסע. אין א יידישער שטאָט ערגעץ זײַנען די פײַנע-לײַט, וואָס דער שטייגער זייערער איז... — הייב איך אָן אַזוי צו דערציילן און בלײַב אין דער מיט רייד ווי דערוואָרגן. די ווײַבער ווינקען צו מיר מיט א געבעט. גוטער, זיסער רעב מענדעלע, האָט ראַכמאָנעס, זאָגט נישט אויס!.. זיי מאַכן כיין, קוקן און בעטן מיך מיט ברענענדיקע אייגעלעך. דער ווײַבערשער כיין מאַכט מיך ווייך ווי א טייג, פון זייערס א בליק ווער איך צעשמאָלצן. דערבײַ דערמאָן איך מיך אין מײַן ניידער, אײַנצו-קויפן זיך אין דער כעוורע פּעטערס. כאַפּט אײַך דער וואַטלמאַכער! מאַך איך מיט א שמייכעלע און ווענדנדיק זיך צו אַלטערן, זעץ איך צו: — זיי מיין איך, יענע פּײַנע-לײַט אין דער שטאָט דאָרט. עפּעס גלוסט מיר זיך הײַנט נישט דערציילן מײַן מײַסע. לאָזן זיי גיין צו אַלדי שוואַרצע יאָר!.. האָט קיין פאַריבל נישט, רעב אַלטער.

— פארקערט... מאכטייסע, פונמײַנטוועגנ מעגנ זיי אויכ
כאָטש באלד, די קאַפּאָרע ווערנ. נאָר וואָס איז דאָס פאר א גאנג, יע-
נעמ איבערשלאָגנ, ארײַנפאלנ אימ אינ די רייד מיט מײַסעס, אײַערע
מײַסעס!.. — אזוי רופט זיכ אָנ אלטער אונ קוקט מיכ אזוי א ווײַלע
אָנ, מאכנדיק מיט די אקסלענ, עפּעס אזוי, גלײַכ ווי גערעדט: א לע-
בעדיקער זאק, מישטיינסגעזאָגט, עס שיט זיכ פונ אימ נײַנ מאָס
רייד אָנ אנ אופהער. שטארק נייטיק, כלעבנ, זײַנע מײַסעס. טאָמער
ווייסט איר צו וואָס?.. אונ א מאכ געבנדיק דערנאָכ אינ דער זײַט
א פּאָר מאָל: — פּע, פּע! — טוט ער א טאָרקע פּישקענ: — נו, וואָס?
מיילע, בעקיצער, דער שפּיצ?

פּישקע הייבט אָנ אפּ זײַנ שטייגער, איכ נאָכ אימ ארבעט אפּ מײַנ
שטייגער, אלטער טרײַבט אונטער אפּ זײַנ שטייגער — אונ די מײַסע
דערציילט זיכ ווײַטער אזוי:

— די צײַט איז זיכ דערווײַל געגאנגענ, אונ איכ מיט מײַנ ווײַב
זײַנענ מיר אלצ וואָס ווײַטער זיכ מער פאנאנדערגעגאנגענ. זי האָט
נאָכ שטארקער זיכ איזניוכעט מיט דעמ מאמזער, זײַנענ געוואָרנ כא-
ווער-לאפּ, גאנצ נאָענטע שמעלקעס, אונ פלעגנ שוינ ביידע, ווי א פּאָ-
רעצ מיט א פּריצע, אינ די הײַזער ארומגיינ. מיר האָט עס שוינ מער
נישט אזוי אויסגעמאכט, דער קאָפּ איז מיר געווענ שטענדיק פאר-
דרייט מיט דער האָרבאטער, נעבעכ, זי איז מיר קיינ רעגע פונעמ
זיכענ נישט ארויס. גייט אײַכ, האָב איכ געטראכט, פונמײַנטוועגנ
כאָטש אינ דער ערד, וואלגט זיכ ביידע מיט די הײַזער! באמ באגע-
גענענ זיכ אמאָל מיט די פּאָר-לײַט, פלעגט דער מאמזער מיכ אָנקוקנ
מיט געשפּעט, עפּעס ווי גערעדט: איכ האָב דיר אָנגעפּײַפט גוט, ניש-
קאָשע... איכ האָב געוויינטלעכ אויסגעשפּיגנ אונ בינ מיר געגאנגענ
מײַנ וועג, טראכטנדיק בא זיכ: אונ אז דו שלעפּסט זיכ מיט איר
ארומ, וואָס העלפט עס דיר? אז זי איז אנ איישעס-איש. הע-הע, גוט

פארטשוואָקעוועט, נישקאָשע! אָבער איך האָב דיר אויך אָנגעפּײַפּט, דו מאַמזער אײנער! פּוקע זיך, ווער צעזעצט...

מיט מיר האָט אָנגעהויבן אין די הײַזער ארומצוגיין אן אלטיטש-קער, פונעם מאַמזערס פּעקל, א ראָשע-מערושע, א נאָטקע גאנעוו אזוי ווי ער. און ער האָט עס געמאכט מיט מיר גאנץ גוט. איטלעכער האָט אים געמוזט געבן, אזא ראכמאָנעס-פּנעמל פלעגט ער קענען מאכן, אָנווײַזנדיק אלץ מיט א קרעכץ טיף פונעם הארצן אף מיר, ביטערע קאַליקע. געהייסן האָט עס עפּעס: א וויסטער טאַטע מיט אן אומ-גליקלעכן קינד, נעבעכן! — הינק, פּישקע, הינק גוט, טאכשיט מײַ-נער! — פלעגט ער מאכן, אונטערשטופּנדיק מיך פון הינטן, באַם ארײַנקומען אין א שטוב. — פארקרים דאָס פּנעצל און זיפּץ, זיפּץ, דו הונט אײנער. זיי וועלן מיר, נישקאָשע, פאר דײַנס א זיפּץ בא-צאָלן. — אפן וועג גייענדיק, פלעגט ער מיך אלץ לערנען מאכן די שפּיל, אָפּשפּעטן פון די באַלעבאַטים, א קניפּ, א צופּ טאָן און שילטן מיך דערבײַ: פארכאפּט זאָלסטו ווערן! גאָר אין גוטן מוט. אײנמאָל האָט ער מיר, אין שפּאס קלאָמפּערשט, געגעבן א באָכענצע אין הארצן, דאָ אין לעפּעלע, אזוי אז איך האָב שיער די ניכפּע נישט בא-קומען. די נעדאָוועס פלעגט ער געוויינטלעך צו זיך צונעמען, און ס'איז מיר שווער געווען א גראָשן בא אים אויסצורײַסן. — וואָס טויג דיר, פּישקע, געלט? — פלעגט ער שפּאסן, — אז דו ביסט אלײן געלט! דו זאָלסט מיר דערלעבן הינקען מיט די פּיסעלעך און קרענ-קען אף אלע גלידערלעך, ביז דו וועסט מיטן קעפּעלע אָנלייגן, טאכ-שיט מײַנער! — אײנמאָל בין איך צו אים שטארק צוגעשטאנען, עס האָט מיך געצווונגען די נויט, און האָב געבעטן כיילעק מיטן הארבן וואָרט. א קוק געבנדיק, אז איך מאָן אים דאָ אזוי, האָט ער געפּנט אף מיר א מויל: — שטום, קרומער הונט! אומיסט וועסטו דאָס פּאָרן בא מיר אין בויד, אומזיסט וועל איך דיך, אזא נעווײלע, ארומפירן

דאָ? טאַרבעס, שייגעצ! איך וועל דערציילן דײַן ווײַב. איך קען דיך נישט און האָב מיט דיר נישט וואָס צו טײַנען. קענען קען איך נאָר דײַן ווײַב. זי האָט דיך מיר איבערגעגעבן, פון איר האָב איך אַזאַ סבוירע באַקומען, און מיט איר וועל איך שוין מיסטאָמע זיך אָפּרעכענען...

שלעכט! אַצינד האָב איך גאַנץ קלאָר אַרויסגעזען, אַז איך בין בײַ דער באַליאַסטרע אַזוי, ווי אַ בער בײַ די ציגײַנער. מע פירט מיך אַרום צו מאַכן מיט מיר די קאָפּעקע. מע האָט בײַ מיר צוגענומען מײַן ווײַב, זי אַרײַנגענאַרט אין זאַק אַרײַן, און זי העלפט נאָך זיי אויך אונטער אַקעגן מיר, זי גיט מיך איבער, ווי סבוירע, הולטײַעס, גאַנאַ־ווימ אין די הענט... שלעכט, ביטער, ס'איז שוין גאָר אויס וועלט.

איך האָב שוין אַרויסגעזען — ס'איז פאַרפאַלן. צווישן מיר מיט מײַן ווײַב וועט שוין קיין לעבן מער נישט זײַן. הײַנט צו וואָס, האָב איך געטראַכט, זאָל איך מיך דאָ האַלטן? מע באַדאַרף אַנטלויפן, ווי צום גיכסטן אַנטלויפן. אַ טאָג אין איבעריקער צווישן אַזעלכע גאַנאַ־ווימ איז אַ זינד פאַר גאָט. דאָס זײַנען דאָך מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין גאָט אין האַרצן, וואָס טוען נישט קיין האַנט אין קאַלטע וואַסער אַרײַן, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אינגאַנצן דעם יאָך, ווילן נישט וויסן פון קיין אַרבעט, פון דײַגעס־האַפּאַרנאָסע און זיך אָפּ אַנדערע אָנגעוואָרפן. נאָגן, זויגן ייִדיש בלוט און זײַנען נאָך זיי דאַם־סאָנים. איך אַליין בין בײַ מיר אויך מיִעס אַראָפּגעפאַלן, באַטראַכטנדיק מײַנע אַלע געַנג אין דער גאַנצער צײַט צווישן דעם דאָזיקן פּעקל שלעכטע מענטשן. גאָר ניט דער אייגענער, וואָס פריִער. עס האָט צו מיר זיך צוגעקלעפּט פיל נישט קיין שיינע זאַכן פון זיי. איין מיטל פּאָטער צו ווערן פון אַזויפיל צאָרעס און בייז — איז אַרויסצורײַסן זיך פונעם מיִעסן פּעקל און ווײַכן זיי ווי אַן איפּעש. נאָר וואָס טוט מען אָבער מיט איר? ווי לאָזט מען איבער זי, די האָרבאַטע מײַנע? מיר איז פירגעקומען, ווי איך שטיי אין אַ פאַרדאָרבן אָרט, אַ שרעקלעכע

גראָב, נאָר אַ געהענעם. אין איין אָוונט אַרײַן שרײַט מיר עפּעס אַ קאָל: פאַרשפּיל נישט דײַן נעשאָמע, פּישקע, ווי גאָט איז דיר ליב, אַנטלויף! און אין דעם אַנדערן אָוונט קלינגט מיר פון דער האָרבאַ־טער מײַנער אַ קאָל: פּישקע, פּישקע!.. מע באַדאַרף אויסקלײַבן איינס פון בייִדע: אָדער אַהין אין דער ליכטיקער וועלט, ריין פון זינד, פון צאָרעס און בייז, אָדער דאָ אין דעם געהענעם, נאָר איינציקע מיט איר. איך האָב מיך גוט אויסגעוויינט און... גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן פאַר די זינד! — איך בין געבליבן ווײַטער בײַ דער כאַ־ליאַסטרע...

שפּעטער ערשט אין אַ צײַט אַרום איז מיר אין קאָפּ אַרײַן אַ געדאַנק, מיט דער האָרבאַטער אייגענעם אַנטרונען צו ווערן פון עמ גוטן פּעקל. נאָר דאָס אָבער האָט דאָך אַנדערש נישט געקענט זײַן, סײַדן אויפגעבונדן צו ווערן פרײַער פון מײַן ווײַב. וואָס וועט דער טאַכלעס זײַן פון מײַן אַרומפירן זיך מיט אַ מיידל גלאַט אַזוי? די וועלט וועט מומלען און טראַכטן גאָט ווייסט וואָס... איינע רעפוע איז דאָ — געט! נאָר וועט מײַן ווײַב אָבער, טראַכט איך בײַ מיר, וועלן נעמען געט? זי איז דאָך אַ שלאַק, אַן אָנשיקעניש פון זײַן ליבן נאָמען. אַז איך וועל זאָגן געט, וועט זי, מיר אַפּ צעשפּרינגעניש, זאָגן: ניין! די גרעסטע האַנאָע, אין דער לעצטער צײַט, איז בײַ איר געווען מיך צו פּײַניקן און צו טאָן מיר אין דער גאַל אַרײַן. פונדעסטוועגן האָט עס מיך נישט אָפּגעשראָקן, און האָב מיר פירגענומען אַרום דער זאַך צו אַרבעטן מיט גוטן אָדער מיט בייזן, עפּשער וועט גאָט ראַכמאָנעס האָבן. דערווײַל האָב איך די זאַך געהאַלטן בײַ מיר בעסאָד, קיינער זאָל דערפון נישט וויסן.

זינט דער מײַסע מיט דעם אַלטיטשקן האָב איך פאַר גרויס פאַר־דראָס מיט קיינעם פון דער כאַליאַסטרע מער נישט געוואָלט אין די הײַזער אַרומגיין. דאָס האָט מיך געגנוג צאָרעס געקאָסט, נאָר איך האָב

מיך אײַנגעשפּאַרט: מײַן טויט זאָל דאָ זײַן, ווײַל איך מער קײן בער נישט זײַן בײַ די דאָזיקע ציגײַנער. דער מאַמזער מיט זײַן פּעקל לײַט זײַנען דערמיט שטאַרק ניט צופרידן געווען און האָבן מיר מיט די הענט געוויזן, ווער עלטער איז. שלאָגנדיק מיך אײנמאָל, רופן זײ זיך אָנעט: פאַרוואָס זשע זאָלן מיר דיך אומזיסט פירן, שײנע סכוי־רע, אַז דו ווילסט נישט אַרבעטן, ווילסט נישט פאַרדינען? גײ דיר אַוועק צו אַלדי שוואַרצע יאָר! — אפילע די רעגע, — ענטפער איך זײ. — גיט מיר אָפּ מײַן ווײַב, מײַן ווײַב! — זײ האָבן זיך אָנגעקוקט אײנער דעם אַנדערן און אַרויסגעלאָזט אַ גרויס געלעכטער. עס פאַר־שטײט זיך, אַז דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט גיט מיר אָפּ מײַן ווײַב, איז נאָר געווען אַן אויסרייד. אין האַרצן האָב איך גאָר געמײנט: האַלט זיך מיט איר, מיט אײַער שטיק סכוירע, און לאָז זי נעמען בײַ מיר געט. עמעס טאַקע, פון די קלעפּ, וועלכע איך האָב געכאַפּט פאַר מײַן אַקשאָנעס, האָט מיר גוט ווײ געטאָן, נאָר דערבײַ האָט מיר האַ־נאָע געטאָן, טראַכטנדיק בײַ זיך: נישקאָשע! דאָס וועט מיר ניצן צום אײסעק. אַז זײ וועלן זען, איך בין אײַנגעשפּאַרט און טויג זײ מער נישט, וועלן זײ געריכט זײַן מײַנער פּאָטער צו ווערן, און דאָס וועט מיר דערנאָך העלפן צום געט.

21

באסיע! — גיב איך אַ זאָג צו מײַן ווײַב, צושאַרנדיק זיך צו איר מיט גוטן אײנמאָל, אַז מיר זײַנען געווען אַלײן, און געוואָלט אין אַ שמועס מיט איר אַ טאַפּ טאָן וועגן געט, — וואָס האָסטו, באַסיע, צו מיר?

— ווער די קאַפּאָרע, פישקע! — באַקום איך פון איר אַ קורצן טשוווע.

— אַט האָסטו דיר! — מאַכ איכ ווי אַנגעברוגעזט זיכ. — איכ מיט איר אַלץ אַדעראַבע־וועאַדעראַבע, און זי אַלץ קידער־ווידער: וועד די קאַפּאָרע, פּישקע! פאַר וואָס?

— באַקום זשע די כיכפּע! — זאָגט זי מיט אַ קרום פּאָנעם, אַוועק־רוקנדיק זיכ פון מיר.

— זאָלסט מיר געזונט זײַנ, באַסיע! — רופ איכ מיכ אָנעט מיט גוטנ, — וואַרפ, כלעבנ, אַוועק דײַנע נאַרישקײַטנ, און לאָמיר לעבנ ווי גאָט האָט געבאָטנ...

— וועד די קאַפּאָרע, פּישקעניו, מיט דער הולטײַקע דײַנער איניינעם!

אַ־אַ, וועד די קאַפּאָרע דו בעסער מיט דעם מאַמזער דײַנעם! — טראַכט איכ באַ מיר — און אַרויס מיט דער שפּראַכע גאַנץ ריינ: הער אויס, באַסיע! ווי זאָגט מענ עפּעס, אַ באַס־יִסראָעל נייט מענ נישט. ווילסט נישט קיינ לעבנ, איז דאָכ דאָ דערופ באַ יִדנ אַ געט. רויט אָדער טויט!

— אַהאַ, די הולטײַקע גלוסט זיכ אים! זיכער פּאַטערנ דאָס ווײַב און האָצעניו מיט דער דראַבקע! אַ, נישט דערלעבנ זאָלט איר עס! גיכער וועט איר ביידע מיטנ קאָפּ אָנלייגנ. נישקאָשע, עס וועט איר נישט געשענקט ווערנ, דער כצופּע דײַנער. קײַענ וועט זי פון מיר די ערד, הערסטו, פּישקעלע? אינ טאַטנס טאַטנס טאַטנס...

מײַנ ווײַב האָט זיכ צעשריגנ אַזוי, אַז איכ האָב געכאַפּט די פּיס אַפ די פּלייצעס און אַוועק.

מיט מיר איז געשטאַנענ שמאָל. שלעכט אַרום און אַרום. איכ אַליינ האָב קיינ האָניק נישט געלעקט, בינ פאַרשוואַרצט געוואָרנ, און די האָרבאַטע, נעבעכ, האָט אויכ געהאַט איר ערלעכ אויסקומעניש. זי האָט געכאָפּט אינ מײַנ זכוס. מײַנ ווײַב האָט זיכ פאַרהאַלטנ צו איר, ווי אַ באַלעבאָסטע, געהאַט איבער איר צו שאַפנ. נאָר עפּעס נישט

נאָכ איר ווונטש, האָט זי מיט איר זיך גוט אָפּגערעכנט, און דער מאַמ־
זער פון זײַן זײַט האָט איר געמאַכט א פינצטערן פּסאַק באַזונדער.
אז אָכ־און־וויי איז אונדז ביידע געווען. אונדזער גאַנצע טרייסט איז
געווען, וואָס שפּעט באַנאַכט, ווען אַלע האָבן געשלאָפן, פלעגן מיר
זיך ארויסגאַנוועענען אין דרויסן, צו שמועסן כאָטש א ביסל און איי־
נער דעם אַנדערן אויסצוגיסן דאָס שווערע ביטערע האַרצ.

איינמאָל זיצן מיר זיך אזוי ביידע באַנאַכט נעבן דער גרויסער
שול. דער הימל איז אויסגעשטערנט, און ארום אונדז איז שטיל.
נישטאָ קיין לעבעדיק באַשעפעניש. זי זיצט נעבן מיר אַף א שטיין,
אײַנגעניורעט, אײַנגעהויקערט, טרערן גיסן איר זיך פון די אויגן,
און ברומבלט פאַר זיך שטאַרק אומעטיק איר באַקאַנט לידל:

...דער טאַטע האָט מיך געקוילעט,
די מאַמע האָט מיך געגעסן...

איטלעכס וואָרט אירס שנײַדט מיר דאָס האַרצ ווי מיט א מעסער.
איך טרייסט זי, נעמ זי אײַן מיט גוטע רייד. אָט נאָך א ביסל וועלן
מיר, אימירצעשעם, אופגעריכט ווערן. איך מאַך איר א גאַנצ צעטל
פון אונדזער לעבן שפּעטער, אז מיר וועלן מיט דעם אייבערשטנס הילף
ביידע פון צאָרעס אויסגעלייזט ווערן. איך שטעל איר אַנידער פאַר די
אויגן אַלצדינג לעבעדיק, מאָל איר אויס די גלופּסקער געמויערטע באָד
מיט איטלעכס פּיצעלע דאָרט. ווי איך וועל מיך אַהין ווײַטער ארײַנ־
דרייען, און אז גאָט וועט דערהויבן דאָס מאַזל, קען איך מיט דער
צײַט באַקומען דאָרט א שטעלע פון א היטער. זי אַליין קען עפּשער
אויך מיט דער צײַט האָבן דאָרט א מועבצ: זײַן א טוקערן אָדער עפּעס
אַנדערש אַזוינס. און ווען נישט, קען מען אין גלופּסק אויכזוכן אַנ־
דערע מינע פּאַרנאָסעס. פאַר אָרעמעלײַט איז גלופּסק ערעצ־יסראָעל,

זי איז, אַן אײנאָרע, גרויס, הײזער זײַנען דאָ ווי מיסט. די מענטשן זײַנען אָן כאָכמעס, ווייסן ניט פון קײן צערעמאָניעס, איטלעכער טוט זיך, וואָס ער וויל, און ס'איז רעכט. דאָרט קענען, אשטייגער, גאַנצע שיינע באַלעבאַטים זיך גיין אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, פאַרדריפּעט ביז דעם האַלדז — און גאָרנישט; אָדער אינמיטן העלן טאָג זיך שפּאַצירן אַפן דער גאַס אין עפּעס א פאַרשמאָלצעוועט כאַלאַט, צעבראַסטעט — און גאָרנישט. אָדער פאַרקערט, אָרעמעלײַט קענען גאָר אַמאָל אַרויסגיין אָנגעטאָן אין זײַד, אין סאַמעט — און אויך גאָרנישט. דאָרט איז שווער אונטערצושיידן צווישן קאַפּצאָנים און נגידים, נישט אין דער האַלבאָשע, נישט אין דעם גאַנצן פירונג. זייער אָפּט מאַכט זיך, אז גאַבאָיִם אין אַלערליי כעווורעס דאָרט זײַנען אַליין פאַר זיך גאָר קאַפּצאָנים, צוזען זיך דערפון דאָס שטיקל פּאַרנאָסע איניינעם מיט די רײַכע, אײנער העלפט דעם אַנדערן, און ס'איז זיך א גוט לעבן. אָרעמע איז נישט קיין שאַנד. מע באַדאַרף נאָר האָבן מאַזל, ווערט מען אויפגעריכט באַלד. וויפל זײַנען דאָ אַזוינע, וואָס ערשט נישט לאַנג זײַנען זיי געווען קליינע, נידעריקע מעשאָרסים, קאַפּצאָנים, נעבעך, און פּלוצלים געוואָרן לײַט, גאַנצע פירער, קאָל-וועלאָכ אין דער שטאָט! מעגלעך גאָר, אַז איך אַליין, ווי דו קוקסט מיך אָן, קען מיט דער צײַט אויך ווערן א טוער, א מאַכער, און עס וועט, אימירצעשעם, זײַן גוט. מיר וועלן לעבן אין אוישער און קאָוועד און נאַכעס. לאַכ נישט, נעשאָמע מײַנע, איך בין גאָר ניט צו ווײַט פאַרקראָכן. אין גלופּסק איז אַזעלכס גאָר פון די געווײנטלעכע זאַכן. מע באַדאַרף נאָר גלייבן אין גאָט, באַ זיך נישט זײַן אַראָפּגעפאַלן און זײַן א ייִד... מיט ביטאָכן. אַכ, גלופּסק, גלופּסק! ווי דערלעבט מען שוין זיך אויסרײַסן פון דעם מיִעסן פּעקל און גיכער, מאַמע, צו דיר!

— אַכ, פישקע! איך האָב שוין קיין קויעך נישט מער אויסהאַלטן, — זאָגט די האָרבאַטע מיט א זיפץ טיף פונעם האַרצן, אָנ-

שפּאַרנדיק זיך מיטן קאָפּ מיר אָפן אַקסל, און אַף דעם פּאָנעם איז איר געלעגן עפּעס ווי אַ געבעט. איך גלעט זי, טרייסט זי און שטאַרק זי מיט גוטע האָפענונגען. זי ווערט אַ ביסל פרייליכער, קוקט מיר גלײַך אין די אויגן אַרײַן און לאַכט. — פּישקע! — זאָגט זי שטיל. — דו ביסט מײַן אייניציקער אַף דער גאַנצער וועלט. ביסט מײַן טאַטע, מײַן ברודער, מײַן פרײַנט, מײַן אַלצדינג. זע, פּישקע, זײַ מיר געטרײַ און פאַרגעס מיך נישט. שוועער מיר דאָ בא דער שול, וווּ עס דאַווענען אַצינד די מייסים און צווישן וועלכע עס געפינט זיך עפּשער אויך מײַן טאַטע, וועלכן איך האָב ווייניק געקענט, און איז אַן איידעס. שוועער מיר, אַז טאָמער ווע‌סטו מיר בלײַבן געטרײַ...

איך האָב מיך אַ נעם געטאָן שטאַרק קנעלן מיט מײַן ווײַב וועגן געטעט. געאַרבעט, געערדט אַהין-אַהער, ביז צווישן אונדז איז אָפּגעמאַכט געוואָרן אַזוי: דאָס ביסל געלט, וועלכעס בא מיר האָט זיך אָנגעזאַמלט אין דער גאַנצער צײַט, וואָס איך האָב געאַרבעט פאַר מיר אַליין, האָב איך באַדאַרפט איר אין האַנט אָפּגעבן טאַקע באַלד, נישט אײַנצולייגן עס פריִער, ווי דער שטייגער איז. און כּוץ דעם האָב איך נאָך זיך מיסכּים געווען, דעם גאַנצן ווינטער, וועלכן מיר וועלן דערלעבן, מיך צו לאָזן, גאָר אָן שום טײַנעס, כּעוורע זאָל מיט מיר מאַכן די שפּיל, דאָס הייסט מיך לאָזן פירן איך די הײַזער, און די נעדאָוועס, וועלכע מע וועט מיט מיר מאַכן, געהערן צו מײַן ווײַב פאַר איר קסובע. דער מאַמזער האָט מיט אַ שמייכעלע מיר געבראַכן די ביינער — ווען האָט סאָריר וועקאַיאָם, און געזאָגט מאַזלטאָוו. איך בין ווידער געוואָרן אַ בער, אַ גוט שטיקל סכוירע. דער אַלטיטשקער איז ווײַטער טאַקע מיט מיר אין די הײַזער אַרומגעגאַנגען, און איך האָב אַלץ געמוזט הינקען גוט, זיפצן, קרימען זיך, מאַכן אָנשטעלן, ווי ער האָט מיר געהייסן.

נאָך פייסעך זײַנען מיר געקומען ערגעץ אין אַ שטעטל, אין כערסאָנער גובערניע, וווּ איך האָב די ערשטע צײַט געאַרבעט לויט

מײַנע היסכנײַוועס. נאָר דערנאָך האָב איך געזאָגט: גענוג! לאָז שוין זײַן דאָ מאַקע אַן עק. מײַן ווײַב האָט טכילעס זיך געקווענקלט, גע-בעטן אַ פּאָר טעג זיך מעיאַשעוו צו זײַן. צום סאָף האָט זי געענט-פערט: גוט, מאָרגן נעמט זי געט. ס'איז מיר ליכטיק געוואָרן אין די אויגן, אַזוי שטאַרק האָב איך מיך דערפרייט. פאַר סימכע האָב איך נישט געקענט אײַנזיצן אויף איין אָרט. עס האָט מיך עפּעס געצויגן אין דרויסן. איך האָב אַ היפּשע צײַט מיר אַרומגעשפּאַצירט אין די גאַסן, און אין איינע וועג טאַקע מיט כיישעק געגאַנגען אויך אין די הײַזער, טראַכטנדיק בײַ זיך: וואָס קען עס שאַטן? אויף דער הייסער שאָ, באַם אַראָפּגיין פונעם קעסט, וועט מען באַדאַרפן האָבן עטלעכע גראָשן. דער אייסעק מײַנער איז געגאַנגען גוט. אַזאַ „אין די הײַזער אַרומגיין", ווי דענסטמאָל, געדענק איך נישט שוין פון אַ צײַט. עס טרעפט זיך אַזוינס איין מאָל אין הונדערט יאָר. אַז גאָט וויל העלפן אַ מענטשן, העלפט ער אים מיט אַלעמען. אין וועלכער שטוב איך בין אַרײַן, בין איך ליידיק פון דאָרט נישט אַרויס. דאָס מאַזל האָט מיר דענסטמאָל געשפּילט, און האָב באַדאַרפט גראָד טרעפן אין אַ שטוב, וואָס דאָרט איז געווען אַ ברים. דער אוילעם איז געווען שטאַרק פאַרלעקט, לעבעדיק, פריילעך. מע האָט מיר געגעבן אַ גוטן טרונק בראַנפן, אַ גאַנץ קידעש-גלעזל, אויך אַ גרויסן שטיק לעקעך, אַ מאָל-כעס-ברויטל און דערצו נאָך עפּעס געלט מיט אַ רויזן-בולקעלע. איך האָב מיך אײַנגעהאַלטן, נישט צו פאַרזוכן אפילו קיין ברעקל, און באַהאַלטן די אַלע גוטע זאַכן ווײַט אין דעם בוזעם, צו ברענגען עס אַ מאַטאָנע מײַן האַרבאַטע מיידל. מע האָט באַדאַרפט זען, מיט וואָס פאַר אַ פרייד איך בין עס געגאַנגען דעם גאַנצן וועג. אַלץ געטראַכט בײַ מיר: הײַנט באַנאַכט, אַז דער אוילעם וועט שלאָפן, וועל איך איר דאָס געבן, לאָז זי, נעבעך, אויך האַנאָע האָבן. זי איז, נעבעך, פאַר-וויסט, פאַרוואָגלט, האָט אַ האַרץ פול מיט מאַקעס. זי האָט, נעבעך,

נישט געהאט אין איר לעבן קיין זיסע מינוט. נאָ, לאָז זי וויסן, אַז פישקע איז אַ גוטער-ברודער, ער זאָרגט זיך פאַר איר און היט זי אָפּ עט ווי דאָס שוואַרצאַפּעלע אין אויג. ער וועט באַדאַרפן אַליין נישט עסן, און איר דאָס לעצטע, דעם בעסטן ביסן אוועקגעבן. עס האָט מיר זיך געדאַכט, ווי מיר ביידע זיצן נעבן דער גרויסער שול און האָבן שטאַרק האַנאָה. זי עסט, קוויקט זיך מיט דעם לעקעך, און איך איר: געשמאַקע מײַנע, לאָז דיר וואויל באַקומען! טראַכטנדיק דערבײַ בײַ זיך: אַ גוטער סימען! האַלעוואַי אינגיכן לאָמיר עסן לעקעך בײַ אונדז... איך זאָג איר אָנעט די בסורע: מאָרגן ווער איך אויסגעלייזט, מײַן ווײַב נעמט געט, און זי שײַנט, קוועלט גאָר אָן. מיר קלערן, ווי אַזוי שטילערהייט אַרויסצוכאַפּן זיך פון דער כאַליאַסטרע און מאַכן אַ פּלייטע. בײַ אונדז ווערט פאַרטיק וועגן דעם אַ גאַנצער פּלאַן, און ס'איז דאָ אַ האָפענונג, אַז עס וועט, אימירצעשעם, זײַן גוט... אָט מיט אַזעלכע געדאַנקען בין איך מיר געגאַנגען דעם גאַנצן וועג און מיר פאַרגעשטעלט גליקן. אפן וועג האָב איך נאָך באַגעגנט אַ וואַסער-טרעגער מיט פולע עמער, דאָס איז דאָך געוויס אַ גוטער סימען. נאָר וואָס אָבער לאָזט זיך אויס?

עס לאָזט זיך אויס, ווי איז מיר, — אַ טײַך. איז אַ מענטשן באַשערט אומגליק, העלפן אים נישט קיין גוטע סימאָנים אויך, צען גאָיעס אפילע זאָלן אים מיט פולן איבערגיין דעם וועג. אַז איך בין פאַרנאַכט געקומען צוריק אין העקדעש, האָב איך שוין דאָרט נישט געטראָפן די כאַליאַסטרע!.. אין דער צײַט, וואָס איך האָב מיר לוס-טיק אַרומגעשפּאַצירט אין דער שטאָט, זײַנען די שיינע-לײַט דערווײַל אוועקגעפאָרן, און מײַן ווײַב, אויך מײַן האַרבאַטע, נעבעך, מיט זיי... דאָס איז שוין געווען דעם מאַמזערס מעלאָכע, זײַנס אַ שפּיצל. — זאָל ער אַזוי וויסן פון זײַן לעבן צו זאָגן, ווי איך האָב דענסטמאָל געוווּסט, אפּ וואָס פאַר אַ וועלט איך בין. זאָל אים, ריבוינעשעלוילעם,

אזוי דרייען אינווייניק אין בויך, ווי מיר האָט זיך געדרייט דער קאָפּ. כווישעך און פינצטער איז מיר געוואָרן אין די אויגן. פינצטער איז מײַן וועלט. דאָס איינציקע שטערנדל, וואָס האָט מיר געשײַנט, איז פּלוצלים פארשווונדן געוואָרן. נישטאָ, וויי איז מיר, נישטאָ מײַן טרייסט! נישטאָ מײַן האָרבאטע, כעבעכל.. איך בין ווײַטער עלנט ווי א שטיין, איינער אליין אין דער גאנצער וועלט. און זי? ווו איז זי, וואָס טוט, נעבעכל, זי, זי?.. פאר וועמען וועט זי קענען כאָטש אמאָל אויסוויינען, אויסגיסן איר שווער ביטער הארץ. אוי, יידל! א ווייטעק. ס'איז מיר א ווייטעק טאקע אינצווייען.

ארויסנעמענדיק שפּעטער פון עמ בוזעם דאָס שטיקל לעקעכל, וואָס איך האָב איר עס אָנגעגרייט, איז מיר געוואָרן א לאָך אין הארץ. איך האָב עס געהאלטן שטײַף, אָפּגעגאָסן עס מיט טרערן, ווי עפּעס א זאך, א זייכער, וואָס בלײַבט איבער נאָכן טויט פון א געליבט קינד, פון אן איינציק קינד. נישט באשערט דיר צו פארזוכן עס, צו דער-קוויקן זיך איין מאָל אין דײַן לעבן, אומגליקלעכע, בידנע נעשאָמע מײַנע!.. איך קוק, קוק אפן שטיקל לעקעכל, קוש עס, וויקל עס דער-נאָך אײַן ווי אן עווט-טאָוו און באהאלט עס ווידער אין בוזעם, טאפּנ-דיק עס אָפט און צוקוועטשנדיק עס צום הארצן... ווייס איך, וואָס מיר איז געשען...

22

פ ישקע האָט בא זײַנע לעצטע ווערטער ארופגעלייגט ביידע הענט אפן פּאָנעם, זיך אוועקגעקערט אין דער זײַט און געכליפּעט. מיר האָבן געפילט זײַן הארץ און אים געלאָזט צורו. אפ אונדז אליינס איז אויך אָנגעפאלן א מאָרעשכוירע, מיר זײַנען געבליבן זיצן שטיל, איטלעכער פארטיפט אין זײַנע געדאנ-

קעג. אַלטער מײַנער האָט זיך אַלץ געקראַצט אין דער פּייע, געפירט די האַנט איבערן פּאָנעם, אַנהייבנדיק פון שטערן און אויסלאָזנדיק מיט דער באָרד, וועלכע ער האָט אַרומגעכאַפּט מיט אַלע פינף פינגער און געמאַכט דערבײַ: עט, עט!.. מע האָט געזען, ער איז צעטראָגן, מיט אים איז עפּעס נישט גלאַט. איך אַליין בין עפּעס געווען אויך צעדרייט, פישקעס געשיכטע האָט מיך געקאַטערט. נאָך גאַנץ לאַנג האָב איך פיל מאָל בײַ מיר געטראַכט: ריבוינעשעלוילעם! וואָס איז דאָס אַזוינס זײַן פּאַרליאַפּעט? עפּעס האָב איך געהערט, עס טרעפט זיך אַמאָל אַזעלכס, נאָר וואָס דאָס איז, האָט מײַן מויעך נישט געקומען. בײַ אונדז פלעגט מען אויף אַזעלכע זאַכן געווײַנטלעך זאָגן: ס'איז אַן אָפּגעטאָנענע זאַך, אַ קישעף. עפּעס אַזאַ מין פלעשעלע איז דאָ דערצו, עפּעס אַ מין קרײַטעכץ פון אַן אַלטער גויע, אַ מאַכשייפעטע. און דאָס, וואָס אַלטע מאַכשייפעטעס זײַנען פּאַרטיק אָפּצוטאָן אַזעלכע שפּיצלעך, אויך אַראָפּצוברענגען רײַטנדיק אויף אַ בעזעם דעם מאַן, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס ווײַב, זי געמאַכט פאַר אַן אַגונע, — דאָס איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג! דערויף זײַנען דאָך דאָ אַ סאַך אײדעס, קאָשערע ייִדן מיט בערד... פּאַרליאַפּעט זײַן האָט בײַ אונדז געהייסן — עפּעס אַזאַ מין שלאָפקײַט, ווי קאַדאָכעס, אַשטייגער, אַ דיבעק, אַ מאַנקאָליע, די ניכפּע, די שלעכטע זאַך, וואָס דערצו איז טאַקע נאָר אַ באַלשעם אָדער, לעהאַוודל, דער טאָטער. בײַ אַ שמועס דערפון פלעגט מען זיבן מאָל אויסשפּײַען, אָנעמענדיק זיך בײַ די ברעמען, און מאַכן דערבײַ מיט אַ פאַרקרימט פּרום פּנעמל: נישט דאָ געדאַכט, נישט פאַר קיין ייִדישע קינדער געדאַכט!.. אויך איז אַ מיצווע געווען צו לאַכן אויס יענע פּאַרליאַפּעטע, ווי דער שטייגער איז צו לאַכן אויס אַ מעשוגענעם. אַזאַ שלאָפקײַט אָבער, געדענק איך, ווען עס האָט זיך געמאַכט, האָט זיך עס געמאַכט סײַדן נאָר בײַ די גרויסע נעגידים אָדער בײַ די גרויסע קאַפּצאָנים. אין

באלעבאטישנ גראד אקעגנ האָט מענ נישט געוווּסט אפילע מיט וואָס מע עסט עס. דאָס איז דאָכ, האָב איכ אָפּט בא מיר געטראכט, א וווּנדער, פארוואָס איז דאָס אזוי? אונ וואָס איז דאָס אזוינס? עס מוז דאָכ האָבנ א טאמ. פונ דער אלטער גאָיע — איז נארישקייַטנ, ווי דאָס פלעשעלע — דער טאמ. איכ בינ קיינמאָל דערמיט נישט צופרידנ געווענ, האגאמ ייִדנ האָבנ עס געהאלטנ פונ מיר פאר א שטיקל אפּיקאָרסעס: — סטייַטש, ווי גלייבט מענ עס נישט אינ קישעפ, אינ דעמ טאָטער, אינ שיידימ! איכ האָב געזוכט בא מיר, געזוכט א טאמ, אונ, דאכט זיכ, געפונענ. גרויסע נעגידימ איז אפ דער וועלט צו גוט, האָבנ אלצדינג: עסנ, טרינקענ דאָס טייַערסטע, דאָס בעסטע אָנ זאָרג, אָנ קאָפּדרייעניש, עס גייט זיי אָפּ נאָר קאדאָכעס — דעריבער ליגט זיי אינ זינענ צו מאכנ קוצעניו-מוצעניו. ערנסט, אָדער גלאט אזוי א שפּילכנ? — דאָס איז שוינ זייער סאָד. ווידער זשע די גרויסע קאפּצאָנימ, פונ דער אנדערער זייַט, זיי איז אויכ, אפ זייער שטייגער, גוט. האָבנ גאָרנישט, קאדאָכעס וואָס אייַנצושטעלנ, עסנ קעסט בא דער וועלט אָנ קאָפּאַרעניש אונ קומענ אפּנ גרייטנ. בושע אינ דער זייַט! דעריבער גלוסט זיכ זיי אויכ אזעלכע מייַסעס. שטענדיקע אייסאָקימ פונ דרייענ זיכ אונ מינע כאסענעס איז געוויינטלעכ נאָר אינ דעמ הויכנ אונ אינ דעמ נידעריקנ שטאנד. דער איבעריקער אוילעמ אונדזערער, פונעמ מיטעלנ סאָרט מענטשנ, איז טאָמער פארטראָגנ אינ דייזשע-באָרשטש, אימ דארט דער קאָפּ פאר דעמ שטיקל ברויט, זוכט פּארנאָסע. בא אימ איז רייִשיס-כאָכמע — געשעפט. אלצדינג — געשעפט, כאסענע האָבנ איז אויכ א געשעפט. ער האנדלט אייַנ א ווייַב, דינגט זיכ פריִער גוט אויס וועגנ דעמ מעקעכ, וועגנ נאדנ, וועגנ איטלעכס פּיצעלע באזונדער, אלצדינג פּינקטלעכ אויסגערעכנט. אפילע א שטרייַמל אונ די שאבעסדיקע קאפּאָטע מוז אויכ שטיינ בעפיירעש אינ די טנאָימ. זייַנענ די טנאָימ דערפילט געוואָרנ, קעפּי

דעמ מעדובער, קומ זשע, קאלע-לעב, אונטער דער כופּע מיט דעמ שאדכנ, מיט דעמ באדכנ, מיט דעמ גאנצנ פּעקל קלייקווידעש, וואָס לעקנ פונעמ געשעפּט אָפּ א ביינדל. זײַ א ווײַב, האָב קינדער, רײַס קריע אונ ווער פארשווארצט מיט מיר אינײַנעמ ביז הונדערט אונ צוואנציק יאָר, — אויב דיר גלוסט זיך לעבנ, נישט שטארבנ פאר דער צײַט. אויב דו ביסט שיינ אָדער מיעס, קלוג אָדער א נאר, — דאָס איז שוינ דײַנ אייסעק. פונמײַנטוועגנ איז אלציינס, א פלוינעסטע איז א פלוינעסטע, מיר זײַנענ נישט קיינ פּריצימ, האָבנ ניט קיינ צײַט צו-קוקנ זיך צו אזעלכע זאכנ. יידנ זײַנענ מיר, סאָכרימ, מעקלער, קרע-מער, טאָרעד אינ דער פּארנאָסע! — זייער פיל זײַנענ דאָ פונ מײַנ גראד יידנ, וואָס ריידנ קימאט נישט, עסנ נישט בא איינ טיש מיט די ווײַבער, קוקנ זיי וויינִיק אָנ. אונ ס'איז גאנצ רעכט. ביידע צדאָדימ זײַנענ צופרידנ אונ ווינטשעווענ, ווענ עס קומט אויס אמאָל, האלע-ווײַ אזא לעבנ אפּ אלע גוטע לײַט אונ אפּ זייערע קינדער געזאָגט געוואָרנ! שטארבט בא איינעמ דאָס ווײַב, באגראָבט ער זי, זיצט נאָך איר שיווע גאנצ יידישלעך — אונ האנדלט באלד טאקע אײַנ א צווייטע, פּרִיער נאָך, אמאָל, פאר שלוישימ, אונ אפּ אזא שטייגער אויך די דריטע, פערטע, די פינפטע... ביז דער אלטער יידענע, וועלכע ער נעמט צומ לעצט אינ די אלטע געשענקטע יאָרנ, אונטער דעמ אויסרייד געוויינטלעך, מיט איר אינ ערעצייִסראָעל ארײַנ צו פאָרנ. הייסנ הייסט עס בא יידנ די גאנצע כאסענע — מעקײַעמ זײַנ א מיצ-ווע, ווי גאָט האָט געבאָטנ... ווי, אשטייגער, דעמ יידנס עסנ שאַבעס — איז נישט גלאט גראָב פרעסנ וועגנ דער אכילע, ווײַל א זינדיקער מענטש באדארפ עסנ, נאָר וואָס דענ? עס הייסט מעקײַעמ זײַנ שאָלויש-סודעס. דעסגלײַכנ אויך דאָס גלעזעלע ווײַנ פייסעך באמ סיידער, טרינקט עס דען א ייד גלאט מעשונע גראָב, ווײַל א ביסל ווײַנ איז מעכײַע אונ נאָך די קניידלעך טאקע גאָר א דערקוויקעניש? כאָלילע!

ער מאכט דערביי מיט א פארפרומט פענעמל: הריני מוכן ומזומן — איך בין מיר גרייט, איך בין מיר ברייט מעקיים זיין די מיצווע קווי-סען: דעם ערשטן, צווייטן, דריטן, פערטן קאָס... אונדזער איינער עסט, טרינקט, האָט כאסענע אלץ מיט א לשם-יחוד, צוליב קודשאָ-בריך-הו און דער שכינע. — נאָר דאָס אלצדינג איז אָבער נישט גע-זאָגט געוואָרן אפ פישקען. אין זיין שלעכטער לאגע, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען, איז דאָס האָרבאטע מיידל פאר אים געווען א גליק, זיין טרייסט, זיין לעבן, זיין אלץ-מיט-אנאנדער. אז מע טרינקט זיך, כאפט מען זיך אָן פאר א שטרוי. הײנט וואָס זשע איז פאר א וווּנ-דער, אז פישקע האָט זיך אָנגעכאפט אין דער האָרבאטער מיט זיין גאנצן ליב-און-לעבן און איז צו איר צוגעזאָטן געוואָרן? אז עס רירט אָן בא דער נעשאָמע, דענסטמאָל שרייט דאָס הארץ, שרייט, רעדט אייגנע ווערטער בא אלע מענטשן גלייך. דאָס לאָשן פונעם הארץ איז איין לאָשן פאר גרויס און קליין, פאר דעם געלערנטן און פאר דעם גראָבן מענטשן. וואָס זשע איז פאר א ווונדער, אז פישקעס הארץ האָט זיך דאָ אויסגעגאָסן אין אזעלכע הייסע געפילן, ריינע מענטש-לעכע ווערטער? דעריבער טאקע האָבן זיינע ווערטער גערירט, מיך צענומען ווי א פידעלע, וואָס רעדט, שפּילט אומעטיקע שטייגער. אלע באלע-דארשנס און מוסער-ספאָרים אינאיינעם האָבן קיינמאָל מיך אזוי נישט גערירט, געמאכט ווייך, גוט און פרום, ווי א קרעכץ פון א צעבראָכן הארץ, ווי דעם קלעזמערס א שפּיל אפן פידעלע.

מיילע, גאנץ רעכט. איך בין שטארק גערירט פון פישקעס דער-ציילונג, בין איך מיר דעריבער פארטראכט, אָבער דו, פערדל מיינס, פארוואָס ביסטו פארטראכט? א גאנג א ביסל, מישטיינסגעזאָגט, קוים וואָס ער רירט זיך. עס זאָל אים דאָס אָנהייבן ארן, וואָס אָט באלד איז טישעבאָוו און מע באדארף זיך אײלן מיט קינעס אין א סאך

שטעטלעכ. ער גייט גאר נישט מיט דעם גלייכן וועג, פארקריכט אין דער זייט נעבן דער טוווע, שטעלט זיך צווווילן אָפּ און שטשיפעט גראָז. די שיינע שקאפע איז ניט בעסער פון אים, טוט אים נאָך און כאפט אויך א קײַ. דאָס אייגענע טאקע וואָס אין כיידער, אז דער רעבע פארקוקט זיך אמאָל אין דער זייט, פארוויגט דאָס קינד אָדער אמפּערט זיך מיט דער רעבעצן, — פארקוקן זיך אויך די טאלמידים און פאלשעווען אין דעם לערנען. איך טו די רעפוע, וואָס דער מעלא-מעד, נעם די בייטש און טו א וויז דעם שלימאזל מיינעם, זאָגנדיק אים דערבײַ מוסער. ער שטעלט אוף די אויערן, שטרעקט אויס דעם האלדז, שטעקט ארויס א שפיץ צינגל, הריגעט מיט א הינטערשטן פוס און שמייסט קעגן מיר מיט דעם וויידל. — אײַ, דו ביסט אן אזעספּא-נעם! — רופ איך מיך אָן און גיב אים שוין טאקע גוט מעכאבעד מיט דער בייטש. ער האָט אפילע נישט געוואָלט לײַדן, מאכט א פערדישן קוימעמיעס, א הייב מיט דעם הינטן און געהאט בעדייע אויסצושטרעקן זיך אפ דער ערד. נאָר ער האָט זיך באלד מעיאשעוו געווען, א צי געטאָן מיט אימפּעט דעם וואָגן און אָנגעהויבן זיך ווײַ-טער צו שלעפּן.

מיר אלע זיינען דערווייל צו-זיך געקומען. אלטער האָט אונטער-געטריבן אפ זיין שטייגער, פישקע הייבט אָן אפ זיין שטייגער, איך נאָך אים טאקע ארבעט, פארטײַטש אפ מיין שטייגער — און די מײַ-סע דערציילט זיך ווייטער אזוי:

— איך וועל אײַך דאָ נישט קיין יאם ברײַען. איינער אליין האָב איך מיך דערנאָך אפ אָדעסער טראקט געלאָזט, געטראכט, טאָמער וועל איך מיינע לײַט דאָ באגעגענען אָדער הערן עפּעס וועגן זיי. נאָר אומזיסט די מי, זיי זיינען ווי אין וואסער ארײַן. דאָס לעבן איז מיר נימעס געוואָרן פון שטענדיקן ארומשלעפּן זיך. איך האָב געבא-לעשט אויסצורוען זיך א ביסל, זיצן אפ איין אָרט, ווי איך בין גע-

ווינט געווענ פריִער. גאָט האָט געהאָלפנ, איכ האָב מיכ לעסאָפּ פאַרשלעפּט קיינ אדעס.

די ערשטע פּאָר טעג איז אדעס פאַר מיר געווענ א טויט. איכ האָב מיכ דאָרט ארומגעדרייט עלנט, פרעמד, אליינ נישט צו וויסנ, ווו מיכ אהינצוטאָנ. אלצדינג איז פאַר מיר געווענ נײַ, עפּעס ווילד מעשונע. קיינ העקדעש, ווי אינ אנדערע ייִדישע שטעט, האָב איכ דאָרט נישט געפונענ, הײַזער אפ ארומצוגיינ — אויכ נישטאָ. בא אונדז אינ די ייִדישע שטעט זײַנענ דאָ הײַזער, טאקע וואָס הײַזער הייסנ, נידעריקע, אָנ כאָכמעס, אָנ קונצנ, מיט די טירנ צו דער גאַס. איינ קליינ שטופּעלע די טיר, קומסטו גלײַכ אינ שטוב ארײַנ, ברויכסט נישט מאכנ קיינ גרויסע צערעמאָניעס: אָט איז דאָס גאנצע באלעבאטישקײַט, אלצדינג וואָס נייטיק איז צו עסנ, צום שלאָפנ. באדאַרפסט א ביסל וואסער, האָסטו עס, באדאַרפסט די פּאָמעניצע, איז זי דאָ, וואש די הענט און זאָג דיר אשער-יאָצאַר, וויפל דײַנ האַרצ גלוסט. אָט איז דער באלעבאָס, די באלעבאָסטע, דאָס הויזגעזינד, זאָג: גאָט-העלפ! שטרעק אויס די האנט, באקומסטו דיר דײַנ נעדאָווע, א קוש די מעזוזע, און גיי דיר געזונטערהייט ווײַטער. — הײַנט איז טאקע גאָר פונ דרויסנ גרינג צו דערקענענ א ייִדנס הויז. דאָס בערגעלע מיסט, דאָס רינשטאָקל, די פענצטער, די ווענט, דער דאכ שרײַענ: דאָס איז א ייִדיש הויז! אינ דעם רייעכ אליינ דערקענט איר, אז דאָ זיצט א ייִד. אקעגנ זשע דאָרט אינ אדעס זײַנענ די הײַזער, מישטיינס-געזאָגט, עפּעס ווילד הויכ, אומגעלומפּערט. דער גאנג איז געוויינטלעכ דורכ א טויער אינ א הויפ. דאָרט קריכ אפ טרעפּ, זוכ א טיר, האָסטו שוינ געפונענ א טיר, איז זי גאָר פארשלאָסנ, עפּעס איז זי מיט א גלעקל, מיט גאנצע צאצקעס. דו בלײַבסט בא דיר עפּעס אראָפּגעפאלנ, פילסט, אז דו ביסט אָרעמ, נידעריק, האָסט קיינ פּאָנעמ נישט. שטייסט א רעגע דערשלאָגנ, מאכסט דיר דערנאָכ האַרצ, נעמסט זיכ מיט

גרויס דערעכערעצ פֿארנ גלעקל. עס ציטערט דיר אָבער די האנט. טוסט א קליינ צוַעלע, קימאט ווי גאָרנישט, שרעקסט זיכ עפּעס אליינ פֿונ דײַנ צוַעלע, גלײַכ ווי דו וואָלסט ארויס אקעגנ יענעמ מיט א גראָב וואָרט, אימ געשאָלטנ אינ טאטנ ארײַנ, און טראָגסט זיכ באלד טאקע אָפּ... טאפּסטו אמאָל אָנ ערגעצ עפּעס אנ אנדער גאנג, פֿאלט אפֿ דיר אָנעט א קעכנע, א באדינער — אָדער עס לאָזט זיכ גאָר אויס, דאָ זיצט נישט קיינ ייִד. וואָס הייסט עס! — וווּנדערסטו זיכ שטארק. — וואָס איז דאָס פֿאר א שטאָט? וואָס זײַנענ עס פֿאר הײַזער? ווו זײַנענ עס אונדזערע אָרעמעלײַט מיט די טאָרבעס? איכ האָב מיכ ארומגע-בלאָנקעט אינ די גאסנ, זיכ גוט צוגעקוקט צו אלצדינג דאָרט, טאָמער וועל איכ זענ עמעצנ מיט א טאָרבע, אויסצופֿרעגנ אימ מיקויעכ דעמ אייסעק, וויאזוי מע גייט דאָ אינ די הײַזער ארומ. נאָר ווי אפּצעלאָ-כעס האָב איכ נישט באגעגנט קיינעמ. און ווי איכ דריי מיכ דאָ אזוי ארומ, באמערק איכ פֿונדערווײַטנס עפּעס א יונגנמאנ, געקליידט דײַטש, גייט ווי איינער, וואָס ווייסט נישט דעמ וועג, קוקט אפֿ די הײַזער און ווארפֿט זיכ אינ אלע זײַטנ גאס. דער דאָזיקער פּארשוינ, טראכט איכ בא מיר, מוז נישט זײַנ קיינ היגער, מע באדארפֿ אימ נאָכ-גיינ, זענ, וואָס ער טוט. ער גייט ארײַנ אינ א הויף, — איכ נאָכ אימ. ער זוכט און לאָזט זיכ דערנאָכ ארופֿגיינ אפֿ א טרעפּ, מײַנער — אויכ ארופֿ. ער גייט ארײַנ אינווייניק אינ א פֿאָדער-ביידער — מײַנער שטעלט זיכ אפֿ יענער זײַט נעבנ דער טיר. עס דויערט נישט לאנג, קומט ארויס איינער, א גענאָלטער, עפּעס גאָר א פּאָרעצ, אפּאָנעמ, דאָס איז דער באלעבאָס. דער יונגערמאנ גיט אימ עפּעס א ביכל, ארויסנעמענדיק עס פֿרַער פֿונ א קעשענע, ברייט און לאנג, ווי א טאָרבע. דער גענאָלטער טוט א בליק אפֿ דעמ שאר-בלעטל און ווארפֿט עס באלד טאקע דעמ יונגנמאנ צוריק, פֿארקרימענדיק זיכ מיט א בייזער: לאָזט מיכ צורו מיט אײַערע שמאָכטעס! מיר טויג עס קלאָל

נישט. דער יונגערמאַן טײַנעט, לויבט זיך אין טאָג אַרײַן, ער האָט געמאַכט עפּעס אַזוינס גאָר אַנטיקס. עס העלפט אים אָבער נישט, און ער גייט, נעבעך, בעבושע-װעכאַרפּע אַרויס, מײַנער — אַרײַן און בעט פּאַשעט אַ נעדאָװע. איך באַקום באַלד עטלעכע גראָשן און רוק מיך געשווינד אַרויס מיט אַ פרייליכע האַרץ. אַצינד, טראַכט איך מיר, בין איך אָפּ דעם עמעס וועג. גאָט שיקט צו דעם שפּינער זײַן פּלאַקס, דעם שענקער זײַן ביר און דעם אָרעמאַן — דעם גער, זײַן װעגװײַזער. מע באַדאַרף אים פונעם אויג נישט אָפּלאָזן. איך גיי דעם פּאַרשוין נאָך שטילערהייט, ווי אַ קו אַ קעלבל. ווו ער, דאָרט בין איך. אים גייט עס שלים-שלימאַזל, אומעטום כאַפּט ער, נעבעך, זײַן פּסאָק. דאָ אַזוי: נישט אויסצוהאַלטן, ווי זיי האָבן זיך הײַנט צעלאָזט! און דאָרט אַזוי: גייט אײַך געזונטערהייט, מיר באַדאַרפן אַזעלכעס נישט האָבן! — דער שפּיץ איז, ער גייט אַוועק צעקאָכט מיט ליידיקע הענט. און מיר גייט עס, אָן אײַנאָרע, גאָר נישט שלעכט. איך נעם אַ גראָשן, אַ צווייער, אַ דרײַער, וויפל מע גיט.

—וואָס איז דאָס, — וווּנדער איך מיך, — פאַר אַ מין אָרעמאַן אַזוינער! אין מײַן לעבן האָט מיר אַזעלכעס זיך קיינמאָל נישט גע-כאָלעמט. אָפּאָנעם, דאָ איז אַזאַ מינהעג: — אָרעמעלײַט מיט ביכ-לעך. נײַמאָדישע קאַפּצאָנים, און נאָך אָנגעטאָן דײַטש! נאַראָנים! צו וואָס בעטלען מיט ביכלעך און האָבן אַ פּנים, אַז מע קען בעטן נעדאָ-וועס פּאָשעט אַזוי. איך בין זיך נויהעג ווי אונדזערע זיידעס — גיי מיר אין די הײַזער פּאָשעט, אָן כאָכמעס, און מאַך עס בעסער ווי אַנ-דערע מיט די ביכלעך. נאָר ווי די מײַסע איז, אויב זיי זײַנען נאַראָ-נים אָדער נישט, דערווײַל האַלט איך מיך פעסט אין מײַן קאָפּצן מיט די ביכלעך, גיי אים נאָך שטילערהייט פוסטריט און היט מיך ווי ווײַט נאָר מעגלעך, ער זאָל מיך נישט זען. טכילעס איז דאָס געגאַנגען גאַנץ גוט, נאָר שפּעטער האָט ער, אָפּאָנעם, באַמערקט, ווי איך שלעפּ

זיך אים נאָך, און דאָס איז אים שטאַרק נישט געפעלן. ער האָט אָנ־געהויבן זיך אָפּט אַרומצוקוקן, אָפּצושטעלן און געזוכט ווי מײַנער פֿאָטער צו ווערן. איך האָב מיך געמאַכט טאַם, געקוקט אין דער זײַט קלאָמפּערשט, ווי נישט אים מיינ איך, און גיי מיר מײַן וועג. נאָך אין האַרצן האָב איך געטראַכט: ניין, דו וועסט זיך בא מיר נישט אויסדרייען, ברודער! וועג דו טויגסט נישט קיינעם און דיר אַליין אויך נישט, טויגסטו אָבער מיר. אַ רעבע, ווי אין די הײַזער אַרומ־צוגיין, ביסטו זייער אַ גוטער, כאָכעם מײַנער!.. צום לעצט האָט זיך מיט אונדז געמאַכט אין איין שטוב אַזאַ מײַסע: דער באַלעבאָס האָט זיך געקליבן עסן מיטאָג, און פּלוצלים קומט אָן מײַן קאַפּצן מיט די ביכלעך. עס הייבט זיך אָן אַ טײַנענ פֿון ביידע צדאָדים: איינער וויל אַרײַנדרייען, דער אַנדערער וויל זיך אויסדרייען. אַ וואָרט פֿאַר אַ וואָרט, דער באַלעבאָס ווערט שוין גוט אין כּעס, באַלייט מײַנעם צו דער טיר אַ ביסל גראָבלעך, דערזעט דאָרט מיך — און שיקט אונדז ביידע אָפּ צו אַלדי שוואַרצע יאָר. דער בעשוטפּעסער פּסאַק אונדזערער האָט שוין מעמיילע געפֿירט דערצו, מיר זאָלן איינער מיט דעם אַנדערן זיך בע־כער דערקענען. באַם אַראָפּגיין פֿון די טרעפּ קוקט מיך אָן מײַן כאַ־ווער עפּעס שטאַרק אָנגעברויגעזט. איך פֿאַרדריי דעם קאָפּ אין דער זײַט און ווייס נישט וואָס צו טאָן. איך וואַרט, ער זאָל גיין פֿריִער. מיר שטייען אַזוי אַוועק עטלעכע מינוט, און ביידן איז נישט גוט. מײַן שוטעף טוט מיך דערנאָך אַ פֿרעג:

— וואָס ווילט איר, רעב ייִד?

— גאָרנישט! — ענטפֿער איך. — דאָס אייגענע, וואָס איר.

— דאָס אייגענע, וואָס איך! —מאַכט מײַן שוטעף, אויסמעסטנדיק מיך מיט אַ קוק פֿון קאָפּ ביז די פֿיס זייער פֿאַרוווּנדערט. — איר זײַט אויך אַ מעכאַבער?

איך האָב געמיינט, מעכאַבער איז עפּעס אַ דײַטשעס וואָרט און

עס הייסט וואָס בא אונדז אפ פראָסט יידיש קאפצן, זײַנער א כ א-וו ע ר אין דער פארנאָסע. דעריבער ענטפער איך אים אָפּעט באלד טאקע אפ טײַטש:

— יאָ, א מעכאבער.

—וואָס האָט איר עפּעס געמאכט? — טוט ער ווידער א פרעג.

— איך האָב געמאכט גאָר נישקאָשעדיק, — ענטפער איך, טראכ-טנדיק בא מיר: אפ אײַך געזאָגט געוואָרן! — א פערציק גראָשן האָב איך געמאכט.

— ווי הייסט איהר * כיבער? — גיט ער מיך נאָכאמאָל א פרעג.

ווײַטער טײַטש, טראכט איך מיר. ער פרעגט זיכער: ווי הייסט א י ר, קאפצן, כ א וו ע ר מײַנער.

— פישקע! — טו איך א זאָג קורץ און שארף.

— קען איך האָבן דעם קאָוועד מיט פישקען באקאנט צו ווערן? — מאכט ער עפּעס מיט א זיס ביינדעלע.

— אָך, מיט אלע קאָוועדן, זייער אָנגעלייגט, כלעבן — זאָג איך, אָנקוקנדיק אים גאָר פרײַנטלעך.

— נו, ווו איז ער, דער כיבער?

— אָט בין איך דאָך טאקע אליין דאָ פאר אײַערע אויגן, זאָלט איר מיר געזונט זײַן!

— גייט צו אלדי שווארצע יאָר! — טוט ער אפ מיר א געשריי און פליט אוועק געשווינד און אין קאָס.

אז איך בין ארויס פונעם הויף, זע איך, מײַן שוטעפ לויפט ווי א מעשוגענער. ער איז שוין גאנץ ווײַט, טוט זיך פלוצלים א נעם אין א געסעלע און איז פארשווונדן געוואָרן. איך בין געבליבן שטיין

---

* א י ה ר (דײַטש) — אײַער. פישקע באנעמט דאָס וואָרט „איר" אינעם יידישן באטײַט.

עפעס ווי אויסגעפאטשט אונ וווּנדער מיכ, וואָס איז דאָס פאר א מינ נעפעש. גאָר א מעשוגענער טאקע. אָט איז ער גוט, פלוצלימ קומט אימ אָנ דער שיגאָענ אונ ווערט אָנגעצונדנ! דאכט זיכ, איכ האָב אימ גאָרנישט געזאָגט אזוינס. איכ האָב אימ געענטפערט טײַטש מיט זײַנ לאָשנ. נאט אײַכ נײַס: מעכאבאר, כיבאָרימ! יבא אונדז אפ יִדיש הייסט עס פראָסט — קאפצנ, טאָרבע. איבעריקנס, כאפט אימ דער וואטל-מאכער!..

23

אינ א קורצער צײַט ארומ האָב איכ מיט אדעמ מיכ שוינ בעסער באקענט, בינ קלאָר געווענ אינ די אלע ווינקעלעכ אונ הינטערגעסלעכ, געכאפט דעמ סטרי אונ געוווּסט, ווו עס עפנט זיכ א טיר. אדעמ איז ווי א טאבאקערקעלע מיט א סעקרעט, מע ברויכט צו וויסנ די שפרונזשינקעלע, ווו צו געבנ א קוועטש, דענסטמאָל עפנט עס זיכ גרינג אופ, מע שטעקט ארײַנ די פינגער אונ נעמט א גוטנ שמעק-טאבאקע. עס האָט זיכ פאר מיר געעפנט א קוואל פונ הײַזער, אזעלכע, וואָס פאסנ צומ אייסעק, מיט אלע גוטע מײַלעס, ווי בא אונדז. אָרעמעלײַט האָב איכ שוינ געפונענ, וויפל דאָס הארצ גלוסט, גאנצע מאכנעס פונ אלערליי סאָרטנ: אָרעמעלײַט מיט טאָרבעס, אָרעמעלײַט אָנ טאָרבעס, אזעלכע, וואָס ערגעצ נישטאָ, נאָר אינ אדעמ. יערושאלמעס, פרענקענ, טערקישע אונ פערסישע יִדנ, וואָס פלאפלענ לאָשנקוידעש; אלטע יִדנ, קאפצאָנימ מיט ווײַבער, אויכ אָנ ווײַבער, וואָס פאָרנ אפ דער עלטער שטארבנ אינ ערעציִסראָעל אונ עסנ דערווײַל דאָרט קעסט, קינדלענ, לעבנ אפ דער וועלטס רעכענונג; אגונעס, יִדענעס מיט ספאזמעס, יִדנ געבראָכענע מיט מײַכעשנ, וואָס קומענ זיכ היילנ אינ דעמ לימאנ. מעקאבלימ אלט-פעטע-

רישע, וואָס רײַבן זיך אַרום פּראָסטע ייִדן אין די באָטעמעדראָשים, און מעקאַבלים פון הינטיקער וועלט מיט געגאָלטע בערד, וואָס רײַבן זיך אַרום די בראָדער פּראַנצויזן אין די קאָפּיינעס און טראַקטירן. עוויוינים אָפּגעפּײַנטע, אויסגעפּוצטע ווי די נעגידים, אַזעלכע טאַקע, וואָס האָבן לאַבלוטן גאַרנישט, און אַזעלכע, וואָס האָבן, דאַכט זיך, הײַזער — און דאָך גרויסע דאַלפאָנים, מיִעסע קאַפּצאָנים... וויפל אָרע־מעלײַט איך האָב באַגעגנט פון אונדזער ווינקל, האָבן נישט געקענט געגנוג אָפּלויבן אַדעס, האַגאַמ איך ווייס נישט די גליקן זייערע דאָרט. איינער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, וואָס דער גאַנצער כילעק איז צווישן אַן אָרעמאַן בא אונדז אין די שטעטלעך און אַזעלכע דאָ. דאָרט עסט דער אָרעמאַן דאָס טרוקן שטיקל ברויט פאַרפינצטערט, פאַרזאָרגט, און דאָ עסט ער טאַקע אויך דאָס אייגן שטיקל ברויט, — נאָר אַ קאַטערינקע שפּילט אים דערבײַ צו. אין אַדעס שפּילט די קאַ־טערינקע אַ גרויסע ראָליע. אַפ דער גאַס — אַ קאַטערינקע, אין די הײַ־זער — אַ קאַטערינקע, אין די טראַקטירן — אַ קאַטערינקע, אין די קאָמעדיעס — אַ קאַטערינקע, אין שול, לעהאַוודל — פּע! — אויך אַ קאַטערינקע. שטענדיק איז אין אַדעס נאָר אַ קאָכעניש, הו־האַ! עס קאַטערינקעט זיך, עס שפּילט, עס זינגט און עס פּײַפט. דאָרט אין אַ טראַקטיר, זעסטו אָפּט, זיצט אַ שיקער און קרעכצט, זינגט „קראַסנאַיאַ דיעוווּשקאַ“, זייערס אַ מין לידל, אַקעגן זיצן פאַרקויסעטע ייִדן, זינ־גען אַ שטיקל פון זמירעס אָדער „אדם יסודו מעפר“ מיט אַ שנײַדערשן מאַרש, לעבעדיק, פרייִלעך.

גייענדיק איינמאָל בא דער זײַט גאַס, פּיל איך הינטן אין דעם רוקן אַ געשמאַקן זעץ. איך נעם עס אָנעט פאַר ליב, זיך דערווייס גאָר־נישט צו מאַכן, טראַכטנדיק, איינער פונעם אוילעם האָט אין אײַלע־ניש אומגערן מיך אַ שטופּ געטאָן. באַלד אָבער פּיל איך נאָך אַ זעץ, ווי מיט אַ שטיק האָלץ. איך קוק מיך אום און דערזע — יאָנטל דער

כאַליערע-כאַסנ זיצט אפ דער גאַס! מיט איינ בענקעלע אינ דער האַנט אַנגעשפּאַרט אפ דער ערד, אונ דאָס אַנדערע בענקעלע האַלט ער אופ-געהויבנ אונ קוועלט, שמאַכט פאַר פרייד, וואָס ער האָט מיכ באַ-געגנט. איכ האָב מיכ אויכ דערפרייט שטאַרק מיט יאַנטלען, מיט וועלכנ איכ האָב אינ גלופּסק זייער גוט געלעבט אונ געוועזנ בא אים אפ דער כאַסענע אפנ הייליקנ אָרט, אינ דער כאַליערע, נישט היינט געדאַכט.

— אַזוי, פּישקע! — זאָגט ער, אָפּגעבנדיק מיר א שאָלעמ-אַליי-כעמ, — דו ביסט אויכ דאָ אינ אונדזער אַדעס? איאָ, א שיינ שטעטל, מיינ אַדעס! — אונ א קוק געבנדיק, אַז איכ קנייטש מיכ, מאַכ פונ זיינ אַדעס עפּעס נישט אַזאַ פּיירעש, מאַכט ער א ביסל מיט פּאַר-דראָס, גלייכ ווי איכ וואָלט אימ צעשטעכערט די גערעלדיע אונ אימ געטראָפנ אינ קנעפּל.

— האַ, דיינ גלופּסק עפּשער איז א שטאָט? א וואָרעמ, וואָס זיצט אינ כריינ, מיינט, קיינ זיסערס פונ דעמ איז גאָר נישטאָ. וואַרט, איכ וועל דיר ווייזנ א ביסל מיינ אַדעס, וועלנ מיר דערנאָכ הערנ, וואָס דו וועסט דענסטמאָל זאָגנ.

יאַנטל דערציילט מיר פונ זיינ גרויסקייט אינ אַדעס. אַלע קוקנ אונ האָבנ האַנאָע, ווי ער רוקט זיכ אפנ געזעס. ער איז א שטיקל כאָ-שעוו אינ פיל קלייטנ. מע גיט אימ אָפּ זיינ נעדאָווע גאַנצ פיינ, נישט צו פאַרזינדיקנ. עס גייט אימ, אָנ איינאָרע, גאַנצ גוט. אַז איכ האָב אימ א פרעג געטאָנ וועגנ זיינ ווייב, האָט ער געענטפערט מיט א שמיי-כעלע:

— א שיינ ווייב, מישטיינסגעזאָגט, האָט מיר גלופּסק געגעבנ! וואָס פאַר א גוטס קענ זיינ פונ א כאַליערע-ווייב? די כאַליערע האָט איר פריִער געמעגט נעמענ, איידער זי איז צו מיר אָנגעקומענ. דאַכט זיכ, עס פעלט איר די אונטערשטע ליפּ, פונדעסטוועגנ אַרבעט אינ

איר דאָס מויל, שרײַט, פּילדערט, פּלוידערט, מאָלט ווי א מיל, פיל בעסער נאָך פון אַן אַנדערן מיט צוויי געזונטע ליפּן.

אקעגן א ווײַב, טראַכט איך בא מיר, העלפט נישט קיין מיטל. איז זי א שלאַק, שרײַט זי אפילע אָן בײדע, אפילע אויך אָן איין ליפּ, אפּי-לע אָן א נאָז דערצו, און פּאַלט אַפּ דיר אָן אפילע בלינדערהייט אָן אויגן... איך דערצייל יאָנטלען אין קורצן אויך די געשיכטע מיט מײַן בלינדער ווײַב, אַלצדינג, וואָס איך בין פון איר אין דער לעצטער צײַט אויסגעשטאַנען.

— נארעלע! — זאָגט יאָנטל, — טו דאָס אייגענע, וואָס איך, א שפּײַ אַפּ איר — און אַן עק. לאָז זי גיין צום רועך.

— וואָס הייסט, יאָנטל, א שפּײַ! גלאַט גיי צום רועך אָן א געט! איך בין דאָך עפּעס א ייִד און באדאַרף כאַסענע האָבן.

— אזוי, כאַסענע האָבן, — מאַכט יאָנטל, קוקנדיק אַפּ מיר מיט א געלעכטער, — טאַקע אַן עמעסער גלופּסקער, כלעבן! בלײַב נאָר, פּישקע, א ביסל דאָ, אין אַדעס, וועלן מיר דערנסטמאָל זען...

פון יענער צײַט אָן, זינט מײַן באַגעגעניש מיט יאָנטלען, פלעגן מיר זיך אָפּט צונויפקומען און רוקן זיך בײדע איבער אַדעס, ער אַפּן געזעס, און איך מיט מײַנע קראַנקע פיס. יאָנטלען איז נאָר געגאַנ-גען דערינען, מיר אַלץ אַרויסצושטעלן זײַן אַדעס און באַרימען זיך פאַר מיר מיט די שיינע גאַסן, שיינע הײַזער און נאָך אַנדערע זאַכן, גלײַך ווי זיי וואָלטן געהערט אים און [עס וואָלט] אים דערפון א סאַך אַרויסגעקומען. בא איטלעכס מאָל ווײַזנדיק מיר עפּעס, פלעגט ער קוקן אַפּ מיר מיט א שײַנענדיק פּנעם, שמאַכן פאַר גרויס פאַרגע-ניגן, — עפּעס אזוי ווי דורך יענעמס שיין הויז, יענער שיינער גאַס באַקומט ער א גרעסערן ווערט אין מײַנע אויגן, — און אַלץ מאַכן, פאָרקענדיק מיך: נו, פּישקע! א שיינע שטאָט אַדעס? עפּשער, הא, איך דײַן גלופּסק האָסטו אויך אזוינס?

— הער אויס, יאָנטל! — זאָג איך צו אים איינמאָל, אז ער האָט מיר אָנגעטאָרקעט די זײַטן, ווײַזנדיק מיר פונדערווײַטנס דעם בול-וואר, וווּ עס האָבן געשפּאַצירט אַ גרויסער אוילעם מענטשן און צו װעלכן, ווי איך האָב באַמערקט, ער האָט זיך עפּעס געשײַעט, נישט גע-האַט קיין מוט צוגיין נאָענט. — וואָס זאָל איך דיר זאָגן, יאָנטל, אדעס איז אוואדע אַ שיינע שטאָט, נאָר אַ שאָד, כּלעבן, וואָס נישטאָ דאָ קיין מענטשן... אדרבא זאָג, קען מען די היגע לײַט אָנרופן מענטשן? גייען אזוי אָנגעטאָן, לעבן אזוי מענטשן? קוק, אדרבא, ווי דאָרט אפן דײַנן בולוואר פירן זיך מאַנצבלען אונטער די הענט מיט נעקייוועס. ס'איז דאָך נאָר אַ בושה! יידן געגאָלטע, נעקייוועס מיט האָר, הינטן שלעפּט זיך זיי נאָך אַ שטיק קלייד און קערן דערמיט די גאסן, פּאַרנט אויסגעשניטן מיט דער גאַנצער ברוסט אין דרויסן. פע, כא-לאָשעס, כּלעבן!.. ווי נעמט מען אהער אונדזערע יידן, גלופּסקער יידן, דענסטמאָל, זעסטו, וואָלט עס טאקע געהייסן אַ שטאָט, געהאַט אַ פּאָנעם, יידישלעך, מיט שיינע אײַנפירן, ווי עס געהער צו זײַן.

יאָנטל האָט שווײַגנדיק זיך געדרוקט מיט מיר ווײַטער, נישט גע-האַט, אפּאָנעם, וואָס מיר צו ענטפערן. אפן וועג קומען אונדז אקעגן אַ פּאָר פּײַנע לײַט, פראנצויזן. יאָנטל שטרעקט אויס די האנט. איינער פון די לײַט שטעלט זיך אָפּ, רעדט מיט אים עטלעכע ווערטער און גיט אים אַ נעדאָווע.

— ווייסטו, פּישקע, ווער די דאָזיקע זײַנען? — מאַכט יאָנטל מיט גאדלעס, און די אייגעלעך שײַנען אים פאר גרויס האנאָע. — יענער, וואָס האָט מיר געגעבן די נעדאָווע, איז דער עלטסטער מעלאמעד דאָ בא אונדז אין טאלמעטוירע, מײַנער אַ באַקאַנטער, דו פאַרשטייסט? איאָ, פּישקע, ער האָט שוין אַ פּאָנעם?

— אזא יאָר זאָלן האָבן אלע מײַנע סאָנים! — ענטפער איך אים און טו אַ שפּײַ. — פונעם שיינעם מעלאמעד קען איך מיך שוין אָנ-

שטויסן, וואָס פאַר מינן טאַלמעטוירע, מישטיינסגעזאָגט, מוז דאָ בא אײַך זײַן. איך פֿרעג דיך נאָר, יאָנטל, ווי שעמסטו זיך נישט זאָגן, אַז אַזוינס איז גוט! ניין, דו ביסט שוין דאָ קאַליע געוואָרן, יאָנטל! ביסט געוואָרן אַזעלכער, ווי די אַלע היגע לײַט... אַ מעלאַמעד אַ ביסל! כלעבן, גאָר אונדזער טאַלמעטוירע-מעלאַמעד, רעב הערצעלע מאַזיק, לעהאַוודל! רעב הערצעלע מאַזיק איז אַ ייִד מיטן פֿולן מויל, פֿול איז דער גאַנצער שטאָט און טוט זײַן זאַך בישליימעס, גאַנץ פֿײַן. אַף לע־ווײַעס — ער, אַ שידעכ אויספֿירן — ער, אַפֿן הייליקן אָרט טילים זאָגן, אַ פּיירעק מישנײַעס לערנען — ווײַטער טאַקע ער. גייט ער, ווי דער שטייגער איז, אַלע וואָך איין די הײַזער, געלט צונויפֿנעמען, טראָגט מען אים די נעדאָווע אַקעגן; לויפֿט ער סימכעסטוירע מיט די טאַלמעטוירע-ייִנגלעך צו די נעגידים מאַכן אַ „מישעביירעך“, גיט מען אים אומעטום קידעש-מאַכן מיט דער פֿולער מאָס. ער שרײַט „צוין קאַדאָשים“, און די ייִנגלעך — מע-מע! — עס האָט אַ פּאָנעם. און זײַן פֿראַנצויז וואָס? וואָס פֿאַר אַ פּאָנעם קען בא אַזעלכן האָבן זײַן טילים-זאָגן, זײַן „מישעביירעך“? וואָס פֿאַר אַ טאַם קען האָבן זײַן קידעש-מאַכן, זײַן גיין אַף אַ לעווײַע, מישטיינסגעזאָגט?..

— האָסטו דאָך אַ גראָבן מאָעס, פּישקע! — פֿאַלט מיר יאָנטל אַרײַן איין די רייד. — אַז מײַנער טוט גאָר קיינמאָל נישט אַזעלכע זאַכן! ווייסט פֿון אַזעלכע זאַכן אַפֿילע נישט וואָס צו זאָגן.

— וואָס הייסט, ער טוט נישט אַזעלכע זאַכן? — מאַך איך פֿאַר־וווּנדערט. — ווי געשיקט זיך עס, אַ טאַלמעטוירע-מעלאַמעד זאָל נישט באַגראָבן די פּײַנע-בעריעס, נישט...

— שאַ, שאַ, פּישקע! — שלאָגט מיר איבער יאָנטל די רייד. — ער באַגראָבט זיי, נאָר אַף אַן אַנדער שטייגער. נישקאָשע, די פּײַנע־בעריעס זײַנען צופֿרידן...

— פֿע, פֿע, פֿע! — שרײַ איך איין איין קאָל און פֿאַרשטעק די

אויערן, נישט צו הערן. נאָר יאָנטל לאָזט מיך נישט צורו און רעדט איבער מיר טאַקע ווײַטער:

— ווייסטו, ווער דער צווייטער איז, וואָס איז מיט דעם מעלאַמעד געגאַנגען? דאָס איז א גרויסער פּײַנע-בעריע, א גאַנצער טוער אין שטאָט-זאַכן, ווי בײַ אײַך דאָרט אַרן-יאָסל שטילפּײַפּער.

— פּע, פּע! — טו איך א געשריי שטאַרק אופגעבראַכט, אזוי אז מענטשן, וואָס זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען, האָבן זיך אַרומגעקוקט, — אָט אַזעלכער הייסט בײַ דיר, יאָנטל, א פּײַנע-בעריע! ווי אונדזער רעב אַרן-יאָסל! זאָג כאָטש לעהאַוודל. רעב אַרן-יאָסל איז א ייִד מיט א באָרד, מיט פּייעס, דאָס ייִדישקײַט ליגט אים אפן פּאָנעם, אין די הענט בײַ אים ליגט ייִדיש געלט, אוילאָמעס-געלט, פון אַלע כעוורעס געלט, נאַך און נאָך געלט, מע גלייבט אים אפּ נעמאָנעס. מיסטאַמע אז ער נעמט, ווייסט ער דאַך, אז ער נעמט און וואָס מיט דעם געלט צו טאָן. מע קען זיך דערינען שוין אפּ אים פאַרלאָזן, דײַן פּײַנע-בעריע מוז האָבן א שיין ביסל נעמאָנעס. אפּ וואָס קוקנדיק קען מען אַזעלכע געטרויען? אפּ זײַן ייִדישקײַט? אפּ זײַנע אונטערגעשוירענע פּייעס?

— אפּ נעמאָנעס, כלעבן! — שפּאַרט זיך יאָנטל מיט מיר. — מיט פּייעס, אָן פּייעס, אַלציינס, ווי איך בין א ייִד!

— עט! — מאַך איך. — וואָס ווילסטו דאָ מיר אויסדרינגען? מייַלע, שענק איך דיר שוין דאָס נעמאָנעס, אָבער ווי קען מען אַזעלכן מעכאַבעד זײַן מיט סאַנדעק, מיט מעציצע? א שיין שטיקל מעציצע מוז דאָס זײַן בײַ דײַן פּײַנע-בעריע. פּע, כלעבן! נאָר א געלעכטער, אז די וועלט זאָגט: פּערציק וועלט ערשט אַרום אַדעס ברענט דער געהענעם, איז טאַקע עמעס.

— פונדעסטוועגן, — מאַכט יאָנטל מיט א שטעכווערטל, — איז מיר פיל ליבער דאָ אין געהענעם, ווי אין דײַן גלופּסק אין גאַניידן.

יאַנטל איז אין מײַנע אויגן אינגאַנצן איבערגעקערט געוואָרן. אדעס האָט אים שטאַרק צעלאָזן, און מיר פֿלעגן זיך שפּאַרן זייער אָפט. וואָס בײַ אים האָט געהייסן גוט, איז בײַ מיר געווען שלעכט, און וואָס בײַ מיר גוט, איז בײַ אים געווען שלעכט. מיר האָבן זיך נישט געקענט אויסגלײַכן, אשטייגער, וועגן דער גרויסער שול, וועגן דעם כאַזן און דעם ראַוו דאָרט. אַ כאַזן, מישטיינס געזאָגט, אין אַ טענ-דעווערענדע דאַוונט קאָרכיש! ער אַליין זאָל עס אַרבעטן, אַרײַנשטעקן דעם פֿינגער אין גאָרגל, האַלטנדיק זיך בײַ דער באַק, ווי אונדזער כאַזן רעב ראַכמיִעל קלאָגמוטער, שרײַען קוילעס אַף דער געמבע, פֿון דער געמבע אַ כאַפּ טאָן זיך אין פּיסטל-געזאַנג, ווידער אַף דער גראָבער סטרונע, ברומען, זעצן ווערטער אַרוף און אַראָפּ, פֿאַרגיין זיך אין שטייגער, צעגיסן זיך מיט אַ זיס וואָלעכל, אַ בעטלערל פֿאַר דעם ריבוינעשעלוילעמ: טאַטעניו, פּאַטערוניו! אוי ווי איז מיר, וויי! אַרײַנלייגן דאָס גאַנצע לעבן און אָפּגיין מיט שוויים אין „יעקום-פּורקן", אין דעם „מישעבייִרעכ" — אַזוי צו אַרבעטן... כאָלילע! ער אַליין שווײַגט מייסטנס, נאָר קוים רופֿט ער זיך אָן אַ וואָרט, כאַפּן עס אוף די מעשוירערימ, צעלייגן עס אַף טעלערלעך, נעמען עס אַף די קיילים אַלערליי, אויסגעמישט איינינעם קאַשע מיט מאָן — און דאָס הייסט בײַ זיי דאָרט קאָרכיש. וווּ אַ וואָלעכל! וווּ אַ קליוואַנער בעט-לערל, אַ פּאָניע! וווּ אַ „יעקום-פּורקן"! די גאַנצע ראָליע שפּילט בײַ זיי אונדזער אַ שטיקל דרויב, דער „אין כמוך", מע מאַכט פֿון אים אַ צימעס. און וואָס נאָך — אַ געלעכטער, כלעבנ! — האַלטנדיק די טוירע אַף די הענט, דרייט מען זיך דערבײַ אַרום מיט די האַקאָפּעס. האָט איר געהערט,— שאַבעס מיט די האַקאָפּעס, ווי אין סימכעסטוי-רע!.. סטײַטש! ווערט איר זיך וווּנדערן, וווּ איז דער ראָוו? ווי דער-לאָזט עס אַזוינס דאָרט דער ראָוו? נאָר הערסטו, אָט דאָס איז דאָך טאַקע דער גאַנצער פֿאַרדראָס, אַז דער שיינער ראָוו טאַנצט אויך אין

קאָן, רוקט זיך נאָך פאָרויס, אויך אין א טענדעוועדענדע מיט א גע-
פוצט בערדל און האָט א פּאָנעם, פע!.. דאכט זיך, גענוג כאלאָשעס?
און יאָנטלען איז דאָס גאָר געפעלן. גוואלד,— שרײַ איך,— יאָנטל,
וואָס איז דיר געשען? מעשוגע ביסטו, צי כאָסערדייע: ווי קומט אזוינס
צו דיר, ווי פארקריכט מען עס אזוי מיעס? גוואלד, א רועך אין דײַן
טאטנס ארײַן!..— און ער קוקט מיך אָן, שמאָכט מיט א שײַנענדיק
פּענעמל, מאכנדיק דערבײַ נישט מער, ווי: פישקע, ביסט א נאר! פאר-
שטייסט נישט, וואָס גוט איז! — הײַנט גיי, רייד, טײַנע מיט אזעלכע!
אז איך האָב א קוק געטאָן, ס'איז פארפאלן, יאָנטל איז אײַנגעשפּארט,
ס'איז מיט אים גאָרנישט צו מאכן, האָב איך מיר געגעבן דאָס
וואָרט, מער ווענן דעם ניט צו ריידן. און לאָז זיך זײַן אדעס פון-
מײַנטוועגן אפילע מיטן קאָפּ אראָפּ איבערקערן, גייט עס מיך מער
ניט אָן.

— הער אויס! — זאָג איך איינמאָל צו יאָנטלען.— שפּארן זיך
מיט דיר ווענן אדעסער אײַנפירונגען וויל איך שוין מער נישט, דו
ביסט א געבראָטענער אקשן, און איך וועל מיט מײַנע ווערטער בא
דיר גאָרנישט פּועלן. לאָמיר בעסער ריידן טאָכ-זאכן. איך וויל זיך
מיט דיר מעיאשעוו זײַן ווענן מיר. וואָס קען פון מיר דער טאכלעס
זײַן? דער איניען אין די הײַזער ארומצוגיין האָט זיך מיר שטארק צו-
געגעסן, ס'איז דאָ הײַנט אָרעמעלײַט גענוג אָן מיר אויך, וואָס בא-
פאלן די הײַזער ווי די היישעריקן, און וועלן באלד פארפלייצן די
וועלט. די באלעבאטים בלאָזן זיך, שרײַען: גוואלד, נישט אויסצו-
האלטן! עס וואָלט גוט געווען צו האָבן עפּעס א שטיקל פּארנאָסע. ראָט,
כלעבן, צו וואָס זאָל איך מיך נעמען...

— קיין קאָנטאָרן מאכן,— ענטפערט יאָנטל,— מיין איך, ווילסטו
נישט, קיין קלייט מיט צעלניק — אויך נישט. וואָס דען זשע,
אשטייגער?

— לאָז נישט, יאָנטל,— זאָג איך צו אים,— רייד ווי א מענטש. עפּעס כוץ קאַנטאָרן און צעלניק איז דען נישטאָ בא ייִדן מער קיין פּאַרנאָסעס?

— אָך! — מאַכט יאָנטל.— ס'איז דאָ, דאָ זייער פּיל, ווי, אשטייגער, האַלטן די טאַקסע, זײַן א גאַבע אין כעוורעס, רײַבן זיך אַרום מייער-באַלאַנעס-פּושקעס, דרייען זיך אַרום שטאָט-זאַכן, אַרום די פּײַנע-בעריעס, זײַן א קאָל-וועלאָך, א קאָכלעפל און דעסגלײַכן זייער גוטע פּאַרנאָסעס. נאָר, אקאָטאַ! אַזעלכע זײַנען נישט פאַר דיר. לאָמיר זיך נעמען צום צעטל ייִדישע פּאַרנאָסעס פון קליינעם סאָרט. נו, פּישקע, האַנדלען מיט אַלטע קליידער, אשטייגער! זייער פּיל ייִדן דערנערן זיך דערפון גאָר נישקאָשעדיק.

— ניין! — גיב איך יאָנטלען צו פאַרשטיין.— אַלטע קליידער מוז מען דאָך קויפן, אויסלאַטען, און דערצו דאַרף מען דאָך געלט, אויך טאַקע פאַרשטיין א ביסל די מעלאָכע, און דאָס איז פאַר מיר שווערלעך. מיט גלופּסקער טאַכטויניִם, אשטייגער, איז נאָך א האַלבע צאָרע, וואָס מאַכט עס דען אויס, אז צערייסן א ביסל, אזוי אָדער אזוי פאַרלאַטעט; אָבער דאָ מיט די אָדעסער איז דאָך א שרעק! אָדעסער טאַכטויניִם, מעבילע, זײַנען מיט גאַנצע צערעמאָניעס. דערעכערעצ! עפּעס גאָר א מוירע צו זיי זיך צוצורירן.

— אויב דו שרעקסט זיך פאַר אָדעסער טאַכטויניִם, — מאַכט יאָנטל,— לאָז זשע זײַן ציבעלעס, קנאָבל, צוגעלעגערטע לימענעס, מאַראַנצן אוקעדווימע. נאָר מוזט אָבער וויסן, אז דאָ איז די מאָדע זיך אײַנצושפּאַנען אין א טאַטשקע און אַרומפירן עס איבער די גאַסן, שרײַענדיק אפּ א קאָל מיט א ניגון.

— שרײַען קען איך זייער שיין,— ענטפער איך,— דערופ בין איך א מײַסטער. אָבער אײַנשפּאַנען זיך ווי א פערד און שלעפּן, האָב איך קיין קויעך נישט. הײַנט כוץ דעם איז דאָך אויך ווײַטער די אייגענע

מײַסע: אונ די מאמטאקימ,— ווּ נעמט מענ דערצו די קלינגערס, געלט?

— הער אויס, פישקע,— מאכט יאָנטל מיט אנ ערנסט פּאָנעמ,— פּארנאָסעס אָנ מי, אָנ געלט ארײַנצולייגנ, זײַנענ נאָר יענע, די פרוּ-ערדיקע... פונעמ הויכנ סאָרט. ווײַטער ווייס איכ קיינ אנדערע נישט. זאָג, אדעראבע, דוּ!

— בעסער פונ אלע זאכנ,— זאָג איכ צו יאָנטלענ,— געפעלט מיר א באָד. אינ דער גלופּסקער געמויערטער באָד, ווּ איכ האָב מיכ אופּ-געהאלטנ, איז מענ פונ מיר שטארק צופרידנ געווענ. איכ האָב גע-טויגט. ווענ נישט די אומגליקלעכע באסענע מײַנע, וואָלט אויס מיר שוינ לאנג דאָרט געוואָרנ א מענטש. איכ וואָלט שוינ אָנגעשפּארט העט ווײַט. אויב דוּ ביסט יאָ א שטיקל כאָשעוו אינ אדעס, טוּ זשע מיר די טויווע, גוטער, זיסער יאָנטעלע, אונ העלפ מיר זיכ ארײַנצודרייענ דאָ ערגעצ אינ א באָד. זײַ א ברודער, יאָנטל, אונ ווײַז מיר דײַנ גרויס-קײַט דאָ!

— אצינד, פישקע,— מאכט יאָנטל צו מיר מיט א שמייכעלע,— אצינד וועל איכ דיר מיקויעכ דײַנ באקאָשע גאָרנישט ענטפערנ. גיי, זײַ מויכל, פרוּער אונ קוק אליינ אָנעט מיט דײַנע אויגנ די היגע באָדנ. דערנאָכ וועלנ מיר שוינ שמועסנ.

איכ האָב געפאָלגט יאָנטלענ אונ בינ געגאנגענ אינ איינ באָד, אינ דער אנדערער. איז מיר פאָרגעקומענ עפּעס מעשונע-ווילד. האָט איר געהערט א ביסל א באָד! דאָרט איז ליכטיק, ריינ ווי אינ א שטוב. דאָרט שטייענ גוטע באנקבעטלעכ, טאקע גוטע, ווי איכ בינ א ייִד; פּרודענ זיכ דאָרט, זאָל דער אייבערשטער היטנ! מע זעט נישט הענגענ דאָרט קיינ איינ העמד אפילע. ס׳איז נאָר א געלעכטער, אפּ נעמאָנעס! — ניינ, טראכט איכ בא מיר, אינ אזא באָד קענ איכ נישט זײַנ. דאָס איז נישט פאר מיר, נישט דאָס, נישט יענס, נישט דער טײַנעג, וואָס אינ אונ-

רזער גלופסקער באָד. דאָרט איז גאָר עפּעס אנדערש, עס האָט עפּעס טאקע א פּאָנעם. מענטשן האלטן זיך דאָרט אופ, מע ליגט זיך אין קומפּאניע אויסגעצויגן אפ די בענק; מע שמועסט, מע דערציילט מייסעס, מע רעדט פון אלצדינג, וואָס פּאָרלויפט זיך אין דער וועלט. ס'איז עפּעס אזוי גוט, אזוי געשמאק, מעכייע, כלעבן. איך בין געגאנגען אין נאָך און נאָך באָדן,— אלע נישט וואָס בא אונדז. עפּעס שמעקט דאָרט נישט דער רייעך, וואָס אין אונדזער געמויערטער באָד! היינט זייערע מיקוועס — איז נאָר א געלעכטער. אונדזער מיקווע-וואסער פילט מען, עס האָט עפּעס אן אנדער טאם, אן אנדער קאָליר און איז עפּעס געדיכטער, ווי אנדערע וואסערן. מע פילט באלד, ס'איז י י ד י ש ל ע כ... דאָרט אָבער איז דאָס מיקווע-וואסער לויטער, גלאט וואסער, ווי וואסער באדארף געוויינטלעך זיין, וואָס מע קען עס טרינקען...

— נו, פישקע? — האָט מיך יאָנטל א פרעג געטאָן דערנאָך מיט א שמייכעלע,— האָסטו געזען א היגע באָד?

— עט! — האָב איך געענטפערט.— נישטאָ פון וואָס, מישטיינס-געזאָגט, צו ריידן. בא אייך איז אלץ ווילד, כוויזעק אינגאנצן. דיין אדעם איז פאר מיר נישט קיין אָרט...

24

מיט אדעם בין איך טאקע נישט צופרידן געווען, נאָר איבער דעם ווינטער האָב איך געמוזט דאָרט פארבלייבן, וואָרעם ווי לאָזט מען זיך עס ווינטער-צייט נאקעט און באָרוועס אין וועג ארייַן, און דערצו נאָך איינער אליין אין א פרעמד ווינקל? ווייבאלד אָבער עס האָט א וואָרעם געגעבן די ליכטיקע זון און

געשמעקט מיט זומער, האָט עס מיך עפּעס געטאָרעט, נישט געלאָזט מיך אײַנזיצן רויִק אפֿ איין אָרט. אמאָל פֿלעגט פֿאר מיר דער זומער זײַן, ווי געוויינטלעך, זומער. זומער, גאָרנישט! ס׳איז וואַרעם, ליכ-טיק, טעג גרויסע, גרינ אומעטום. מיילע, איז גוט, איז נישט קאַלט. בעהיימעס גייען אינ דער טשערעדע, איז דאָ מילך, א ביסל סמעטע-נע. ס׳איז נאָך דאָ צום ברויט א גרינע ציבעלע, א קנאָבל, א רעטעכל, פֿאר א ייִדן אנ אָרעמאנ א גרויסע זאך, א גאנצער כעזשבן. הײַנטיקס מאָל, אקעגנ, האָט פֿאר מיר דער זומער עפּעס גאָר אנ אנדער פּאָנעם געהאט. איך ווייס נישט, ווי זאָל איך מיך אויסדריקן, עפּעס האָט ער גערעדט ווערטער, אונטערגעגעבנ דעם הארצ עפּעס א כיישעק... מיך דערמאָנט אלצ אינ א י״ר, אינ מײַנ האָרבאטער. איטלעכס גרעזעלע, איטלעכס גרינ ביימעלע אונ איטלעכס שפּיל פֿונ א פֿייגעלע האָט מיר עפּעס דערציילט, אָפּגעגעבנ א גרוס פֿונ איר. עס האָט מיר זיך אלצ געטראכט: אָט אזוי איז זי מיט מיר געזעסנ, אזוי האָט זי געקוקט, אזוי — געלאכט, אונ אזוי אויסגעגאָסנ איר ביטער געמיט. עס האָט מיר זיך צעשפּילט די געבליטנ, מיך באפאלנ א זיסע מאָרעשכוירע, אונ עס האָט מיך עפּעס געצויגנ, געצויגנ ווײַט אהינ, אהינ... וואָס פֿאר א שײַכעס דאָס אלצדינג קענ האָבנ מיט דעם זומער, אויב דאָס איז געווענ אינגאנצנ זײַנ ארבעט, אָדער גאָר עפּעס אנדערש, עפּעס אזא מינ שלאפקײַט, א ספּאזמע אזוינע? — דאָס ווייס איך נישט. איך ווייס נישט מער, מיט מיר איז געווענ עפּעס נישט גלאט. איך האָב גע-צאנקט ווי א ליכט. געוואָרנ גאָר נישט דער אייגענער וואָס פֿריִער.

— פֿישקע, ביסט קראנק? — האָט יאָנטל, אָנקוקנדיק מיך, איינ-מאָל געפֿרעגט, — ביסט עפּעס שטארק פֿונעמ פּאָנעמ אראָפּ. וואָס טוט דיר ווײ?

— עט, גאָרנישט! — ענטפֿער איך, אָנכאפּנדיק זיך מיט ביידע הענט באַמ הארצנ.

— דו פילסט נישט דאָס הארץ? — מאכט יאָנטל,— דערצו איז איינ סגולע: א שטיקל ברויט גוט איינגעטונקט אינ זאלצ אפנ ניכטערנ מאָגנ.

— ס'איז מיר אָנגעזאלצנ אפנ הארצנ גענוג אָנ דעם,— ענטפער איכ מיט א זיפצ.— עפּעס פיל איכ, ווי עס ציט מיכ, ציט, אונ עס לאָזט מיכ ניט איינזיצנ.

— איכ פארשטיי שוינ, פארשטיי,— מאכט יאָנטל מיט א שמייכעלע,— עס ציט דיכ אינ דיינ גלופּסק, ציט דיכ. אהינ, וווּ די גנילאָפּיאטקע בליט, וווּ עס סווישטשעט דער דאלעס, אונ קנאָבל אונ ציבעלעס גיבנ די שמוכט. שעמ זשע דיכ נישט, פּישקע, אונ גיי דיר אהינ אינ דיינ רו אריינ.

אינ עטלעכע טעג ארום האָב איכ זיכ געזעגנט מיט יאָנטלענ אונ מיכ געלאָזט צופוס אינ וועג אריינ...

דער קאָפּ איז מיר געפלויגנ אינ עק וועלט, דאָס הארץ האָט מיכ געצויגנ צו א י ר. אלצ געטראַכט, וווּ איז ז י, וווּ געפינט זיכ אצינד ז י? וואָס מאכט ז י, ווי לעבט ז י, נעבעכ, אליינ אָנ מיר? אונ די פיס מיינע זיינענ געגאנגענ, ווי אליינ פונ זיכ, געגאנגענ פאמעלעכנ אפנ וועג קיינ גלופּסק. איכ בינ געגאנגענ דורכ דערפער, דורכ שטעט, דעמ גאנצנ וועג געטראכט, געזוכט מיט די אויגנ, טאָמער וועל איכ באגעגענענ זי. איכ בינ זיכ אָנגעגאנגענ גענוג אונ אויסגעזוענ א וועלט יידישע שטעט. וואָס מער נעענטער צו גלופּסק, איז מיר געוואָרנ גרינגער אפנ הארצנ. איכ האָב זיכ מעכיייע געוועזנ מיט די יידנ פונ אונדזער ווינקל. זייער לאָשנ, זייער גאנג, זייער שטייגער לעבנ אונ פירונג איז פאר מיר געוועזנ גאָר א דערקוויקעניש, כלעבנ. עפּעס האָב איכ מיכ געפילט היימיש צווישנ מיינע לייט, אייגענע מענטשנ. פונ אונדזער ווינקל די יידנ זיינענ טאקע מעכיייע! אָנ צערעמאָניעס, אָנ כאָכמעס, הערנ נישט קיינ וועלט, נארישע מאָדעס. רייד דיר, שריי

דיר הויך אפ א קאָל, טו דיר פרײַ אלצדינג, פראָסט, ווי גאָט האָט גע-
באָטנ. וועמעס אייסעק איז — שיינ אָדער מיעס, אויב עס פאסט
אָדער ניט. יענעמס געפעלט נישט? לאָז ער פארמאכנ די אויגנ, פאר-
שטעקנ די אויערנ. געשמאהע אימ פארפול!.. איכ בינ ביסלעכווײַז גע-
קומענ צו די קרעפטנ, געוואָרנ רויִקער, געטראכט פונ גלופסק, פונ
דער געמויערטער באָד, אונ געהאָפט צו האשעמיִסבאָרעכ.

אָט אַזוי בינ איכ מיר אינ א שיינעמ פרימאָרגנ געגאנגענ צווישנ
ווייצ אונ קאָרנ אונ פארגאנגענ ביז צו א גרויסנ געדיכטנ וואלד. איכ
בינ ארײַנ טיפלעכ א ביסל אינ וואלד, אָפגעלייגט זיכ דאָרט מיט מײַנ
פעקל, אראָפגעוואָרפנ פונ מיר די קאפאָטע אונ זיכ אויסגעשטרעקט
אונטער א בוימ צווישנ הויכ גראָז, וואָס האָבנ מיט די גרויסע, ברייט-
טע בלעטער מיכ פארשטעלט ארומ אונ ארומ. מיילע, וואָס איז דאָ
איבערצוטראכטנ? א וואלד — א וואלד, ווי אלע וועלדער. ביימער זײַ-
נענ זיכ ביימער, גראָז — גראָז, פייגעלעכ — פייגעלעכ, אונ איכ בינ
מיר איכ, אונ מעג מיר טאקע כאפנ א דרעמל, זיכ אויסרוענ א ביסל
פונעמ וועג. איכ צי מיכ, גענעצ, פארמאכ די אויגנ אונ — הערט מײַנ
כאָלעמ.

עס דאכט מיר זיכ א שאָרכ, עפעס ווי טריט, אונ א קנאקנ פונ
דארע ריטלעכ. איכ שטעל אופ די אויערנ אונ האָרכ מיט צוגעמאכטע
אויגנ. דער שאָרכ ווערט אלצ שטארקער, די טריט אלצ נעענטער.
עפעס הייבט עס מיכ אָנ צו ארנ, וויל עפענענ די אויגנ, נאָר שווער-
לעכ, איכ ליג ווי א קלאָצ אונ קענ פאר גרויס מידקײַט מיכ נישט
רירנ. די טריט אָבער ווערנ באלד שטילער, איכ בארויִק מיכ, גיב מיכ
איבער דעמ שלאָפ, די געדאנקענ פלאָנטענ זיכ מיר, אונ ס'איז מיר
עפעס גוט, אזוי גוט... עפעס הערט זיכ א שטיל אומעטיק ניגנדל,
דאכט זיכ א באקאנטס. דאָס ניגנדל צעגייט זיכ אינ אלע גלידער,
רייסט אויס א שטיק הארצ, עס גלוסט זיכ וויינענ. אונ דערבײַ פילט

זיך טאקע, ווי עס קומט צו א שטיק געזונט. עפּעס נאָר ווי אפ א באַ-
דעקנס פאר דער כופּע. עס וויינט זיך כאָסן-קאַלע און עס לאַכט זיך,
ביידע זאכן אינייגעם, ווי א זון מיט א רעגן צו גלייכער צייט. —
פּלוצלים פּיל איך, עפּעס טוט מיך א נעם בא די האָר און עס טוט א
געשריי. איך כאַפּ מיך געשווינד אוף, צענעם פאר מיר די גרויסע
בלעטער פונעם גראָז — און דערזע א טעפּל מיט שטארק רויטע פּי-
ליניצעס וואלגערנדיק זיך נישט ווייט פון מיר אפ דער ערד. וויי‑טער
א ביסל רוקט זיך עמעצער, ווי א נעקייווע, זיצנדיק אפן גראָז, און
קוקט זיך ארום אין איינע שרעק. מיר איז באלד איינגעפאלן, וואָס
דאָס באטייט. יענע האָט דאָ, אפּאָנעם, געקליבן פּיליניצעס, פארטיפט
אין דעם זוכן, און בעשאסמייסע, אונטערזייענגענדיק עפּעס א לידעלע,
האָט זי פּלוצלים אָנגעטאפּט מיין קאָפּ און זיך שטארק איבערגע-
שראָקן. איך שטיי געשווינד אוף, נעם דאָס טעפּל און גיי איר עס אָפּ-
צוטראָגן, מאכנדיק פונדערווייטנס: נישקאָשע! — גאנץ פריינטלעך.
נאָר קוים קום איך צו נאָענט, פאלט מיר פון די הענט דאָס טעפּל
ארויס. איך טו א געשריי, בלייב פארמישט — און באלד שטייען מיר
ביידע, שטייף האלטנדיק זיך בא די הענט, איך און מיין האָרבאַטע.

דאָס איז געווען טאקע וואכנדיק, נישט קיין כאָלעם, איך האָב גע-
קוקט און געזען גאנץ קלאָר. פאר מיר שטייען געזונטע ביימער, אויבן
אפ די צווייגן שפּרינגען פייגעלעך, סווישטשען, זינגען און פרייען
זיך מיט אונדז אינייגעם. ביידע זיינען מיר איבערגליקלעך, פרייען
זיך און לאכן מיט טרערן. ביידע וואונדערן זיך, פרעגן איינער דעם
אנדערן, פונוואנען ער האָט פּלוצלים זיך אהער גענומען, און ביידע
ריידן, דערציילן, וואָס מיט איטלעכן האָט זיך פּאסירט.

זי דערציילט די גרויסע צאָרעס, וואָס זי, נעבעך, איז אויסגעשטאַ-
נען, זינט די כאליאסטרע האָט מיך פאראיאָרן אין שטעטל דאָרט אוועק-
געוואָרפן. דאָס איז געווען דעם מאמזערס ארבעט. אים האָט זיך נישט

געגלוסט, מײַן װײַב זאָל נעמען געט, ביכדיי זי זאָל נישט באַלד צו-שטיין צו אים מיט גוואלד, ער זאָל מיט איר כאסענע האָבן. אים האָט נאָר געטויגט א בלינדע, אָבער נישט קיין בלינדע װײַב. מאכן מיט איר ביינ און געלט, — דאָס זאָל ע ר, און זײַן זאָל זי זיך, געזונטער-הייט, — יענעמס. דערבײַ האָט ער געהאט נאָך א מיין, מיר צו פאר-וויסטן מײַנע יאָרן, איך זאָל נישט זײַן פרײַ אָפּגעבונדן. אים איז אויך שטארק נישט געפעלן מײַן פרײַנטשאפט מיט דער האָרבאטער. דאָס האָט אים שרעקלעך געשטאָכן, און ער האָט פון זײַן זײַט געטאָן א מיטל, די פרײַנטשאפט זאָל נישט גיין ווײַטער... אבי ער איז מײַ-נער פּאָטער געוואָרן, האָט ער מײַן װײַב ביסלעכווײַז אין די לאפּעס ארײַנגענומען און איר דערנאָך געוויזן, ווער עלטער איז, וויסנדיק זייער גוט, אז פון זײַנע הענט איז איר שוין אומעגלעך זיך אויסצו-דרייען. וואָרעם, וואָס קען א בלינדע איינע אליין טאָן? שפּעטער האָט זי אים זיך שטארק צוגעגעסן. ער האָט זי איבערגעגעבן דעם אל-טיטשקן, צו גיין מיט איר אין די הײַזער און מאכן די קאָמעדיע, ווי אמאָל מיט מיר. דער מאמזער האָט איר פארצאַפּט דאָס בלוט, זי גע-הארגעט, געשלאָגן, און דער אלטיטשקער האָט באזונדער מיט איר געלערנט באַלאָק. זי איז אין א קורצער צײַט געעלטערט געוואָרן, פינצטער ווי די ערד. — דאָס גאנצע יאָר האָט די כאליאסטרע זיך ארומגעשלעפּט, אין פיל שטעט אויסגעוועון, און הײַנט פארטאָג זיך געשטעלט אויסרוען דאָ אין וואלד. איר האָט זיך פארגלוסט גיין קלײַבן פּיליניצעס און האָט פּלוצלים — אזוי לאָזט זי אויס מיט א שמייכעלע, — אָנגעטאַפּט א גוטע פּיליניצע, מיך אליין...

איך פון מײַן זײַט דערצייל איר אלצדינג, וואָס מיט מיר האָט זיך פּאסירט, און ווי איך בין אויך הײַנט אינדערפרי געקומען אהער, נייענדיק אפן וועג קיין גלופּסק. בא אונדז איז געבליבן, פון הײַנט אָן זיך מער נישט צעשיידן, אײַנוועדנדן אלע מיטל, מײַן װײַב זאָל נע-

מענ געט. אויב כאָלילע נישט, וועלנ מיר ביידע פונ דער כאַליאסטרע אנטרונענ ווערנ, אונ ווארטנ, וואָס גאָט וועט געבנ. אונ ווי מיר זיצנ זיכ דאָ אזוי, שטארק האָנאָע האָבנדיק איינער פונעמ אנדערנ, הערט זיכ אינ וואלד א קאָל: א-הו!

— דאָס איז א קאָל פונ אונדזערע לײַט,—זאָגט מײַנ האָרבאטע,— דאָס זוכט מענ מיכ.

אונ שפּעטער א ווײַלע קומט צו א פּארשוינ, וועלכנ איכ האָב באלד דערקענט. דער פּארשוינ האָט מיכ עפּעס קרומ אָנגעקוקט אונ געשמייכלט פאר זיכ מיט א געשפּעט. מיר מאכנ נישט לאַנג שוּעס אונ לאָזנ זיכ גיינ. דער פּארשוינ לויפט פריִער, אײַלט זיכ, אָפּאָנעמ, אָנצוזאָגנ די גוטע פּסורע, אונ מיר אײַלנ זיכ נישט, גייענ פּאמעלעכ. הינטער א קרעטשמעלע, א כורווע, אפ א היפּשע שטרעקע ווײַטלעכ אינ דעמ וואלד, זע איכ, שטייענ באקאנטע בײַדלעכ. ווײַטער א ביסל, אפ א פרײַענ פּלאצ, ארומגערינגלט מיט ביימער, ברענט א פײַערל, די שיינע כאַליאסטרע ארומ, אונ ס׳איז פריילעכ. דעמ ערשטנ „שאָלעמ-אלייכעמ” שטעקט מיר אָפּ דער מאמזער מיט ברייטקײַט, הויכ אפ א קאָל: — א, א, א גאסט, כלעבנ! וואָס מאכט א ייִד? איכ האָב טאקע נאָכ אײַכ שוינ געבענקט, רעב פישל! — באלד דערופ לאָזנ זיכ הערנ קוילעס: — קימט מעקאבל-פּאָנעמ זײַנ דעמ „נאָגיד”! — אונ פונ אָלע זײַטנ שיטנ זיכ מיר משונע-ווילדע, מעשוגענע „שאָלעמ-אלייכעמס”, מיט קניפּ אונ קלעפּ הינטנ-ארומ, אזוי אז דאָס היטל איז מיר פונעמ קאָפּ אראָפּגעפאלנ. אונ ווי איכ דריי מיכ דאָ, זוכ דאָס היטל, צודע-קנדיק דערווײַל דעמ קאָפּ מיטנ עק פּאָלע פונ דער קאפּאָטע, אונ כאפּ קלעפּ גאָר א שרעק,— פליט צו מײַנ ווײַב מיט א פרייד אינ איינ קאָל: — ווו איז ער, מײַנער? ווו, ווו? פישקע?..— איר פרייד האָט מיכ ערגער געשטאָכנ ווי פונ די פײַנע-לײַט די קניפּ. צומ גלעט טויג מיר קלאָל נישט אזא פרייד, טראכט איכ מיר, האָב מיכ בעסער

פײַנט, װי דער גאַנצער אױלעם דאָ! זי אָבער הענגט זיך אָפּ מיר, אַלץ: פּישקע, מײַן פּישקע! מיר איז שטאַרק נישט־גוט געװאָרן אָנ־קוקנדיק זי, אַ בלינדע, אַ דאַרע, אַ שלאַפּע, אַלטע ייִדענע! װוּ איז איר לײַב, איר געזונט, אירע פּעטע באַקן און איר פּיסק? איך האָב מיר באַדאַרפֿט אָנטאָן אַ קױעך אַ פֿרעג צו געבן זי, פֿון װיצע װעגן: װאָס מאַכסטו, באָסיע?

— דו ביסט טאַקע געראָכט געװען, פּישקע, זאָגנדיק אַמאָל: „איך גלױבסט האָבן מיר בײדע, באַרעכאָשעם, אַ שײנעם נאָמען געהאַט; איטלעכער האָט מיך געקענט און אָפּ מיר קאָװעד געלײגט”— מאַכט מײַן װײַב הױך אָפּ אַ קאָל, אַלע זאָלן הערן, אָנעמענדיק דערבײַ אַ שטאָלצע מינע, װי אַן אָפּגעקומענער נאָגיד, װאָס דערצײלט פֿון זײַן גרױסקײַט אין די פֿריִערדיקע יאָרן, און געטאָן אַ זיפֿץ טיף פֿונעם האַרצן.— גענוג זײַן נאָװענאַד, אַהײם, אַהײם, צוריק אַהײם פֿיר מיך, פּישקע, צוריק אין אונדזער שטאָט, צו אונדזערע הײַזער, אונדזערע באַלעבאַטים!

ס'איז מיר געװאָרן פֿינצטער אין די אױגן פֿון אירע רײד. אַזעל־כעס איז מיר גאָר ניט אײַנגעפֿאַלן צו הערן פֿון איר, און איך האָב מיך שטאַרק פֿאַרקרימט. דער מאַמזער האָט זיך אױך מיעס פֿאַרקרימט, טראַכטנדיק זיכער, אַז איך װיל דערטאַפּן די סבױרע און בײַ אים צו־נעמען די פּאַרנאָסע. איך האָב גאָר געטראַכט: אַדעראַבע, בײַ דיר בלײַב עס, איך בין דיר זי מױכל פֿונעם גאַנצן האַרצן. עס האָט אין אים געברענט די רעציכע, די אױגן זײַנען אים פֿאַרלאָפֿן מיט בלוט, אָנ־קוקנדיק מיך בײז, דערנאָך האָט ער זיך אױפֿגעהױבן פֿון זײַן אָרט, געװאָרטשעט און איז אװעקגעגאַנגען שטאַרק אין כּעס.

װײַבער און מײדלעך פֿון דער שײנער כאַליאַסטרע האָבן זיך געפּאָ־רעט נעבן דעם פֿײַער, צוגעשטעלט טעפּלעך, געשאַרט, גערוקט, געבאַקט קאַרטאָפֿלעס. אַ טײל באַכורים שטײען צו און שפּילן זיך מיט זײ

אונטער, דערלאַנגען אַ זעץ, אַ קניפּ, און זאָגנדיק דערביי גלייכווערט-לעך. די ווייבער זיינען קלאָמפּערשט בייז, גרייט אויסצוראַיסן די אויגן, זידלען, שילטן — און קייכן טאַקע באַלד פאַר געלעכטער, לאָזן זיך כאַפּן ווי אַ הון פונעם האַנט, ווען ער וואַרפט אָפּ איר אן אייגל מיט אַראָפּגעלאָזענע, צעשפּרייטע פליגל, און איז מעקאַבל בעאַהאווע דעם פּיק, וועלכן ער טוט איר אין קעפּל. — ווידער אַ טייל זיינען צעזייט, צעשפּרייט אין וואַלד. איינער ליגט מיט דעם רוקן אַרויף און כראָפּעט, דער אַנדערער לאַטעט עפּעס אַ קאַפּטן, יענער קראַצט זיך, טאַפּט און זוכט עפּעס מיט אַ שטאַרק ערנסט פּאָנעם. נאָך עטלעכע שלאָגן זיך, פּרוּוון, ווער וועמען וועט ביַיקומען. עס קאָכט זיך, עס ראַשט זיך, כעוורע לעבט!.. מיין ווייב האַלט מיך פעסט מיט די הענט, גאָר איין גוף, איין נעשאָמע; רעדט און רעדט פאַר פייער, פאַר וואַסער, זי קלאָגט זיך אָפּ איר פינצטערן מאַזל, דערציילט איר שוועד-ביטער גע-מיט, וויאַזוי זי איז עס אַ ביסל אָפּגעקומען, און ווינטשט נישט אַנ-דערש, איך זאָל זי פונדאַנען אָוועקפירן, לעבן מיט איר איינינעם, ווי גאָט האָט געבאָטן, ביז הונדערט מיט צוואַנציק יאָר. איך ענטפער איר איין וואָרט אויף צענטן, עפּעס אָן לאָשן, און זוך, ווי פון אירע הענט זיך אויסצודרייען. אַז איר האָט זיך שוין אויסגעלאָזט רייד און מיר זיינען שוין געגנוג אויף איין אָרט זיך אָנגעזעסן, איז מיר לעסאָף גע-ראָטן פון איר זיך אויסצוראַיסן, אַ ביסל פריי צו עטעמען. איך האָב באַלד אויסגעזוכט מיין האָרבאַטע און מיט איר שטילערהייט אַוועק אַ ביסל אין דער זייט. דער שמועס אונדזערער האָט זיך אָנגעהויבן דערמיט, אַז ס'איז שטאַרק נישט פריילעך. פון געטן זיך מיט מיינער איז גאָר נישט צו דענקען. זי וועט פאַרוואַרפן מיטן קאָפּ, נישט וועלן אַפילע הערן. ווידער זשע דאָ צו בלייבן באַ דער גוטער קנופיע איז אַוואַדע נישט גוט. דאָס הייסט פּאָשעט, זיך פאַרקויפן דעם רוּעך, אָפּ-ראָסנייַ ווערן אַ בער און טאַנצן אויף די לאַפּקעס. וואָס דען זשע טוט

מענ? א היפּשע צײַט זײַנען מיר אזוי געזעסן, און אונדזער שמועס האָט זיך אויסגעלאָזט דערמיט: איינ ברײרע, מע באַדאַרף מאַכן א פּלײטע! און אזוי ווי די כאַליאַסטרע האָט בעדייע דאָ צו נעכטיקן, איז פאַר אונדז קיין בעסערע צײַט און קיין בעסער אָרט נישט געווען, ווי אָפּצוטאָן עס טאַקע די הײַנטיקע נאַכט, דאָ אין דעם וואַלד. ווי מיר זיצן און באַטראַכטן גוט דעם פּלאַן, ווײַזט זיך פונדערווײַטנס דער מאַמזער מיט עפּעס א פּאָר פערד.— לאָמיר נישט וואַרטן,— זאָגט מײַן האָרבאַטע,— ביז ער וועט צוקומען נעענטער. עס טויג נישט, ער זאָל אונדז זען זיצנדיק אינײנעם. בעסער לאָמיר באַצײַטנס זיך צעגיין.

זי גייט אַוועק אין איין זײַט, און איך אין דער אַנדערער.

דער מאַמזער איז עפּעס ווי שטאַרק באַשעפטיקט געווען, זיך אַלץ געסוידעט מיט דעם אַלטיטשקן, וואָס איז געווען זײַן גאַנצער פּליגל-אַדיוטאַנט. איך האָב אויסגעמיטן, מיט דעם מאַמזער זיך נאָענט נישט צו באַגעגענען, און מיך געהאַלטן אַלץ באַזונדער. בעשאַס כעוורע האָט געאַרבעט, געשטיפט, פאַרטראָגן געווען מיט זיך, איז צו מיר צוגע-גאַנגען מײַן האָרבאַטע, מיר אײַנגערוימט אין אויער, אַז אײדער די זון וועט זיך זעצן, וויל דער מאַמזער זיך רירן מיט דער כאַליאַסטרע אין וועג אַרײַן. די פּאָר פערד, וועלכע ער האָט געבראַכט צו פירן, זײַנען געגאַנוועטע, און ער אײַלט זיך, אַפּאָנעם, דעריבער אַוועק פונ-דאַנען. פון אונדזער פריערדיקן גאַנצן פּלאַן האָט זיך אויסגעלאָזט א טײַך. איך בין געבליבן שטיין אָפּהענטיק, נישט צו וויסן, וואָס מע טוט. עס האָט מיך פאַרקלעמט באַם האַרצן פאַר גרויס פאַרדראָס, אַזוי אַז דער קאָפּ האָט זיך מיר געדרייט, און מיך קוים געהאַלטן אַפ די פיס. מײַן האָרבאַטע האָט מיך אָנגעקוקט מיט גרויס ראַכמאָנעס, די אויגן האָבן איר געברענט ווי פײַער. דאָס פּאָנעם האָט איר גע-פּלאַמט, און נאָך דעם, אַז זי האָט א ווײַלע געטראַכט, זאָגט זי צו מיר מיט א ציטערדיק קאָל:

— פישקע! זאָלסט שפּעטער א ביסל זיך געפינען אין דעם כור-וועלע, דאָרט אפן בוידעם. דו פארשטייסט?

— איך פארשטיי, פארשטיי,— רופ איך מיך אָן לעבעדיק, אונ-טערשפּרינגענדיק פאר פרייד.— און דו וועסט דערנאָך אהין אונטער-קומען?

— יאָ, שאַ! — מאכט זי און טוט מיטן קאָפּ א שאָקל אַפּ יאָ.— לעמאנאשעם, שטיל! דו הערסט?

מיט מײַן ווײַב האָב איך נישט געהאַלטן פאר אזוי נייטיק זיך צו געזעגענען, האגאם ס'איז אַפּ איר געווען א ראכמאָנעס, נאָר ווער איז איר שולדיק? זי האָט געגעבן דעם ערשטן ריס, און דער ריס צווישן אונדז איז געוואָרן דערנאָך אַלץ גרעסער, גרעסער. פארפאַלן, וואָס האָב איך געקענט טאָן? אז גאָר אכוץ אַלע אנדערע זאכן, איז מיר אומעגלעך געווען מיט איר אַפּ ווײַטער זיך צו פארבינדן. אומעגלעך מיט איר זיך צונויפגיין, ווי דער הימל מיט דער ערד. איך האָב, עס פארשטייט זיך, פארגעסן דעם „זײַ-געזונט" און שטילערהייט זיך גע-לאָזט גיין צו דעם כורוועלע.

מיט וואָס פאר א הארץ איך בין אין דעם כורוועלע ארײַנגעגאנ-גען, איז גרינג צו פארשטיין. נאָך אַזויפיל פּײַן און געבראָטענע לייד האָט גאָט געוואָלט צונויפירן מיך מיט דער האָרבאטער אין איין ווינ-קעטשמעלע, וואָס דאָ האָט באדארפט אויסגעשפּילט ווערן אונדזער ביידנס גוירל, און פון אצינד אָן אָנהייבן צו פירן א נײַ לעבן. ארופ-קריכן אפן בוידעם איז מיר אָנגעקומען זייער גרינג. וואָרעם דאָס שטיבל איז געווען נידעריק, מיט דער הינטערשטער וואנט, וואָס אין הויז ארײַן, אָנגעבויגן קימאט ביז צו דער ערד. די סטעליע איז גע-ווען ערטערווײַז געלעכערט מיט גרויסע שפּאלטן, אזוי אז מע האָט געקענט פונעם בוידעם ארײַנקוקן אינווייניק אין דעם שטיבל ארײַן. איך זיץ מיר אין א ווינקעלע און וואַרט. עס טיאָכקעט מיר דאָס

הארץ, קלאַפּט ווי מיט א האַמער, איטלעכע מינוט ציט זיך מיר ווי א יאָר. איך האָרך מיך צו צו א מינדסטן שאָרך. א מינדסטע באַוועגונג פון א שטרויעלע ערגעץ — דאַכט זיך מיר טריט, זי גייט... א מינדסט בלאָזעלע פון א ווינטעלע — דאַכט זיך מיר מײַן נאָמען, זי רופט... פּלוצלים קומט מיר צו די אויערן פונעם שטיבל אונטן עפּעס א קאָל. דער געדאַנק, אַז דאָס איז זי, אָט איז זי, באַלד, באַלד וועלן מיר אויסגעלייזט,— האָט מיך צעקאָכט, געוואָרפן פון היץ אין קעלט. איך וויל מיך אָנרופן, פאַרכאַפּט מיר אָבער דער אָטעם, עס דינט מיר נישט דאָס מויל. אין דער דאָזיקער הייסער רגע הער איך טאַקע גאַנץ שאַרף מײַן נאָמען, און די אויגן מײַנע דערזעען דורך א שפּאַלט — ווענען? אוי, דעם מאַמזער מיט דעם אַלטיטשקן!.. זיי שמועסן צווישן זיך אַזוי:

— דו נעם אַפּ דיר דײַן שטיקל סכוירע,— זאָגט דער מאַמזער.— גיב אַכטונג, די בלינדע מאַכשייפעטע זאָל זיך נישט אויסגליטשן. פאַרשטייסט?

— נישקאָשע, — ענטפערט דער אַלטיטשקער,— מײַנס האָב איך שוין געטאָן, איך האָב נאָר מוירע, זי זאָל נישט פּייגערן. דער אַלטער שקראַב ליגט אַצינד ווי א טויטע און קען זיך נישט רירן. אַזוי האָב איך איר געבראָכן די ביינער.

— און דעם הינקעדיקן פלאַסקעדריגע,— פירט אויס דער מאַמזער,— נעם איך אַפּ מיר. אָנקוקן קען איך נישט זײַן פּאַרצעף-פּאָנעם, אַזוי פײַנט האָב איך אים. איך וועל מיך מיט אים אָפּרעכענען, נישקאָשע, איך האָב נאָך מיט אים אַלטע כעזשבוינעס.

ס'איז מיר אַנטפאַלן דער מאַמעס מילך, הערנדיק אַזעלכע שרעקלעכע ווערטער.

— ווי עס זעט אויס,— מאַכט דער אַלטיטשקער,— זײַנען דײַנע געלאַקכנטע סוסים ייִדישע. דאַרע, דערשלאָגענע, קאַלטענעוואַטע, מיט

אויסגעקרימטע רוקנס, מיט דינע העלדזלעכ, גערגעלעכ און מערידנ, ווי אונדזערע פּאראפּאָטשקעס, פּײַנע-בעריעס.

— אָפּפאלנ זאָל דיר די צונג, דו אלטער שטורמאק! — זידלט זיכ דער מאמזער. — גיי בעסער, זוכ, שמעק, קעלעוו איינער, דאָ אינ הויז, אפנ בוידעמ, טאָמער וועסטו פּאָציאָפּענ עפּעס אלטע באלעגאָלישע זאכענישנ, וואָס קענענ אונדז טויגנ. פאָרט איז דאָכ עס אמאָל געווענ אנ אײַנפאָר-הויז, מישטיינסגעזאָגט.

עס באשלאָגנ מיכ אנגסטנ, מיר איז נישט גוט צומ שטארבנ. איינ פוס ציטערט מיר שטארק און טוט, נישט ווילנדיק, א זעצ אינ דער סטעליע, די פּאָר שיינע-לײַט פארײַסנ די אויגנ ארופ, שטייענדיק א ווײַלע פארגאפט. דערנאָכ לאָזנ ארויס ביידע אינ איינ קאָל:

—עפּעס שיט זיכ פונ דער סטעליע! מע באדארפ טאָנ דאָרט א קוק.

עס פארדרייט מיר זיכ דער קאָפּ. עס קלינגט מיר אינ די אויערנ, שווינדלט אינ די אויגנ, און איכ שוועב עפּעס אינ לופטנ...

יאָ, טאקע אינ לופטנ. א פּאָר אײַזערנע הענט טוענ מיכ א כאפּ און שלײַדערנ מיכ פונעמ בוידעמ אראָפּ אפ דער ערד. איכ דערהער, ווי מע מאכט מיר א ברייטנ „באָרוכ-האבאָ״ מיט דעמ גאנצנ טיטל: סקאָצל קומט, רעב פישל! און דערזע באלד פאר מיר דעמ מאמזער מיט א פּאָנעמ, — א שרעק אָנצוקוקנ, עפּעס נאָר א פּאָנעמ ווי בא א קאצ, בעשאס זי קלײַבט זיכ צו דערשטיקנ דאָס געכאפּטע מײַזל. דעמ אלטיטשקנ האָב איכ שוינ נישט געזענ, ער איז, אפּאָנעמ, אוועק, אי-בערלאָזנדיק מיכ אויג אפ אויג מיט דעמ מאמזער.

— אנו, נעפּעשל, —מאכט דער מאמזער, — זאָג ווידע!.. דאָס, וואָס איכ האָב באדארפט טאָנ דיר אמאָל, דאָרט אינ קעלער, וועל איכ עס דיר טאָנ אצינד. פּײַוועשקע פארגעסט נישט, נישקאָשע.

איך פאַל אים צו די פיס, וויין, בעט מיך בא אים, ווי בא א גאַז־
לען, מיר צו שענקען דאָס לעבן. עס העלפט נישט. ער נעמט ארויס א
מעסער, האַלט עס מיר אקעגן די אויגן, מיט גרויס האַנאָע צוקוקנדיק,
ווי איך צאַפּל, פלאַטער. איך פּרוּוו מיך איינשמועסן אים מיט דעם
גאַניידן, זאָג אים צו אויפֿעמהאבע א גאנצע וועלט, שענק אים מײַן
כיילעק לעוילעמהאבע אויך, אַלצדינג, וואָס נאָר מעגלעך. ער שטשי־
רעט אויס אויגן און שוויַיגט. איך הייב אָנעט צו שרעקן אים מיט דעם
געהענעם, מיט גאָטס מישפּעט, דער אייבערשטער וועט אים שטראָפֿן,
זיך נויקעם זײַן פאַר אומשולדיק בלוט. ער פאַרבײַסט די ליפּן, טוט
א הייב אין דער הייך דאָס מעסער — און אין דער שרעקלעכער רעגע,
וואָס אָט־אָט ליגט מיר דער כאַלעף אפ דעם האַלדז, טוט עס אים פּלוצ־
לים עפּעס א כאַפּ פון הינטן, גאָר ניט מיט קיין מענטשלעך געשריי:
ניין, ניין, וועסט עס נישט טאָן! — ער ווערט שטאַרק פאַרמישט און
קוקט זיך אין שרעקעניש ארום.

דאָס האָט אים א כאַפּ געטאָן דאָס האַרבאַטע מיידל.

— כצופע, ארויס! — דערלאַנגט דער מאַמזער א געשריי, באַלד
ווי ער איז צו־זיך געקומען.— ארויס, כצופע! וואָרעם...

— ניין, ניין, פונדאַנען גיי איך נישט ארויס! דערהאַרגעט זאָל
איך דאָ ווערן איינינעם מיט אים! — שרײַט באַהאַרצט די האַרבאַטע
און פאַלט דעם מאַמזער אפן האַלדז, וויינט מיט ביטערע טרערן, גלעט
אים און כאַלעשט פאַר אים, ער זאָל מיך אָפּלאָזן, זאָגט אים צו דאָס
אייביקע לעבן און א שטול אין גאַניידן. דער מאַמזער טוט זי פון זיך
א וואָרף, ווי א מיאַטשיק. שילט, פלוכט אפ וואָס די וועלט שטייט,
און אַז די רעציכע איז אים א ביסל אָפּגעגאַנגען, ווענדט ער זיך צו
מיר מיט די ווערטער:

— עס טוט מיר זייער לייד, וואָס איך אַליין האָב דאָ דיך, מײַן
טינויפעסל, נישט „געבאַלדאָוועט", נאָר אויב דיר האָט געשפּילט

דאָס טרייפענע מאַזל דײַנס, איך זאָל דיך, פאַרשטונקענע נעפעשל, נישט צעקוועטשן, ווי אַ קינע, דאָך אײַנגאַנצן טרוקן אַרויס פון מײַנע הענט וועסטו נישט.

ער נעמט אַ שטריק, מיט וועלכער ער איז געווען אַרומגעגאַרטלט, שטעלט זיך בינדן מיר הענט און פיס, מאַכנדיק דערבײַ:

— ליג זשע דאָ שטיל, הונט איינער, קיין פּאַרע זאָל מען פון דיר נישט הערן! ליג ביז די פּגירע דײַנע וועט דאָ אָפּ דיר קומען. נאָר געדענק זשע, פּלאַסקעדריגע, טאָמער טרעפט זיך דיר אַ נעס, עפּעס אַ באָבע דײַנע אין קייווער וועט זיך פאַר דיר מוחן, און גייסט פון־דאַנען אַ לעבעדיקער אַרויס, זאָלסטו זיך היטן, מיר פאַר די אויגן זיך נישט צו ווײַזן, וואָרעם באַלד „פּלומפּל“ איך דיך און מאַך כיק...

אָפּגעטאָן מיר מײַנע רעכט, נעמט ער זיך צו דער האָרבאַטער, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אויף דער ערד, געיאָמערט, געקלאָגט, קוקנדיק אויף מיר, און זיך געריסן בײַ די האָר.

— אַ, דו כצופּע איינע! — בייזערט זיך דער מאַמזער, אַ שטופּ געבנדיק זי, נעבעך, מיטן פוס, — איך ווייס, נישקאָשע, פאַרשטיי אַלצדינג. דאָס איז געווען אַן אָפּגערעדטע זאַך — אַ כאַסענע אָן קלעזמער. דאָ אויפן בוידעם... אַ שיינע מיידעלע, נישקאָשע, און פאַר מיר גיט זי זיך אויס פאַר אַ רעבעצן... פון הײַנט אָן וועסטו שוין בײַ מיר וויסן, כצופּע איינע!..

ער טוט זי אַ כאַפּ אין די הענט, און אומקערנדיק זיך צו מיר מיט אַ זאָג: שאַ, הונט, געדענק מײַנע ווערטער! ווערט ער מיט איר גע־שווינד אַנטרונען.

אין געהענעם קען מען אַזויפיל יעסורים נישט לײַדן, וויפל איך האָב איבערגעליטן. איך בין געווען נישט אין געהענעם, נאָר דער גע־הענעם אין מיר. עס האָט אין מיר געקאָכט, געברענט אַ העליש פײַער.

די האָר זײַנען מיר געשטאַנען קאַפּויר. עפּעס האָב איך געפּילט, זיי שטעכן מיך ווי שפּילקעס, — און דאָ טאָר מען נאָך נישט הויך וויינען, נישט טאָן קיין פּיפּס.

שפּעטער א ביסל האָבן מיר אין די אויערן זיך פּאַרטראָגן קוילעס: א סקריפּ פון רעדער, א ליאַרעם, א געשריי פון מענטשן. דאָס באַטײַט, כעוורע האָט זיך גערירט. די כאַליאַסטרע האָט זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן, און מיט דעם פּעקל לײַט — מײַנע הארץ, מײַנע גוטע, בידנע, אומגליקלעכע האָרבאַטע, נעבעך.

א היפּשע לאַנגע צײַט ביז איך געלעגן ווי א שטומע שאָף, געבונדן אַפּ אַלע פיר, מיט אויגן, ווי די באַנקעס, פון הייסע טרערן. די שטריק האָט מיר זיך אײַנגעשניטן אין לײַב אַרײַן און בא א מינדסטן רירעלע מיך געשניטן ווי א מעסער. עס האָט מיך דערצו נאָך געברענט א טרונק, — אָט, האָב איך געמיינט, עקט מיר זיך דאָס לעבן. פאַר גרויס ווייטעק האָב איך דערנאָך אָנגעהויבן שרײַען, טאָמער וועט עמעצער דערהערן. די כאַליאַסטרע האָט, נאָך מײַן רעכענונג, שוין געמוזט אײַנפאָרן גאַנץ ווײַט. איך שרײַ, אָבער אומזיסט, שרײַ צו דער וואַנט! עס טריקנט מיר אין האַלדז, עס באַשלאָגן מיך אַנגסטן. דאָס שרײַען קומט מיר שוין אָן שווער, איך מוז צווישן אָפּרוען. די לאַנגע מײַנע ווערט וואָס ווײַטער — ערגער. נישטאָ שוין קיין קויעך צו שרײַען. די נעשאָמע הענגט מיר אַפּן שפּיץ נאָז, דער מאַלכאַמאָוועס, פיל איך, איז נאָך איר געקומען, מע באַדאַרף שטאַרבן, יונגערהייט פון דער וועלט גיין. איך טו מיר אָן א קויעך, נעם זיך צונויפּ מיט אַלע קרעפטן און טראַכט, לאָמיך כאָטש טאָן דאָס לעצטע געשריי — לאָז הילכן די טקיִע-געדוילע פון מײַן אומגליקלעכן לעבן...

נאָר גאָט אָבער האָט אײַך, רעב אַלטער, געבראַכט, איר זײַט מיר בײַגעשטאַנען אין דער נויט און מיך דערהאַלטן באַם לעבן.



ז פישקע האָט געענדיקט זײַן אומעטיקע מײַסע, איז צוגע-פאַלן די נאַכט און אונדזערע פערדלעך האָבן זיך פאַר-שלעפּט צום גרינעם באַרג, וואָס פאַר גלופּסק.

דער גלופּסקער גרינער באַרג איז באַקאַנט קימאַט דער גאַנ-צער וועלט. נאָך פון גאַנצע אַלטע צײַטן טראָגט זיך וועגן אים אַרום צווישן דעם אוילעם אַ לידל, וואָס קינד-און-קייט קענען עס, וואָס אַלע מאַמעס און אַמען נעמען דערמיט אײַן און פאַרוויגן ברעקלעך קינ-דער. מײַן מאַמע, זאָל האָבן אַ ליכטיקן גאַנייִדן, פלעגט מיר קינד-ווײַז אויך אַלץ זינגען דאָס לידל:

אַף דעם גרינעם באַרג,
אַף דעם הויכן גראָז,
שטייען אַ פּאָר דײַטשן
מיט די לאַנגע בײַטשן.
הויכע מאַנען זײַנען זיי,
קורצע קליידער טראָגן זיי,
אָווינו מעלעך...

דאָס לידל פלעגט מיר זייער געפעלן, פיל בעסער פון אַלע לידלעך. עפּעס איז מיר דער גרינער באַרג אַזוי וווּנדער-שיין פאָרגעקומען אין מײַן קינדעריש קעפּל! עס האָט מיר זיך געדאַכט, ער איז נישט גלאַט גראָב פון ערד, ווי די פּראָסטע בערגלעך אַרום מײַן שטעטל, ניין! ער איז עפּעס, ווי זאָגט מען עס, גאָר „קעצאַפּיכים“... ווי דער האַר-האַזייסים, דער באַרג לעוואָנוין, פון ערעציסראָעל-ערד. — און די דײַטשן דאָרט, זיי זײַנען מיר פאָרגעקומען עפּעס גאָר מעשונע-ווילד, איך בעט זיי מעכילע, עפּעס אַזעלכע מינע באַשעפעניש, מינע בע-

היימעס אזעלכע, אָקסן, שויר-האבּערן... ווי שמײַסן מיט די לאַנגע בײַטשן און לאָזן צו גלופּסק נישט צוטרעטן, ווי דער סאמבאטיען — צו די רויטע ייִדעלעך. אַרײַן אין גלופּסק — מוז מען כאַפּן אַ שמיץ! און אַלע דאָרט האָבן אַ פּאָנעם פון אָפּגעשמיסענע... שפּעטער, אַז איך בין אַרויס פון די קינדערשע שיכלעך און אויסגעוואַנדערט אַ וועלט, אין גלופּסק אויך, האָב איך שוין געזען אַלצדינג מיט אַנדערע אויגן און פאַרשטאַנען ווי עס געהער צו זײַן דעם פּשאַט פון עם לידל. דער גרי־נער באַרג — איז פּאַשעט טאַקע אַ באַרג, נישט אַזוי גרין ווי בלאָטיק, זייער גריבערדיק. און די בײַטשן, הויכע מאַנען דאָרט, — זײַנען גע־זאָגט געוואָרן אַקעגן יענע מאַנען מיט לאַנגע הענט און קלעפּיקע פינגער, וואָס לאַקכענען און שנײַדן אָפּ קלימקעס. געווײַנטלעך איז דער שטייגער, דאָס ערשטע מאָל אַרײַנצופאָרן קיין גלופּסק אָן אַ קלי־מעק. דערנאָך, אַז מען איז שוין גוט אָנגעלערנט, לאָזט עס עטלעכע וועדסט פאַר גלופּסק עפּעס נישט רוען. די אויגן כאַפּן, ווי פון זיך אַליין, אַ קוק הינטערן בײַדל, די הענט — אַ טאַפּ דאָס קלימעקל, די בוזעם-קעשענע, צושפּיליענדיק די קאַפּאָטע אויף אַלע קנעפּלעך. איך בין אויסן דערמיט, אַז דערגרייכנדיק דעם גרינעם באַרג, האָבן אַלע אונ־דזערע אייוודים, די נאָז אויך, געפילט פונדערווײַטנס גלופּסק. און ערשט שפּעטער אַ ווײַלע, אַז מיר האָבן אין אַלע זײַטן זיך גוט אַרומ־געקוקט, אַ טאַפּ געטאָן אין וואָגן, האָב איך מיך דערמאָנט אין פיש־קען און געזען, ווי ער זיצט, נעבעך, פאַרומערט, שטאַרק באַטריבט.

איך נעם מיך טרייסטן פישקען, שטאַרקן אים מיט גוטע רייד, מאַכנדיק זיך דערבײַ קלאָמפּערשט פריילעך. און לאָז אויס מײַנע טרייסט-ווערטער מיט דער אַנדערער העלפט פונעם פריערדיקן באַ־קאַנטן לידל:

— ...אָווינו מעלעך —

דאָס האַרץ איז מיר פריילעך,

פרייליכע ווערן מיר זײַן,
טרינקען וועלן מיר ווײַן,
קרעפּלעך וועלן מיר עסן —
און אונדזער ליבן גאָט
קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

— זאָרג נישט, פּישקע! אונדזער ליבן גאָט באַדאַרף מען קיין-מאָל נישט פאַרגעסן. ער קען העלפן.

— איך פרעג אײַך נישט מער, רעב מענדעלע! — מאַכט פּישקע מיט א ביטער געמיט, — צו וואָס האָט עס גאָט באַדאַרפט מיך מיט איר ווידער צונויפירן, ביכדיי באַלד טאָקע אונדז צעשיידן? עס זאָל אונדז פּלוצלים א שײַן טאָג דאָס מזל, ביכדיי באַלד טאָקע זאָל אונדז נאָך ערגער פינצטער ווערן אין די אויגן?.. ס'איז עפּעס נאָר ווי א צע-לאָכעס! און גוואַלד, ריבוינעשעלוילעם, אקעגן וועמען? אקעגן צוויי אומגליקלעכע, ביטערע קאַליקעס, וואָס איידער אזא וויסט לעבן אין יעסורים, אין ווייטעק, וואָלט פאַר זיי פיל גלײַכער געווען גאָר ניט געבוירן צו ווערן...

איך מאַך א פרום פּענעמל, און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, זאָג איך: טע-טע-טיי! — וואָס האָט אזויפיל געהייסן: מע טאָר נישט ריידן אַזוינס!.. געזאָגט האָב איך עס, נישט ווײַל דאָס איז בא מיר געווען א גוטער ענטפער אפ דער קאַשע, נאָר גלאַט אזוי, ווײַל דער שטייגער אין דער וועלט איז שוין אזוי, אז איינער פרעגט פאַר צאָרעס שטאַרקע קאַשעס, מוז דער אַנדערער זאָגן מוסער, אָפּשלאָגן אים כאָטש מיט טע-טע-טיי. אָפּזאָגנדיק דעם מוסער, פון יוויצע-וועגן, עפן איך באַלד א מויל און רייד ווערטער פּאָשעט, ווי א מענטש, אזוי:

— זאָג נאָר, פּישקע, ווי דאָס מיידל הייסט? ביז אהער האָסטו זי אַלץ גערופן די האָרבאַטע, מײַן האָרבאַטע, אצינד וויל איך וויסן, ווי זי הייסט.

— אקעגנ וואָס, רעבּ מענדעלע? — רופט זיך אָן פישקע, אָנקו־קנדיק מיך פארוווּנדערט. — אַקעגנ וואָס, איך בעט אײַך, ווילט איר עס אזוי וויסנ? צו וואָס אומזיסט אויסגעבנ א מיידלס נאָמענ?

— פארשטייסטו, נארעלע, — ענטפער איך, — דאָס קענ אמאָל צוניצקומענ. אפ מײַנע נעסיעס קענ זיך מאכנ, איך זאָל עפּעס נאָכ־שמעקנ, אויספאָרשנ. לאָמיך וויסנ איר נאָמענ. נישקאָשע! זייער מעג־לעכ, דו פארשטייסט? אז דײַנ שאָדנ זאָל זיך נאָכ אופזוכנ, איך זאָל זײַנ דער שעליעכ.

— ב ײ ל ע הייסט זי, — כאפּט זיך פישקע זאָגנ מיט א קאָל, — זי הייסט ביילע!

פלוצלימ הערט זיך עפּעס א שטארקער קרעכצ מיט א קלאפּ, ווי עס האָט זיך עפּעס אָפּגעריסנ. איך קוק מיך דערשראָקנ אומ אונ דערזע: מײַנ אלטער ליגט אויסגעצויגנ אפנ וואָגנ, זיפצט אונ איז בלייך ווי די וואנט.

— וואָס איז אײַך, רעבּ אלטער? — טו איך אימ א פרעג. — איר ווילט עפּשער נעמענ א ביסל בראנפנ! אײַך איז נישט גוט?

— בע!.. — ענטפערט אלטער, שטארקט זיך אונ זעצט זיך ווי־דער אוף.

— זאָג מיר, פישקע, — הייב איך ווידער אָנ נאָכ דעמ, אז איך האָב מיך בארויִקט וועגנ אלטערנ, — ווייסטו נישט, ווי די מאמע אירע האָט געהייסנ אונ פונוואנענ זי איז?

— יאָ, — ענטפערט פישקע, — מײַנ הארבאטע האָט מיר דער־ציילט, אז איר מאמע פלעגט מענ רופנ ע ל ק ע. זי געדענקט, ווי דורכנ שלאָפ, אז די מאמע האָט זיך געגעט מיט איר מאנ אינ ט ו נ ע־י א ד ע ו ו ק ע. זי פלעגט עס זייער אָפט דערמאָנענ אונ אויסלאָזנ איר שוּוער־ביטער הארצ צו איר וויסט טעכטערל, נעבעכ.

— מיט איר מאנ אינ טונעיאדעווקע! — מאכ איך פארוווּנ־דערט. — ווער זאָל דאָס דאָרט זײַנ איר מאנ, דער ראָשע־מערושע מיט

א שטיינערנע הארץ, וואָס האָט דערוועטעטערט זײַן קינד, זי געמאַכט אַזוי אומגליקלעך? האַ, טאָמער ווייסט איר, רעב אַלטער, וואַזוי זאָל ער דאָרט בײַ אײַך אין שטעטל הייסן?

אַלטער איז געזעסן ווי אַ טויטער, אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן, געקוקט עפּעס מעשונע-ווילד מיט אַן אָפן מויל, אַזוי אַז ס׳איז מיר אַנטפאַלן דאָס געזונט.

— ער האָט געהייסן... — רײַבט פּישקע דעם שטערן און וויל זיך דערמאָנען דעם נאָמען, — ער האָט, האָט, דאַכט זיך, געהייסן... וואַרט אַ ביסל...

— אַלטער הייסט ער!.. — טוט אַלטער אַ געשריי און פאַלט אַני-דער אָפּן וואָגן.

— יאָ, טאַקע אַזוי, אַזוי! — זאָגט פּישקע, קוקנדיק אָפּ אַלטערן, נישט אָנהייבן צו פאַרשטיין, וואָס זײַן געשריי באַטײַט. — דאַכט זיך נאָך, עפּעס אויך אַ צונעמעניש, יאַקנעהאָז. די מאַמע פלעגט באַם טעכ-טערל שטיקער פלייש אויסרײַסן, רופן זי דערבײַ יאַקנעהאָזעכע, יאַקנע-האָזס טעכטערל, ווען זי פלעגט האָבן גרויסע צאָרעס, ווען מע האָט זי אָפּגעשאַפּט פונעם אָרט.

איך אָבער האָב מיך שוין אָנגעשטויסן, וואָס די גאַנצע מעשׂה באַ-טײַט, און בין געבליבן עפּעס ווי מע גיסט איינעם אָפּ מיט אַן אָקרעפּ.

אַלטער בליפּעט און שלאָגט זיך מיט דעם קולאַק אין האַרצן, מאַכנדיק דערבײַ:

— אָמנם חטאתי! איך האָב איר פאַרוויסט דאָס לעבן. זי, נע-בעך, איז טאַקע געווען:

„דער טאַטע האָט זי געקוילעט"...

א שטראָף פון גאָט איז דערפאַר פון אַ צײַט אָפּ מיר אָנגעשיקט געוואָרן. ווהין איך קער מיך און ווענד מיך, גייט עס מיר נאָר שלימ-שלימאַזל...

איך הייב אָן פאר ראכמאָנעס צו טרייסטן מײַן אַלטערן, רייד אים אויס דאָס הארץ און פארגלעט א ביסל זײַנע זינד: ער איז דאָך נישט מער ווי באָסאָרוועדאָם, פלייש און בלוט. דער יעיצערהאָרע איז בא אונדז, זינדיקע מענטשן, זייער גרויס. גאנץ גרויסע צאַדיקים אפילע זײַנען אין אזעלכע זאכן... געכאַפּט, און קענען אין דעם איניען פון כאַסענע-האָבן מיט דעם יעיצערהאָרע גאָרנישט מאכן. זייער פיל פון אונדזערע עלטערן, צאַדיקים, זײַנען געוועזן לאַפּנמיצלעך, געלעגן אונטער דעם ווײַבס פּאַנטאָפל, געטאָן איר ווילן און צעטריבן אפילע אייגענע קינדער פון אן אנדער ווײַב, אויב נאָר זי האָט גע-הייסן...

פישקען זעט די גאנצע זאַך אויס עפּעס מעשונע. ער זיצט פאַר-וווּנדערט מיט א פּאָר אויסגעשטעלטע אויגן, קוקט ווילד עפּעס אפּ אַלטערן, אפּ מיר און ווייסט נישט וואָס צו טאָן.

דערווײַל ווערט שטאָק-נאַכט. די שטערן פינקלען, ווינקען צו אונדז פונעם הימל מיט זייערע שײַנענדיקע ליכטיקע פּענעמלעך, גלײַך ווי זיי מישן זיך אַרײַן אין אונדזער שמועס, ווילן עפּעס זאָגן, און באַם עק הימל הייבט אָן, ווי פון דער ערד, אַרויסצוגיין א גרויסע לעוואָנע, רויט ווי פײַער. האַכט זיך, זי קוקט גלײַך גאָר אַפּ אונדז. אַלע דאָרט אויבן קוקן, דאַכט זיך, ווילן זען דעם שפּיץ, מיט וואָס די דאָזיקע מײַסע וועט זיך אויסלאָזן... מײַן אַלטער זעצט זיך געשווינד אויף, הייבט אויף זײַנע אויגן צום הימל און רעדט מיט הארץ:

— איך שווער בא דעם, וואָס לעבט אייביק, אז איך וועל נישט קומען אַהיים צום ווײַב און קינדער, נישט כאַסענע מאַכן מײַן בסולע, ביז איך זוך נישט אויף מײַן פאַרוואָגלט קינד! הימל און ערד זײַנען איידעס! איך פאָר טאַקע באַלד, און ווײ, ווײ דאָרט דעם, וואָס וועט זיך מיר אַקעגנשטעלן...

פּישקע פאַלט אַרופּ אַלטערן אפּן האַרצן, האַלדזט אים, קושט א

היפּשע ווײַלע אָן ווערטער, און איז שטאַרק צעמישט. דערנאָך שיסט ער אויס אַף אַ וויינענדיק קאָל מיט אַ געבעט:

— גוואַלד, ראַטעוועט, ראַטעוועט זי...

מײַן אַלטער שפּרינגט געשווינד אַראָפּ אַף דער ערד, קריכט אַרום צו זיך אַפּן וואָגן, און, געזעגנענדיק זיך מיט אונדז פֿונדערווײַטנס, דרייט ער אויס דעם דישל, טוט אַ שמיץ די שקאַפּע און פֿאָרט זײַן וועגס. איך מיט פּישקען קוקן מיר אים אַ היפּשע צײַט פֿון הינטן נאָך, נישט צו ריידן קיין וואָרט. דערנאָך גיב איך אַ בליק צום הימל, — די לעוואָנע און שטערן גייען זיך זייער גאַנג, גאָר נישט דאָס פּאָנעם וואָס פֿריִער, שטאַרק הויך, האָפּערדיק, ווײַט, ווײַט פֿון אונדז, מענטשעלעך. עס ווערט עפּעס אומעטיק — נישט פֿריילעך אַפֿן האַרצן...

איך טו אַ שמיץ מײַן אָדלער, ער זאָל מוחל זײַן זיך שלעפּן אַ ביסל גיכער, — און שפּעטלעך באַנאַכט פֿאָרט מײַן בײַדל איבער די גריבערדיקע גאַסן פֿון גלופּסק מיט אַ קלאַפּערײַ, אַ געשריי, אָנזאָגנדיק דעם עולם, הנה, זײַט וויסן, נאָך צוויי פֿרישע ייִדן זײַנען אָנגעקומען קיין גלופּסק!..

*1888*



# מא שמייכעמ?

מא שמייכעמ? דאָס איז די ערשטע שײַלע, וואָס א ייִד פרעגט דעמ אנדערנ, גאָר א ווילד-פרעמדנ, ווײַבאַלד ער באגעגנט זיכ מיט אימ אונ שטעקט אימ אָפּ א שאָלעמ-אַלייכעמ. קיינעמ גייט בעשאַסמײַסע גאָר אפּ דער מאכשאָווע נישט ארופ, אז מע זאָל זיכ קענענ אָנרופנ אשטייגער: „וואָס איז אײַכ, רעב קאָרעוו, אַזוי דאָ געלעגנ צו וויסנ, ווי איכ הייס? מיר ווילנ דענ אײנער מיט דעמ אנדערנ זיכ מעשאַדעכ זײַנ? איכ הייס, ווי מע האָט מיכ א נאָמענ געגעבנ, אונ לאָזט מיכ געמאַכ”. אדעראַבע, די שײַלע „מא שמייכעמ” איז א גאַנצ נאַטירלעכע זאַכ. עס ליגט אַזוי אינ דער טעווע, אַקוראַט ווי א טאַפּ צו טאָנ יענעמכ נײַע קאַפּאָטע מיט א פרעג: וואָס קאָסט אַנ אַרשינ; ווי צו בעטנ א פּאַפּיראָס בעשאַס יענער עפנט אופ זײַנ טײַסטערל מיט טיטונ; ווי ארײַנצושטעקנ די פינגער אינ יענעמס פּושקעלע אונ נעמענ א שמעק טאַבעקע; ווי ארײַנצוקריכנ מיט א פּוס אינ יענעמס ביטל, אײַנטונ-

---

א קאַפּיטל פונעמ בוכ „דאָס קליינע מענטשעלע“.

קענ דאָרט דאָס פאַרשמאָלצעוועטע פּאַטשיילכנ אונ רײַבנ דערמיט דאָס לײַב; ווי צוצוגיינ ווו צוויי מענטשנ שמועסנ צווישנ זיכ, צולייגנ אנ אויער אונ הערנ זייער שמועס; אָדער ווי א פרעג צו טאָנ איינעמ פּלוצלימ פונ דער העלער הויט מיקויעב זײַנע געשעפטנ אונ אָנוואַרפנ זיכ אַפ יענעמ מיט אייצעס, כאָטש יענער האָט גאָר איג זיי קלאָל זיכ נישט געגייטיקט אונ קענ אָנ זיי זיכ אויכ באַגיינ. אזעלכע אונ קעדוימע נאָכ אזעלכע זאַכנ זײַנענ גאַנצ געוויינטלעכ. אזוי איז דער סיידער-האָוילעמ פונ אייביקע צײַטנ, אונ אָנצוּרופנ זיכ אַקעגנ דעמ וואָלט אויסגעקומענ עפּעס טאקע ריינ מעשונע, עפּעס מעשונע-ווילד, גאָר שעלוי-קעדערעכ-האַטעווע. נישט נאָר אַפ דער-וועלט, אפילע אויכ דאָרט, אַפ יענער-וועלט, איז בא ייִדנ אײַנגעערדט, אז טייקעפּ באַמ אַרײַנשטעקנ אהינ א פוס איז דעמ מאַלעכ-האדוימעס ערשטע שײַלע: „מא שמייכעמ, רעב קאָרעוו?“ דער מאַלעכ, וואָס האָט זיכ געראַנגלט מיט יאַנקעוו-אָווינו, ער אפילע האָט נישט מעשאַנע געווענ פונ דעמ סיידער-האָוילעמ אונ אימ באַלד טאקע א פרעג געטאָנ, ווי ער הייסט? הײַנט אַפּשיטע שוינ א מענטש, א באָסאָרוועדאָמ. איכ ווייס זייער גוט, אז בא מײַנ ערשטנ אַרויספאָר אינ דער ייִדישער ליטעראַטור מיט מײַנע מײַסעס וועט געווויס דעמ אוילעמס ערשטע שײַלע זײַנ: מא שמייכעמ, פעטער?

מ ע נ ד ע ל ע הייס איכ! אזוי, ראַבויסימ, האָט מענ מיכ א נאָ-מענ געגעבנ נאָכ מײַנעמ אָנ עלטערזיידנ פונ דער מאַמעס צאַד, רעב מענדעלע מאָסקוועַר, זיכרוינוי-ליווראָכע. מאָסקוועַר האָט ער אינ זײַנע צײַטנ געהייסנ דעריבער, ווײַל ער איז אמאָל געווענ אינ מאָסקווע אַרײַנצוהאַנדלענ דאָרט רוסישע סכוירע. דאָס האָט אימ פאַרשאַפנ אינ זײַנ ווינקל א נאָמענ אונ גרויס קאָוועד. אלע האָבנ אימ געהאַלטנ פאַר א געניטנ, וועלטלעכנ מענטשנ, אז מע פלעגט בעשאָס עפּעס א

נויט און בא א פּראָשעניע-אָנשרײַבן מיט אים פּרוּער זיך מעיאשעוו זײַן, נאָר נישט דאָס בין איך אויסן.

דערמיט אָבער בין איך נאָך נישט יוצא. נאָך דער דאָזיקער ערשטער שײַלע הייבן בא ייִדן ערשט אָן זיך צו שיטן נאָך אַלערליי שײַלעס, ווי אשטייגער: פונוואַנען איז א ייִד? זײַנט איר א באַווײַבטער? האָט איר קינדער? מיט וואָס איז אײַער האַנדל? און וווּהין פאָרט איר? אוקעדוימע נאָך און נאָך אַזעלכע מינע שײַלעס, וואָס אַזוי איז שוין אָנגענומען געוואָרן בעכלל טפוצעס יִסראָעל זיי צו פרעגן, אויב מע וויל א פּאָנעם האָבן פאַר לײַט, אַז מען איז אַן אויסגעריבענער מענטש, נישט קיין באַנק-קוועטשער, און וואָס מע מוז אַלפּי מענטש-לעכקײַט דערויף ענטפערן אַזוי ווי א „גוט-יאָר!" אף איינעמס א „גוט-שאַבעס!" אָדער „גוט-יאָמטעוו!". איך וויל מיט א וועלט נישט אײַנ-רײַסן און בין בערייט אף די דאָזיקע שײַלעס אויך צו ענטפערן קורץ און גיך ווי נאָר מעגלעך.

אליין בין איך א געבירטיקער פון צוויאַטשיטש, א קליין שטעטל אין טעטעריוקער גובערניע, באַרימט מיט אירע גוטע בע-היימעס און נאָך מער מיט דעם צוויאַטשער, לעהאַוודל, וואָס מיט אים קלינגט די וועלט. נישט דאָס בין איך אויסן. אין מײַן פּאַספּאָרט שטיי איך אַלט 52 יאָר, נאָר באַשטימט וויפל איך בין אַלט קען איך אײַך נישט זאָגן, מײַנע טאַטע מיט דער מאַמען, אַלייהעם-האַשאָלעם, זײַנען שטאַרק מעבולבל געווען אין דער רעכענונג פון מײַנע יאָרן. נאָך זיי ביידע בין איך געבוירן געוואָרן צום ערשטן ליכטל בעשאַס דער גרויסער סרייפע פון די קלייטן. נאָר נאָך דעם טאַטנס כעזשבן איז דאָס געווען בעשאַס די גרויסע קרירעס זײַנען פּאַרשלעפּט גע-וואָרן אין אונדזער ווינקל, פּונקט אין דער צײַט, ווען דער א ל ט ע ר, זיכרוינוי-ליוורעכע, איז ניסטאַלעק געוואָרן. און די מאַמע פלעגט אויסווײַזן, אַז דאָס איז גאָר געווען מיט א יאָר צוויי נאָך דער ער-

שמער בעהאַלע, נישט הײַנט געדאַכט. א סימען אפילע, דערנסטמאָל האָט זיך בא אונדז געקעלבט די רויטע קו, און זוים־באַנעקע האָט זי פאַר א האַלב שטעטל געמאַכט מילכיקע וואַרעניקעס, וואָס מע האָט פון זיי געלעקט די פינגער און ליגן בא טייל אַלטע ייִדן נאָך אין הײַנט אין טאַם. נישט דאָס אָבער בין איך אויס. די פרימעטעס מײַנע אין מײַן פּאַספּאָרט זײַנען אַזוי: די וווּקס — א מיטעלע; האָר, ברע־מען — גרוי; אויגן — קאַרע, די נאָז, דער מויל — מיטלמעסיק, א באָרד — א גרויע, דאָס פּאָנעם — א ריינס; אָסאָביע פרימעטעס — נישטאָ. דאָס הייסט אינגאַנצן פּראָסט גאָרנישט, א מענטש ווי גע־ווײנטלעך דאָסראָוו מענטשן, נישט קיין קאָטער, קיין בעהיימע, כאָ־לילע. אײַ די קאַשע איז, גלאַט א פּאַספּאָרט גאָר אָן פרימעטעס וואָלט דאָך אויך דאָס אייגענע באַוויזן, אז מען איז א מענטש? וואָרעם, ווי האָבן דען בעהיימעס פּאַספּאָרטן? דער טערעץ איז אָבער, אז קאַשעס פרעגן איז קיין סייכל נישט. הערסטו, דער גאַנצער סייכל איז דאָך טאַקע — אָט נאָט אײַך פרימעטעס און ווייסט פּאָרט נישט, וואָס פאַר א פּאָנעם איך האָב... און בעעמעס טאַקע, לאָמיר זיך נישט נאַרן, וואָס וועט אײַך אַרויסקומען, אז איר וועט שוין וויסן, אשטייגער, אז מײַן שטערן איז א הויכער מיט א סאַך קנייטשן, אז מײַנע נאָזלעכער זײַנען זייער גרויסע און עפּעס מעשונע, אז איך קוק — מאַך איך דערבײַ צו א ביסל די אויגן, ווי א קורצזיכטיקער, און אז איך פאַרצי די ליפּן — זעט עפּעס אויס, ווי איך שמייכל מיט א שטענדיק גע־לעכטערל? גלייבט מיר, מײַן ווײַב אפילע פאַר אונדזער כאַסענע האָבן אזעלכע קלייניקייטן אויך קלאָל נישט אינטערעסירט. מע האָט איר געזאָגט: מאַזלטאָוו, קאַלע, דו האָסט א כאָסן! און גענוג. וועמעס אייסעק דען איז דאָס יענעמס א נאָז, יענעמס א פּאָנעם? וואָס מאַכט עס אויס און וועמען גייט עס אָן? מיילע, ווייסט איר דאָך, אגעוו, שוין, ראַבויסײַ, אז איך בין א באַווײַבטער, קינדער, פאַרשטייט זיך

דאָכ בעמייִלע, אַז איכ האָב אונ, אָנ אײַנאָרע, נאָכ פֿיל, וואָרעמ, וווּ האָט איר א באַווײַבטנ ייִדנ, ער זאָל נישט האָבנ לעבאָלאָפּאָכעס א האַלב טוץ קינדערלעכ? ביפֿראַט נאָכ אַנ אָרעמאַנ. האַנדלענ האַנדל איכ מיט רומל, דאָס הייסט מיט כומאָשימ, מאַכזיירימ, סידורימ, סליכעס, טכינעס אוקעדוימע אזעלכע מינע ספֿאָרימ. דערבײַ געפֿינט זיכ בא מיר אַלערליי מײַסעס — אונ א ביסל פֿונ הײַנטיקע מינע ביכלעכ. איכ האָב איבערגעהאַט אינ מײַנ לעבנ א סאַכ מינע פּאַר־נאָסעס: באַלד באַמ אָראָפּגיינ פֿונ קעסט בינ איכ געוואָרנ א כאַלפֿנ, דערנאָכ א פּסאָמימ-קרעמערל, א שענקער, א מויכער-טווּעניק, א מעקלער אונ א מעלאַמעד. איכ האָב מיכ געוואָרפֿנ, ווי דער שטייגער איז פֿונ ייִדנ, אַפֿ אַלע זײַטנ, אונ בינ געווענ, לוי-אַלייכעמ, א גרוי-סער עוויענ. ווי זאָגט מענ עפּעס — א סאַכ מעלאָכעס אונ ווייניק בראָכעס. ביז לעסאָף האָב איכ מיכ גענומענ צו ספֿאָרימ אונ בינ דער-פֿונ שוינ א צײַט מיט יאָרנ, באָרעכאַשעמ, זייער שיינ זיכ מעפֿאַר-נעס. כוץ רומל, פֿיר איכ נאָכ מיט מיר בערשעטער טאַלייסימ, טאַ-לעסקאָטנס, קאָפּלשמוינעדיקע ציצעס, רעצועס, שויפֿרעס, הייעלעכ, מעזוזעלעכ, וואָלפֿציינדלעכ, קאַמייעלעכ, קינדערשע בליטשקענע שי-כעלעכ אונ יאַרמלקעלעכ, אונ אמאָל אויכ מעש אונ קופּערוואַרג. ווי-אַרומ מעש אונ קופּערוואַרג קומט צו ספֿאָרימ, ווייס איכ אַליינ נישט, נאָר אַזוי איז שוינ בא אונדז אײַנגעפֿירט מיקאַמע-וועקאַמע שאָנימ, פּונקט ווי א ייִדישער מעכאַבער מוז אמאָל אויכ זײַנ אי א שאַדכנ, א פּוילישער שאַמעס אינ א קלײַזל מוז דערבײַ דאָרט האַלטנ א קליינ שענקל, ווי א סבאָרשטשיק מוז אמאָל אַפֿ א סימכע בא די פּײַנע-בעריעס קאָכנ פֿיש אונ זײַנ א סאַרווער, ווי עפּעס א קלייקוידעש מוז דאָסראָוו זיכ אָפּגעבנ מיט פּלאָטקעס, פֿאַרקאָכנ אמאָל א קאַשע, אונ ווי א ליאַד גווירל מוז האָבנ כיילעק אינ דער טאַקסע... נישט דאָס בינ איכ אויסנ. יאָרנלאַנג בינ איכ אינ אונטערוועגנס, איכ פֿאָר אַרומ אינ

גאַנצ פוילנ אונ בינ דאָרט פול אינ אַלע שטעט אונ שטעטלעכ. מע קענ מיכ, באַרעכאַשעמ, אומעטומ ווי א בייזנ שילינגער. איר וועט מיכ דאָרט טרעפנ שטייענדיק מיט מײַנ בײַדל דאָסראָוו לעבנ בעסמעד-רעש. מײַנ פערדל שטייט אויסגעדרייט מיט דעמ פּאַנעמ צומ וואָגנ אונ עסט, אויב ער האָט נאָר, סיטשקע פונ אַנ אויסגעשפּרייטנ לאַנטוכ, וואָס איז צוגעבונדנ פונ איינ זײַט צו די קאָזלעס אונ פונ דער אַנ-דערער זײַט צו ביידע אינ דער הייכ אופגעשטעלטע האָלאָבליעס. ייִדישע קינדערלעכ פאַרגאַנווענענ זיכ שטילערהייט אונ רײַסנ געשמאַק סטרונעס פונ זײַנ עק, נעבעכ, אונ ער, שלימאַזל, שטייט זיכ גאַנצ רויק, עס זאָל דאָס אימ אָנהייבנ צו אַרנ. ער לאָזט אַמאָל דערבײַ אַראָפּהענגענ די אונטערשטע ליפּ, אונ עס דאַכט זיכ נאָר דערנסטמאָל, ער לאַכט עפּעס מיט ציינ, נאָר ווי, לעהאַוודל, א מענטש. אַז מאַכט זיכ אַמאָל, ער האָט נישט וואָס צו עסנ, שטייט ער זיכ פאַרטראַכט מיט אופגעשטעלטע אויערנ אונ קוקט אינ בײַדל אַפ די ספּאָרימ עפּעס אַזוי, אַז מע וואָלט געמעגט שווערנ, ער פאַרשטייט דערינענ זייער גוט מיט זײַנ פערדישנ מויעכ אונ נעמט עס אַפ זײַנע קיילימ עפּשער נאָכ פיל בעסער, ווי אַנ אַנדערער באַהעלפער, מעכילע. נישט דאָס בינ איכ אויסנ.

דאַכט זיכ, איכ האָב שוינ מײַנס יויצע געווענ, אַלצדינג אײַכ אָפּ-געזאָגט, אונ מעג שוינ אָנהייבנ מײַנ סיפּער-האַמײַסע. איבעריקנס בינ איכ דאָכ נישט מער ווי א מענטש, עפּשער האָב איכ עפּעס פאַרגעסנ, מעגט איר מיר זיכער גלייבנ, אַפ מײַנ וואָרט, אַז ווײַבאַלד איכ וועל מיכ נאָר דערמאָנענ, וועל איכ עס גאַנצ געוויס צושטעלנ אינ איינע פונ מײַנע מײַסעס, וואָס איכ האָב בעדייע מיט גאָטס קויעכ איינע נאָכ דער אַנדערער אָפּצודרוקנ. אונ ווײַטער, אויב עמעצער וועט קיינ צײַט ניט האָבנ אונ טאַקע באַלד וועלנ וויסנ קאָל-שוירעש-דאָוואָר, איט-לעכס פּיצעלע, מעג ער זיכ מאַטריעכ זײַנ צו מיר צו שרײַבנ אונ וועט באַקומענ פונ מיר איינגיכנ א קלאָרע טשוווע. מײַנ אַדרעס איז: מענ-

דעליו יודעלאָוויטשו מויכערו ספּאָרעמו אוזו צוויאטשיטשו. דעמ טיטל גאָספּאָדינו יעוורייו באדארפ מענ נישט שרײַבנ. מע וועט אזוי אויכ ווייסנ.

שאט, שאט, ראבויסימ! איקער שאָכאכטי, גוט, כלעבנ, וואָס איכ האָב מיכ באצײַטנס ארומגעקוקט. דער מינהעג פונ אונדזערע יידישע מעכאברימ איז, ווי איטלעכנ איז באקאנט, ארײַנצושטעלנ זייערע ווײַ-בער, די צנועס, אינ זייערע בעפיירעש ספּאָרימ מיט די נעמענ אָדער מיט א האמצאָעלע דורכ ראָשעטייוועס אונ אָפּצולויבנ אינ טאָג ארײַנ זייער גוטסקײַט אונ פרומקײַט. בעכיינ וועט איר דאָכ אוואדע וועלנ ווייסנ לעכאָלאָפּאָכעס ווי מײַנ ווײַב הייסט, אונ וועט טאקע זײַנ זייער גערעכט.

שאט, זי הייסט יענטע!

# אָנמערקונגען און דערקלערונגען

## מאַסאָעס בּיניאָמינ האַשלישי

קיצער מאַסאָעס בּיניאָמינ האַשלישי — אַ פאַרקיר-צונג (געמיינט: אַ קורצ געפּאַסטע איבּעראַרבּעטונג) פונ בּיניאָמינ דעמ דריטנס רײַזעס.

לויט דער פאָרמ, אינ פּראָט פונ געבּוי אימיטירט דאָ מענדעלע בּינ-יאָמינ פונ טודעלאַס „מסעות״: צוערשט גייענ קלוימערשט ציטאַטנ פונ בּיניאָמינ דעמ דריטנס בּאַשרײַבּונג גופא אינ ערשטער פּערזאָנ (זיי הייבּנ זיכ געוויינלעכ אָנ אינ העבּרייִש), און נאָכדעמ קומט אַ פּאַראַפראַז פונ בּיניאָמינס רײַזע-פּאַסירונגענ אינ דריטער פּערזאָנ.

נעסיִע — רײַזע. אונטער די האָרע-בּוישעכ — הינטער די פינצטערע בּערג. די דאָזיקע לעגענדאַרישע בּערג ווערנ דערמאָנט אינ די מיטלאַלטערלעכע ייִדישע רײַזע-בּאַשרײַבּונגענ. כּידושימ — וווּנדער. שיווימ לעשוינעס — זיבּעציק שפּראַכנ; געמיינט: אַפ אַלע שפּראַכנ פונ דער וועלט. לויט דער ייִדישער פאַרעלטערטער פאָרשטעלונג זײַנענ אַפ דער וועלט פאַראַנ נאָר זיבּעציק שפּראַכנ.

האקדאָמאס — פאָרוואָרט. דער סטיל פונעמ פאָרוואָרט אימי-טירט פאראָדיסטיש די טראדיציאָנעלע „האקדאָמעס" צו די העברייִשע ספאָרימ אונ אלט-ייִדישע ביכער. דער בוירע — דער באשעפער (גאָט). גאלגאלימ — דאָ: הימל-קערפערס, שטערנ, פלאנעטנ. מיקאָלשעקייִנ — אוואדע, שוינ אָפגערעדט, ווער שמועסט. לע-כאָלאפאָכעס — ווייניקסטנס. א מייע קיטעס — הונדערט גרופעס. ענטפערנ קוימעמיִעס — דאָ געמיינט: אָנזעצנ. א פיזמענ — דאָ געמיינט: עפעס אָנריידנ אפ עמעצנ, מאסערנ.

קוינע-שעמ געווענ — באריממט געוואָרנ, געמאכט זיכ א נאָמענ. ארצויס-האמיזראָכ — די מיזרעכ-לענדער. קליי-זייִענ — וואָפנ, געווער. מאסיג זייִנ — באגרייִפנ. בעכאָל-האָויפאנימ — דאָ געמיינט: יעדנפאלס.

בינ יאָמינ דער ערשטער — בינ יאָמינ רויפע פונ טודע-לא, געלעבט אינ XII יאָרהונדערט אינ שפאניע.

בינ יאָמינ דער צווייטער — א רומענישער ייִד, א וועלט-רייִזנדער (1818—1864). זייִנ אייגנטלעכער נאָמענ איז געווענ יאָסעפ-איזראעל.

מאפליג צו זייִנ — אויסצייכענענ, באזונדערס רימענ. קנו-פיע — כאָפטע, קליקע. מעקאבלימ — געמיינט: אָרעמעלייִט, שלעפער. פאָסעק — א פראזע פונ דער ביבל. פע-עכאָד — איינ-מוטיק, איינשטימיק.

קעפי — נאָכ, לויט. לוי-אלייבעמ — ניט פאר אייִכ געדאכט. פאָטראוועס — געריכטנ. האקאָטנ — דער קליינער.

## דאָס ערשטע קאפיטל

ניסגאדאלטי — אופגעהאָדעוועט געוואָרנ. האצנוע מאָ-ראס זעלדע טיכיע — די פרומע פרוי זעלדע זאָל לעבנ.

באלע-האמצאָעס — וויצלינגענ, מענטשנ מיט אייִנפאלנ. דער טויגער — געמיינט: הערקייִ; קירע — געמיינט: עסטרייִכ.

גזירעס — געמיינט: רעפּרעסיעס פונ דער צארישער מעלוכע, געווענדט קעגנ דער ייִדישער באפעלקערונג. רויטע ייִדלעכ — די לעגענדארישע ייִדישע שוואָטימ, וואָס לעבנ קלוימערשט הינטער די „האָרע-כוישעכ". ראזביריַעט — געמיינט: באטראכט, באהאנדלט. באטאָגטע — באיאָרנטע. זײַנענ מאפקיר — לאָזנ אפ הפקער. בישלימעס — פולקומ, געמיינט: געוויסנהאפטיק. לעשעמ-שאָמאִימ — פונ גאָטס וועגנ. העלער — אנ אלטע דײַטשישע און עסטרײַכישע קלײנע מאטבייע, געמיינט: א גראָשנ. וועהאקל שאָריר וועקאיאָמ — א טראפארעט פונ א באשטעטיקונג אינ די פּראָטאָקאָלנ פונ די אמאָליקע קאָהאָל-פארזאמלונגענ, ראבאָנישע אופרופנ, צירקוליארנ. לויט זײַנ באדײַטונג ענלעכ צומ רוסישנ: «быть посему», «и тому (написанному) верить». קאָל מאלכע — אלע קיניגנ. בעגילופנ — דאָ געמיינט: שטארק אופגעלייגט. קאנ — 150.

באלע-ביטאָכנס — אָפּטימיסטנ, מענטשנ מיט גרויסער האָפענונג. איז זיכ מעפארנעס — שפּײַזט זיכ. ביטמימעס — נאִוו, טאמעוואטע.

האשעמיִסבאָרעכ — גאָט. באָרעכאשעמ — גאָט צו דאנקענ. א קיילע — דאָ געמיינט: אנ אינסטרומענט. א קאָלנעגינע — א שטימ צומ זינגענ. מוסאָפימ — די צוגאָב-טפילעס פאר שאבעס און יאָמטעוו. יאָמימ-נוראָימ — ראָשעשאָנע און יאָמקיפער. אינ דער סוויווע — געמיינט: אינ א ייִשעוו אויסער דער שטאָט. א שטאָט — דאָ: א שטענדיק אייגנ אָרט אינ שול. ראכמאָנימ בנייִ ראכמאָנימ — דערבארעמדיקע, קינדער פונ דערבארעמדיקע.

שוואכ — א לויב, א קאָמפּלימענט. האלבאָשע — קליידונג. כאמישעאָסער — געמיינט: דער 15-טער טאָג פונ כוידעש שוואט, ווענ, לויט דער ייִדישער רעליגיעזער טראדיציע, פלעגט מענ עסנ באָקסער און אנדערע פּיירעס. קוימעמיִעס — האָפערדיק. אלפּי מיקרע — לויט א צופאל. יארדנ — דער הויפּט-טײַכ פונ פּאלעסטינע. מעאָרעס-האמאכפּילאָ — לויט דער ביבלישער לעגענדע, די הייל, ווו עס זײַנענ באגראָבנ געוואָרנ די „אורפאָטערס" פונ די ייִדנ. קויסל-מאראָווי — די מײַרעוודיקע

וואנט. רעשטנ פונ א וואנט אינ יערושאָלאַימ. לויט דער ייִדישער טראדיציע, איז דאָס די מײַרעוו-וואנט פונעמ אמאָליקנ ביימ-האמיקדעש. כאמיי-טעוואריע (ריכטיקער: כאמיי טיבעריא) — די וואַרעמבעדער פונ טיבעריע (אינ פּאַלעסטינע). האר-האזייסימ — „אײלבערטנ-בארג“, ניט ווײַט פונ יערושאָלאַימ.

בעיאָד ראָמאָ — געמיינט: שטרענג. אד מאָסײַ? — ביז וואנענ? דער סאר שעל יִישמאָעל — דער מאלעכ, דער הימל-שער שיצער פונ יִישמאָעל (פונ די מוסולמענער). שוילעט זײַנ — הערשנ, האָבנ די מאכט.

אסערעס-האשוואָטימ — די צענ שוואָטימ, וואָס האָבנ אינ אוראלטער צײַט באוווינט דאָס קיניגרײַכ יִיסראָעל אונ זײַנענ פארטריבנ געוואָרנ פונ פּאלעסטינע אינ יאָר 719 פאר אונדזער ערע, ווענ דאָס דאָזיקע קיניגרײַכ איז כאָרעוו געוואָרנ. וועגנ דעמ, ווו די דאָזיקע צענ שוואָטימ געפינענ זיכ, זײַנענ געשאפנ געוואָרנ אָנ א שיר לעגענדעס.

„בניי-מוישע“ — א לעגענדארישער יִידישער שייוועט, וואָס ווינט קלוימערשט „הינטער די האָרע-כוישעכ“. עלדאָד האדאָני — א יִידישער רײַזנדער פונ IX יאָרהונדערט, אנ אוואַנטוריסט.

א האָדעסל — א ריטועלע פּסאָמימ-פּושקעלע, געווײַנלעכ א זילבערנס. טישבוירעס — ברוכצאָל. אזא האדראס-פּאָנעמ — אזא שיינ אויסזענ. מומכע — ספּעציאליסט. קעפי האשמועע — לויט די קלאנגענ. כארטומע מיצראימ — די קישעפמאכער פונ עגיפּטנ.

דאכקעס — ענגשאפט, נויט. נילקעד — געפאנגענ. מעצורעפ לאָזע — צוגעגעבנ דערצו.

א ניצוצ — א פונק. מעסוגל געווענ — פייִק געווענ.

ראבע-באר-באר-כאָנע — איינער פונ די טאלמוד-געלערנטע פונ סאָפ III יאָרהונדערט. וועגנ זײַנע רײַזעס ווערנ אינ טאלמוד געבראכט פאנטאסטישע דערציילונגענ. „שוואָכע-יערושאָלאַימ“ — א העברעיִש ביכל וועגנ דער שטאָט יערושאָלאַימ. דער אווטאָר — יאקאָוו באָרוכ. דערשינענ אינ יאָר 1785. הויסאָפעס — צוגאָבנ.

„צייל-אוילאָמ“ — דאָס קאָסמאָגראפישע ווערק „L'image du monde“ פונ נאָסוענ, וואָס מאטיסיאָהו דע לאַ קראָטי האָט איבער-

געארבעט אפ העברייִש. איז ער קוילעל — אנטהאלט ער. אלע שוואַ-כאָכמעס — אלע זיבן וויסנשאפטן, געמיינט: די גאנצע וויסנשאפט ביכלאַל. כידושים-וועניפלאָעס — ווונדער איבער ווונדער. גוימער געווען — באשלאָסן.

## דאָס צווייטע קאפיטל

א קאָדעש — א הייליקער, א מארטירער. אגאַנע — א פרוי, וואָס איר מאן האָט זי פארלאָזן און איר ניט געגעבן קיין גט. באַל-פּאַכדן — א שרעקעדיקער. איימאס-מאָוועס — טויט-שרעק. געדופעט — געהאָפט. טאכטויגים — אונטערהויזן. פעלפּענע — זייד-סאמעטענע, וועלוועטענע. דער ליוויאָסן — א פאנטאסטישער ריזן-פיש.

האנהאָגע — אופירונג. א פּליע — א ווונדער. א קיימע-לאָנ — געמיינט: אן אָנגענומענע אקסיאָמע. זעלט עס — וואָלט עס. טייקו — אין טאַלמוד א פאָרמולע פון אריבערגיין צו אן אנ-דער איניען, ווען עס ווערט געשטעלט א פראגע און עס ווערט אפ איר קיין ענטפער ניט געגעבן. באלדאָווער — געמיינט: שעד, טייוול.

געבליבן מוסקעם—געבליבן באשטימט. בוידעק זיין — אויספאָרשן, דאָ: איבערקוקן, רעווידירן. לאָכיין — דעריבער. אלפּי דערעכ-האטעווע — נאָכן נאטירלעכן גאנג. די טאקסע (קאָראָבקע) — א קאָהעלשער שטייער-אָפּצאָל אפ פלייש באם צארין. די דאָזיקע שטייער-אינסטיטוציע איז געווען איינס פון די שווערסטע עקספּלואטאציע-מיטלען אין די הענט פונעם קאָהעל און די גווירים קעגן דער יידישער אָרעמשאפט.

טכום-שאבעס — דער שעטעכ, וואָס א רעליגיעזער ייד האלט פאר דערלויבט צו גיין אום שאבעס (אויסער דעם יישעוו). אלעק-סאנדער מוקדען — אלעקסאנדער, קיניג פון מאקעדאָניע, אין גריכנלאנד, 356—323 פאר אונדזער ערע. פּיפּערנאָטער, לינ-דענוואָרעם — פאנטאסטישע, אויסטערלישע בייִעס. מעשולאָ-כעסן — געמיינט: אָנשיקענישן.

סאָנע-ציִענ — א שאָוויניסטישע רעדנסארט, א באַוואָרעניש, ווענ א רעליגיִעזער יִיד רעדט וועגנ א מעגלעכנ אומגליק. כײַעס-ראָעס — בייזע כײַעס. ווילדע אומעס — ווילדע פעלקער. זיכ מעיאעש געווענ — געקומענ אינ פארצווייפלונג. ביסטו מענאציִעכ — באַזיגסטו. א קיילע שליימע — א פולקומע זאַכ.

דאָבריִענ — גוט-מאָרגנ!

שעאָר-יעראָקעס — די איבעריקע קרײַטעכצער. ניט געווענ לעראָצנ — ניט געפעלנ. א שאלשעלעס — א באַשטימטע נאָטע פונ דעמ רעטשיטאטיוו, מיט וועלכנ מע פלעגט לייענענ די ביבל אינ שול. בעיִמ — אויב. אומעס-האָוילעמ — געמיינט: ניט-יִידנ. די מײַסע פונ יויסעפ האצאדיק מיט זליכענ — די ביבלישע דערציילונג וועגנ דעמ, ווי פּויטיפערס פרוי האָט געפּרוווט פארפירנ יויסעפנ. די שפּעטערדיקע יִידישע לעגענדע רופט אָנ פּויטיפערס פרוי מיטנ נאָמענ זליכע.

נו, זשידקאָ, א שטשאָ, טראָשקע ליפּשע? — נו, יִידל, וואָס, עטוואָס בעסער? טראָשקע טעבע ליפּשע? — איז דיר עטוואָס בעסער? בינשימע אכאָס — אינ איינ אָטעמ. ליפּשע, ראק ריבי מאָיִ, אײַ, אײַ, אײַ — בעסער, נאָר די פּיס מײַנע, אײַ, אײַ, אײַ. ראק — נאָר, „ריבי" באַטײַט פּיש. ביניאָמינ אונטערשיידט ניט צווישנ „ש" און „ס" און אזויארומ טײַטשט ער פּיס — ריבי. איזווידקי טי, זשידקאָ? — פונוואַנענ ביסטו, יִידל? מאהעפּאכ-פּאשטאָ — צוויי באשטימטע טענער פונ דער טראדיציִאָנעלער גאמע פונעמ רעטשיטאטיוו, מיט וועלכנ מע פלעגט לייענענ די ביבל. יא ניאָמקא, ביניאָמקא אווו טונעיאדעווקו — איכ בינ ניאָמקע אינ טונעיאדעווקע. טי איז טונעיאדעווקי? קאזשי זשע, שטשאָ טי וויטאראַשטשיל נא מעני אָטשי אי גליאדיש יאק שאליאָני? אליע מאָזשע טי טאקי אי שאליאָני? טראסצא טוואָיִ מאטערי! — דו ביסט פונ טונעיאדעווקע? זאָג זשע, וואָס האָסטו אויסגעגלאָצט אפּ מיר די אויגנ און קוקסט, ווי א מעשוגענער? און עפּשער ביסטו טאקע מעשוגע? א רועכ אינ דײַנ מאמענ ארײַנ! יא טעביִ לעכאטכילע קאזאטע, יא ניאָמקע טאמ אווו טונעיאדעווקו! — איכ האָב דיר

לעאכטכילע געזאָגט, איכ בינ ניאָמקע, דאָרטנ אינ טונעיאדעווקע. אוּוו טונעיאדעווקי זשינקא טעבי דאמ טשארקע שליש אי שאבאשקאָווע בולקע, אי דאָברע דאנקויעט טעבי — אינ טונעיאדעווקע וועט דיר (מײַנ) ווײַב געבנ א קעלישעק בראנפנ אונ שאבעסדיקע כאלע אונ וועט דיכ גוט באדאנקענ. דאָברע, זשידקאָ — גוט, ייִדל. שײַלעס — פראגנ.

טשויעש, סקילקע כאָטשעש זא פּיווענ? זא ציבולי? — הערסט, וויפל ווילסטו פארנ האָנ? פאר די ציבעלעס? מאָזשע מאיעש קארטאָפלי, יאַיצי? — עפּשער האָסטו קארטאָפל, אייער? בעסויכ האבאָימ — צווישנ די אָנקומענדיקע. טשויעש, מאָזשע טי באטשיל נא דאָראָגי זשידקאָ? או נאס יעדינ זשידקאָ, ביניאָמקא, ווטשאָרא פּראָפּאל יאק אוּוו ואָדו — הערסטו, עפּשער האָסטו געזענ אפנ וועג א ייִדנ? בא אונדז איז איינער א ייִד, ביניאָמקע, נעכטנ פארפאלנ געוואָרנ ווי אינ וואסער. אוספּייעט — באוויזנ.

ראטונעק — רעטונג. טאכבולעס — מיטלענ. גענעזנ ווערנ — אויסגעהיילט ווערנ. גוימל בענטשנ — זאָגנ אינ שול די בראָכע, וואָס איז באשטימט פאר די, וועלכע ראטעווענ זיכ פונ א טויט-געפאר.

## דאָס דריטע קאפיטל

גויווער געווענ — בײַגעקומענ. א כאקרענ — געמיינט: א פילאָסאָף. מיט ישועס אונ נעכאָמעס — מיט הילפ אונ טרייסט.

אייִשעס-כײַעל — א פרוי א בעריע. א נאס אפּטייקל — געמיינט: א שענק. נאָכנ קעסט אראָפּגייענדיק — נאָכנ אופהערנ עסנ קעסט באמ שווער. איז זיכ מעהאנע — האָט פונ דעמ האנאָע, קוויקט זיכ. ייִטער — דער רעשט, וואָס בלײַבט בא א שנײַדער פונ דעמ באשטעלערס צײַג. זיכ מיסכײַעוו געווענ — זיכ אונטערגענומענ. סילעקנ דעמ מויסער — דעקנ דעם רעשט,

בישטיקע — אינ דער שטיל, בעסאָד. הינדיאָ — אינדיע.
סאמבאטיענ — א לעגענדארישער טײַכ, וואָס זעקס טעג אינ וואָכ האלט ער קלוימערשט אינ איינ ארויסווארפנ פונ זיכ שטיינער אונ שאבעס רוט ער. קעצאפּיכים — ווי א קוכנ. די קאָמענטאטאָרנ פונ דער ביבל האָבנ ניט געוווּסט די עטימאָלאָגיע פונעמ וואָרט, אונ דאָס וואָרט איז אזויארומ פארעכנט געוואָרנ אלס אנ עקזאָטישס.
האמצאָע — אײַנפאל. א פּאָקאָרנער — א געהאָרכזאמער.
מוידע זײַנ — אָנערקענענ. בערעלעכ — בוזיקעס אָדער שישקעס פלעגנ שטיפעריש ווארפנ טישעבאָוו די יינגלעכ, ווענ די דערוואקסענע האָבנ געזאָגט „קינעס“. קישעלעכ — מיט קישעלעכ פלעגט מענ זיכ באווארפנ הוישײַנעראבע באנאכט, קעדיי ניט לאָזנ אײַנשלאָפנ, ווענ מע זאָגט דעמ „טיקנ“. טיקנ — א ריי ספּעציעלע אויסצוגנ פונ דער ביבל פאר דער נאכט פונ הוישײַנעראבע (אונ פאר דער ערשטער נאכט פונ שווועס).
קאפּאָרע־הינדל — א סינאָנימ פאר אָפּקומענ לײדנ פאר פרעמדע זינד. ראָצנ — ווילנ. מעוואטל זײַנ — פארניכטנ, צונישט מאכנ. קונדייסימ — פארשײַטע יינגלעכ. טארבעס — געמיינט: דערעכערעצ, אָפּשײַ.
מעקאבל בעאהאווע זײַנ — אָנעמענ פאר ליב. שויעל־בעייצע זײַנ — פרעגנ אנ אייצע. כעלקאס־האלאָשנ — גלאטיק צינגל. לימדינאס־האיאמ — אינ א לאנד, וואָס געפינט זיכ אפ דער אנדערער זײַט יאמ.
מיט הישלײַוועס — מיט ענטוזיאזמ.
א טרופע — געמיינט: א מיטל. יישמעיילימ — געמיינט: מאכמעדאנער. דער נאָגיד — אינ געגעבענעמ קאָנטעקסט געמיינט: דער האר, פירשט פונ די דאָרטיקע יידנ. איז זיכ אויסעק — פארנעמט זיכ.
קראכימ — ריזיקע שטעט. די אומעס — געמיינט: די ניט־יידישע פעלקער. א ברימ — א בונד. דער קויפער אל־טורעכ — ווארשײַנלעכ, דער פירער פונ א מוסולמענישנ שטאמ. בניי ריי כאָוו — א שטאמ, וואָס ווערט עטלעכע מאָל דערמאָנט אינ דער ביבל. אינ דער נאָכביבלשער ליטעראטור איז ארומ דעמ שטאמ געשאפנ געוואָרנ פיל לעגענדעס. א מישנע־לעמעלעכ — א וויצע-

קיניג. טקיעסקאפ — א האנט־שלאָג, צו באצייכענען, אז ס'איז עפּעס אָפּגערעדט געוואָרן.

דו ביסט מוסקעם? — דו שטימסט איַין?

יערכע — ווייַסע זעמל. אין דער האסכאָלע — אין אָנהייב. מעקייַעם־פּיסאק זייַן — געמיינט: אָפּטאָן זייַן רעכט, אָפּשמייַסן.

## דאָס פערטע קאפיטל

א כאָקל — דער רעליגיעזער סייפער „כאָק לעיִסראָעל".

שאלן — טרומייטערן. אין גאָטס שליכעס — לויט גאָטס אויפטראָג. די לעפּצן — די ליפּן. מעלעכ־עליוין — איינער פון די הימנען, וואָס גייען אריַין אין דער ליטורגיע פון ראָשע־שאָנע און יאָמקיפּער. קיסע־האקאָוועד — גאָטס טראָן.

געלוגט — אויסגעקוקט. א אינד — א סארנע. געזעלן — כאווער, געהילפּ.

## דאָס פינפטע קאפיטל

איז נישט בעיעכוילעס — קאָן ניט.

ביז דעם עלעף האשווין — ביז דעם זיבעטן טויזנט, געמיינט: ביז עס וועט ווערן זיבן טויזנט יאָר לויט דער טראַדיציאָנעלער ייִדישער צייַט־רעכענונג.

ווי א קאזאיעס — ווי אן איילבערט די גרייס. א פערטל־דיקן סייפער — א סייפער געדרוקט אין קווארטאָ (אין א קליינעם פאָרמאט). א מאכזערל — א בוך, וואָס אנטהאלט די ליטורגיע פאר די פארשיידענע יאָמטויווים. אקדאָמעס — א רעליגיעזער הימן פארן יאָמטעוו שוועס, אָנגעשריבן אף אראמיש. פארפאסט האָט אים מייער שאץ אין XI יאָרהונדערט, און ניט עלדאָר האדאָני, ווי ביניאָמין מיינט. מאפסיק געווען — איבערגעריסן.

קאָלי זשיד ספּיוואיע, קאָלי ווינ גאָלאָדני — ווען זינגט אַ ייִד, ווען ער איז הונגעריק. מעפוירעש זייַן — דער־

קלערנ. אינ אלע ראמאכ אייוורימ — געמיינט: אינ אלע גלידער. אונטערגעלענט זייער הארצ — איבערגעביסנ.

א קאָראָבקעלע — דאָס זעלבע, וואָס טאקסע. א קלייקוידעשל — א גייסטלעכער. א כעווערעלע — א (רעליגיעזע אָדער צדאָקע-) געזעלשאפט. מעכאברישער — אוטאָרשער. א זיווּעג מינ האשאָמאַיִמ — געמיינט: באשערטע פּאָר. אינ גאשמיעס — אינ מאטעריעלע זאכנ. אינ רוכניעס — אינ גייסטיקע זאכנ. א גרויסער קיוונ — א וויכטיקער מיינ. טארגעמ — בוכשטעבלעכ: איבערזעצונג. געוויינלעכ האָט מענ אינ זינענ די קאנאָניזירטע איבערזעצונג פונ דער ביבל אפ אראמיש, דאָ: די אראמישע שפּראכ. כוצ לאָאָרעצ — געמיינט: ניט אינ ערעציסראָעל. מיט דייטש — געמיינט: מיט יידיש.

בעהאכנאָע — אונטערטעניק. ביטאָכנ — געמיינט: דאָס פארלאָזנ זיכ. קעהאַי לישנאָ — געמיינט: מיט די ווערטער. דאָברי דיענ! קאזשי נאָ, טשעלאָוויטשע, קודי דאָראָגי אפ ערעציסראָעל? — גוט-מאָרגנ! זאָג נאָר, מענטש, ווו איז דער וועג אפ ערעציסראָעל? שטשאָ?.. יאקי סרול? ני באטשיל יא סרוליא — וואָס?.. וואָס פאר סראָעל? איכ האָב סראָעלנ ניט געזענ... ני, ני! עטאָ ווי סרול, א ווינ, לעהאוודל, ערעציסראָעל קאזאטע ווינ — ניינ, ניינ, דאָס זאָגט איר „סראָעל”, ער, לעהאוודל, זאָגט „ערעציסראָעל” ער. אפ עררעציסראָעל קודי דאָראָגי? — אפ ערעציסראָעל ווו איז דער וועג? א פּיעס וואס, זשידקי, ונאיעט, שטשאָ ווי מאָראָטשעטע מעני גאָלאָווי, עטאָ דאָראָגי דאָ פּיעווקי, א וואָני עלעסלאָעל! עלעסלאָעל! — ווייסט איַיכ, יידנ, דער הונט, וואָס איר דולט מיר דעמ קאָפּ. דאָס איז דער וועג קיינ פּיעווקי, אונ זיי — עלעסלאָעל, עלעסלאָעל!

מעצאער געוועננ — פארשאפט צאר. הילעכ — גאנג. מאשמייכעמ? — ווי איז אייער נאָמענ? א מעשאמעש — א באדינער.

אפ וועלכנ אוילעמ — אפ וועלכער וועלט. טקיע-גדוי-
לע — א לאנג אויסגעצויגענער טאָנ באמ שויפער-בלאָזנ. שומ —
טומל. פּאַמסענע — פּאָנסאָווע, רויטע. אסיפע — פארזאמ-
לונג.

אפ מישקוילעס — געמיינט: קוימ זיי האלטנ זיי אפ ניט
איַינצופאלנ. ליכווויד — לעקאָווער. ולכבוד כל המסו-
בים בכאן — אונ לעקאָווער אלע אָנוועזנדיקע.

מעגאלע זיינ — אויסזאָגנ.

א כידעש-ניפלע — געמיינט: א גרויסער ווּנדער. ראבוי-
סיַי — מיַינע הערנ. אזא פּיירעש צו מאכנ — געמיינט: צו מאכנ
אַזא ווערזנ.

פונ דער טווילע — פונעמ אָפּטונקענ זיך.

## דאָס זעקסטע קאפּיטל

ליל טווילע — באָד-נאכט. גארגערעס — גאָרגל. טי-
טוס האראָשע — דער רוימישער קייסער טיטוס (39—81 פונ
אונדזער ערע). אינ יאָר 70 האָט ער כאָרעוו געמאכט די שטאָט יערו-
שאָלאיִמ. א טאלמודישע לעגענדע דערציילט, אז גאָט האָט אימ בא-
שטראָפט: א מוק האָט זיך אריַינגעקליבנ צו אימ אינ מויעכ אונ איז
אימ דערגאנגענ די יאָרנ.

אפּשיטע שוינ — שוינ אָפּגערעדט. לוי יאאלע וועלוי
יאָווי — געמיינט: דאָס זאָל ניט טרעפנ. שוימער-אומאצל
זיַינ — אויסהיטנ. קסאוויאד — מאנוסקריפּט. א זיכערע
שמירע — א זיכערע באוואָרעניש.

סידי דאָמא דאני ריפּיַיסא — זיצ אינ דער היימ אונ
רוק זיך ניט. ליעהאוודל — ניט צוצוגליַיכנ, אַ רעדנסארט. געמאָ-
רע — טאלמוד. פאר סענדערלענ איז דאָס דער העכסטער אווטאָריטעט.
פונ אָט דער געמאָרע — געמיינט: פונ אָט דעמ ווערטל.

דראָלנ — שפּאנענ. אָנ שומ מעלאָכעס — געמיינט:
אָנ קונצנ. מאקדימ געווענ — פארלאָפנ דעמ וועג.

**טאק** (ת״ק) **מאָל טאק** — 500 מאָל 500.

**יורדיקעס**, **קאטשעניוקעס**, **מאָטשעניוקעס**, **פּיסקעס**, **יארנ** און **פּאָדאָלנ** — נעמענ פונ פּאָרשטעט אינ א ריי שטעט, ווו יידנ האָבנ געוווינט. **קעכויל האיאָמ** — ווי דער זאמד פונ יאמ. **כקירע-ספּאָרימ** — פילאָכאָפישע ביכער, ביכער וועגנ אבסטראקטע זאכנ.

**צענ טעפּ אָרעמקײַט** — ס'איז דער טאלמודישער אויסדרוק: „אסאָרא קאבינ״, וואָס ווערט געוויינלעכ איבערגעזעצט „צענ מאָס“. „טאָפּ“ — איז אויכ אנ אלטע מאָס פונ קערנער און פליסיקײַטנ. **כי מלאה האָרץ חמס** — ווײַל די ערד איז פול געוואָרנ מיט רויב. **מאסביר** זײַנ — דערקלערנ. **דאָר האפּלאָגע** — די צײַט, ווענ מע האָט געבויט דעמ באָוועל-טורעמ, לויט דער ביבלישער לעגענדע. **באאוווינויסיינו-האָראבימ** — איבער אונדזערע גרויסע זינד. מאכנ זיכ א **שעמ** — געמיינט: מאכנ זיכ א נאָמענ, שטעלנ זיכ א דענקמאָל. **פּארטשיק** — א פורמאנ מיט א פּאָר פערד. **מאזיק** געווענ — געשעדיקט.

## דאָס זיבעטע קאפּיטל

**מומע וויטע** — געמיינט: די ענגלישע קיניגנ וויקטאָריע (1819—1908). **האסבאָרעס** — דאָ געמיינט: קונצנ.

**פּאשטנ** — א מענטש, וואָס דערקלערט דערשײַנונגענ לויטנ פּראָסטנ געזונטנ שכל. א **גוילעמ** — א האָמונקולוס, א מענטש, קינסטלעכ געמאכט דורכ מאגישער קונסט. **מאָפּסימ** — ווונדער. **מיסנאגעד** — געמיינט: אָפּאָנענט, קעגנער. די **מומע ראָסיע** — רוסלאנד. **ראציעס** — אייגנטלעכ: לאנגע נודנע רייד, ארגומענטאציעס, דאָ געמיינט: ביולעטענענ.

**נויסע-כיינ** געווענ — אויסגענומענ. אינ א **סעסיע** — אפ א זיצונג. **נישט אפ דעמ אוילעמ** — ניט אפ דער וועלט. **לעגאמרע** — דורכויס, אבסאָליוט. **מעפּאלפּל** געווענ — דעבאטירט.

י ו י ס י פ ו ן — א מיטלאַלטערלעכע איבעראַרבעטונג פון יאָסעפּ פלאַוויוסעס געשיכטלעכע ווערק. דער „יוסיפון" איז פול מיט לעגענדאַרישן מאַטעריאַל. ג ע ט י ט ש ע ט — געטײַטלט. י ע ו ו אָ נ י ם — גריכיש. ב נ י י א ו ר אָ ה אָ מ י י צ ח אָ ק ו ו ע י א ק אָ ו ו — געמיינט: די ייִדן. י ע ש - א ו י מ ר י מ — בוכשטעבלעך: עס זײַנען פּאַראַן אַזוינע, וואָס זאָגן; געמיינט: (ס'איז פאַראַן) א שטאַנדפּונקט, א מיינונג. „ד אָ ס ל א נ ד פ ו נ ע מ פ ר י ס ט ע ר י אָ נ" (פונעם פּרעסביטער יאָאַן) — אין די מיטלאַלטערלעכע לעגענדעס פיגורירט א פּרעסביטער, וואָס קיניגט איבער א מעכטיק קריסטלעך קיניגרײַך ערגעץ-ווו אין מיטל-אַזיע. ס'איז א קריסטלעכע אַנאַלאָגיע צו דער ייִדישער לעגענדע וועגן די צען שוואַטים הינטער די האָרעכווישעך.

ד י מ א ל כ י ע ס — געמיינט: די קיניגרײַכן אָדער די קיניגלעכע פּערזאָנען. נ י צ מ א כ — אַרויסשפּראָצן, אַרויסוואַקסן. ט א ר ו מ ע ס — געמיינט: אומצופרידנקײַט.

אָ ק ר ע נ ט נ — יאַם-שיפן. ד ע ר פ ע ט ע ר י י ש מ אָ ע ל — געמיינט: טערקײַ.

## דאָס אכטע קאַפּיטל

ט אָ ר ע ד — פאַרנומען.
ג ע ל אָ ב ט — געקוויקט.
א נ י ו ו ע ס — באַשיידנקײַט.

## דאָס נײַנטע קאַפּיטל

נ ו י ל ע ד געוואָרן — געבאָרן געוואָרן. מ א מ צ י י געוואָרן — דערפונדן. מאַכן א מ אָ ל ע — זאָגן די טפילע נאָך געשטאָרבענע. כ א ט ע - פ אָ ק ר י ש ק ע — געמיינט: פאַרדעקט, פאַריבל. ז יי ה אָ ב נ ב ע ק א ב אָ ל ע פון... — זיי האָבן עס איבערדערציילט פון...
מ א נ י פ א ר ג ע - ל אָ ש נ — גאַנאָווים-שפּראַך. די עטימאָלאָגיע פון

דעמ דאָזיקנ וואָרט, וואָס מענדעלע גיט, איז, פארשטייט זיכ, ניט מער ווי אנ איראָניע, א כויזעק פונ באשטימטע פאָלקס-עטימאָלאָגיעס. כאָכמעס-האיאד — כיראָמאנטיע. בא מענדעלענ הייסט עס „האנט-וויסנשאפט”: „קוקנ יענעמ אינ דער האנט אריינ”, ד.ה. וואָרטנ אפ נעדאָווועס. שעלוי-קעדערעכ-האטעווע — אומנאטירלעכ. יאקבי — קלוימערשט. ערעוו-ראוו — געמיש (פונ פעלקער). געזוע קאפטוירימ — דער שטאמ קאפטוירימ (ווערט דערמאָנט אינ דער ביבל). פּאָראָדע — ראסע. מאכריזע זײַנ — אנטשיידנ (וועלכע מיינונג איז ריכטיקער). מאטיסיאָהו דעלעקארטי (ריכטיקער: דע לא קראָטי) — א יידישער געלערנטער פונ פוילנ, גע-לעבט אינ XVI יאָרהונדערט. ער האָט עס איבערגעארבעט נאָסוענס קאָסמאָגראפיש ווערק „L'image du monde” אפ העברייִש אונ האָט עס א נאָמענ געגעבנ „צייל-אוילאָמ”.

צאָרפאס — געמיינט: פראנקרײַכ. אפ א פּאָפּאס — גע-מיינט: אפ איבערבײַסנ אונ אָפּרוענ.

קאָהעלשע היצטארכעס — געזעלשאפטלעכע באדערפע-ניש. באלשעמ — א באלנעס. א וואנדערנדיקער כאסידישער רעבע, וואָס טוט אופ „ניסימ, היילט קראנקע” אאוו. קיינ טאָטער — געמיינט: קיינ זנאכער. אינ די קליינע אויסיעלעכ — גע-מיינט: אינ די ביכער (באזונדערס אינ די העברייִשע). האסקאָ-מעס — אפּראָבירונגענ, רעקאָמענדיר-בריוו.

יימאכשמויניק — געמיינט: פארשאָלטענער.

ניצל צו ווערנ — געראטעוועט ווערנ.

## דאָס צענטע קאפיטל

טעליגעס — וועגענער.

מיטשניטשקע — מעל-פארקויפערנ. א מאראָכע — גע-מיינט: א גליק.

ניסגאלע געוואָרנ — אנטדעקט געוואָרנ. ווסטרענציענ — באגעגענענ.

ליסקעס — שופנ. ראשקע — א שעפליק. אינ מערכעצ — אינ באָד. סוכעזשילעס פונ לעבער — געמיינט: דער גאל-קאנאל.

פאראסאָנענ — פאראסאָלנ, שירעמס. טאמציס — קווינטעסענצ.

ניט סוימעכ זײַנ — ניט פארלאָזנ זיכ. רויפימ — פעלדשערס. א שמורעניק — דער, וואָס עסט נאָר מאצע-שמורע — פונ ווייצ, ספּעציעל געהיטע אפ מאצע. גראָספּעציר — גרויסוויזיר. ראספּאָלאָשעט — איבערגעשראָקנ אונ גענומענ לויפנ אינ ווילדנ גאלאָפּ. זיכ מעיאכעס — געמיינט: נעמט זיכ איבער.

אגאדעטע — געמיינט: א לעגענדע. מאכמעס קאמע טײַמימ — איבער א סאכ סיבעס. הייבנ האקאָפעס — געמיינט: נעמענ סכוירע אפ באָרג. אויקער זײַנ — אנטלויפנ.

כויקרע-קאדמויניִעס — אלטערטומ-פאָרשער, ארכעאָלאָגנ. א מושקאטקויל — א מושקאט-נוס. ניט שאָווע-בעשאָווע — ניט הויזנ, שטימענ. געסמאהע דיר פארפול! — א רעדנסארט, וואָס באטײַט: „ס'גייט מיר ניט אָנ דײַנ מיינונג וועגנ דעמ". איז מעראמעז — גיט אנ אָנצוהערעניש. היידנ — געצנדינער. ניט שעכיעכ — ניט פאראנ. איניאָנע-האקעהילע — די איניאָנימ פונ דער קעהילע.

קימעס — דאָ געמיינט: קליקעס, פארטייענ. וואכלאקלאקער — אנ איראָנישע וואָרטבילדונג פונעמ העברעיִשנ „וואכאלאקלאקוים" — אונ גלאט-גלאטשיק. קוימעמיִעס-זאָגער — דאָ: אָנזעצערס. איניאָנע-האמיסכער — האנדל-איניאָנימ. צווואקאנער — געמיינט: צווויאקעס. איניאָנע-האָעמונע — גלויבנזאכנ. גלופאָ-טרוסאָ-בעזיאזיקאָ-קאפּצאנער — נאריש-פּאכדאָניש-שפּראכלאָז-אָרעמע. ניכנע — אונטערטעניק. קסיוועטע אויסיעס — יִדישע קוואדראטע פונ דער האנט געשריבענע אויסיעס. פשאָטימ — דערקלערונגענ. מאריש-אוילעמ געווענ — אופגערודערט די וועלט. ראָשעטייוועס — אברעוויִאטור, פארקירצונג-איניציִאלנ. יעהודיי אויפיר (אָדער אינדיִאָ)

שעבאָו לעקאַנ (אָדער לק״ק [לקהילה קדושה]) גלופּסס וועניסיאשווו אַל נעהאר פּיאַטיגנילעווקע — די ייִדן פֿונ אויפּיר (אָדער אינדיע), וואָס זײַנען געקומענ אהער (אָדער אינ דער הייליקער געמיינדע) גלופּסק אונ האָבנ זיך באַזעצט אפנ טײַך פּיאַטיגנילעווקע. שײַענ זיך — האָבנ מוירע.

אזא שמירע — אזא וואַך. געביטנ — באַפעלנ. דראָנ — דערינ, אינ דעם.

טאַכבולעס — מיטלענ, אויבערשפּיצלעך.

## דאָס עלפטע קאַפּיטל

ניוהעל-אונישטוימעמ (ווענישטוימעמ) געוואָרנ — געוואָרנ דערשראָקנ אונ איבעראַשט. גאַניידנ-האַטאַכטנ — דער אונטערשטער גאַניידנ, דער גאַניידנ אפ דער-וועלט. שויר-האַבאָר — בוכשטעבלעך: דער ווילדער אָקס, דער אור-בופלאַקס. א לעגענדאַרישע כײַע אינ דער ייִדישער מיטאָלאָגיע.

בעיאָמאָוו — אינ זײַנ צײַט. עבראָ — א טײַך אינ שפּאַניע.

וויספּעס — אינדזלענ. מאַס — צינז, אָפּצאָל.

ווינ טשערוואָני זשידקי, ווינ פּיטאַיע — ער פֿרעגט זיך נאָך אפ די רויטע ייִדעלעך, פֿרעגט ער זיך נאָך. איז טשערוואָני זשידקוו יא זנא לייבקו, שמולקו. באָגאַטיע זשידקי — פֿונ די רויטע ייִדעלעך קענ איך לייבקען, שמולקען. רײַכע ייִדנ.

ני לייבקאָ, ני, ני! ווינ טשערוואָני זשידקי פּיטאַיע, טאַמאָטשקא... — ניט לייבקען, ניינ, ניינ! ער פֿרעגט וועגנ די רויטע ייִדעלעך, דאָרטנ... העט-העט וויסאָקאָ — העט-העט הויך. א מיקצעס — א ביסעלע.

די סודע שעל-לוויאָסנ — דער מאָלצײַט פֿינעמ מיטאָלאָגישנ אור-וואַלפֿיש, וואָס איז, לויט דער רעליגיעזער פֿאָרשטעלונג, אָנגעגרייט פֿאַר יעדנ פֿרומענ ייִדנ אפ יענער-וועלט. בעלי-נעדער —

אייגנטלעכ: אָנ א נייִדער. א צושפּרוכ — א באוואָרעניש, ווענ א רעלי-
גיעזער ייִד רעדט וועגנ צוקונפט-פּלענער. אינ איבער-האסבאָ-
רעלע — א שפּיצל.

עס וועט אָפּלויפנ — עס וועט אראָפּגייִנ. מאַמטאָ-
קים — זיסקייַטנ. דאָ געמייִנט: געלט.

גדולעס — דאָ געמייִנט: גליקנ. צוגעפּילעוועט — צוגע-
זענ, באדינט, האָדירט. קרישמע — דאָ: א טפילע פארנ שלאָפּ.

## דאָס צוועלפטע קאַפּיטל

ווידע — דאָ: די טפילעס, וואָס רעליגיעזע מענטשנ זאָגנ פארנ
טויט. פּאָדוועריע — אנ אייַנפאָר-הויז.

מוכנ-אומזומעניִנ געווענ — געווענ גרייט.

אדוינוי מעלעכ! — הער קיניג! א קאָפּקע — קופּקע, א
ווייַבעריש קאָפּ-הייַבל.

שיִעס געמאכט — געצויגנ לאנג.

קנעסעס-יִסראָעל — געמייִנט: דאָס ייִדישע פאָלק. א
פּייִרעק-מישנאיעס — א קאפּיטל פונ דער מישנע (מישנע —
דער גרונט-טייל פונעם טאלמוד). א פּראָשעניע — א שריפטלעכע
באקאָשע, געווענדט צו א באאמטנ. מעמאלע זייַנ — געמיינט:
אויספילנ, פארווירקלעכנ.

זיכ נויהעג זייַנ בעפּאשטעס — זיכ אופירנ פּאָשעט,
פּראָסט. קיינ אומע-וועלאָשנ — קיינ פאָלק אונ שפּראכ. מיט זייַנ
סעמיינעמ לעבנ — מיט זייַנ פאמיליענ-לעבנ. גלאוונע
אגענטסטווע — הויפּט-אגענטור. די נעשאָמע-יעסיירע —
די צוגאָב-נעשאָמע, וואָס א רעליגיעזער ייִד באקומט קלוימערשט שא-
בעס אונ יאָמטעוו. קטוירעס — פארשיידענע געווירצנ, וואָס לויט
דער ביבלישער באשרייַבונג פלעגנ געריכערט ווערנ אינ בייסהאמיק-
דעש. מעקאבל טייַנעג — באקומט האנאָע, האָט פארגעניגנ.

שטארק לעראָצנ — שטארק צומ מוט, צומ הארצנ. האכאָ-
נעס — צוגרייטונג. אייבעלעכ — מעדאלנ.

פרודזענ — לאָזנ אויספּארענ דאָס אָנטאָנ און אַזויארומ אויסרייניקנ פון אומפּלייט. צי טוט זשידאָווסקי באַ-ניאָ? — דאָ איז די יִדישע באָר? אַפ מאָסקוויטעריש — אַפ רוסיש.

יאק זשע, פּאני, טייע זשידקי אָווזשע דאַלי טו-טעטשקאָ זאַ... זאַ... — סטײַטש, הער, יענע ייִדנ האָבנ שוינ געגעבנ דאָ פאר... פאר... זאַ בילעט, פּאני, סטײַטש זשידקי, לעהאַוודל פּאני, זאַפּלאַטיל! — פארנ בילעט, הער, סטײַטש, האָבנ די ייִדנ, לעהאַוודל, הער, באַצאָלט. אַדראָזש — אַ ציטער.

אַ פּוימענע — אַ געבאַפּטער, איינער, וואָס מע האָט אים קעגנ געזעצ און רעכט געבאַפּט און אָפּגעגעבנ אינ רעקרוטנ.

## דאָס דרײַצנטע קאַפּיטל

סבאָרנע — זאַמלפּונקט. אוטשעניע — די מיליטערישע געניטונגענ. שטוקעס — שטיק.

בײנוי-לעבײנ-אַצמוי — פאַר זיך אַליינ.

טאַכסיסיי-מילכאָמע — קריגס-טאַקטיק. קיינ מעדובער — קיינ רייד. נישט מאַזקיר געווענ — ניט דערמאָנט. הענ אַלפּי-דינ ווּעהענ אַלפּײַוישער — סײַ לויטנ געזעצ סײַ לויט דער גערעכטיקײַט. אַ טרופּע — געמיינט: אַ מיטל.

איניאָנע-האַמושטיר — איניאָנימ פונ מושטירנ.

בעכאַיאָוו — באַ זײַנ לעבנ. באָטועך — זיכער.

מאַכנ אַ „ג“ — אַנ אויסדרוק פונ דער שפּיל אינ כאַנעקע-דריידלעכ. אַז דאָס דריידל פאַלט אַפּנ אָס „ג“, הייסט דאָס געוווּנענ.

וואָיענע קאַנצעליאַריע — מיליטערישע קאַנצעליאַריע.

סטראָגע — שטרענג.

באַלדאַברענ — רעדנער. מיט אַמצויס-קויעכ — מיט אָנשטרענגונג פונ די קויכעס. מויסער-מוידאָע זײַנ — מעלדנ. דער קיוונ — דער מיינ.

# פישקע דער קרומער

## ווידמונג-וואָרט

מענאשע מארגאָליס (1837—1912), לויט דער בילדונג א יוריסט. האָט פארעפנטלעכט אָפּהאנדלונגענ וועגנ טאלמודישנ רעכט אונ אויכ היסטאָרישע עטיודנ וועגנ דער טאלמודישער עפּאָכע אונ א ריי טאנאָיִם. אפ די דאָזיקע עטיודנ גיט מענדעלע אָנצוהערנ אינ זײַנ ווידמונג-בריוו.

זמירעס — רעליגיעזע געזאנגענ. אייכעס — געמיינט: קלאָג-לידער. מעשוירער — א זינגער.

מיילעצ-יוישער — פארטיידיקער.

יעש-בעקאנ — פארמעגנ. דראבעס — טויגעניכטסנ, הולטײַעס, זשוליקעס, שווינדלער.

1

ספירע — די צײַט צווישנ די רעליגיעזע יאָמטויווים פּייסעכ אונ שווועס.

קינעס — קלאָג-לידער; דאָ: א בוכ קלאָג-לידער, באשטימט אפ צו לייענענ טישעבאָוו. סליכעס — א זאמלונג טפילעס, וואָס רעליגיעזע יִדנ זאָגנ פארטאָג אינ די לעצטע טעג פאר ראָשעשאָנע אונ אינ די טעג צווישנ ראָשעשאָנע אונ יאָמקיפּער. ווײַבערשע טכינעס — טפילעס אפ יִדיש, פארפאסט פאר פרויענ. מײַנעלאָשנ — א בוכ געבעטנ אונ טכינעס צו זאָגנ אפנ בעסוילעם. מאכזער — געבעט-בוכ פאר אלע יאָמטויווים פונ א גאנצ יאָר.

שיווּ אָ-אָסאָר-בעטאמוז — דער זיבעצנטער טאָג אינ כוידעש טאמוז; א טאָנעס. מײַסע-סאָטנ — א שפּיצל פונעם טײַוול, באטײַט: צום אומגליק. ראצעמאָרענע — זײַדענע; א מינ זײַד, אינ פּאסנ. פּיירעק — דאָ געמיינט: דער טאלמודישער טראקטאט „אָווויס". מאפסיק — רײַסט איבער.

דראַפּאַטשעס — אויסגעריבענע ריטלעכ-בעזעמער. „אָפּגעשלאָגענע הושײַנעס" — דער אויסדרוק ווערט באַנוצט אינעם זינ פונ אָפּגענוצטע זאַכנ, וואָס טויגנ מער צו גאָרנישט. קאָרבנ-מינכע — א סידער, אינ וועלכנ די טפילעס זײַנענ איבערגעזעצט אַפּ ייִדיש-טײַטש. דאָ, ווי אינ פיל אַנדערע ערטער אינעם בוכ, פּאַראָדירט מענדעלע דעם דאָזיקנ סטיל.

רחום צדיק — דערבאַרעמדיקער, גערעכטיקער. מעמרע — דאָ: אַפּאָריזמ.

רעצועס — רימענס, וואָס פעסטיקנ צו צומ קאָפּ אונ צומ לינקנ אָרעמ די טפילנ באַמ דאַוונענ. היסמאַנעס — דאָ: פונקציע. פּאַרשע „ייִסרוי" — די טוירע; די ערשטע פינפ ביכער פונ דער ביבל איז אײַנגעטיילט אינ אָפּשניטנ (פּאַרשעס, סעדרעס), לויט דער צאָל וואָכנ אינ יאָר, וואָס ווערנ לויט דער ריי נאָכ געלייענט שאַבעס בײַסנ דאַוונענ. אינ ייִדישנ רעליגיעזנ שטייגער ווערנ די וואָכנ אָנגערופנ לויט די פּאַרשעס. „ייִסרוי" ווערט געלייענט אַנ ערעכ אַנהייב מאַרט. מויכער-ספאָרימ — דאָ: וואַנדערנדיקער ביכער-הענדלער.

פּידיענ — לייזונג. מינ-האַצאַד — פונ א זײַט. שעל-ראָש — איינע פונ די טפילנ, וואָס מע טוט אָנ בײַסנ דאַוונענ אַפנ קאָפּ.

באַטשיטי, יאַקיי פּאַני-בעריי, צאַטצי, ע-ע! טראַס-צא וואַשי מאַטערי. דײַטע דאַראָגי! היי, כודקאָ, זשידקי, לאַבסאַרדאַקי — זעט נאָר, ס'אַרא פײַנע-בעריעס, צאַצעס, הע-ע-ע! א קאַדאָכעס אינ אײַער מוטער, לאָזט דורכפאָרנ! היי, גיכער, ייִדעלעכ, לאַפּסערדאַקעס.

ביזכומ — דאָ: צוליב, אַדאַנק. זיסט — אַניט. אייסעוומ — א שאָוויניסטישע באַצייכענונג פונ ניט-ייִדנ.

והידים ידי עשו — אונ די הענט זײַנענ אייסעווס.

הקול קול יעקב — די שטימ איז יאַנקעווס. פּאַרצעס — פאַראַכטונג-אויסדרוק אָנשטאָט: פּענעמער.

טו לוגנ פונ דײַנ האַרבעריג — טו קוקנ פונ דײַנ

ווינאָרט (איבערזעצונג פונעם ביבלישן זאַץ: השקיפה ממעון קדשך) — דער גאַנצער אַבזאַץ איז אַ פּאַראָדירטע נאָכמאַכונג פון דער שפּראַך פונעם טײַטש-חומש. פּ אָ ר כ ט צ ו מ ע — פאָרכטזאַמע, פרומע. נ יִ ע ר ט — נאָר. א כ פּ ע ר נ — הויך שעצן. נ א כ ע ס-ר ו ע כ — פאַרגעניגן.

2

קרעמפּעלעץ — אַ פּאַרפּעסטיקונג-העלצל אינעם געשפּאַן. אויסגעסמילעוועטע — באַשמירטע מיט סמאָלע. סמאַהע — שפּײַעכץ.

צוווײַלן — פון צײַט צו צײַט. טכיילעס — הימל-בלוי. פאַלט טאַכנון — בײַ דער טפילע לייגן די דאַוונער דעם קאָפּ מיטן פּנים אַראָפּ אויף דער לינקער האַנט, וואָס איז אײַנגעבויגן אין עלנבויגן. דאָס הייסט „פאַלן טאַכנון". אָפּגענומען די וועלט — געוואונען שטאַרק באַרימט. לאַמדן-מופּלעג — אַ גרויסער געלערנטער. גאָר אַ כאַריפעס — זייער שאַרף.

שיווים אומעס — זיבעציק פעלקער. געמיינט: אַלע פעלקער פון דער וועלט. אַ פאַרעלטערטע פאָרשטעלונג בײַ די רעליגיעזע ייִדן, אַז אויף דער וועלט זײַנען פאַראַן נאָר זיבעציק פעלקער.

לעדוויצע — ווייכע רינד-פלייש. כרעמזל — אַ געבעקס פון טייג, געפּרעגלט אין האָניק.

פּראַקעס — אַ געקעכץ: געהאַקט פלייש, אײַנגעוויקלט אין קרויט-בלעטער.

קראָפּ — דער גוידער פון אַן אינדיק. יאַטרעט זיך — אײַטערט זיך.

אַווידע — אַרבעס.

מעכוערעס — בוכשטעבלעך: מיִעסקײַט. דאָ געמיינט אינעם פאַרקערטן זין: אַ שיינע פרוי. פּילינייצעס — רויטע וואַלד-יאַגעדעס. לאַקעטקע — נאַשערײַ. לוי האָיאָ — געמיינט: עס הייבט זיך גאָר ניט אָן. עס וועסערט — עס לויפט אין מויל שפּײַעכץ.

3

פארוואָר — בעעמעס.

פיזעמ — מוסקוס-טראָפּנס, וועלכע מע גיט איינ אפ צו מינטערנ א טויט-קראנקנ.

אקאָרע — א פרוי, וואָס קאָנ ניט האָבנ קיינ קינדער. סילעקנ — דעקנ, אָפּצאָלנ. שיינע-מוירעינע — געמיינט: א פרומאק, א יאכסנ. פיירושימ — אויסטייטשונגענ, באטייטנ. לאָדמיכ צומ אונעסאנע-טויקעפ — א פאָלקס-ווערטל, וואָס באטייט: טו, וואָס דו ווילסט, עס וועט דיר גאָרניט העלפנ. קוימעמיעס — דאָ: טו מיר, וואָס דו קאָנסט, איכ ווייז דיר א פייג.

4

וידגו — אונ זיי זאָלנ זיכ פישלענ — א ווערטערשפיל. דאָס וואָרט וידגו שטאמט פונעמ העברייִשנ ווערב דגה אונ באטייט: זיי זאָלנ זיכ מערנ, פרוכפערנ; אלטער מיינט, אז דער וואָרצל איז דער העברייִשער סובסטאנטיוו דג — פיש, אונ ער טייטשט עס: זיי זאָלנ זיכ פישלענ.

„אפנ הימל א יארייד" — אזא פראזע שטייט אינ ערגעצ ניט געשריבנ; דאָס איז א פאָלקס-ווערטל, וואָס באטייט: אנ אויסגעטראכטע זאכ, א באָבעמייסע.

קאמייעס — אמולעטנ. סאָרע באס-טויווימ — א לעגענדארע פארפאסערנ פונ ווייבערשע טכינעס. קאלענדעוועס (פונ „קאָליאדעווענ") — דאָ: ארומגייענ פונ איינעמ צומ אנדערנ.

מיט דער גאנצער מוירעינע — מיטנ גאנצנ טיטל. מינ האשאָמאימ — פונ הימל. געמיינט: פונ גאָט. מיזמער — געזאנג. דאָ געמיינט: לויב-געזאנג.

גמ זו לטובה — דאָס איז אויכ צומ גוטנ. קעמינהעג יִד — ווי עס פירט זיכ בא יִדנ. יעפייפיע — א שיינע פרוי. זאמדפאטשערקעס — גלעזערנע קלייִנינקע פאטשערקעס.

5

**מעזאקע זײַנ** — געמײנט: באשענקענ, באגליקנ. **רעקרוטנ**-נעמענ — דאָ געמײנט: „מאָביליזירנ“. **מעפורסעמעס** — באַ-רימטע. **אנדרויגענעס** — הערמאפראָדיט. **א צווייער** — א קאָפקע (צוויי גראָשנ); **א דרײַער** — אָנדערהאַלבנ קאָפעקעס. **קרישמע-לייענענ** — מענדעלע רעדט דאָ וועגנ דעמ מינהעג צו קומענ „לייענענ קרישמע“ בא דעמ בעט פונ א קימפע-טאָרנ.

**שטשאָגעל** — אנ אויסגעפוצטער. **האסלע** — אויסרופ, אָנ-זאָג. **וויבאָרעס אפ גלאסנעס** — געמײנט: וואלנ פונ ראט-מענער אינ שטאָט-דומע. **באלדייע** — דייע-זאָגער, אווטאָריטעט. **טשאקנדיק** — מיט קנאק, מיט גלאנצ. **היסמאנעס** — דאָ: קאָ-העלשע שטעלע. **בעיעכידעס** — אײנער אלײנ.

6

**א זעקסער** — זעקס גראָשנ, דרײַ קאָפעקעס.

**א טרעסע** — א טרייסל. **כאפערס** — אינ ניקאָלײַ I צײַטנ זײַנענ געווענ ספעציעלע קאָהעלשע „כאפערס“ („לאָווצעס“), וואָס פלעגנ כאפנ אָרעמע קינדער אונ אָפגעבנ זיי פאר רעקרוטנ.

**אויסנעמעניש** — דאָס ארויסנעמענ די סייפערטוירע פונ אָרנקוידעש צומ לייענענ אינ איר דעמ אנטשפרעכיקנ קאפיטל.

**שרײַ כײַ וועקײַעמ** — באטײַט: מעגסט שרײַענ, וויפל דו ווילסט, עס וועט סײַ ווי ניט העלפנ.

**געבליבנ ווי אפ דער מילכעדיקער באנק** — באטײַט: געבליבנ מיט גאָרניט. **מיסאסקימ** — טוער, קלאל-טוער.

**נישט צו מאכנ מיט אימ קיינ פיל האסבאָרעס** — ניט ארײַנלאָזנדיק זיכ אינ ברייטע דערקלערונגענ. **טכילעס-האלײַלע** — אָנהייב נאכט; אינ אָוונט. מע... **מאכט זיוווג נימ** —

מע פאָרט צונויף. געכאַפּט דעמ סטרי — געכאַפּט דעמ שניט. לאַמדיש — ווי א טאַלמודיש געלערנטער. אינ מאַכשאַוועסנ — פאַרטראַכטערהייט.

7

שאַפל — דאָ: זייער שלעכט. מאַלאָסוי — „זײַנ ווערדע", „זײַנ קאָווער"; א פאָרמ צו טיטולירנ. טיטע — ברוסט (קינדער-שפּראַכ). איינ ברייִרע — ניטאָ קיינ אנדער אויסוועג. סטע-כעווענ — בײַטנ, טוישנ.

כילעפ — בײַט.

רומל-ספאָרימ — גאַנגבאַרע ביכער אפ העברעיִש אונ יִדיש, וואָס פלעגנ אָפט איבערגעדרוקט ווערנ.

ראַשע, דימענט, פּערל, פּראַקימ, גרויס אונ קלייג וועליש — מינימ שריפטנ, וואָס צייכענענ זיכ אויס איינס פונעמ אנדערנ לויט דער גרייס אונ פאָרמ.

פאַרווענדטע — צעמישטע, פאַרפּלאָנטערטע. אַצ-קויציצ-לאָשנ — געמיינט: אנ אומפאַרשטענדלעכע, פאַרפּלאָנטערטע שפּראַכ. כשיוועס — וויכטיקײַט.

שיר-האַמײַלעסנ — אינ געגעבענעמ קאָנטעקסט: פּאַפּירלעכ מיט אָפּגעדרוקטע אנטשפּרעכיקע קאַפּיטלענ טילימ, וואָס מע פלעגט איבערגלויביש אופהענגענ איבערנ געלעגער פונ א קימפּעטאָרנ, קעדיי ניט צוצולאָזנ קיינ שיידימ צו איר אונ צומ קינד. האַוודאָלעס — געפלאָכטענע וועקסענע ליכט, וואָס ווערנ אָנגעצונדנ שאַבעסצו-נאַכטס באַמ זאָגנ די טפילע „האַוודאָלע". בליטשקענע — וואָ-לענע.

אַנײנו — א טפילע. „קטויִרעס" — דאָ: א טפילע. שוואַכ — לויב. שירע — א לויב-געזאַנג. הײַעט ניט — פאַרזאַמט ניט, פאַר-צײַט ניט.

עס גרימט זיי — עס רעגט אופ, דערצאָרנט. קויעכ-האַמע-דאַמע — פאַנטאַזיע.

8

„דרײַ וואָכנ“ — דרײַ טרויער-וואָכנ, פונ 17-טנ טאַמוז ביזנ 9-טנ אָוו, פאַרבונדנ מיטנ כורבנ פונ יערושאָלאַימ. בעזימ — אויב, טאָמער. א בענטשערל — א ביכעלע מיט טפילעס אפ צו זאָגנ נאָכנ עסנ. טרייבערנ — דאָ: אָפּרייניקנ דאָס פלייש פונ די אָדערנ, עס זאָל ווערנ קאָשער.

לעמעשקע — זייער א שיטערע קאַשע. וויטענ זיכ — באַגריסנ זיכ. יאַשער-קויעכ — א דאַנק-פאָרמ, א צווינטשנ געזונט.

„צי ני באַטשילי, טשויעש, טוטעטשקי זשידקאַ איס קינאַמי? קאַזשי-נאָ טשילאָוויטשע!“ — האָט איר ניט געזענ, הערסטו, א יידנ מיט פערד? זאָג נאָר, מענטש! פּוראָניעס — אומגליק, גאָטס שטראָפ, אָנשיקעניש. יעוואָרעכעכאָ — ער זאָל דיכ בענטשנ; דאָ אינעמ פאַרקערטנ זינ: כאַפּט דיכ דער טײַוול. סטאַנאָוואָי (סטאַנאָוואָי פּריסטאַוו) — אנ עלטסטער פּאָליציי-אַמט איבער א טייל פונ אנ אויעזד (סטאַנ) אינעמ צארישנ רוסלאַנד.

9

קיצווע — א באַשטימטע כוידעשלעכע נעדאָווע. הײַלנדיק — וואָיענדיק.

מאַ טויוו — דער אָנהייב פונ א טפילע. דער באַטײַט פונ אָט די ווערטער איז: „ווי גוט“. גייענ צומ סמיק די אויערנ — געמיינט: קומט די ריי פאַר די אויערנ. מאָקעמ-מענוכע — רו-אָרט. גער — דאָ געמיינט: א פרעמדער. אויבער-האָסבאָרע — א מיינ, אנ אײַנפאַל. מײליצ — דאָ: פאַרמיטלער.

א קאַלטע מומע — ניט קיינ לײַבלעכע מומע, נאָר א פּעטערס א ווײַב. מעוויִעש ווערנ — פאַרשעמט ווערנ. שאָול האָט געזוכט אייזלענ אונ געפונענ די מעלוכע — דער אויסדרוק שטאַמט פונ דער ביבלישער לעגענדע וועגנ דעמ, ווי אַזוי עס איז געזאַלבט געוואָרנ דער ערשטער יידישער קיניג שאָול. גע-

הינעט — לאַנג געזאַמט זיך, פאַרפאַלן געוואָרן. פּעריסטע קו — אַ פאַרשיידנקאָליריקע קו.

האָרנעם-קאָרנעם — איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ. נימער ערגער — האַלעווײַ זאָל קיינמאָל ערגער ניט זײַן.

אַ „מיזרעכ" — אַ בילד מיט פאַרשיידענע פּסוקים, געמאָלטע כײַעס און אָרנאַמענטן, וואָס פלעגט הענגען בײַ רעליגיעזע ייִדן אױף דער מיזרעכדיקער וואַנט. האַמאַן — אַ פּערסאָנאַזש פון דעם ביבלישן בוך „מעגילאַס-עסטער". די העכסטע רעגירונג-פּערזאָן בײַם פּערסישן קיניג אַכאַשווייראָש; האָט געוואָלט אויסראָטן אַלע ייִדן. מאָרדעכײַ — אַ פּערסאָנאַזש פון דער זעלביקער מעגילע. דער מאַלקע עסטערס אַ שוועסטערקינד, וואָס האָט זי אויפגעצויגן. אַדאַנק דעם קיניגס ליבע צו עסטערן זײַנען די ייִדן אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן פונעם אומגליק, האַמאַן איז אױפגעהאַנגען געוואָרן און מאָרדעכײַ האָט פאַרנומען זײַן אַמט.

טיזליק — אַן אויבערבעגער. „מאַנדרוש" — אַ קלאָון, אַ וויצן-זאָגער אין די פאָלקסטימלעכע אַכאַשווייראָש-שפּילן, וואָס פלעגן אויפגעפירט ווערן פּורים. זערעש — האַמאַנס ווײַב. אין די רעליגיעזע קאַריקאַטור-בילדער ווערט זי געמאָלט מיט אַ נאַכט-טאָפּ. פּויטיפערס ווײַב — לויט דער ביבלישער לעגענדע, דאָס ווײַב פונעם מיצרישן (עגיפּטישן) פירשט פּויטיפאַר: זי האָט געוואָלט פאַרפירן יויסעפן, וואָס איז געווען אַ דינער בײַ איר מאַן. לולעוו — פּאַלמען-צווײַגל, ווערט באַנוצט בײַם דאַווענען אינעם רעליגיעזן יאָמטעוו סוקעס.

לאַדיש — קרוג.

באָלאָק — אַ סעדרע פונעם ביבלישן בוך „באַמידבאָר". וואָס האָט אַזוינס באָלאָק געשיקט זאָגן? — די ביבלישע לעגענדע דערציילט, אַז באָלאָק, דער קיניג פון מויאָוו, האָט געשיקט צום נאָווי בילאָם אים בעטן, ער זאָל פאַרשילטן די ייִדן, קעדיי ער, באָלאָק, זאָל זיי קאָנען באַזיגן אין דער מילכאָמע. די דערציילונג הייבט זיך אָן דערמיט, וואָס „מויאָוו האָט געזאָגט צו די עלטסטע פון מידיאָן, איצט וועט אָט דאָס געזעמל [די בעניי-ייִסראָעל] אויסלעקן אונדזער אַרום, פּונקט ווי דער אָקס לעקט אויס דאָס גראָז

אינ פעלד״. דער אמעראצישער מעלאמעד האָט דאָ אליינ געפלאָנ-טערט.

קילכויכ האשויר — ווי דער אָקס לעקט אויס; בא כאיע-טרײַנענ דארפ דאָס הייסנ: ווי נאָר עס וועט אָנהייבנ צו טאָגנ.

10

אויקער זײַנ — אנטלויפנ. „אינ דײַנ האנט טו איכ מײַנ זעל באהאלטנ״ — א פראזע פונעמ קרישמע לייענענ פארנ שלאָפנ. פּריסוטסטוועס — געמיינט: מעלוכע-אנשטאלטנ. אדוינימ — הארנ.

11

פלוכנ — שילטנ. ליעיעסער ביטאָכנ — פונ גרעסערער זיכערקײַט וועגנ.

שיקער-לאָט — באטײַט: טויט-שיקער. אָבערדריקעס, שלייעס — טיילנ פונ געשפאנ. גיינ אפנ דראָנזשיק — גיינ צוגעשפאנט. איקעוו — אָפּהאלט, שטערונג. בײַטנ זיכ די יאָצרעס — געמיינט: בײַט זיכ די לאגע.

12

באל-לאָשנ — א מענטש מיט א שיינעמ סטיל. פּיזמענ — דאָ: ליד, פּאָעמע.

שיר-האשירימ — דאָס געזאנג פונ די געזאנגענ, איינס פונ די ביבלישע ביכער. א פּאָעמע, אינ וועלכער עס ווערט באזונגענ די ליבע צווישנ א פּאסטעכ מיט א פּאסטושקע. די רעליגיִעזע טראדיציע האָט די דאָזיקע וועלטלעכע פּאָעמע אויסגעטײַטשט אפ א רעליגיִעז-אלע-גאָרישנ אויפנ.

אד קאנ — ביזדאנענ; ווײַטער נישט. די קיילע — דאָ, געמיינט: די שטימע. מעקײַעמ-פּסאק זײַנ — דאָ: ארײַנטיילנ א ביילעק.

להנגידה המפורסמת שאר־בשרי הצנועה מרת חיה־טרײַנע — צו דער באַרימטער נעגידע, מײַנ קרויווע, דער צנועדיקער כאַיע־טרײַנע. אַ טראַדיציאָנעלער טיטל פאַר אַ ווענדונג אינ אַ בריוו. דער גאַנצער בריוו איז אָנגעשריבנ אינעמ טראַדיציאָנעלנ בריוו־סטיל, מיט אַ געמישטער העברעיִש־ייִדישער שפּראַכ. הנה — אָט. בעקאַוו האַבריִע — געזונט. באָרוכ־הו — געבענטשט איז ער. כעסעד — גנאָד. יעשועס ווענעכאָמעס — הילפ אונ טרייסט. זאָלנ מײַריכ יאָמימ וועשאָנימ זײַנ — זאָלנ לאַנג לעבנ. אוביפּראַט לבתכם הכלה הבתולה מרת — אונ באַזונדערס אײַער טאָכטער, דער קאַלע, דעמ פרײַלנ. אימ האַבײַדלעכ — מיט די בײַדלעכ. וועהאַשייניס — צווייטנס. האַסיסימ — די פערד. בעלכעמ — אײַער מאַנ. נ״י (נערו יאָיִר) — זײַנ ליכט זאָל לײַכטנ. כל דבר שורש — געמיינט: מיט אַלע פּראָטימ. האַיום — הײַנט. קעפּי המדובר — ווי עס איז געוועננ אָפּגערעדט. מצדו — פונ זײַנ זײַט. אוביפּראַט בתכם הכלה המושלמת — אונ באַזונדערס אײַער טאָכטער די קאַלע די פולקומע. זוגאָסי — מײַנ פרוי. „תחינה חדשה על הפרנסה" — אַ נײַע טכינע וועגנ פּאַרנאָסע. „תחינות אמהות שרה רבקה רחל ולאה" — אַ געבעט, וואָס ווערט צוגעשריבנ צו די אורמוטערס. גם — אויכ. „מעין טהור" — אַ בוכ מיט רעליגיעזע געזעצנ וועגנ דעמ, וויאַזוי די פרוי דאַרפ זיכ אופירנ אינ די מענסטרואַציע־טעג אונ ביכלאַל אינעמ געשלעכטלעכנ לעבנ. שלכם — אײַערע. האַוואָלענע זאָקנ שלי — מײַנע וואָלענע זאָקנ. האַבײַטש שלי — מײַנ בײַטש. בעהאָאַלקערל שלכם — אינ אײַער אַלקערל. בתכם — אײַער טאָכטער. הקטון — קליינער, מינדערווערטיקער מענטש. אַ טראַדיציאָנעלע אונטערשריפט־פאָרמ אינ אַ בריוו.

13

מעקאַבלימ — „בעקאָוועדיקע" בעטלער. גאַבעטעס — ווײַבער, וואָס קלײַבנ נעדאָוועס פאַר נויטבאַדערפטיקע. קנייטלעכ־לייגערנס, פעלד־מעסטערנס — די, וואָס מעסטנ מיט אַ פאָ־

דעם קוואָרימ פונ „הייליקע" אפנ בעסאלמענ. פונ די פאָדעמ מאכט מענ קנייטלעכ אינ ליכט, וועלכע מע צינדט אָנ אינ בעסמעדרעש, אונ דאָס דינט אלס היילונג פאר געפערלעכ קראנקע (אנ אָבערגלויבונג).

קאָדע — דער פעטער הינטערשטער טייל פונ א שאָפּ.

העקדעש — א קאָהעלש הויז פאר אָרעמעלײַט, אָרעמע זקיינימ.

א פּלעט — אָנווײַזונג (בילעט) אפ אנ אָרט (בא א באלעבאָס) צומ עסנ. הילכעס — די געזעצנ, געענג. א פּריצ — א „גרינער", א ניט באהאוונטער. ארײַנ אינ דער גארגערעס (האלדז) — אײַנעסנ זיכ, ארײַנקריכנ אינ דער נעשאָמע. קאָשע — שווער צו פארשטיינ, ווידערשפּרעכיק. דראלנ, הוילעכנ מיט די ראגלאימ — גייענ צופוס.

נעסינעס — געמיינט: געלט־צאָלונגענ פאר די קלייקווידעש.

מישנײַעס — דער עלטסטער טייל פונ טאלמוד. דאָ איז געמיינט דער מינהעג צו לערנענ מישנײַעס בייס יאָרצײַט. „קאדיש" — א לויב־געזאנג צו גאָט. זאָגנ די טפילע „קאדיש" נאָכ א געשטאָרבענעמ זײַנענ מעכויעוו דעמ געשטאָרבענעמס זינ. אויב קיינ זינ זײַנענ ניטאָ, דינגט מענ עמעצנ (א „געדונגענער קאדיש").

„ביצה" — א טאלמודישער טראקטאט. עסנ טעג — עסנ אומזיסטע קעסט, יעדנ טאָג אינ דער וואָכ בא אנ אנדער באלעבאָס. אזוי פלעגנ זיכ שפּײַזנ יעשיווע־באָכערימ. דאיאָנימ — געהילפ־ראבאָנימ. בעדווע — פרייד.

אײַניקלעכ — שנאָרערס, וואָס גיבנ זיכ אויס פאר אייניקלעכ פונ באוווּסטע רעבײַמ. יערושאלמימ — יערושאלאימער ייִדנ, וואָס פלעגנ ארומפאָרנ אונ זאמלענ געלט פאר די יערושאלאימער יעשיוועס אונ אָרעמעלײַט, אָדער פאר זיכ. צומאָל פלעגנ זיכ שווינדלער פארשטעלנ פאר „יערושאלמימ". קסאָווימ — געשריפטסנ, צײַגענישנ. באלע־מאגײַעס — קאָרעטאָרנ. יעמוד עם כל הקבצנים — געמיינט: צוזאמענ מיט אלע קאפּצאָנימ. פּאראָדירט די פאָרמ פונ סימכעס־טווירעדיקנ אופרופנ צו דער טוירע א דערוואקסענעמ מענטשנ מיט אלע ייִנגלעכ.

14

ט א ר פ א ט  א ל אָ פ י מ  ט אָ ל ע ר — געמיינט: זייער א גרויסע סומע געלט.

מ ע ר י ד ע — בונט. ש מ י י ל י ק ע — פאראָדירטע פארקריפלונג פונ „הייליקע“.

א יי ש ע ס-א י ש — א מאנס א פרוי. א ג ו ט-א ו י ג — געמיינט פארקערט: אנ אײַנאָרע, א בייז-אויג. ש א ב ע ס-ש ט ע כ — גרויסע, גיכע שטעכ, געמאכט אינ אײַלעניש, װענ מע האָט מוירע, אז מע זאָל ניט באװײַזנ פארטיק װערנ ביז שאבעס. ס י ו ר-ב י ו ר ו מ פ ל י א ל ע ש ו ת — געמיינט: אינ דער גיכ, אינ אײַלעניש.

א כ ב ע ר אָ ש — אייגנטלעכ: א מויז.

15

ק י ט ל — א װײַס, ברייט אונ לאנג העמד, װאָס פרומע יידנ פלעגנ דאָס אָנטאָנ פייסעכ צום סיידער, ראָשעשאָנע אונ יאָמקיפּער צום דאװ-נענ. ש א צ — אויצער.

ג ע ק אָ ש ק ע ט — ארויסגעװיזנ גרויס ליבלעכקײַט. צ ו ל אָ נ-ט ש ע נ — צוגעװינענ, צוציענ.

ט כ י ע ס-ה א מ יי ס י מ — דאָס צוריק לעבעדיק װערנ פונ די טויטע לויט די יידישע רעליגיעזע פאָרשטעלונגענ. פ ל א נ כ ע נ ע נ — װיינענ. ט ע ל ע מ ע ט ש ע — א קלאפּ, א זעצ (גנייװויש לאָשנ).

א ק ע ז א י ס מ אָ ר ע ר — א קליינ שטיקל ביטערע קרײַטעכ-צער. א „פ אָ ל ק ע“ — א פוס, געװיינלעכ פונ אנ אָפ.

16

ר ײַ ס נ ק ר י ע — דאָ געמיינט: אקערנ די ערד מיט דער נאָז, אװעקלייגנ די קויכעס. ד אָ װ י ד-ה א מ ע ל ע כ ס ט י ל י מ ל — לויט דער רעליגיעזער טראדיציע, איז דאָס ביבלישע בוכ „טעהילימ“ פאר-

פאסט פונעם קיניג דאָוויד. לאפנמיץ — א היטל מיט צוויי קלאפּעס בא די זײַטן פאר די אויערן.

וויסט ער נישט מאי דקא אמרי רביצין — פּאַ-ראָדירטער פאראפראז פון דער טאלמודישער פראזע: „מאי דקאמרי רבנן" — וואָס די לערער זאָגן. דאָס באטײַט: ער פארשטייט גאָרניט.

כאראָמעס — וויסטע קלאָלעס.

פּיסקעס — א שטאָט-טייל אין בארדיטשעוו (בא מענדעלען: גלופּסק). קאָלנידרע-בארעלעך — קליינע ווילדע בארלעך, וואָס ווערן פארקויפט דורכגעפוילטע. ערעצי־סראָעל-עפּעלעך — אנדערש: גאניידן-עפּעלעך.

טשאקנדיק — ווי עס דארף צו זײַן, אויסגעצייכנט.

17

ביקער-כולים — דאָ געמיינט: א שפּיטאָל. מאזש-גיעך — אופזועער. וואשטי המאלקע — די קיניגן וואשטי פון דער ביבלישער „מעגילאס-עסטער", דעם פערסישן קיניג אכא-שווייראשס ווײַב. דאָ געמיינט: א פּערסאָנאזש פון די אכאשווייראש-שפּילן, אין וועלכע מענער פלעגן שפּילן אויך די פרויען-ראָלן.

מאלאכיי-כאבאָלע — די מאלאָכים, וואָס פּײַניקן, לויט גע-וויסע רעליגיעזע פאָרשטעלונגען, דעם מענטשן נאָכן טויט. אויס-שייגעצן — אויסזידלען.

מעגולגל ווערן — דאָ: פלוצלינג ארײַנפאלן ערגעץ-ווו. הע-סעבעט — א ספּעציעל מיט קישנס אויסגעבעטס זיצ-אָרט, אפ וועלכן דער הויפּט פון דער מישפּאָכע זיצט באם אָפּריכטן דעם סיידער פּיי-סעך אין אָוונט.

18

זיך געמינעט — דאָ: געקווענקלט זיך. בילאָמס אייזל — א ביבלישע לעגענדע וועגן דעם, ווי בילאָמס אייזל האָט פלוצים אָנ-געהויבן ריידן.

„י ע ק ו ם-פּ ו ר ק נ" — „ט י ק א נ ט אָ-ש א ב ע ס" — שאבעסדיקע טפילעס.

ר ע ב ל ײ ב ס אָ ר ע ס — א כסידישער רעבע. װעגן אים איז בא די כסידים פאראן א סאך לעגענדעס. אײנע פון זײ דערצײלט, אז לײב סאָרעס האָט געמאכט א קינסטלעכן מענטשן פון לײם (א גוילעם) און האָט אים לעבעדיק געמאכט, ארײנלײגנדיק אין אים א צעטעלע מיט גאָטס נאָמען (דעם ש ע ם-ה א מ פ ו י ר ע ש). דער גוילעם פלעגט אויס-פילן אלץ, װאָס לײב סאָרעס האָט אים געהײסן.

א נ ײ ד ע ר ג ע ב נ — געבן א פײַערלעכן צוזאָג, װאָס האָט רע-ליגיעזע גילטיקײַט.

ב א ק ו מ ע נ א ב ע ר ד ע — פארשפּילן.

אָ ס ע ר-כ א ז ע ר — װי כאזער איז פארװערט; געמײנט: אין קײן פאל ניט. פּ אָ ל ע ש — פירהױז פון בעסמעדרעש.

ש אָ ל ע ם-א ל ײ כ ע ם — דאָ: א רעליגיעזער געזאנג, װאָס װערט געזאָגט פרײַטיקצונאכטס באַם קומען פון שול אהײם. א ש ת ח י ל — דאָ געמײנט: פּסוקים פונעם ביבלישן בוך „מישלײ", דאָס איז א לויב-געזאנג דער פרוי (װערט אויך געזאָגט באלד נאָך די „שאָלעם-אלײכעמס"). װ א ר ש ע װ ע ר ז י ל ב ע ר („פראזשע") — מעש, באדעקט גאלװאניש מיט זילבער.

19

ש אָ ל ט י ק — אן אויסגעלאסענער. א פּוסטעפּאסניק. ג ע װ י כ נ — אויסגעמיטן.

מ ע כ א ל ע ל-ש א ב ע ס ז ײַ נ — פארשװעכן דעם שאבעס; טאָן אן ארבעט, װאָס איז פארבאָטן צו טאָן אום שאבעס.

ב א ל ד אָ װ ע ר נ (גאנאָװים-שפּראך) — טײטן.

ב ע נ-ז אָ כ אָ ר — א זון. דאָ געמײנט: די פײַערונג פונעם געבורט פון א ײנגל, װאָס קומט פאָר דעם ערשטן פרײַטיק אפ דער נאכט נאָך זײַן געבוירן. ג ע ט ר אָ ג נ ד אָ ס פ א ט ש ײ ל כ נ א ו מ ש א ב ע ס — לויט דער ײדישער רעליגיע איז דאָס שטרענג פאר-באָטן.

קעלעוו שעביקלאָווים — גאָמיינט דער ערגסטער הונט.
כאזאָקע — בילכער-רעכט.

20

א פעניג — א קליינע דײַטשישע מאטבייע. גאָמיינט: א גראָשן.
קנופיע — כעוורע, באַנדע.
דאַם-סאָנים — סאָנים ביז בלוט. מיר איז פאַרגעקו-
מען — ס'האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט.

21

ניכפע — עפּילעפּסיע, קאָנוווּלסיעס.
קאָל-וועלאָכ — גאָמיינט: א גאַנצער מאכער, רעדלפירער.
די שול, וווּ עס דאַווענען אצינד די מייסים — אַז
אָבערגלויבן, אַז נאָכ האַלבער נאַכט קומען די מייסים אין די שול
און דאַווענען דאָרט, ביז דער האָן קרייט אָפּ טאָג.
קסובע — א הייראַט-קאָנטראַקט, וואָס דער מאַן גיט ארויס,
לויטן ייִדישן רעליגיעזן געזעץ, דער פרוי בײַ דער כאַסענע, דאָרט איז
אָנגעוויזן, אַז אין פאַל פון א געט איז ער איר מעכויעוו אויסצאָלן א
געוויסע סומע געלט.
טכילעס — פון אָנהייב. פאַרלעקט — שיקערלעכ.

22

געקאָטערט — געמאַטערט. מאַנקאָליע — פאַרגרײַזט פון
„מעלאַנכאָליע". א באַלשעם — א וווּנדער-טוער.
איז פאַרטראָגן אין דייזשע-באָרשטש — איז פאַרנו-
מען מיט קריגן פאַר זיך שפּײַז. רייִשיס-כאָכמע — דאָ באַטײַט:
פריִער פון אַלץ. טאָרעד — פאַרנומען. שלויש־ים — די ערשטע
30 טעג טרויער נאָכ א געשטאָרבענעם.
שאָלויש סודעס — דרײַ סודעס, וואָס מע דאַרף, לויט

דער רעליגיעזער טראַדיציע, עסן שאַבעס. לשם יחוד — געמיינט: פון גאָטס וועגן. קודשא-בריך-הוא — גאָט. שכינה — גאָטהײַט, גאָטס גײַסט.

קוימעמיות — דאָ געמיינט: פּראָטעסט, בונט.

23

אדם יסודו מעפר — דער מענטש שטאַמט פון דער ערד; פון א טפילע, וואָס מע זאָגט ראָשעשאָנע און יאָמקיפּער. גערעל־דיע — געמיינט: יזכּעס־בריוו.

נעקייוועס מיט האָר — פרויען נאָך דער כאַסענע פלעגן, לויטן רעליגיעזן שטייגער, אָפּשערן זיך די האָר און צודעקן דעם קאָפּ מיט א טשיפּעק, א שטערנטיכל אָדער גלאַט א טיכל. שפּעטער א ביסל האָט מען אָנגעהויבן טראָגן פּאַריקן פון פרעמדע האָר. בישליי־מעס — פולקום. „מישעבייריכ“ — א טפילע פאַר עמעצנס וווילזײַן. „צוינ קאָדאָשימ“ — הייליקע שאָף, א פראַזע פון די טפילעס „הוישײַנעס“.

אוילאָמעס־געלט — געלט, וואָס עמעצער לאָזט איבער לויט א צאַוואָע אַפּ צדאָקע־צוועקן. סאַנדעק, מעציצע — ערן־פליכטן באַם דורכפירן די מילע־פּראָצעדור.

טענדעווערענדע — דאָ געמיינט: א שוואַרצער לאַנגער מאַל־בעש, ווי א פּעלערינקע; ענלעך אַפן אָנטאָן פון די קאַטוילישע גאַלאָ־כים. דאַוונענ קאָרכיש — דאַוונען „רעפאָרמירט“ מיט א כאָר, לויטן ניסעך פון א קאָרשול. קליוואַנער בעטלער — א געזאַנג־שטייגער אינ כאַזאָנעס. „אינ כמוך“ — א טפילע.

אקאָטא — אַוועק!

24

שטורמאַק — טויגעניכטס. פּאָציאַפּען — פּאַקן, קריגן.

קינע — לויז. „פלומפּלען“ (גנייוויש לאָשן) — מאַכן אומ־באַוועגלעך; הארגענען.

טקיע־געדוילע — דאָ געמיינט: דער לעצטער אקאָרד.

ק ע צ א פ י כ י ם — דאָ געמיינט: עפּעס אַן אויסטערלישע, אומ-באוווּסטע זאַך.

א מ נ ם ה ט א ת י — איך האָב טאַקע אָפּאַנעמעסן געזינדיקט.

## מ א ש מ י י כ ע ם?

מ א ש מ יי כ ע ם? — ווי איז אײַער נאָמען? ז י ב מ ע ש א ד ע ב ז ײַ נ — שליסן אַ שידעך, ווערן מעכוטאָנים. ב י ט ל — אַ וואַנע, אַ שעפֿליק. דער מ א ל ע כ-ה א ד ו י מ ע — דער מאַלעך, וואָס, לויט אַ פאַרשפּרייטן אָבערגלויבן, באַגעגנט אַף יענער-וועלט די נעשאָמעס פֿון די געשטאָרבענע. נ י ט מ ע ש א נ ע געוועןנ — ניט געענדערט. אַ ב אָ ס ע ר וו ע ד אָ מ — פֿלייש און בלוט, אַ מענטש.

ב ע כ אָ ל ט פ ו צ ע ס י י ס ר אָ ע ל — אומעטום, ווו ייִדן זײַנען צעשפּרייט. ב א נ ק-ק וו ע ט ש ע ר — געמיינט: אַ יעשיוועבאָכער. דער צ וו י א ט ש ע ר — געמיינט: דער צוויאַמשער רעבע. זײַנען מ ע כ ו-ל ע ק געווען — געהאַט מיינונג-פאַרשיידנהײַטן. צ ו מ ע ר ש ט נ ל י כ ט ל — געמיינט: צום ערשטן טאָג כאַנעקע. ד י ק ר י ר ע ס — די פּרעסט. ד ע ר א ל ט ע ר — געמיינט: אַ באַוווּסטער כסידישער רע-בע. ז י כ ר ו י נ ו י-ל י וו ר אָ כ ע — געבענטשט זאָל זײַן זײַן אָנדענק. נ י ס ט א ל ע ק געוואָרן — געמיינט: געשטאָרבן. „ז ו י ס-כ א נ ע-ק ע“ — געמיינט: דעם אַכטן טאָג כאַנעקע.

א ר אָ פּ ג יי נ פ ו נ ק ע ס ט — אופהערן עסן קעסט באַם שווער. אַ כ א ל פ נ — אַ געלט-בײַטער; פּראָצענטניק. אַ פּ ס אָ מ י מ-ק ר ע-מ ע ר ל — אַ באַקאַליי-קרעמערל. ז י ב מ ע פ א ר נ ע ס ז ײַ נ — האָבן פּאַרנאָסע. ק אָ פ ל ש מ ו י נ ע ד י ק ע — געמיינט: אין אַכטן געפֿלאָכטענע. ה יי ע ל ע כ — קינדער-קאַמייעס, אַמולעטן, אַף וועלכע אין צענטער איז געווען אָנגעשריבן אָדער אויסגעקריצט (אַף מעטאַ-לענע) אַ „ה“. מע פֿלעגט זיי טראָגן אַלס סגולעס אַפֿן האַלדז.

וואָלפ(נ) ציינדלעכ — בייִנערנע ציינדלעכ, וואָס מע פלעגט אָנטאָנ קליינע קינדער אפנ האלדז; א סגולע קלוימערשט צומ וווקס פונ די ציינ.

מיקאמע-וועקאמע שאַנימ—זײַט א סאַכ יאָרנ. א סבאָרשטשיק — אנ אופמאָנער פונ שטײַערנ; זאמלער אפ הויצאָעס פאר די שטאדלאָנימ. א פײַנע-בעריע — געווײנלעכ מיינט דאָ מענדעלע די קאָהאָלם-לײַט.

ווי א בייזנ שילינגער — ווי א שלעכטע (פאלשע) מאטבייע, וואָס יעדער היט זיכ פאר איר. איקער שאַכאכטי — דעמ איקער האָב איכ פארגעסנ.

# אינהאלט



## מאַסאָעס ביניאָמינ האשלישי

**Менделе Мойхер-Сфорим**

*Путешествие Вениамина III*

*Фишка Хромой*

Редакторы

**А. Ю. Гснтарь, Л. А. Юдкевич**

Художественный редактор **А. В. Лепятский**

Технический редактор **В. С. Гриненко**

Корректор **М. А. Иткович**

*

Сдано в набор 12/XI 1959 г.

Подписано в печать 10/XII 1959 г.

Бумага 70×108¹/₃₂—13,25 печ. л.—18,15 усл. печ. л. 17,1 уч.-изд.+1 вклейка=17,14 л.

Тираж 30 000. Цена 6 р.

Гослитиздат

Москва, Б-66, Ново-Басманная, 19.

*

Московская типография № 3

«Искра революции»

Мосгорсовнархоза.